ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע יידנטום

154

באַנד

רעדאקטאָר:

מארק טורקאָוו

פארלאגס-לייטער:

אברהם מיטלבערג

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פון בוך.

פּאָלאַ אַפּענשלאַק

# יאַנוש קאָרטשאַק

ביאָגראַפישער ראָמאַן

אויטאָריזירטע איבערזעצונג
פון פוילישן אָריגינאַל:
**דיאַנאַ בלומענפעלד**



אַרויסגעגעבן דורכן
**צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע**
בוענאָס איירעס, 1961 — תשכ״א

# אינהאַלט:

# אַריינפיר

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַכט צי ניין יאָר ווען יאַנוש קאָרטשאַק האָט געהייסן דאָקטאָר הענריק גאָלדשמידט. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן ליטעראַרישן קראַוואַט, אויסגעבונדן אין אַ שלייף, ווי עס איז אין יענער צייט געווען אין דער מאָדע ביי די שרייבערס, און געהאַט אַ געדיכטע, געלבלעכע טשופּרינע, ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל געזען מיט צוויי־דריי־יאָריקע קינדער, וועלכע ער האָט געהאַלטן אויף זיינע קני. דאָס איז געווען אינעם יתומים־הויז אויף דער פראַנטשישקאַנער־גאַס, אינעם באַוווּסטן יתומים־הויז אין וואַרשע, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם קאָרטשאַק־הויז, ווען עטלעכע הונדערט יתומים זענען גע־וואָרן זיין משפּחה.

דער יונגער דאָקטאָר, וואָס האָט דערמאָנט יודים[1], ווייל אין יענער צייט זענען טאַקע די יודימס אַרומגעגאַנגען איבער וואַרשע, פלעגט יעדן טאָג אַרום פינף אַזייגער קומען אין יתומים־הויז אונ־טערצוזוכן די קינדער און זיך אונטערהאַלטן מיט זיי.

דורך דער לערערין פון געאָגראַפיע און אירע שוועסטערס יוליאַ און סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ האָב איך מיך באַפריינדט מיטן יתו־מים־הויז. די שוועסטערס זענען געווען צוויי עלעגאַנטע פריילינס פון אַ רייכער היים, וועלכע זענען נאָר וואָס צוריקגעקומען נאָכן פאַרענדיקן די שטודיומס אין דער שווייץ, מיט צעפּלאַמטע קעפּ, אָנגעלאָדענע מיט דער מיסיע צו טראָגן וויסן. איינע פון זיי איז אַנגאַזשירט געוואָרן אין אַ שול פאַר מיידלעך, אין וועלכער איך בין פאַרשריבן געוואָרן.

---

[1] געשטאַלט פון זשעראָמסקיס ראָמאַן.

פֿון אָנהייב פֿלעג איך קומען אַהין מיט אַ כאָפּטע חברטעס כּדי זיך אונטערצוהאַלטן מיט די קינדער. שפּעטער, ווען איך בין רייפער געוואָרן, האָב איך אָרגאַניזירט אַמאַטאָרן־פֿאָרשטעלונגען, פֿאַרווײַלונגען, זײַ געהאָלפֿן מאַכן די לעקציעס אאַז״וו. פֿינף אַזוי־גער איז מען געזעסן אינעם גרויסן זאַל אַרום דעם טיש. יעדער האָט געקריגן אַ בלעכן טעפּעלע מיט מילך און צוויי זעמל. יאַנוש קאָר־טשאַק, יוליאַ און סטעפֿאַניאַ, מיר, פֿרעמדע קינדער און די קינדער פֿונעם יתומים־הויז, האָבן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גלענצנדיק־צונויפֿגעשפּילטע קאָמפּאַניע.

מיר האָבן זיך גיך צוגעוווינט צו די יתומימס פּוילישן לשון, וואָס איז געווען פֿול מיט גרייזן. קאָרטשאַק, ווידער, האָט אָפּט איינגעחזרט געוויסע יידישע ווערטער, כּדי ער זאָל זיך זיי אויס־לערנען פֿון אויסנווייניק. ער איז דעמאָלט געווען אַ פּיל־צוזאָגנדי־קער פּוילישער שרייבער, אַן אָנפֿאַנגער, וועמענס בוך „דאָס קינד פֿון סאַלאָן" האָט אַרויסגערופֿן אַ סך דיסקוסיעס.

אינעם שפּעטערדיקן עטאַפּ, — דאָס איז געווען אַ גרויסע הפּסקה וואָס האָט פֿאַרנומען אַ העלפֿט און טייל מאָל אַ גאַנץ מענטשלעך לעבן; אַ הפּסקה וואָס איז געווען אָנגעפֿילט מיט עפּאָ־כע־מאַכנדיקע געשעענישן אין דער וועלט ווי אויך אין פּוילן — האָב איך געטראָפֿן קאָרטשאַקן אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען.

איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט פֿאַרענדיקט די מיטלשול און שטודיומס, וואָס דערלויבן אָפּצושאַצן אָביעקטיוו דעם פֿאַרמעסט פֿון קאָרטשאַקס שרייבערישן טאַלענט. ער האָט שוין ענדגילטיק געהאַט רעזיגנירט פֿון דער בעלעטריסטיק פֿאַר דערוואַקסענע. ער איז דעמאָלט געווען דער פֿאַרפֿאַסער פֿון „יוזקי, יאַנקי און פֿראַנ־קי", „יאָשקי, מאָשקי און סרולע", דער מחבר פֿון „וואַקאַציע־טאָגבוך" פֿון פּוילישע און יידישע קינדער; פֿון „רום" און „דער קעניג מאַטיוש", — אַ בוך פֿאַר יוגנטלעכע מיט אַן אידעאָלאָגישן פּראָגראַם; אַ בוך וואָס פֿאָדערט זעלבסטשטענדיקייט פֿאַר דער קינדערוועלט.

נאָך לאַנגע יאָרן פֿלעג איך אים ווידער טרעפֿן אין דער רע־
דאַקציע פֿון „נאַש פּשעגלאָנד"[1] בײַם שרײַבטיש, אַרומגערינגלט
מיט טומלדיקע און דיסקוטירנדיקע ייִנגלעך און מיידלעך. כ'פֿלעג
אים אויך טרעפֿן אין דער דרוקערײַ, ווען ער האָט געגעבן געוויסע
אָנווײַזונגען דעם זעצער. דאָס איז געווען בײַם אָנהייב פֿון דער עק־
זיסטענץ פֿון דער מערקווירדיקער קינדער־צײַטונג „מאַלי פּשע־
גלאָנד"[2], וואָס איז גיכער געווען אונטער דער אָנפֿירערשאַפֿט
איידער אונטער דער רעדאַקציע פֿון קאָרטשאַקן. וואָס פּאָפּולערער
די צײַטונג איז געוואָרן און וואָס מער ס'איז געשטיגן איר טיראַזש,
אַלץ זעלטענער האָט מען קאָרטשאַקן געקאָנט טרעפֿן אין דער רע־
דאַקציע: ער האָט זײַנס אָפּגעטון, געגעבן די איניציאַטיוו, באַדעקט
די אונטערנעמונג מיטן קאָלאָסאַלן אויטאָריטעט פֿון זײַן נאָמען,
אַוועקגעזעצט אַ פּאַרטרעטער און אַליין זיך צוריקגעצויגן פֿון דער
אַרבעט.

פֿאַרוואָס האָב איך מורא געהאַט און דורכגעגאַנגען גיך דורכן
רעדאַקציע־צימער? ס'קאָן זײַן אַז דאָס האָט געווירקט אַזוי זײַן
שווײַגנדיקער בליק... וויפֿל מאָל ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון,
קאָרטשאַק, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין שולדיק אין דעם
אַלעם בייזן וואָס פּאַסירט אַרום אונדז; אַז עס פֿאַלט אויף מיר די
לאַסט פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט צוליב די צופֿיל אויסגעפּוצטע,
ליידיק־גייערישע דאַמעלעך; צוליב די צעפּיעשטשעטע און עגאָיס־
טישע קינדער; צוליב די כלל־טוערס וואָס פֿאַרקויפֿן זייערע פּאָלי־
טישע אָנשויונגען, צוליבן האַנדל מיט שיינע ווערטער, צוליבן מיס־
ברויכן פֿון פֿראַזעס, צוליב צביעות, שקר און חניפֿה. וויפֿל מאָל איך
האָב געזען קאָרטשאַקן, איז מיר דאָס שרײַבן אָנגעקומען שווער.
ער האָט אויף מיר געווירקט אויפֿרודערנדיק, ווי כ'וואָלט פֿאַר זיך
געווען געהאַט דאָס געוויסנביסן אַליין.

---

1 „אונדזער איבערזיכט", ייִדיש־פּוילישע טאָגצײַטונג אין וואַרשע.

2 „קליינער איבערזיכט", וועכנטלעכע בײַלאַגע פֿאַר קינדער צום „נאַש פּשעגלאָנד".

איצט, ווען איך הייב אָן שרייבן וועגן אים דערינערונגען, וואָס אַ שפּאָר ביסל פון זיי האָט זיך אָנגעזאַמלט נאָך אַ באַקאַנטשאַפט פון קנאַפּע דרייסיק יאָר, — נעמט מיך אַרום די זעלבע שרעק, אַ שרעק ווי דעמאָלט, ווען פון הינטער די דיקע אויגן־גלעזער, אין אַ גאָלדענער ראַם, איז אויף מיר געפאַלן זיין טרויעריקער בליק, ווי ער וואָלט פאַרויסגעפילט דעם אָנקום פונעם גרויסן בראָך, און פון דעם אויסגעריבענעם סאַמעטענעם קאָלנער פון זיין אָפּגעטראָגענעם מאַנטל האָט זיך צו מיר געווענדט דאָס צעוווייטיקטע פּנים וואָס איז מיר אַזוי גוט באַקאַנט, דאָס נאָענטע און טייערע פּנים פון יאַנוש קאָרטשאַק.

אין יאָר 1941 האָבן אויפגעהערט אָנצוקומען בריוו פון פּוילן קיין ארץ־ישראל, וווּהין איך בין אַנטלאָפן נאָכן אויסברוך פונעם קריג. עס זענען אַפילו אָפּגעשטעלט געוואָרן די 25 ווערטער, וואָס מ׳האָט געשיקט דורך דער פאַרמיטלונג פונעם רויטן קרייץ. מ׳האָט עס געדרוקט מיט גרויסע אותיות אין רובריקן — דאָס האָט געזאָלט קלעקן פאַר אַלץ נאָך וואָס מ׳האָט געבענקט דורך די יאָרן וואָס די מלחמה האָט אָפּגעטיילט.

דורך די שטרענג־באַוואַכטע גרענעצן איז געלונגען איינצלנע פערזאָנען אָדער קליינע גרופּעס צו אַנטלויפן פון פּוילן וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער דייטשישער תּפיסה. עס זע־נען אָנגעקומען אַ פּאָר כּלל־טוערס, יוגנטלעכע חלוצים — אַ דאַנק זייער אָנגעהעריקייט צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט פאַר־בינדונגען אין שכנותדיקע לענדער. קינדער, געראַטעוועטע מיט נסים און אויסבאַהאַלטענע אין די וואַגאָנען, אָדער אין זעק. און אַ סך אַליִירטע בירגער וואָס מ׳האָט אויסגעטוישט אויף דייטשן.

זיי האָבן דערציילט, און אין משך פון צוויי יאָר האָב איך פאַר־שריבן זייערע גבֿית־עדות. צוזאַמען מיט זיי האָב איך ביים שרייבן איבערגעלעבט דאָס גיהנום וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין געטאָ.

עס זענען אויך געקומען ראַפּאָרטן פון די נייטראַלע לענדער: פון שרייבער, זשורנאַליסטן און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

אַ לאַנגע צייט האָט מען נישט געוואָלט גלייבן. דערנאָך איז לאַנגזאַם אַריינגעדרונגען אין באַוווּסטזיין דער שרעקלעכער אמת. קיינער איז מער נישטאָ. אַלע זענען זיי דערטרונקען געוואָרן אין אַ ים פון בלוט.

עס זענען אויך נישט פאַרבליבן קיין שום דאָקומענטן. קיין שום זכר נישט וואָס זאָל ווייזן אַ שפּור פון לעבן פון אַ קהילה וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי געבליט.

נאָך שרעקלעכער פון טויט — פאַרגעסנקייט האָט געדראָעט די אומגעקומענע.

אין יענער צייט האָט זיך צו מיר געווענדט דער באַקאַנטער פּוילישער פילם־רעזשיסער יוסף לעיטעס מיט אַ פאָרשלאָג צו באַאַרבעטן אַ פילם־סצענאַר פונעם לעבן פון דער לעגענדאַרער געשטאַלט אין געטאָ — יאַנוש קאָרטשאַק.

אַרומזוכנדיק דאָקומענטן, אינפאָרמאַציעס און פּרטים וועגן יאַנוש קאָרטשאַקס לעבן, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף מענטשן, וואָס האָבן אים געקענט, וואָס זענען געווען זיינע שול־ און אוניווערסיטעט־חברים און מיט אים צוזאַמען געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק. איך האָב מיך באַקענט מיט אַ סך פון זיינע מיטאַרבעטערס, שילערס און וויכאָוואַנקעס.

זיי האָבן נישט געוואָלט גלייבן אַז ער איז אומגעקומען. כ'בין געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף אין דאָרף און כ'האָב געזוכט די מענטשן. קאָרטשאַקס לעבעדיקער מוזיי.

איך האָב אויך, צום גליק געפונען כמעט אַלע זיינע ביכער, וואָס זענען אין פּוילן פאַרברענט געוואָרן דורך די דייטשן, און עטלעכע צענדלינג פון זיינע אָריגינעלע בריוו, פון די אַלע דערציילונגען, פון זיינע ביכער און פון מיינע אייגענע דערפאַרונגען, פון וועלכע איך שעפּ דעם מאַטעריאַל, האָב איך באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ בוך וועגן יאַנוש קאָרטשאַק, מיטן איינציקן באַגער צו פאַראייביקן זיין זכרון, און זיין לעבן־געשיכטע איבערגעבן דעם לייענער.

אין דעם בוך איז — אויסער די דיאַלאָגן — כמעט נישט פאַראַן

קיין שום אויסגעטראַכטע זאַך, נעמענדיק אין אַכט דעם גוטן ווילן פון מיינע אינפאָרמאַטאָרן. איך רעכן נישט אויס זייערע נעמען, ווייל עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס באַטראַכטן זייער קאָנטאַקט מיט קאָרטשאַקן צו די גאָר אינטימסטע דערינערונגען. אָבער איך דאַנק זיי אַלעמען פאַר זייער אַנאָנימער מיטאַרבעט. ספּעציעל דאַנק איך גאָר האַרציק דעם דערמאָנטן רעזשיסער יוסף לעיטעס פאַר זיין הילף און זיינע אָנווייזונגען ביים אָנשרייבן דאָס בוך.

תל־אביב, סעפּטעמבער, 1944.

קאַפּיטל איינס

# מע ציט זיך איבער

אויסלענדער, וואָס זענען דורכגעפאָרן מיט אַ שנעלצוג איבערן לאַנד, פלעגן געוויינטלעך זאָגן, ווען זיי האָבן אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער פון וואַגאָן:

— וואָס פאַרע שוואַרצע נעכט עס זענען אין פוילן!

איצט זענען שוין קיין אויסלענדער נישט געווען. קיינער האָט נישט געזען אין געטאָ די געדיכטע שוואַרצקייט פון דער נאַכט, וואָס מ׳האָט ממש געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט. נאָך זון־אונטערגאַנג, ווי נאָר ס׳איז געוואָרן פינצטער, האָט שוין געהערשט די פּאָליציי־שעה און מ׳האָט נישט געוואָלט אָנצינדן קיין ליכט אַפילו הינטער אַ פאַרדעקטן פענצטער. מענטשן האָבן זיך אָבער גערן אַרומגערינגלט מיט דער דאָזיקער שוואַרצקייט אַזוי ווי מיט אַ וואַנט דורך וועלכער מע וועט זיי נישט באַמערקן. זיי זענען אַריינגעפאַלן אין דער פינצטערקייט ווי אין אַ שלאָף. פון אָנהייב איז מען שעהנווייז געלעגן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, מיט אָפענע אויגן, איינגעקלעפּטע אין דער פינצטערניש. די אויגן און די אויערן זענען פאַר־חלשט געוואָרן פון אָנשטרענגונג. שטילקייט. דער פאַרטשאַדעטער שלאָף האָט זיך געצויגן ווי חלשות ביז צום זון־אויפגאַנג.

טייל מאָל איז דאָס וואַכן אין די נעכט איבערגעריסן געוואָרן דורכן קלאַפּן פון זעלנערישע שטיוול, הייזעריקע שיכורע קולות, אַ שאָס, אָדער דורך אַ שווערן זעץ פון אַ קאָלבע. און אַ געשריי — אַ האָפענונגלאָזער, לרוב אַן איין־און איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שטערב־לעכן קרעכץ. קיינער איז נישט אויפגעשטאַנען כדי צו זען וואָס עס איז געשען.

— שוין נישט ווייט — האָט עמעצער אַ שעפּטשע געטון אויף דער גאַס.

אויגן, צוגעווווינטע צו דער פינצטערניש, האָבן געקאָנט אונטערשיידן דריי געשטאַלטן, וואָס זענען געשטאַנען איינגעטוליעטע אין דער נישע פון אַ טויער.

— הערסט?

— ס׳האָט זיך דיר אויסגעוויזן — האָט געענטפערט דער העכסטער.

— דייטלעכע טריט — האָט זיך געעקשנט דער נידעריקערער.

זיי האָבן זיך נאָך מער איינגעקלאַמערט אין זיך, איין מאַן און צוויי יינגלעך. דאָס שווייגן האָט געדויערט אַ פינף מינוט. זיי האָבן זיך איצט צוגעהערט צו דער נאַכטיקער שטילקייט פונעם געטאָ ווי אין אַ ברונעם. פענצטער אָן שויבן, — גאָרנישט ענלעך צו פענצטער, פאַרשטאָפּט מיט דיקטע, טעקטור, מיט אַ קישן, אַ שמאַטע — זענען געווען פאַרמאַכט. אויפן הימל האָבן זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען וואָלקנס.

זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק פאַר זיך, איינער נאָכן צווייטן. דער עלטסטער פאָרויס און נאָך אים די צוויי יינגערע. זיי האָבן זיך געבויגן אונטער דער שווערער לאַסט פון די זעק.

זיי האָבן גיכער דערפילט ווי דערזען דאָס באַקאַנטע הויז. פאַרביי־געגאַנגען דעם אייזערנעם טויער, וואָס האָט געפירט צום הויף. דאָס הויז איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרקאַן, אויפן בעטאָנענעם מויערל זענען געווען שטאַכעטן.

זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן. דער עלטערער איז צוגעגאַנגען צו דער פאַרצוימונג און שטיל אַ רוף געטון:

— לעאָן!

פון דער צווייטער זייט האָט זיך דערהערט אַן ענטפער:

— פאַרטיק. מיר הייבן אָן.

עס האָט אָפּגעקלונגען אַ קוים דערהערטער קלאַפּ פון אויסגעהאַקטע ציגל. מ׳האָט געאַרבעט אויף דער הויכקייט פונעם מויערל, ליגנדיק אויף דער ערד. דאָרקע און לעאָן האָבן אַרויסגעשלעפּט די ציגל.

דאָס לאָך איז געווען נישט קיין גרויס, די לעצטע ציגל זענען אַרויס־געפאַלן אויפן הויף. צוערשט האָט מען דורכגעשטופּט די זעק.

— איך וועל בלייבן אויף דער וואַך — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר — און דו, שמוליק, קריך אַריין, ווייל דו ביסט דער קלענסטער.

שמוליק האָט נישט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געגאָסן פון דער פּריווילעגיע, וואָס ער איז געווען קליין געוואַקסן. מ'האָט אים מיטגענו־מען אויף דער עקספּעדיציע, ווייל ער איז געווען אַ קליינער און ר'האָט זיך געקאָנט אומעטום אַריינקריגן. דאָס יינגל האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מ'האָט אים געמוזט שטופּן, ווי אַ זאַק, פון איין זייט און אַרויס־שלעפּן פון דער צווייטער זייט. ווען מ'איז אַלט צוועלף יאָר קאָן אַפילו דער דרייסטער פאַרלירן דעם קאָפּ.

— און איצט דו, שמעון, שנעל! איך וועל קומען ווי געווײנטלעך...

ענדלעך. ביידע זענען שוין אינעווייניק. מ'האָט גיך צוריק פאַר־שטעלט דאָס לאָך מיט די ציגל.

אין דער פרי, ביים טאָגליכט וועט מען דאַרפן זען צי מע דערקענט גאָרנישט — האָט אַ טראַכט געטון דער דאָקטאָר.

דערנאָך האָט ער געוואָרפן אַ בליק הינטער זיך און אַרום זיך און מיט גלייכע טריט איז ער געגאַנגען צום טויער.

ער האָט אַ קלונג געטון און געוואַרט אין גאַנצן רויִק. ער האָט אַלע מאָל געקאָנט באַווייזן אַז ער קומט פון אַ וויזיט. לעאָן האָט אים געעפנט דאָס טויער. ער האָט מיט שטאָלץ געטראָגן זיין פּוילישן נאָמען און די העלע שופרינע. אַ דאַנק זיין אַרישן אויסזען האָט ער זיך אַלע מאָל פאַר־האַלטן רויִק.

זיי זענען געגאַנגען דורכן אַספאַלטירטן טראָטואַר צו דער היים. הינטערן פאַרקאַן האָט זיך דער דאָקטאָר געפילט היימערער. צוויי באַ־קאַנטעביימער, וואָס האָבן זיך על־פי־נס אָפּגעראַטעוועט פון דער באָמ־באַרדירונג, שיסערייען און פייער, זענען געוואַקסן פאַרן הויז. צוויי אַלטע קאַשטאַנביימער, וואָס ער האָט אָפּגעראַטעוועט פון דער זעג, ווען מ'האָט געבויט די היים, זענען געשטאַנען אויפן אָרט ווי אַ טייל פון דער היים.

זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען מיט די טרעפּ אַ האַלבן שטאָק נידעריקער אין קעלער אַריין, ווו ס'האָט זיך געהאַט געפונען די קיך. פאַרן קריג האָבן נאָר די דיזשורירנדיקע קינדער געמעגט אַראָפּגיין אין דער קיך. דער דאָק־

טאָר פּלעגט יעדן אָוונט דורכפירן אַ ריינקייט־אינספּעקציע. נאָר פון דער צייט אָן, ווען אינעם גאַנצן הויז זענען אויסגעהאַקט געוואָרן די שויבן און מ׳האָט זיך צוגעוווינט צו די כסדרדיקע אַלאַרמען סיי בייטאָג, סיי ביי־נאַכט און דערצו נאָך ווען ס׳איז שוין געבליבן אַזוי ווייניק קוילן אַז נאָר איין צימער האָט מען געקאָנט באַהייצן אינעם גרויסן הויז, — האָט מען די קיך פאַרוואַנדלט אין אַן עסצימער, פאַרוויילונג־צימער און אַפילו אין אַ שלאָפצימער.

די נידעריקע פענצטער זענען געווען פאַרשטעלט. נאָך אין סעפּטעמ־בער, 1939, האָט מען אַרומגעלייגט די קעלער־פענצטער מיט זעק זאַמד. דערפאַר האָבן זיי זיך געקאָנט דערלויבן אָנצוצינדן ליכט אין דער קיך. די קינדער זענען נישט געשלאָפן, כאָטש ס׳איז שוין געווען כמעט צען אַזייגער ביינאַכט.

מיטן עפענען די זעק האָט מען געוואַרט אויפן דאָקטאָר. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו דער באַנק. ער האָט אַפילו נישט אויסגעטון זיין מאַנטל, כאָטש ס׳איז אים געווען גוט הייס. הינטערן מאַנטל האָט ער געהאַט אויף זיך אַן אָפּגעטראָגענעם מיליטערישן מונדיר, וואָס איז אים פאַרבליבן פונעם פראָנט. דער אַלטער צעקנייטשטער מונדיר האָט נישט צוגעגעבן קיין חשיבות זיין איינגעהויקערטער געשטאַלט. דאָס גראָע, שיטערע שפּיציקע בערדל און זיין פליך זענען געווען אין אַ בולטן קאָנטראַסט מיטן באַגריף פון אַ פוילישן אָפיציר, פונקט ווי זיינע גרויסע איינגעפאַלענע אויגן.

די עלטסטע קינדער — דאָרקע, לעאָן און שמעון — האָבן זיך געפאָרעט ביי די זעק און נישט געקאָנט אויפקניפּן די עקן.

שמוליק האָט געכראָפּעט אין אַ ווינקל.

מ׳האָט פונאַנדערגעשיט די קאַרטאָפל אויף דער פּאָדלאָגע און געברענגט אַ גרויסן טאָפּ.

דאָרקע האָט צוריקגעהאַלטן די הענט פון די קינדער, וואָס האָבן געכאַפּט הויפנס קאַרטאָפל כדי זיי אַריינצוואַרפן אין קעסל.

— פאַרוואָס דערלויבסטו זיי נישט? — האָט זיך געוווּנדערט דער דאָקטאָר.

— ווייל מיר האָבן נאָך נישט איבערגעציילט, — האָט זי געענט־פערט. — זיי מוזן דאָך אונדז קלעקן אויף אַ לענגערער צייט.

— בראַוואָ, קאַלאַפּיאָרל! — האָט ער געענטפערט.

דאָרקע האָט געקריגן דעם צונאָמען צוליב איר פּראַקטישקייט. דער דאָקטאָר איז געווען שטאָלץ מיט איר פּאָרזיכטיקייט און באַרעכנטקייט. זי איז געווען אַ געזעצטע, מיט בלאָנדע צעפּעלעך און ברוינע אויגן. איר בלאַס פּנים איז געווען ערנסט, נישט לויט אירע יאָרן, און האָט געהאַט אַן אויסדרוק פון מוטערלעכער זאָרג.

—ווירטשאַפט־קאָמיסיע! — האָט אַ רוף געטון דאָרקע...

נישט קוקנדיק אויף אַלץ זענען די קאָמיסיעס געווען טעטיק. זיי האָבן געאַרבעט אין בונקער אַפילו אין דער צייט פון די פּרעסט, ווען די באָמ־בעס האָבן מיט אַ באַטויבנדיקן זעץ געשמעטערט אויבן די הייזער; ווען מ׳האָט פון דער גאַס געבערענגט דעם פאַרבלוטיקטן משה, וואָס איז אַרויס־געלאָפן זען וואָס ס׳איז געשען מיט זיין שוועסטער; ווען ס׳איז נישט געווען קיין וואַסער און קיין ליכט; ווען מ׳האָט געקאָכט איין מאָל אַ טאָג בלויז די שאָלעכץ פון קאַרטאָפל. די ראָל פון דיזשורירן איז אַריין אין בלוט, געוואָרן ווי די צווייטע נאַטור פון די קינדער. כאַאָס וואָלט געווען פונקט אַזוי געפערלעך ווי דער קריג. אָבער זיי האָבן אויסגעמיטן דעם כאַאָס.

אַפילו אין די ערגסטע צייטן האָבן די דיזשורנעס יושרדיק געטיילט דאָס עסן, אָנגעהויבן פון די ייִנגסטע קינדער, ווּעמען מ׳האָט געגעבן שי־סעלעך הייס וואַסער און אַ שטיקל אַלט ברויט. מ׳האָט אַפילו אַכטונג גע־געבן אַז די שיך זאָלן זיין אויסגעפּוצט און די נעגל אָן שוואַרצע ראַמען, כאָטש קיינער האָט שוין לאַנג נישט געזען קיין שוואַקס אָדער זייף.

די דיזשורנע האָבן געציילט די קאַרטאָפל. אין אַ קורצער ווײַלע וועלן זיי אָפּשטימען וויפל קאַרטאָפל ס׳וועט אויספאַלן אויף אַ קינד. די לאָגיש־טראַכטנדיקע וועלן באַשטימען, אַז — צו צוויי פאַר יעדן, אָבער די קליי־נע באַשע, וואָס האָט ליב צו עסן אַ סך, וועט זאָגן מיט אַ זיפץ:

— כ׳וואָלט געוואָלט זיין אַ קעניגין און אויפעסן צען קאַרטאָפל מיט אַ מאָל.

די ייִנגלעך לייגן שוין אונטער שטיקלעך קוילן, קליינע ווי שטיינ־דעלעך.

— עס וואָלט כדאַי געווען צו קריגן כאָטש צו צוויי קאַרטאָפל — זאָגט דער דאָקטאָר אַ מידער און הונגעריקער.

פונעם פאַרענדערטן פּנים פון סטעפע, וואָס איז אַריין אין קיך, האָט ער דערקענט אַז עפּעס האָט פּאַסירט. זי האָט זיך באַהערשט, ווערלנדיק אויסבאַהאַלטן פאַר די קינדער איר שרעק. זיי זענען צו שטאַרק געווען פאַרנומען מיטן ציילן און מעסטן די קאַרטאָפל אַז זיי זאָלן קאָנען עפּעס באַמערקן.

— כ׳האָב נישט געהערט קיין גלעקל — האָט אַ טראַכט געטון דער דאָקטאָר — איז מסתמא קיינער נישט געקומען.

ער האָט נישט געקאָנט הערן, ווייל ער איז געווען אין קעלער, אָבער ער האָט גלייך פאַרשטאַנען אַז מ׳איז געקומען... סטעפעס קורצע שוואַרצע האָר דורכגעוואָרפן מיט גראָע פאַסן האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן גע־שטאַנען אויפן קאָפּ. איר פּנים האָט געהאַט די קאָליר פון ערד און אירע אויגן האָבן זיך אומרויִק באַוועגט. די בראָדאַווקע אויף איר גאָמבע איז אַזוי ווי אויפגעוואַקסן און געוואָרן אָנגעלאָפן פאַר שרעק.

— גיי אַרויף — האָט זי שטיל געזאָגט — איך וועל דאָ בלייבן.

— וואָס איז געשען?

— מע פרעגט זיך אויף דיר.

דאָס איז נישט געווען זייער ערשטער וויזיט. דער דאָקטאָר האָט אַראָפּגענומען זיין מאַנטל און אַ קוק געטון אויפן זייגער.

— אין דער צייט? — האָט ער געזאָגט.

אויפן האַלבן שטאָק, ווו ס׳זענען געווייַנטלעך געשטאַנען הענגערס, דאָרט ווו ס׳האָט זיך געפינען די גאַרדעראָב, זענען איצט געהאַנגען אויף טשוועקעס, אַריינגעקלאַפּטע אין די ווענט, פאַרשידענע טיילן פון קליי־דונג. די גרויסע הילצערנע הענגערס האָט מען שוין לאַנג פאַרניצט צום הייצן. די טרעפּ זענען געווען באַלויכטן. זיי האָבן אָנגעצונדן די ליכט. אַ ליכטיק העל פענצטער אין געטאָ — איז אַ שלעכטער סימן.

דער דאָקטאָר האָט אַראָפּגענומען פונעם טשוואָק דעם גרינעם פאַר־

טעך, וואָס איז געווען אָפּגעבלייכט פון וואַשן און געלאַטעט אין אַ סך ערטער, און אים אָנגעטון אויף זיך, פאַרקנעפּלענדיק לאַנגזאַם דעם כאַלאַט איז ער געגאַנגען צו זיין קאַנצעלאַריע. איצט האָט ער געטראָגן אויף זיך דעם מונדיר פון אַ דערצי׳ער.

אינעם העלבאַלויכטענעם, כמעט ליידיקן צימער, ווו ס׳איז געשטאַנען — חוץ אַ באַשיידענעם שרייבטיש מיט צוויי הילצערנע שטולן — אַ פאַרמאַכטע שאַנק מיט ביכער, האָט ער געטראָפן צוויי פרעמדע מענער. איינעם האָט ער געקענט: דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַן ערך פופציק יאָר, אָנגעטון אין אַן אָפּגעבלאַקירטן אנצוג. מ׳האָט אים געקענט ווי אַ געהיים־אַגענט פון געשטאַפּאָ. ער האָט זיך באַמיט צוצוגעבן זיין נעבעכדיקן, אָפּגעגאָלטן, לצאָנישן פּרצוף אַן ערנסטן און ווירדיקן אויסזען. ער האָט געהאַט מוטנע אויגן און שמאָלע ליפּן. גערעדט אַ שלעכטן פּויליש, אַ דייטשמערישן — מ׳האָט געשמועסט אַז ער האָט געשטאַמט פון פּויזן. רעגיסטרירט האָט ער זיך ווי אַ פאָלקסדייטש. צוליב זיין באַקאַנטער שנאה צו יידן, האָט ער באַקומען אַן אַמט אינעם אָפּטייל וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט יידישע ענינים. דער צווייטער — אַ הויכער און אַ דאַרער — האָט געהאַט קאַלטע בלאָע אויגן מיט אַן אינטעליגענטן בליק. ער האָט געטראָגן אַ געשטאַפּאָ־מונדיר מיט אַ סאַמעטענעם גרינעם קראַגן.

— איך בין דאָקטאָר פאָיגט, — האָט זיך פאָרגעשטעלט דער געשטאַפּאָ־מאַן, — איר קענט דייטש? — האָט ער געפרעגט.

דער דאָקטאָר האָט אין ערשטן אויגנבליק געוואָלט, וואָס אַן אמת, זאָגן אַז ער קען נישט. אַ געשפּרעך וואָס ווערט געפירט דורך אַן איבערזעצער גיט אַ מעגלעכקייט צו באַטראַכטן פאָרזיכטיקער די פראַגעס און ענטפערס. אָבער ער האָט באַמערקט דעם בייזן שמייכל אויפן פּנים פונעם געהיים־אַגענט. דער אַגענט האָט אַלץ געוווּסט — ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אוממעגלעך אַז אַ דאָקטאָר אין פּוילן, דערצו נאָך אַ ייד. זאָל נישט לייענען דייטשישע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, זאָל נישט פאָרן קיין אויסלאַנד: קיין דייטשלאַנד, עסטרייך אָדער שווייץ.

— איך קען — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר און געוואַרט ביז מע וועט אים דערלויבן זיך אַוועקצוזעצן.

פאַיגט האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף דעם. ער איז געגאַנ־גען מיט גרויסע טריט הין און צוריק איבער דער קאַנצעלאַריע און שטיין געבליבן פאַר דער שאַנק מיט ביכער:

— וואָס איז דאָס? — האָט ער אַ ברום געטון — אַ ביבליאָטעק? ייִדן טאָרן דאָך נישט...

— דאָס זענען די טאָגביכער פונעם יתומים־הויז; דאָקומענטן, צייַ־טונג־יאָרגענג, כתב־ידן — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— עס וואָלט געווען כדאַי זיך מיט דעם צו פאַראינטערעסירן. זעצט אייך — האָט ער געזאָגט און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול לעבן שרייבטיש.

די העפלעכקייט פונעם דייטש האָט נישט פאַרויסגעזאָגט קיין שום גוטס, אָבער פון דער צווייטער זייט האָט דער פאַקט אַז מע באַהאַנדלט אים מענטשלעך צוגעגעבן אַ ביסל מוט.

דער דאָקטאָר האָט געשוויגן. שלעכטע פאָרגעפילן האָבן גורם געווען דאָס שנעלע קלאַפּן פון זיין האַרץ.

— איך אַליין בין אַ דאָקטאָר — האָט געזאָגט דער דייטש — פאַרן קריג האָב איך מיך ספּעציאַליזירט אין קינדער־קראַנקייטן.

אַ דאָקטאָר — דאָך אַ דאָקטאָר...

— איך האָף אַז איר וועט מיר העלפן ביים אויספירן די פאַראָרדע־נונגען פון אונדזער מאַכט. איר מוזט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. דאָס הויז איז אונדז נייטיק פאַר די דייטשישע קינדער. ס'איז נישט צום גלייבן — האָט ער צוגעגעבן — אַז דאָ ביי אייך איז זיכערער ווי אין אונדזער פאָטער־לאַנד.

דערנאָך איז אַנטשטאַנען אַ פּויזע.

— עס געפעלט מיר די געביידע — האָט ער ווייטער גערעדט — פּלאַנמעסיק געבויט. איר זענט דאָ געווען דער אָנפירער?

— יאָ. פונעם סאַמע אָנהייב אָן. כ'האָב עס כמעט אַליין געבויט.

— מע זעט טאַקע אין אַלעם די האַנט פון אַ פּעדאַגאָג. און אַ דאָק־טאָר. ס'איז אייך דאָ גוט געגאַנגען...

— אין דעם הויז איז פאַראַן נאָר אַזוי פיל וויפל עס פאָדערן היגיענע און די באַדערפעענישן פון קינדער.

— יאָ, פאַרשטייט זיך, היגיענע... אָבער מיר לעבן אין נישט־היגיע־נישע צייטן, הער דאָקטאָר, אמת?

ער האָט נישט געענטפערט. ער האָט נישט פאַרשטאַנען די כוונה פונעם געשפּרעך. אפשר וועט זיך איינגעבן איבערצוצייגן דעם געשטאַ־פּאָווייעץ?

— דאָס הויז איז רויִנירט, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, — עס פעלן שויבן, די צענטראַל־באַהייצונג איז קאַליע, די ווענט צעפּלאַצט, די קאַנאַליזאַציע אַרבעט שלעכט — האָט ער זיך באַמיט אַלץ מיאוס צו מאַכן.

— אָבער די געביידע איז אין קעגנזאַץ צו די צילן פון געטאָ, — האָט אים שאַרף איבערגעריסן פּאָיגט, — אייערע קינדער מוזן פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט, איר אַלע מוזט זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל אָפּגעבן רעכענונג אַז אייך קומט נישט קיין שום מענטשלעכע רעכט. היגיענע, ליכט... געוויס, איך פאַרשטיי, אָבער נישט פאַר יידישע קינדער.

דער דאָקטאָר האָט עס געקענט פון אויסנווייניק. ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט באַלד דערהערן שטאַרקע זאַצן, דורכגעפלאָכטענע מיט זיד־לערייען. אַז יידן האָבן אַרויסגערופן דעם קריג און דערפאַר מוזן זיי טראָגן די אחריות. אָ האָפענונגלאָזע דיסקוסיע.

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי מיט אַ צייט צוריק, ביים סאַמע אָנהייב פון דער אָקופּאַציע, איז ער צום ערשטן מאָל געשטעלט געוואָרן פאַרן שעף פון דער פּאָליציי, צו וועלכן ס'האָט אים געשלעפּט און געשטופּט אַ זעל־נער, וואָס האָט אים געכאַפּט ביים פאַרברעכן פון נישט טראָגן דעם אָרעמ־באַנד, אַ ווייסן אָרעמבאַנד וואָס האָט אים אויסגעשטעלט אויף דער גע־פאַר צו כאַפּן אַ זעץ מיט דער פויסט אונטערן אויג, אָדער באַשפּיגן צו ווערן ווען ער איז געגאַנגען צו אַ קראַנקן. דעמאָלט, אין די ערשטע טעג פונעם קריג, ווען קיינער האָט זיך נאָך נישט פאָרגעשטעלט אַז מע וועט שלאָגן אין מיטן העלן טאָג אָן שום סיבה — האָט ער זיך באַמיט רויִק און זאַכלעך אויפצוקלערן, אַז ער האָט נישט אָנגעטון דעם אָרעמבאַנד נאָר דערפאַר, וואָס ער וואָלט קיין מאָל נישט אָנגעקומען אַ גאַנצער צום

קראַנקן; ס׳איז אויך געווען אַ סכנה, אַז בעת אַ כאַפּעריי וועט מען אים פאַרשלעפּן אויף אַרבעט.

ווי אַן ענטפער האָט ער געקריגן אַ זעץ מיט דער ביקס איבער דער פּלייצע און אַ חודש אַרעסט. דאָס זענען געווען די מילדע צייטן. דעמאָלט האָבן זיי אים אויסגעלערנט אַז מע טאָר נישט אַרגומענטירן.

אָבער דאָקטאָר פּאָיגט האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, געהאַט חשק צו פאַר־ענטפערן זיין פאַראָרדענונג:

— איר וועט זיך פילן זיכערער אין האַרץ פון געטאָ — האָט ער מילד צוגעגעבן — איך ווייס אַז דאָס הויז איז געווען אויסגעשטעלט אויף רויב און אָנגריף פונעם המון דאָ, אויפן ראַנד פונעם געטאָ.

דער דאָקטאָר האָט זיך אַפילו נישט באַמיט צו באַמערקן, אַז מיטן המון האָבן אָנגעפירט מונדירטע זעלנער. ער האָט אויך נישט דערמאָנט אַז דעם אָנפאַל האָבן די דייטשן — צוליב זיי אַליין באַוווּסטע צוועקן — געפילמט.

— מיר גיבן זיך ווי ס׳איז אַן עצה — האָט ער געזאָגט מיט אַ האָפענונגלאָזער שטים. דאָס איז נאָך אַלץ בעסער ווי איבערציִען זיך... ווו וועלן מיר זיך אַהינטון? די ענגשאַפט איז אַ שרעקלעכע. נישטאָ קיין איין פריי ווינקל.

— מיר טראַכטן טאַקע ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן מיט דער ענג־שאַפט, מע וועט דאַרפן דעם געטאָ אַ ביסל דורכזיפּן.

קאָרטשאַק איז געוואָרן בלאַס. דער אָפיציר האָט באַמערקט ווי זיין פּנים איז פאַרשטייפט געוואָרן. ער האָט פיינט געהאַט פּאַניק. פּאַניק פירט צו אומפאַראַנטוואָרטלעכע מעשים. ער האָט אויך נישט פאַרטראָגן קיין אכזריות, אָבער אַ דייטשישער אָפיציר מוז אין צייט פון קריג אויס־פירן געטריי אַלע באַפעלן פון זיין מאַכט.

— אויב איר וועט זיך נישט געבן קיין עצה — האָט ער פריינטלעך געזאָגט — קאָן איך אינטערווענירן ביים יודנראַט. איך וועל פשוט הייסן אויסליידיקן פאַר אייך אַ פּלאַץ.

— אַ דאַנק. איך האָף, אַז דער ראַט וועט געפינען פאַר אונדז אַ

ווינאָרט — האָט זיך דער דאָקטאָר פאַרטיידיקט, וויסנדיק פון דערפאַ־
רונג מיט וואָס עס שמעקט אַזאַ פאַרמיטלונג.

— איר ייִדן — האָט ווייטער גערעדט דאָקטאָר פאָיגט — לעבט
נאָך אַלץ מיט אילוזיעס. אייך ווייזט זיך אויס, אַז איר מוזט נאָך אַלץ
ווינען באַקוועם און עסן נאַרהאַפטיק. נעמט אַ ביישפּיל פון אונדז. ס׳איז
ווערט צו הונגערן כדי איינצונעמען די וועלט.

— אָבער אונדז הונגערט מען אויס אָן שום סיבה.

— איר וועט איינגעמען „יענע וועלט״ — האָט זיך פאָיגט געוויצלט
און קאָרטשאַקן איז דורך אַ שוידער.

— איר נעמט נקמה אין די דערוואַקסענע פאַר זייערע כלומרשטע
זינד, אָבער וואָס ווילט איר פון די קינדער?

— פון אַ קליין ייִדל וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער ייִד. מיר פירן
אויס אונדזערע פּלענער גרינטלעך, פונעם סאַמע פונדאַמענט אָן. אָבער
לאָמיר צורו לאָזן די שמועסן אין דער שעה — האָט ער צוגעגעבן וועלנ־
דיק פאַרגלעטן דעם שלעכטן איינדרוק פונעם געשפּרעך. פון איצט אָן וועט
איר מיט אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו די קינדער, זיך ווענדן צו
מיר. דאָס איז מיין אָפּטיילונג.

— עס פרייט מיך זייער, וואָס די אויפזיכט איבער קינדער־ענינים
איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ דאָקטאָר — האָט קאָרטשאַק אָנגעהויבן.
אָבער ער איז גלייך אַנטשוויגן געוואָרן, זעענדיק דעם איראָנישן בליק
אין פאָיגטס אויגן.

— מיר וועלן נאָך וועגן דעם שמועסן. דערווייל בעט איך אויסצו־
פירן דעם באַפעל ביז מאָרגן. דאָס הויז דאַרף זיין פריי.

— אפשר איז מעגלעך אין אַ פּאָר טעג אַרום, בכדי איך זאָל קאָנען
געפינען אַ פּאַסיק אָרט — האָט זיך דער דאָקטאָר געבעטן.

— צי ווייסט איר נישט אַז אַ באַפעל ביי דייטשן הייסט אַ באַפעל?
— האָט זיך אַריינגעמישט דער ציוויל־געקליידטער.

דער דאָקטאָר האָט צענומען די הענט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ
באַפעל איז אַ באַפעל. און ער האָט גלייך אין דעם אויגנבליק, פאַרגעסנ־
דיק וועגן דער אָנוועזנהייט פון די דייטשן, אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער:

וווהין וועלן זיי גיין? וואָס וועלן זיי מיטנעמען? ווי אַזוי וועט מען אָר־גאַניזירן דאָס אַריבערציִען זיך?

דאָקטאָר פּאָיגט האָט אַזוי ווי געטראָפן זיינע געדאַנקען:

— איר וועט איבערלאָזן אַלץ אויפן אָרט. יעדער איינער מעג מיט־נעמען מיט זיך צוויי שטיקלעך וועש און איין אָנצוג. איך האָף אַז איר וועט מיר איינבערעכענען רעוויזיעס, רעפּרעסיעס, אָדער, גאָט באַהיט, קלעפּ...

דער געשטאַפּאָ־מאַן איז געווען פריינטלעך. — איז ער אַ ווינער? — האָט דער דאָקטאָר געטראַכט. אָבער ער האָט זיך ווידער אויף אַ ווײַלע געטראָפן מיטן קאַלטן, גראָען בליק פונעם דייטש. הינטערן בליק האָט זיך אויסבאַהאַלטן עפּעס אַ סוד. פּאָיגט האָט עפּעס געוווסט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט דערציילן. דער דאָקטאָר האָט זיך נישט באַמיט צו טרעפן. ער האָט נאָר געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך עפּעס שרעקלעכס; אַז די ביז איצטיקע זאָרגן זענען געווען אומבאַטייטיקע. ער איז געשטאַנען אָן אַ וואָרט. ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, און ער האָט זיי באַגלייט מיט זיינע בליקן, ווען זיי האָבן מיט גלײַכע טריט מאַרשירט דורכן הויף צום אַרויסגאַנג, וואַרפנדיק פאַר זיך דעם העלן שטראַל פון אַן עלעקטריש טאַשנלעמפּל.

אין די פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע זענען נישט געווען קיין שויבן. דער דאָקטאָר האָט דייטלעך געזען די קאַשטאַנביימער, ער האָט אָפּט גע־טראַכט, אַז די ביימער, די היים און די קינדער וועלן אַלע מאָל זיין צו־זאַמען. אַז דער ערשטער וועט אַוועק ער, דער דאָקטאָר...

מ׳האָט געהייסן די קינדער פאַרלאָזן דאָס הויז...

— פאַרלעש די ליכט, — האָט סטעפע אַ רוף געטון, אַריינגייענדיק אין דער קאַנצעלאַריע, — זיי זענען גרייט צו שיסן, פּאַטראָלן דרייען זיך איבער דער גאַס. וואָס איז געשען? — האָט זי געפרעגט — פאַרוואָס אַזאַ שפּעטער וויזיט?

— איך האָב שוין לאַנג פאַר דעם געציטערט, — האָט ער געענט־פערט, — מ׳האָט אונדז געהייסן זיך אָפּטראָגן פון דאַנען.

— אונדז?

— די קינדער. און דערצו נאָך מאָרגן באַלד אין דער פרי.

דער קאָפּ האָט זיך איר פֿאַרדרייט. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָנעם שרייבטיש. מיט דער צעקנייטשטער דלאָניע האָט זי זיך געריבן דעם שטערן.

— וווהין וועלן מיר גיין?

— אין דעם גייט עס. דאָס איז טאַקע די צרה. מיר וועלן זיך באַראָטן מיט די קינדער.

— וואָס קאָנען דאָ די קינדער העלפֿן?

— מיר מוזן זיי וועגן אַלעם מודיע זיין. מע דאַרף זיך באַראָטן וואָס מיטצונעמען, ווען זיי דערלויבן גאָרנישט מיטצונעמען. רוף צונויף די עלטערע קינדער. מיר וועלן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פֿון איבערציִען זיך. איך וועל אַרויס אין שטאָט און כ׳וועל זען וואָס מע קאָן טון.

— אין דער צייט?

— דער יודנראַט אַמטירט אין די קעלערן אַ גאַנצע נאַכט. איך מוז דאָך געפֿינען עפּעס אַ פּלאַץ פֿאַר אונדז ביז מאָרגן. געדענק, — האָט ער געזאָגט פֿאַרן אַרויסגיין, אָנווייזנדיק אויף דער שאַנק, — פֿאַיגט האָט זיך געפֿרעגט וואָס עס געפֿינט זיך אין דער שאַנק. מע דאַרף אַלץ איבערקוקן און וואָס ס׳איז נישט נייטיק איבערצולאָזן — פֿאַרניכטן...

דער געדאַנק אַז זי דאַרף מיט אירע אייגענע הענט פֿאַרניכטן די טאָג־ביכער און דאָקומענטן, וואָס זענען מיט אַזוי פֿיל זאָרג צונויפֿגעקליבן געוואָרן דורך אַ האַלב לעבן, האָט זי אָנגעפֿילט מיט אַ פּלוציִמדיקן אַנגסט. זי האָט אַלע מאָל גערעדט מיט שטאָלץ וועגן דער שאַנק. דאָס איז מיין פֿייער־קאַסע און אין איר — מיין גאַנץ רייכטום.

צו דער שאַנק און דער קאַנצעלאַריע האָבן געהאַט דעם צוטריט בלויז דער דאָקטאָר און סטעפֿע. די קינדער האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז פּונקט אַזוי ווי יעדער פֿון זיי האָט אַ פֿאַרשלאָסן קעסטעלע, צו וועלכן קיינער האָט נישט קיין צוטריט, איז פֿאַרשטענדלעך אַז דער דאָקטאָר און סטעפֿע האָבן אויך זייער אייגענע שאַנק, ווייל זיי זענען דערוואַקסענע און זיי האָבן געוויס געהאַט אַ מעגלעכקייט אָנצוזאַמלען מער אָנדענקזאַכן ווי יעדער קינד.

אין די באַהאַלטענע שקאַטולקעס, וואָס זענען געווען אינעווייניק שיין

אויסגעקלעפּט מיט פּאַפּיר, זענען געלעגן אַזוי ווי אין אַ באַנק — קינדע־רישע אוצרות. די מיידלעך האָבן דאָרט געהאַט באַהאַלטן סטענגעס און שפּיגעלעך, אַלבאָמען מיט געטרוקנטע בלומען און דעדיקאַציעס פון חבר־טעס, פאָטאָגראַפיעס און בריוו און די יינגסטע — אָנדענק־צייכנס נאָך ליאַלקעס. די יינגלעך — שנירלעך און שטיינדלעך, טשוועקעס און עקזאָ־טישע מושלעס. אַלע האָבן געזאַמלט אָנדענק־קאַרטלעך, וואָס מ׳האָט גע־האַלטן אין דער היים ווי אַ מין מעדאַל.

די אָנדענק־קאַרטלעך, וואָס האָבן אַרויסגערופן ביטול ביי פרעמדע, זענען געוואָרן ווי אַ קייט, וואָס האָט פאַרבונדן אַלע קינדער, וועלכע האָבן ווען ס׳איז געהאַט אַ שייכות מיטן דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט איבערגעלעבט פיר מלחמות. ער איז געווען אין פייער אויפן יאַפּאַנישן פראָנט. צום צווייטן מאָל האָט ער געדינט ווי אַ דאָקטאָר אין דער רוסישער אַרמיי אינעם ערשטן וועלטקריג; ער איז געווען אַ קאַפּיטאַן אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט אין 1920 אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַרשאַל פּילסודסקי; ער האָט געהאַט דעם כבוד צו טראָגן דעם מונדיר פון אַ פּולקאָווניק אינעם קריג קעגן היט־לערן, אַ מונדיר מיט וועלכן ער האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן.

נישט איין שלאָפלאָזע נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אין דער קאַלטער מאַנדזשוריע, אויפן באַלקאַן, הינטער וואַרשע אין אַ געצעלט, פאַרטראַכט־דיק זיך איבער די רעטענישן פון דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס האָט יעדעס מאָל פאַרוואַנדלט אַ מילדן מענטשן אין אַ מערדער. ער איז גע־קומען צו דער איבערצייגונג אַז נישט קיין קליינע ראָל שפּילט בעת אַ מלחמה אַ מעדאַל און אין שלום־צייט אַן ערן־צייכן. ער האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין געפיל פון פאַראַכטונג פאַר די דאָזיקע מענטשלעכע שוואַכ־קייטן.

— נישט איין העלד האָט געשטעלט זיין לעבן אין קאָן, כדי צו באַ־צירן זיין ברוסט מיט אַ מעדאַל, — פלעגט ער זאָגן, — נישט איין שטאַט־מאַן האָט געאַרבעט זיין גאַנץ לעבן צוליב אַן אויסצייכענונג. צי האָבן דען נישט קינדער די זעלביקע אַמביציעס?

בעת זיינע לעקציעס אין סעמינאַר האָט ער די צוקונפטיקע לערערס דערמוטיקט צו טיילן אויסצייכענונגען פאַר די קינדער.

ער פלעגט קויפן טוצנווייז די שענסטע קאַרטלעך מיט קאָלירטע בילדער פון בלומען, זומערפייגעלעך, פייגל, מיט פייזאַזשן פון שיינע דרומדיקע לענדער, מיט רעפּראָדוקציעס פון סטאַטועס און קונסטווערק.

אויף דער צווייטער זייט פון אַזאַ קאַרטל האָט ער מיט זיין אייגענער האַנט אויפגעשריבן:

דאָס אָנדענק־קאַרטל איז אַרויסגעגעבן... צו דעם און דעם... טאָג... יאָר... פאַר פרי אויפשטיין, פאַר אַרבעטזאַמקייט, פאַר פּינקטלעכקייט, פאַר אַרויסווייזן הילף, פאַר ריינקייט... — אונטערשריפט: דאָקטאָר.

די פייערונג פון צוטיילן קאַרטלעך האָט זיך נישט אונטערגעשיידט פונעם יום־טוב פון אַרויסגעבן אויסצייכענונגען. רעדעס, טרערן אין די אויגן און די פרייד פונעם באַלוינטן. נאָר איין מאָל האָט אַ דאַמע פון דער הילף־געזעלשאַפט, וואָס איז געווען אָנוועזנדיק ביי דער פייערונג פון אויסטיילן קאַרטלעך, פאַרקרומט אירע ליפּן מיט פאַראַכטונג:

— יעדער קאָן זיך קויפן אַזאַ קאַרטל פאַר אַ פּאָר גראָשן אין אַ געוועלבל — האָט זי געזאָגט — טאָ צו וואָס מאַכן אַ ווען צוליב אַזאַ איינפאַכע אויסצייכענונג?

— איך קען מענטשן, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר, — וואָס שטעלן אַרויף אויף דער פאָטאָגראַפיע פון זייער מוטער אַ טשייניק מיט טיי...

מיט די קינדער האָט מען אויף דער טעמע נישט געהאַט וואָס צו רעדן. אַפילו די עלטסטע, וועלכע האָבן שוין לאַנג פאַרלאָזט די היים, האָבן אָפּגעהיטן די קאַרטלעך ווי אַ הייליקטום.

— ווען דו וועסט האָבן אַ קינד — האָט דער דאָקטאָר אַ מאָל געזאָגט צו דאָרקען, צוטיילנדיק איר אַזאַ קאַרטל פאַר אַרבעטזאַמקייט, — וועסטו אים דאָס ווייזן מיט שטאָלץ און דו וועסט זאָגן: — זייענדיק אַ קליין מיידעלע, פלעג איך דערהאַלטן אויסצייכענונגען פאַר אַרבעטזאַמקייט און ריינקייט. ווילסטו זיין ענלעך צו מיר?״

דער דאָקטאָר איז אַראָפּ אין קיך. ס׳איז שוין דאָרט געווען כמעט

לײדיק. די מערסטע קינדער זענען שױן געשלאָפן אױבן. מ׳האָט אים איבערגעלאָזט צװײ װאַרעמע קאַרטאָפל.

— מיר מוזן זיך מאָרגן אַרױסציִען אָן זאַכן און אָן בעטגעװאַנט — האָט ער געזאָגט גלײך בײם אַרײנקומען, קורץ און שאַרף.

— און די קאַרטלעך מעגן מיר מיטנעמען?

די אומגעריכטע צוגעבונדנקײט צו זײַנע „אױסצײכענונגען״ האָט אים טיף גערירט. באַמיִענדיק זיך אַלע מאָל צו פאַרקלענערן אין די אױגן פון די קינדער די גרױזאַמקײטן, װעלכע זענען געפאַלן אױף זײערע קעפּ, האָט ער געענטפערט:

— יאָ, דאָס דאַרף מען נישט איבערלאָזן. זײ װעלן זיכער זיך נישט קעגנשטעלן.

די ייִנגלעך האָבן די בשורה נישט אױפגענומען צו טראַגיש.

— װאָס האָבן מיר פון דעם הױז — האָט שמעון געזאָגט — אַז מע קאָן אים נישט באַהײצן און ס׳זענען נישטאָ קײן שױבן. די רערן זענען געפּלאַצטע. מיר װעלן שױן די צרהדיקע מלחמה איבערלעבן אין אַ קלע־נערן לאָקאַל און דערנאָך װעלן מיר דאָ צוריקקומען.

— אָבער װוּ װעלן מיר געפינען דעם לאָקאַל? און אױף װאָס װעלן די קינדער שלאָפן? — האָט זיך געזאָרגט דאָרקע. — און װאָס װעלן מיר טון מיט די קראַנקע?

— ששאַ... — האָט דער דאָקטאָר זיך אַרױפגעלײגט אַ פינגער אױף די ליפּן — קײן פּיפּס נישט װעגן די קראַנקע. ס׳טאָרן נישט װעגן זײ װיסן סײ די קינדער, סײ פרעמדע. מע װעט זײ אַנטון, די עלטערע װעלן נעמען די קלײנע אױף די הענט. איר װעט אונדז אין דער פרי אַװעקפירן און דערנאָך װעט איר גײן צו אײער אַרבעט. איך װאָלט געװאָלט, אַז יעדער פון אײַך, װאָס אַרבעט, זאָל אָנהײבן זוכן פאַר זיך אַן אָרט װוּ צו שלאָפן.

— מיר װעלן נישט װױנען אין דער הײם? — האָט כמעט מיט אַ געװײן אױסגעשריגן שמוליק, װאָס איז ביז איצט געלעגן אין אַ װינקל, מאַכנדיק דעם אָנשטעל אַז ער שלאָפט.

— מיר װעלן נאָך װעגן דעם שמועסן — האָט סודותפול געענטפערט

דער דאָקטאָר. דערווייל שלאָפט אייך אויס און שפּעטער וועט איר העלפן סטעפען ביים אַריבערציִען זיך.

ער איז אַרויס אין דער געזעלשאַפט פון לעאָן וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַרישע דאָקומענטן. ווען מע וואָלט אים געכאַפּט אין געטאָ, וואָלט ער באַשטראָפט געוואָרן. אָבער ער האָט באַשלאָסן צו שפּילן די ראָל פון אַ גאַסניונג, וואָס האָט זיך אַריינגעגנבעט אין געטאָ כדי צו ראַבירן. ביז איצט האָט אים נאָך קיינער נישט פאַרטשעפּעט. ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט צו זיין דרייסט ביי דער אַרבעט. אַלע יִנגלעך האָבן זיך אויסגעלאַכט פון דער געפּאַר. אומדערשראָקן האָבן זיי זיך געשפּילט מיטן טויט יעדן טאָג און יעדע נאַכט. אַ מאָל איז לעאָן געווען אַ מיטאַרבעטער פון אַן אמתער געדרוקטער צייטונג, אַרויסגעגעבן דורך קינדער פאַר לייענער־קינדער. איצט האָט ער געאַרבעט אין דער אונטערערדישער דרוקעריי.

דער דאָקטאָר האָט אויף זיך געטראָגן דעם מאַנטל און אין דער טאַש האָט ער געהאַט דאָס שאַכטל מיט מעדיצינישע אינסטרומענטן. נישט קיין סך אינסטרומענטן. די הויפּטזאַך — צו קאָנען מאַכן אַן איינשפּריצונג. נאַרקאָז האָט צוגעשטעלט דער פּאַציענט. אַ פּאָרציע מאָרפין און אַ טראָפּן ציאַנקאַלי האָבן שוין לאַנג אין געטאָ דערגרייכט אַ העכערן פּרייז ווי ברילאַנטן. מ׳האָט פאַר דעם געצאָלט פונקט אַזוי פיל ווי פאַר אַ רעוואָלווער. די לעצטע פּאָרציע מאָרפין האָט דער דאָקטאָר אַוועקגעגעבן סטעפען ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען די הויפּטשטאָט.

קאַפּיטל צוויי

# די פאַרגאַנגענהייט קומט צוריק

ווען דער דאָקטאָר איז אַוועק, איז סטעפע געבליבן זיצן אומבאַוועג־לעך ביים שרייבטיש. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף די הענט און די עלנבויגנס — אויפן פלאַט פון טיש.

עס איז נישט געווען אין דעם זשעסט קיין יאוש, אָדער פּחד, צי היסטערישע פאַרגליווערטקייט. זי האָט זיך נאָר אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז דאָס פאַרלאָזן די היים, איז אייגנטלעך אַזוי ווי דער סוף פון עק־זיסטענץ.

ווי אַלע אין געטאָ האָט זי יעדע צרה, וואָס איז כסדר געפאַלן אויפן קאָפּ, אויפגענומען כמעט רויק. אויפן דנאָ פון דער רויִקייט האָט זיך אויס־באַהאַלטן עפּעס ערגערס פון פאַרצווייפלונג: מידקייט, דער שאָטן פון גלייכגילטיקייט, וואָס איז געווען די סיבה פון אויסגעשעפּטקייט, שלאָפ־לאָזע נעכט, כסדרדיקן הונגער און אייביקע נערוון־געשפּאַנטקייט.

זי האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן פאַר די אַרומיקע די כסדרדיקע אויסברוכן פון אַפּאַטיע, ווי אַ שעמעוודיקע קראַנקייט. די אָנוועזנהייט פונעם דאָקטאָר, פּונקט ווי פון די קינדער — האָבן אויף איר געווירקט ווי למשל אַ טעפּל גוטע שוואַרצע קאַווע אָדער אַ שלוק קאָניאַק. ס׳איז אָבער גענוג געווען פאַר איר, זי זאָל בלייבן אַליין, און אַ מערקווירדיקע, ביז איצט אומבאַקאַנטע פוילקייט איז זיך צעגאַנגען איבער אירע גלידער. צום בעסטן וואָלט זי אַזוי געזעסן שעהענווייז און געקוקט פאַר זיך, נישט זעענ־דיק גאָרנישט. די מחשבות האָבן זיך געשלעפּט פויל, פאַרלוירן, ווערנדיק איבערגעריסן מיט אַ מאָדנעם געמיש פון דערינערונגען — פרישע און זייער אַלטע. מ׳האָט אָבער לאַנג נישט געטאָרט זיצן ליידיק. די צייט האָט

געיאָגט. מ׳האָט געדאַרפט אויסנוצן די אָפּוועזנהייט פונעם דאָקטאָר און אָרגאַניזירן דאָס מאָרגנדיקע איבערציִען זיך.

דער קאָפּ האָט איר ווײ געטון פון הונגער. דאָרקע וועט מסתמא איר באַלד ברענגען די קאַרטאָפל. זי האָט נישט געהאַט קיין חשק זיך צו רירן פון אָרט.

— מע דאַרף זיך האַלטן — האָט זי צו זיך אַליין געשעפּטשעט. ביז איצט האָט זי זיך געהאַלטן שטאַרק.

זי האָט אַליין אַרויסגעפירט אין שפּיטאָל אַריין צוואַנציק טיפוס־קראַנקע קינדער. קיין איינס איז נישט צוריקגעקומען. מ׳האָט אַפילו נישט דערלויבט מע זאָל זיי אַהינטראָגן עסן. זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס עסן דאַרף מען איבערלאָזן פאַר די געזונטע.

זי האָט אָבער דאָך געהאַט אַ ביסל אויסבאַהאַלטענעם פּראָוויאַנט וואָס איז געווען באַשטימט אויף דער שוואַרצער שעה. אין אַ רענצל אונטערן בעט האָט זי אויסבאַהאַלטן אַ פּאָר פּושקעס מיט קאָנסערוון, צו וועלכע קיינער האָט זיך נאָך ביז איצט, צום גליק, נישט געהאַט צוגעקליבן. מאָרגן וועט מען רעווידירן ביים פאַרלאָזן די היים. ס׳איז איר איינגעפאַלן, אַן צום בעסטן וועט זיין דאָס אויסצובאַהאַלטן אויפן הויף. זי וועט טאַקע גלייך באַגראָבן די אומשאַצבאַרע פּושקעס, און אַמאָל, אפשר ביינאַכט, וועט מען זיי קאָנען צוריק אויסגראָבן.

דער געדאַנק פון אויסבאַהאַלטן, באַגראָבן עפּעס האָט זי צוריקגעשטעלט אויף די פיס. זי האָט אַרומגענומען די שאַנק מיט אַ בליק פול מיט ליבשאַפט. ווי גוט וואָלט געווען ווען מע וואָלט געקאָנט אַלץ באַגראָבן... וואָס פאַר אַ נישט רעאַלער געדאַנק! — אָבער געוויסע דאָקומענטן, ווערטפולע, נישט געדרוקטע כתבֿ־ידן פון דאָקטאָר...

זי האָט פאָרזיכטיק געעפנט די טיר און זיך פאַר אַ מאָמענט אָנטציקט מיט די אויסגעשטעלטע אין אַ גלייכער שורה קאַרטאָטעקעס, קאַליגראַפיש נומערירטע, וואָס האָבן באַצייכנט מיט גרויסע ציפערן יעדעס יאָר. קאַלענדאַרן כמעט ווי נייע, מיט נאָך נישט אויסגעריסענע בלעטער. אין דער היים האָט מען באַלד ביים אָנהייב פון איר אַנטשטייונג אָנגעהויבן צו פירן אַ יאָרבוך. ער איז באַשטאַנען פון באַריכטן פאַרן הילף־קאָמיטעט,

בודזשעט, פּראַטאָקאָלן פון וויכטיקע געשעענישן, טאָגביכער פון די זומער־קאָלאָניעס, דעם דאָקטאָרס בוך, קאַסע־ראַפּאָרטן, רעפּעראַטן, שמועסן, דעם דאָקטאָרס טעאַטער־פּיעסעס, אין וועלכע די קינדער האָבן געשפּילט, פּראָטאָקאָלן פון חברים־געריכט און פּעדאַגאָגישע נאָטיצן פון סעמינאַר־שילער, וואָס האָבן דאָ דורכגעמאַכט פּראַקטישע שטודיומס. דער דאָקטאָר האָט אַליין פליייסיק פאַרשריבן, אָדער געהייסן אַנדערע פאַרשרייבן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין משך פון יעדן טאָג. ער האָט געהאַלטן, אַז דער פאַרשריבענער מאַטעריאַל איז אַ גלענצנדיקער מקור פון וויסן פאַרן די־רעקט־פאַראינטערעסירן פּעדאַגאָג און פאַר די פרעמדע פּעדאַגאָגן וואָס וועלן אויף דעם סמך אויסאַרבעטן אין דער צוקונפט אַלגעמיינע באַשלוסן אויפן געביט פון פּעדאַגאָגיק.

אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט אין דער היים, איז געווען פאַרשריבן.

ערשט איצט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז זי שטייט אַנטקעגן אַ גאַנץ לעבן, וואָס איז פאַרשריבן געוואָרן אין פאַרשידענע פאָרמען. דאָס איז אויך גע־ווען דאָס לעבן פון דער קינדערהיים און קודם־כל איז דאָס געווען דער פּראָדוקט פונעם דאָקטאָרס לאַנגיאָריקער אַרבעט.

פאַרברענט — האָט זי אַ טראַכט געטון מיט שוידער. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן אָנשפּאַרנדיק זיך ביי דער שאַנק. זי וואָלט קיין מאָל נישט געגלייבט, אַז אַ צעשיידונג מיט פּאַפּירן קאָן פּונקט אַזוי וויי טון ווי אַ צעשיידונג מיט אַ לעבעדיק באַשעפעניש. דער געדאַנק עפּעס אויסצובאַ־האַלטן האָט זיך איר פלוצלינג אויסגעוויזן ווי אַ קינדערישע אידייע. וואָס אויסצוקלייבן? וואָס איז דאָס וויכטיקסטע אַז אַלצדינג איז וויכטיק.

זי איז געוואָרן באַהערשט פונעם פרייערדיקן צושטאַנד פון אַ קאַלטער רויִקייט, וואָס האָט געפירט צו אַן ענדגילטיקער דעפּרעסיע. פויל, כמעט ווי אויטאָמאַטיש, האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער נידעריקסטער פּאָליצע. דאָ זענען געלעגן פאָטאָגראַפיעס און בריוו. זי האָט זיי שוין לאַנג געוואָלט אויסלייגן לויט די דאַטעס און אַדרעסן.

—זייער אַ גינסטיקע צייט — האָט זי אַ טראַכט געטון מיט אַן אי־ראָניש שמייכעלע. זי האָט אַוועקגעלייגט אויף די קני דאָס פּעקל און

אויפגעבונדן דאָס שנירל. ס׳פּעקל האָט זיך פונאַנדערגעשיט אויף דער פּאָדלאָגע.

תמיד איז אַזוי געווען. נאָך מיט לאַנגע יאָרן צוריק וויפל מאָל זי האָט געפלעגט, אין איר היים, זיך אַוועקזעצן, כדי צו מאַכן אַן אָרדענונג אין דער ביבליאָטעק האָט איר אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגן עפּעס אַ לאַנג נישט געזען ביכל. זי האָט עס גענומען אין דער האַנט, דורכגעבלעטערט אַ זייטל נאָך אַ זייטל און דאָס לייענען האָט איר אַריינגעצויגן ווי אַ וואַסער־שטראָם. נאָך שעהן איז דאָס שטובמיידל געקומען רופן די פריילין צום מיטאָג. אין דער ביבליאָטעק האָט ווייטער געהערשט אַן אומאָרדענונג, אָבער סטעפּען האָט מען שוין נישט געקאָנט אָפּרייסן פון לייענען. מאַכן אַן אָרדענונג אין אַ ביבליאָטעק איז פאַר איר אַלע מאָל געווען אַ געפערלעכע אַרבעט. ווי גוט וואָלט געווען אויך איצט צו פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט ווי זי פלעגט אַמאָל פאַרגעסן...

זי האָט גענומען אין דער האַנט די גרעסטע פאָטאָגראַפיע, פון אַ קאַבינעט־פאָרמאַט, פון די וועלכע ווערן נישט אַזוי פאַרגעלט. אונטן אַן אונטערשריפט מיט אויסגעקריצטע גאָלדענע אותיות: ראַפאַעל, כלאָדנע 140. דאָס איז אַ פאָטאָגראַפיע פונעם דאָקטאָרס מישפחה.

זי האָט זיך דערמאָנט אַז אין איר אַמאָליקער היים האָט זי איבער־געלאָזט אַן ענלעכע פאָטאָגראַפיע. אויף די אַלטע בילדער קאָנען נאָר די סאַמע נאָענטסטע אויסגעפינען די פנימער פון זייערע טייערסטע.

צי איז די צייט אין דעם שולדיק, וואָס ס׳ווערן פאַרשמירט די גע־זיכט־שטריכן, צי דער שאַבלאָן פון דער פּאָזע האָט ענלעך געמאַכט די געשטאַלטן איינע צו דער אַנדערער אַזוי אַז אַלע מוטערס, אַלע פאָטערס, אַלע קינדער אויף די אַלטע פאָטאָגראַפיעס זענען ענלעך צו זיך.

אויך איר מוטער, מיט דער הויכפאַרקעמטער פריזור, האָט געטראָגן אַ געפאַלדעוועטע בלוזע מיט אַ הויכן קראַגן ביז צום האַלדז, פאַרענדיקט מיט אַ וואַליאַנסענקע. דער פאָטער, זייער אַן ערנסטער, מיט וואָנסעס און מיט אַ פליך אויפן קאָפּ האָט אויסגעזען אויף אַ יאָר פופציק, כאָטש ער איז געוויס נישט עלטער געווען ווי דרייסיק. אויף יענעם בילד זענען גע־ווען דריי קינדער, דאָ — צוויי. דאָס יינגעלע אין אַ סאָמעטענעם אָנצוג.

דאָס מיידעלע אין אַ געפּאַלדעוועט קליידל; ביידע מיט לאַנגע זאָקן און געשנירטע שיך, מיט אַ פּילקע און אַ ראָד.

פּונקט ווי די דעמאָלטיקע פאָטאָגראַפיעס זענען געווען ענלעך, אַזוי זענען אויך כמעט אַלע הייזער אין יענע צייטן פון יאָר ...189 געווען ענלעך צו זיך. אַלע הייזער פון די הויפּטגאַסן אין צענטער שטאָט האָבן געהאַט אַ ברייטן דריישטאָקיקן פראָנט, אַ פירעקיקן גרויסן הויף, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט געביידעס.

אין הויף, ווי דער שטייגער איז געווען, האָט זיך געפונען אַן אָפּגע־צוימט גערטנדל, ווו אַ חוץ גראָז זענען געוואַקסן אַ פּאָר רייען פון „שטיפ־מוטערלעך" און צוויי, אָדער דריי שווינדזיכטיקע אַקאַציע־ביימער האָבן אין יוני פאַרשיכורט מיט זייער דופט די הויז־בעלי־חלומות. יונגע בחורים האָבן דעמאָלט געשריבן פּאָעזיע.

פאַר די אָרעמע קינדער פון די קעלערס, אָדער בוידעמס, פאַר די קינ־דער פונעם הויזוועכטער, שוסטער און אייגנטימער פון שפּייזגעוועלבל, איז דאָס בלײַענדיקע גערטנדל זומערצייט, — און באַדעקט מיט שניי אין ווינטער, — געווען די איינציקע „נאַטור", פון וועלכער זיי האָבן געמעגט געניסן. נאָר איין מאָל אין יאָר, בעתן „גרינעם" יום־טוב, איז מען אַרויס־געפאָרן הינטער דער שטאָט אויף דער „סאַסקע־קעמפּע". די קינדער פון די פראָנט־וווינונגען, די קינדער פון די „הערשאַפטן" זענען געגאַנגען אין זאַקסישן גאָרטן יעדן נאָכמיטאָג און זומערצייט האָבן זיי פאַרבראַכט אין די הינטערשטאָטישע דאַטשעס. אין אַן אומגעשטערטער אַטמאָספער איז אויסגעוואַקסן דער יונגער דור, וואָס האָט שפּעטער, — אַרויסרייסנדיק זיך פון די ווייכע, באַקוועמע סאָפעס פון די עלטערנס היימען, — אָנגעהויבן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן לויט זייערע אייגענע אָנשויונגען.

פון אייראָפּע האָט דעמאָלט געבלאָזן אַ דערפרישנדיק ווינטל פון אַ בונט, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקומענדיקן אויפשטאַנד פון די „זין קעגן זייערע פאָטערס". פון די בירגערלעכע היימען וועט זיך אַ גאָס טון אַ האָגל פון רעדעס און עס וועלן אַ פלאַטער טון איבערן דעמאָנסטרירנדיקן המון פענער רויטע, ווייס־רויטע און ווייס־בלאָע.

דערווייל אָבער האָט דער עלטערער דור פלייסיק אָפּגעהיט די טראַ־

דיציעס און קאָנוווּלסיוו זיך געהאַלטן ביי די אָנגענומענע מינהגים. מ׳האָט געקאָנט גיין פון אַ וווינונג צו אַ וווינונג מיט דער איבערצייגונג אַז אומעטום וועט מען געפינען די זעלביקע טאַפּעטן און בילדער אויף די ווענט, די זעלבע אַלטמאָדישע מעבל און די זעלביקע מענטשן.

אין דער פּרי האָט מען אין די וווינונגען געפילט דעם ריח פון טערפּענטין צו די פּאָדלאָגעס, מיטאָגצייט דעם ריח פון געהאַקטע קאָטלעטן, ביינאַכט — פון קאַווע מיט מילך, וואָס מ׳האָט געטרונקען צום אָוונטברויט — די ריחות פון זאַטע פאַרמעגלעכע הייזער.

אינעם עסצימער, וואָס איז געווען דער צענטער פונעם פאַמיליעלעבן, איז געשטאַנען אַ גרויסער פירעקיקער טיש אַרומגעשטעלט מיט הויכע דעמבענע שטולן, באַדעקטע מיט טונקעלן לעדער. אויפן טיש איז געלעגן אַ סאַמעטענער טישטעך מיט אַ סערוועט פון שפּיצן אין דער מיט און אויף איר איז געשטאַנען דער נאַפטלאָמפּ באַדעקט מיט אַ רונדיקן ווייסן לאָמפּ־שירעם.

עס האָט זיך דערנענטערט זיבן אַזייגער אין אָוונט. די קינדער האָבן געמאַכט די לעקציעס. דער טאַטע איז נאָך נישט געווען אין דער היים. ער איז נאָך ביז איצט נישט צוריקגעקומען פונעם נאָכמיטאָגדיקן שאַכשפּיל ביי סעמאַדעני [1]. אויב ער וועט צוריקקומען אין אַ גוטער שטימונג, וועט ער די קינדער דערציילן עטלעכע וויצן, אויב אָבער ער וועט קומען אַן אָנגעכמורעטער נאָך אַ פאַרשפּילטער פּאַרטיע, וועלן די עלטערן רעדן וועגן פּאָליטיק.

געוויינטלעך האָט זיך עס אָנגעהויבן זייער אינטערעסאַנט. פון די וויכטיקסטע געשעענישן איז פאַרבליבן אין זכרון דער מאָרד פונעם פראַנצויזישן פּרעזידענט, דער טויט פונעם דייטשישן קייזער און דער וויזיט פונעם רוסישן קייסער אין וואַרשע. איידער אָבער די קינדער האָבן באַוויזן זיך צו פרעגן, ווער ס׳האָט וועמען דערהרגעט און פאַרוואָס, האָט שוין דאָס געשפּרעך זיך אַריבערגעטראָגן אויף די שידוכים אין די קעניג־

[1] פּאָפּולערע קאַפעהויז אין וואַרשע.

לעכע הויפן און ווער פון וואַנען עס שטאַמט. מיט אַט אַזעלכע פּאָליטישע טעמעס האָט מען זיך אינטערעסירט אין יענע צייטן.

אָפט פלעגט אין די אָוונטן אַריינקומען די מומע מאַניע „אויף איין פוס", ווי זי פלעגט אַליין זאָגן. אַ הויכע און עלעגאַנטע, אַ שוואַרצהאָ־ריקע מיט אַ פעדער אין הוט און אַ וואַל. זי האָט באַוואָרפן די עלטערן מיט פראַגן: צי זיי וועלן מיט איר פאָרן אין זומער־טעאַטער, ווו מע גיט טאַקע מאָרגן די פאָרשטעלונג „לוציאַ פון לאַמערמור"? צי מאַמאַ וועט מיט איר גיין אויף דער „טאָמבאָלע"?

פאַרשטייט זיך, אַז אָן דעם פּאַפּאַ. אויף אַ „טאָמבאָלע" — דעם יער־לעכן מאַסקנבאַל אין גרויסן טעאַטער וואָס עפנט דעם וואַרשעווער קאַר־נאַוואַל — גייט מען נישט אין דער געזעלשאַפט פונעם מאַן. און זיי האָבן זיך שטיל געשעפטשעט אין די אויערן אַרויספלאַצנדיק כסדר מיט אַ היל־כיק געלעכטער.

Les enfants! — האָט שטרענג געמוסרט דער פּאַפּאַ.

און אַניע, העגריקס שוועסטער, האָט שוין געחלומט אַז זי וועט זען די מאַמע אין אַ ראָזע־בלאָ־זיידן גאַזן־קלייד, צונויפגענומען מיט אַ בינטל קינסטלעכע בלומען. מיט אַ פעלערינע אונטערגעשלאָגן מיט פוטער, אין וועלכער זי האָט אויסגעזען — לויטן פאָטערס ווערטער — ווי מאָדזשע־יעווסקאַ [1].

אַ גרויסער שטראָסן־פעכער, אַ ווייסער שאַל אַרומגעזוימט מיט מאַ־ראַבו: אַזוי האָבן מסתמא אויסגעזען די כישופמאַכערינס.

צומאָרגנס וועט זי קריגן אַ בייטל מיט קאָנפעטיע און סערפּענטין וואָס די מאַמע וועט ברענגען פונעם באַל...

שבת ביינאַכט פלעגן קומען געסט. מ'האָט געעפנט די טיר פונעם סאַלאָן, וואָס איז פאַרמאַכט געווען אַ גאַנצע וואָך און ווו אין ווינטערצייט זענען געווײַנטלעך געלעגן עפּל אויף דער פאָדלאָגע און דער אויוון איז געווען געהייצט נאָר צוליב אַ גרויסער געשעעניש. מ'האָט אַראָפּגענומען די צודעקן פון די רויטע סאַמעטענע שטולן. דאָס שטובמיידל לודוויקע

[1] גרויסע פויליש־אַמעריקאַנער שוישפילערין.

האָט אָנגעטון אויפן קאָפּ אַ ווייסע קעפּקע און די קינדער האָבן זיך באַמיט אַראָפּצונאַשן פון די צוגעגרייטע געשמאַקע מאכלים. קליינע קאָלירטע קי־כעלעך באַדעקטע מיט צוקערוואַרג האָט מען דערלאַנגט אויף אַ מעטאַ־לענער טאַץ מיט פיסלעך — אין דער מיט האָט זיך געהויבן אַ האַרפע פון געגאָסענעם צוקער. די האַרפע האָט קיינער נישט געגעסן — דאָס האָט באַלאַנגט — נאָכן אַוועקגיין פון די געסט — צו די קינדער.

נאָר די באַצוקערטע האַרפע האָט פּאַרזיסט די אומאָנגענעמע אָוונטן, ווען געסט זענען געקומען. אַרום אַכט אַזייגער האָט מען גערופן די קינדער אין סאַלאָן אַריין. מ׳האָט זיך געמוזט קושן אין די באַקן מיט אַלע דאַ־מעס, קושן די הענט און אַ קלאַפּ טון מיט די פיס. הענריק האָט זיך גע־מיאוסט און די מאַמע האָט געבעטן מיט אַ שטרענגקייט אין איר שטים:

— דעקלאַמיר, הענריקל, „דער האָן האָט געקרייעט קוקוריקו״...

ער פלעגט רויט ווערן פון כעס. ער האָט פאַרגעסן די ווערטער און איין מאָל איז ער געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז כאָטש ער האָט שוין געהאַט געענדיקט פינף יאָר, האָט ער זיך באַנעצט. צום גליק האָט אים זיין שוועסטער אַניע אַרויסגעהאָלפן, זינגענדיק ווי אַ קאַטאַרינקע: „עס האָט זיך זאָשען פאַרוואָלט יאַגעדעס״.

איין מאָל אַ וואָך, מיטוואָך, פלעגט קומען דער זיידע. אַלץ איז פאַר־געקומען אין די אָנגעמערקטע טעג און שעהען. מאָנטיק איז געווען דער וואַשטאָג. די מומעס פלעגן קומען פרייטיק, און דער זיידע — מיטוואָך. ער האָט געטראָגן אַ שוואַרצן זשאַקעט, וואָס האָט געגרייכט ביז צו די קני און אַ הוט מיט אַ ברייטן ראַנד, וועלכן ער האָט נישט אַראָפּגענומען אַפילו אין שטוב. ער האָט גערויכערט ציגאַרן וואָס האָבן געדרייט אין דער נאָז. די באָרד האָט ער געקעמט אין צוויי זייטן, אויף לינקס און אויף רעכטס, לויט דער מאָדע וואָס פראַנץ־יאָזעף האָט איינגעפירט. זיין באָרד האָט אויסגעזען ווי גאָלד־ווייסע פליגל. אַניע האָט געטראַכט, אַז צום בעסטן וואָלט געווען זי אויסצופלעכטן אין צעפּ. אָבער זי האָט עס קיין מאָל הויך נישט געזאָגט, ווייל קיינער האָט נישט געהאַט די חוצפה חוזק צו מאַכן אויפן זיידנס חשבון.

דער זיידע איז געווען אַן ערנסטער און ווירדיקער. ער האָט זיך גע־

האַלטן בכבודיק און די קינדער האָבן אַפילו נישט געוואַגט צו לאַכן ווען ער האָט אין אַ דייטשמערישן פּויליש איבערגעדרייט געוויסע ווערטער. די באַציִונגען מיטן זיידן זענען געווען גיכער אָפיציעלע. די וויזיטן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ קניפּ אין בעקל און מתנות וואָס זענען באַשטאַנען פון גאָלדענע מטבעות. פאַרן זיידן האָט מען זיך געהיט מיט אַ סך סע־קרעטן.

דער זיידע האָט נישט געטאָרט וויסן, אַז צו ווייַנאַכטן ברענט זיך אינעם קינדערצימער אַ ווייַנאַכטבוים, וואָס דאָס שטובמיידל לודוויקע האָט אַרייַנגעטראָגן פון דער קיך. זאָל גאָט אויסהיטן, ער זאָל זיך דער־וויסן פון די זונטיקדיקע שפּאַצירן. וועגן דעם האָט אַפילו די מוטער נישט געוווּסט.

זונטיק פלעגן די קינדער גיין מיט לודוויקע אויף שפּאַציר. פאַרביי־גייענדיק דעם „פּלאַץ פון הייליקן אַלעקסאַנדער״ צום אויאַזדאָווער פּאַרק, איז זי מיט זיי אַלע מאָל אַרייַנגעגאַנגען אין קאָשטשאָל פון די „דריי קרייצן״.

ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען די קאַפּליצע, האָבן זיי פאַרמאַכט די אויגן.

— צוויי טויטע ליגן דאָרט הייַנט — האָט געזאָגט לודוויקע, און נאָך נידעריקער, טיפער אין קעלער זענען פאַרבאַהאַלטן ביינער פון טויטע — האָט זי צוגעגעבן.

זיי האָבן געציטערט פון שרעק און קעלט אינעם טונקעלן פאָרהויז פון דער קירך. האַלטנדיק זיך קאָנוווּלסיוו פאַר די הענט זענען זיי נאָכ־געגאַנגען נאָך לודוויקען אין דער קירך אַרייַן.

— צלמט זיך איבער! — האָט זי שטרענג באַפוילן. זיי האָבן זיך איבערגעצלמט אומבאַהאָלפן. פון די ריחות און אַראָמאַטן פון די זאַלבן איז זיי נישט גוט געוואָרן. אויפן אַלטאַר האָבן געפלאַקערט צוויי ליכט. די סטאַטוע פון דער הייליקער מוטער אין בלאָען קלייד האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיי עפּעס געשעפּטשעט אַ סוד. דער גלח האָט לאַנג גערעדט אויף לאַטייַן מיט אַ שטרענגן טאָן. דערנאָך האָבן די אָרגאַנען זיך צע־

שפּילט און אַ כאָר האָט געזונגען. עס האָט זיך געדאַכט אַז דאָס זינגען מלאכים.

פון דער טונקלקייט פון דער קירך איז מען אַרויס אויף דער גאַס, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט זונשיין און שוואַרץ פון דער מענטשן־מאַסע. דאָס צוריקקומען צו דערווירקלעכקייט איז פּאַרזיסט געוואָרן מיט די לאַנ־גע ראָזע מיענטע־צוקערלעך און האָניק־קיכעלעך, וואָס מ'האָט געקויפט ביי אַ באָבע לעבן דער קירך.

אויפן פּלאַץ פאַרן סאָבאָר האָט זיך געצויגן אַ גרויסע גרינע לאָנקע פול מיט גילדערנע פּרילינגדיקע בלאָזבלימעלעך. אויפן גראָז האָט מען זיך געקאָנט שפּילן און רייסן בלומען; אין פּאַרק, דאַקעגן, איז מען גע־זעסן אויף אומבאַקוועמע בענק. לודוויקע האָט, איבעריקנס, גלייך איינ־געשטימט, ווייל אַליין האָט זי אויך בעסער געוואָלט זיצן אויפן גראָז, ווו מ'האָט געקאָנט גיך אָנקניפּן באַקאַנטשאַפטן מיט מיליטער־לייט.

לודוויקע האָט נישט גענומען קיין אָנטייל אין אַלע ייִדישע יום־טובים. פּסח־צייט, ווען מ'האָט געטרונקען די פיר כוסות און געגעסן מצה, האָט די מוטער זי גערן אָוועקגעשיקט פון דער היים. אויף יום־כיפור איז זי אויך געפאָרן צו די איריקע אין דאָרף אַריין.

אָט דעם טאָג האָט יעדעס קינד געדענקט זייער גוט. הענריק פלעגט אָנטון זיין נייעם מאַרין־אָנצוג און אַ קיילעכיק היטל, וואָס ער האָט נישט געטאָרט אויסטון אין דער סינאַגאָגע. ער איז געשטאַנען האַרט לעבן זיין פאָטער. ער האָט געקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן וואָס עס האָט זיך אַרום אים געטון. די ליכט, וואָס מ'האָט נאָך נעכטן אָנגעצונדן, זענען לאַנגזאָם אויסגעגאַנגען. דער זיידע איז געווען זייער בלאַס און אינעם ווייסן קיטל, אַרומגעזוימט מיט זילבער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ קעניג פון מיזרח. די מענער, אין שטעקשיך אויף די פיס, האָבן געהאַט פאַר־רויטלטע אויגן. פון דער גאַלעריע האָט זיך געהערט דאָס שלוכצן פון די ווייבער.

— מיר דערמאָנען די פאַרשטאָרבענע — האָט קורץ געזאָגט דער פאָטער. אָבער הענריק האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַרע פאַרשטאָרבענע מע דערמאָנט און פאַרוואָס.

ערשט אין צוויי יאָר אַרום, ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון די וואַקאַציעס, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער זיידע איז געשטאָרבן. דעמאָלט האָט די דערינערונג פון פאַרשטאָרבענע אָנגענומען אַן אינהאַלט. ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין דער מיטלשול, האָט דער פאָטער אים מער נישט מיטגענומען אין דער סינאַגאָגע. און אַזוי איז די פאַרבונדנקייט מיט ייִדיש־קייט געוואָרן וואָס אַ מאָל שוואַכער. וווינענדיק אין דער פּוילישער געגנט, האָבן זיי זיך געשפּילט אויסשליסלעך מיט קריסטלעכע קינדער.

— מיר האָבן אויך אַ ווייַנאַכטבוים — האָבן זיי געזאָגט פאַרביי־גייענדיק לעבן דער הויזוועכטערין און גלייך צוגעגעבן: פראַנעק, קום אַרויף צו אונדז.

דעם סטרוזשס זון, פראַנעק, האָט פאַרכאַפּט אַ ביסל פון זיין פּאַ־טערס מאַכט. ער האָט געקריגן נישט נאָר דעם בעזעם צו קערן די גאַס, נאָר אַפילו די קישקע צו באַשפּריצן די גאַס, וואָס ער האָט אויך טייל מאָל באַוויליקט אויסצובאָרגן אויף אַ ווײַלע עמעצן, מיט וועלכן ער איז געווען אין פריינטלעכע באַציִונגען.

אָבער די מוטער האָט זיך אויף דעם גאָרנישט פאַרשטאַנען און לוד־וויקע האָט אין גאַנצן אומגייטיק פאַרריסן די נאָז.

די קינדער זענען נישטאָ אין דער היים — האָט זי געלייקנט, ווען פראַנעק — געררייצט פון די שפּילצייגן, וואָס די קינדער האָבן אים גע־וויזן אויף זייער באַלקאָן — איז אַרויפגעקומען צו זיי אין שטוב אַריין.

— פאַרוואָס זאָגט לודוויקע ליגנס? — האָבן זיך די קינדער גע־קלאָגט פאַר דער מוטער.

— ווייל איר וועט זיך אויסלערנען צו רעדן מיאוסע ווערטער פון די גאַסנקינדער — האָט זי געענטפערט.

זי האָט נישט געוווּסט, אַז זיי האָבן זיך שוין לאַנג געזידלט מיט כאָלערע, פּשיאַ־קרעוו און שטשערווע. פּונקט ווי מע וואָלט געקאָנט פאַר־ווערן דער גאַס אַריינצוקומען אין שטוב אַריין.

אַנטאָשע, דער וועשערינס טאָכטער — אַ דאַר באַשעפעניש מיט אַ בלייך פּנימל און געפלאָכטענע צעפּלעך, ווי צוויי שטריקלעך — האָט

נישט געקענט קיין מיאוסע רייד. זי איז געווען אַזאַ נישט־דרייסטע אַז נאָר מיט גרויסער מי האָט מען זי געקאָנט אַריינצִיִען אין שפּיל.

— יונגער הער, יונגע פריילין! — האָט זי אַלע מינוט אויסגערופן, אָפּטרעטנדיק זיי אין אַלעמען און לאָזנדיק זיי אַלץ צונעמען.

— חניפהניצע — האָבן אויף איר גערופן די קינדער און איר אַוועק־געגעבן אַלע צעבראָכענע שפּילצייגן.

— איך וועל דיר דערפאַר ברענגען דאָס יאָר אַ הערלעכע באַן — האָט געזאָגט דער פאָטער אַנטציקט מיט הענריקס גרויסמוטיקייט.

דעם גאַנצן זומער האָט מען געוואַרט די עלטערן זאָלן צוריקקומען פון אויסלאַנד. אַ מאָדנע קורצער זומער, שטענדיק צו קורץ.

די קינדער זענען געפאָרן אויף זומער־וווינונג. צוערשט פלעגט אַרויס־פאָרן אַ פויערישער וואָגן אָנגעלאָדן מיט זאַכן און היי. דער אָפּגעברענ־טער פויער — דער פאַרגעשמאַק פון די זומערדיקע איינדרוקן — איז צוערשט אַרויפגעקומען אויף אַ גלעזל בראָנפן פאַר דער נסיעה. פון באַל־קאָן האָט מען געקאָנט זען ווי זיי האָבן די אָנגעלאָדענע פור אַרומגעבונדן מיט שנורן. לודוויקע האָט זיך אַרויפגעדראַפּעט הויך אין דער מיט. עס איז איר אָפּילו נישט אָנגעשטאַנען אַזוי צו פאָרן איבער דער גאַנצער שטאָט, אָבער ס'איז נישט געווען קיין אַנדערע עצה כדי צו פאַרהיטן די זאַכן פון גנבים.

צומאָרגנס האָט מען זיך געזעגנט מיט די קינדער קושנדיק זיי און געבנדיק זיי אויפן וועג פּראָדוקטן, ווי זיי וואָלטן געפאָרן אויף אַ לאַנגער עקספּעדיציע. די קינדער זענען געפאָרן מיט דער באַן.

מען האָט געלעבט אין אַ הערלעכער, פאַרכישופטער זומערוועלט, ווו מ'האָט דעם קאַלענדאַר געמאָסטן מיט יאַגעדעס, באָרוווקעס, טרושקאַווו־קעס, מאַלינעס און שוואָמען. אין וואַלד און אין פעלד האָט מען מורא געהאַט פאַר וועלף און פאַר וואַלדוועכטער. פון די עלטערן פלעגן אָנקומען קאָלירטע קאַרטלעך מיט בילדער פונעם בלאָען ים און ראָזער הימל. אויס־לאַנד האָט זיך זיי אויסגעוויזן ווי אַ לאַנד פון אַ מעשהלע.

שפּעטער, ווינטערצייט, אין די געשפּרעכן מיט דערוואַקסענע, האָבן די עלטערן געלויבט די דייטשן ביזן הימל: וואָס פאַר אַ קולטור! וואָס

פּאַרע מענטשן! וואָס פאַר אַ ריינקייט, סאַר אַן אָרגאַניזאַציע, זייער פּלאַנ־מעסיקייט אין דער אַרבעט! — נישט אַזוי ווי ביי אונדז, באַרבאַרן... און אַלץ וואָס ס׳איז געווען דייטשיש, האָט געהייסן, אַז ס׳איז פּערפעקט.

הענריק האָט געשריבן וועגן זיך:

„איך האָב זייער מורא געהאַט פאַר אַ פינצטער צימער און פאַר פרעמדע מענטשן. ווייל איר פלעגט זאָגן, אַז צו פרעמדע טאָר מען זיך נישט דערנענטערן; זיי פאַרקויפן קליינע קינדער צו אַלטע בעטלער. אַז מע טאָר גאָרנישט נעמען פון פרעמדע: נישט קיין צוקערלעך, נישט קיין קאַרשן, ווייל די נאָז וועט מיר אָפּפאַלן; אַז מע טאָר נישט עפּעס אויפ־הייבן פון דער ערד, נישט אויף דער גאַס און נישט אין גאָרטן, ווייל איך וועל האָבן אומעטום מיאוסע פלעקן און קרעץ.

ווען די מוטער האָט מיר געגעבן צוויי גראָשן, איך זאָל עס געבן אַן אַלטן בעטלער, „אַז ער וועט מיר גאָרנישט טון״ — האָב איך מורא גע־האַט און זיך אומגעקוקט צי די מוטער וועט נישט אַוועקגיין און מיך איבערלאָזן אַליין.

זיי זענען אין אָוונט אַוועק אין אַ טעאַטער. צו דער ניאַניע איז גע־קומען עפּעס אַ מאַן אין הויכע שטיוול. ער איז געזעסן אין קיך מיטן היטל אויפן קאָפּ. איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען: זאָל דער פאַן אַוועקגיין! זי האָט מיר געהייסן, איך זאָל אים איבערבעטן און אַ קוש טון אין האַנט. איך האָב נישט געוואָלט, כ׳האָב געציטערט.

— „אויב דו וועסט די מינוט נישט איבערבעטן, וועט צו דיר קומען אַן אַלטער מאַן אָן אַ קאָפּ, ער וועט דיר פאַרשטאָפּן דאָס מויל, דיך בינדן, אַריינלייגן אין אַ זאַק און דיך אַריינוואַרפן אין אָפּטריט״.

אַזוי האָט מען געסטראַשעט אַלע קליינע קינדער אין יענע צייטן. דאָס האַרץ איז אָפּגעשטאָרבן פאַר שרעק. ס׳איז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע געפיל פון עוולה״.

זיי האָבן דעמאָלט געוווינט אויף דער נייער־וועלט־גאַס.

הענריק איז געזעסן אויף דער סאָפע אין זיין פאָטערס קאַבינעט און געלייענט אַנדערסענס אַ מעשהלע וועגן אַ מוטער, וואָס האָט געזוכט איר פאַרשטאָרבן קינד און האָט אַוועקגעגעבן אירע שיינע האָר, ציין און אויגן,

כּדי צו געפינען דעם וועג צום טויט, צו איר קינד. ס׳איז אַריינגעקומען דאָס דינסטמיידל און האָט עפּעס געזאָגט צו זיין טאַטן.

נאָך אַ ווײַלע איז אַריינגעקומען עפּעס אַ פּרוי, וואָס איז געפאַלן אויף די קני, האָט אָנגעהויבן צו קושן דעם פאָטער איבער די הענט, בעטנ־דיק זיך, אַז ער זאָל מוחל זיין איר מאַן.

— דאָס גאַנצע קעסטל האָט ער פאַרקויפט פאַר צוויי רובל. עפּעס אַ בייזער רוח האָט אים פאַרפירט... ער איז דאָך נישט קיין גנב און נישט קיין שיכור. ער אַרבעט שווער, נאָר אַ בייזער שד האָט אים פאַרפירט.

צוויי קינדער זענען ביי זיי אָפּגעשטאָרבן מיט אַ וואָך צוריק און דאָס דריטע ליגט קראַנק.

דער פאָטער האָט געענטפערט, אַז איצט קאָן ער שוין גאָרנישט טון; אַז ער האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין גנב; אַז ער האָט שוין דעם ענין איבערגעגעבן צום געריכט.

אַרויסגייענדיק האָט זי אַ קוק געטון אויף הענריקן מיט אַזאַ בליק, וואָס זאָגט אָן אַן אומגליק. ער איז פאַרציטערט געוואָרן פון שרעק, האַלטנ־דיק אַנדערסענס ביכל אין דער האַנט...

קאַפּיטל דריי

# די שול

צוויי שעה זענען שוין פאַרביי זינט דער דאָקטאָר איז אַוועק... און אפשר מער, אָדער גאָר ווייניקער. סטעפּע האָט פאַרלוירן דעם חשבון פון צייט. קיינער האָט זי נישט באַאומרויִקט. זי האָט געהאַט פאַר זיך לאַנגע שעהען פון דער נאַכט — אַ גוטע נאַכט, אַ נישט געשטערטע אַפילו דורך חלומות.

פון די פאַרגעלטע זייטלעך וואָס זי האָט געבלעטערט, האָט, ווי ס'ווייזט אויס, געווייעט עפּעס אַ צוציִונג־קראַפט, ווייל זי האָט זיך פון זיי נישט געקאָנט אָפּרייסן.

אָט זענען קאַרטאָנענע ראָלקעס מיט הענריקס פּראָמאָציעס פונעם ערשטן קלאַס, פונעם צווייטן און דריטן... מיטלמעסיקע, גוטע און שלעכ־טע נאָטעס — איצט אויסגעבלאַקירטע און גלייכגילטיקע ציפערן, אָבער אַ מאָל מיט יאָרן צוריק, ווי שרעקלעך זענען זיי געווען פאַר אַ קליין יִינגל — אַזוי ווי שוואַרצע קראָען האָבן זיי אַרומגעקרייזט איבערן קאָפּ.

דער דאָקטאָר האָט אַ סך געשריבן און נאָך מער דערציילט וועגן זיינע שוליאָרן. דאָס זענען מסתמא געווען די טרויעריקסטע יאָרן פון זיי־נע, אַזוי גערופענע „גליקלעכע קינדעריאָרן".

אין מײַ האָט ער באַלייגט עקזאַמענס אין דער מיטלשול. אין מײַ האָט מען אים אָפּגעשוירן זיינע לאַנגע האָר; די מוטער האָט באַהאַלטן אין דער וועש־שאַנק אַ גאָלדענעם לאָק האָר איינגעוויקלט אין ביבעלע־פּאַפּיר; די קורצע הייזעלעך האָט מען פאַרטוישט אויף שווערע לאַנגע הויזן פונעם שילער־אוניפאָרעם. דער קינדער־רעפּערטואַר, וואָס ער האָט דעקלאַמירט פאַר געסט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קלאַסישן. שוין נישט

וועגן אַ האָן האָט ער רעציטירט, נאָר „דער צוריקקער פון פאָטער" און „דער פּאָטער פון די פּאַרפּעסטעטע" פון יוליוש סלאָוואַצקי.

אָבער נישט די לערע האָט פאַרנומען די געדאַנקען: וויכטיקער איז געווען דאָס זאַמלען שאַכטלען פון צוקערלעך, פון רפואות און שוועבעלעך, טראַמווײַ־בילעטן, קאַרטלעך, קאַשטאַנען אין גאָרטן און שטיינדלעך, וואָס מ׳האָט מיט אַמביציע גערופן „מינעראַלן". אַ גרויס גענוס האָבן פאַרשאַפט קיכלעך אָנגעפּולטע מיט שמאַנט, קליינע באַרנעס „אולענגאַלקעס", באָקס, וואַסער מיט סאָק און אַזעלכע זיס־לאַקרעצדיקע צוקערלעך, „ליפּיעץ", וואָס האָבן געהאַט אַ געטלעכן טעם; שפּעטער אין לעבן האָט שוין גאָר־נישט אַזוי געשמעקט.

שעהענווייז איז מען געשטאַנען פאַר אַ שויפענצטער פון אַ געשעפט. מ׳האָט זיך אַנטציקט מיט די אוצרות, וואָס זענען דאָרט געווען אויסגע־לייגט און געחלומט צו פאַרמאָגן אַ רובל, אָדער צו באַקומען אַ מעסערל צום געבוירנטאָג.

ווען קיינער איז נישט געווען אין דער היים האָט הענריק אָנגעהויבן צו מאַכן כעמישע עקספּערימענטן: פון פּאָמעראַנצן־שאָלעכץ האָט ער גע־מאַכט פּאַרפום; פון טינט, צו וועלכן ער האָט צוגעגעבן אַ ביסל פּודער און זייף, האָט געזאָלט אַנטשטיין אַ זעלטענער עליקסיר, אַז האָר זאָלן וואַקסן. ער האָט שוין געהערט וועגן דערפינדונגען.

צו דער שוועסטער אַניע פלעגן קומען חברטעס: ער האָט אָבער מיט זיי נישט געוואָלט רעדן, ווייל דאָס זענען געווען ווײַנערקעס און קאָקעט־קעס. אַ סך אינטערעסאַנטער זענען געווען ייִנגלעך! די רינאַלדי־שפּילע־רייען זענען געווען צום מערסטן עמאָציאָנירנדיקע, טייל מאָל האָט מען זיך געשפּילט אין געיעגן נאָך גנבים און באַנדיטן. הענריק, ווי דער ייִנגס־טער, האָט ליידער אַלע מאָל געדאַרפט זיין דער פאַרברעכער, אויף וועלכן מ׳האָט געלויערט, דעמאָלט יוען די עלטערע איז צוגעפאַלן די ראָל פון פּאָליציאַנטן. ער האָט זיך אַליין אָפּגעגעבן דעם חשבון אַז ער איז נישט דערוואַקסן צו אַזאַ ראָל: ער האָט פּשוט נישט ליב געהאַט צו שלאָגן אַ צווייטן מיט דער פויסט.

די שפּילצייגן זענען אַוועקגערוקט געוואָרן אין אַ ווינקל. אַפילו אויף

זיין באַליבטן וועלאָסיפּעד האָט ער זיך שוין איצט געשעמט צו פּאָרן איז גאָרטן. ער האָט צוגלייך מיט אַ כאָפּטע חברים פּאַרטשעפּעט מיידלעך, וואַרפנדיק אין זיי פּילקעס און רופנדיק: „אָ, גענדז, גענדז גייען", אָדער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער מיט פון אַ ראָד. די מיידלעך זענען זיך דעמאָלט צעלאָפן ווי דערשראָקענע הינער.

צו ביסלעך האָט ער אָנגעהויבן צו געברויכן דעם שילערישן לעקסי־קאָן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט: „וואָס? — קרויט מיט קוואַס", אָדער: „וואָס? — דאָס", „אַ גוטע נאַכט — פליי האָבן דיך באַוואַכט". פאַרפרוי־רענע וואַסער אין פיר בוכשטאַבן — אייז. אויסגעטריקנט גראָז אין דריי בוכשטאַבן — היי; אַ פונט פוך — וואָס פאַר אַ דערפינדונג! — וועגט פונקט דאָס זעלבע וואָס אַ „פונט בליי", און אַז מ'האָט לאַנג איבערגע־חזרט דאָס וואָרט „אָנשטעל" איז אויסגעקומען „שטעל־אָן".

די שפּיל אין אַ תליה, לאָטעריע, „דאָרט צו אים", „קאַלט און וואַ־רעם" און אַנדערע טרעפענישן האָבן פאַרשאַפט אומפאַרגלייכלעכע עמאָ־ציעס.

אין די חלומות פון יענעם זומער האָט מען געטרוימט אַז מע זאָל נאָך די עקזאַמענס ענדלעך אָנטון אַ היטל מיט אַ דאַשעק און אַן אָפּצייכן, אַ רימען מיט אַ קלאַמער און אַ פּאָר הויזן מיט זייטיקע קעשענעס. אָבער שוין אַפילו דעמאָלט האָט אים צום מערסטן אימפּאָנירט אַ שטאַרקער ווילן און העלדישקייט.

מע פלעגט זאָגן:

נו, פאַרדריק דעם פינגער — און כאָטש מ'איז געוואָרן ברוין און בלאָ פון ווייטיק, האָט מען גלייכגילטיק געזאָגט: — נאָר אָן נעגל, קאָנס־טו דריקן נאָך שטאַרקער.

אין די ביכער פונעם עלעמענטאַר־קלאַס איז געווען די שענסטע גע־שיכטע וועגן קליינעם מוציוש סצעוואָלאַ.

לודוויקע, די מוטער און דער פאָטער האָבן שוין פאַרלוירן זייער אוי־טאָריטעט, וואָס איז דאַקעגן אַריבער צום קלאַס־מייסטער און צו די לערער; דערנאָך צום קאָרעפּעטיטאָר, שפּעטער צום בעסטן שילער און טייל מאָל — צום ערגסטן.

איינע פון די אָנגעזעענסטע שפּילן איז געוואָרן דאָס נאָכשפּעטן און נאָכמאַכן זשעסטן, דאָס אַרט רעדן און אויפפירן זיך פון די לערער. אין דעם איז נישט געווען קיין שום שפּאָט אָדער חוזק. פּאַרקערט, אַ רויטער צייכן אין העפט, אַ נאָטע, אָדער אַ כוואַליקע ליניע האָבן געוועקט כבוד און מורא.

ס׳איז נישט באַוווּסט ווען און ווער ס׳האָט דערציילט הענריקן אַז נישט דער שטאָרך ברענגט קינדער. ער האָט שוין געוווּסט, אַז קינדער גייען אַרויס פון דער מוטערס שויס און עס קאָן נישט געבוירן ווערן אָנעם אָנטייל פון פאָטער און מוטער.

אין האַרבסט, ווען ער האָט שוין געטראָגן זיין שילערישן מונדיר, האָט מען אים געפרעגט אין געוועלב:

— וואָס ווינטשט א י ר זיך?

ווען ער איז אין אַ געוויסן אָוונט געקומען אַהיים בעת די טויערן זע־נען שוין געווען געשלאָסן און ער האָט געגעבן דעם הויזוועכטער אַ צע־נערל, האָט דער וועכטער אים באַגריסט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד.

די שול איז געווען אַ טונקעלע. אין אַ גראָען און פּראָסטיקן מאָנטיק־פרימאָרגן איז ער מיט אַ רענצל אויף דער פּלייצע און טרויער אין האַרצן געגאַנגען אין דער שול. ער האָט זיך באַמיט צו מאַכן גרויסע טריט, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן דער טראָטואַר־פּלאַטע, און גלייכצייטיק געקלאַפּט אין די נידעריק אָנגעהאָנגענע בלעכענע שילדן.

אויפן וועג האָט ער געטראָפן חברים. אָן אַ שמייכל אויפן פּנים האָבן זיי ערנסט דערציילט איינער דעם אַנדערן די איבערלעבונגען פונעם לעצטן זונטיק און איינער האָט זיך באַמיט איבערצושטייגן דעם צווייטן מיט די ליגנס. ווען זיי האָבן באַמערקט אַן עלטערן שול־חבר, וואָס איז שנעל גע־לאָפן, האָט עס געהייסן, אַז ס׳איז שוין שפּעט און זיי האָבן אויך, אונ־טערהאַלטנדיק מיט אַ האַנט דאָס רענצל אויף דער פּלייצע, אָנגעהויבן לויפן מיט אימפּעט.

באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די פאַרשלאָפענע, לאַנגווייליקע לעקציע. דער לערער מיט פאַררויטלטע אויגן האָט אַן אָנגעכמורעטער כסדר געגע־נעצט און געזוכט פאָרוויילונג ביים כאַפּן אַ נאַכלעסיקן שילער. געווינט־

לעך האָט מען, ווען ס׳האָט זיך דערנענטערט דער סוף פון דער לערן־שעה, געציילט די מינוטן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט פונעם גלאָק; אפשר וועט זיך איינגעבן זיך אַרויסצודרייען פונעם ענטפער... ס׳האָט אויך געדויערט אַ מאָמענט איידער דער לערער האָט פאַרשריבן אין זיין העפט די נאָ־טע. דער קלאַס האָט געשוויגן און געבעטן גאָט, אַז דאָס געגאַרטע גלעקל זאָל זיך שוין ענדלעך צעקלינגען אין קאָרידאָר.

הענריק וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן די קאָשמאַרע שעהען פון דער קלאַס־אויפגאַבע, אָדער די וויזיטן פון אינספּעקטאָר. מיט יאָרן שפּעטער וועט ער עס אַרויסברענגען פון זיין זכרון און באַשרייבן אין זיין בוך: „די אומגליקלעכע וואָך":

„אין האַרצן רייסט זיך אַריין אַן אומרו. די שליחים האָבן שוין מודיע געווען, אַז דער לערער האָט געברענגט די העפטן; דער דיזשורנער רופט, מע זאָל זיך אַוועקזעצן אויף די ערטער; דער שומר האָט שוין אַ קלאַפּ געט־טון אין די שויבן פון דער גלעזערנער טיר כדי איינצושטילן דעם קלאַס.

— ווער פעלט אין קלאַס?

דער לערער שרייבט איבער די נאָטעס פון זיין נאָטיצביכל אינעם קלאַסבוך. די שילער פון דער ערשטער באַנק הייבן זיך אונטער, כדי פון די באַוועגונגען פון דער פעדער צו טרעפן וויפל יעדער האָט באַקומען פאַרן דיקטאַנט און זיי וויזן מיט די פינגער.

— דיזשורנער.

צוויי שילער שפּרינגען־אויף פון די ערטער, כדי צו נעמען די העפטן. איינער אַ ייִד און איינער אַ קאַטאָליק. דער לערער גיט נישט דעם ייִד די העפטן, סוף־כל־סוף איז עס אַ פאַראַנטוואָרטלעכע זאַך.

— אָ, דאָס איז מיין העפט, גיב אַהער!

— וואַרט, לויט דער ריי!

ער האָט נישט קיין מוט צו קוקן. ער בלעטערט אַ זייטל נאָך אַ זייטל: 2, 3, 3, 2, 3 — און איצט?

אַ רויטקייט האָט באַדעקט זיינע באַקן. דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרקער. אויף דער ערשטער זייט געפינען זיך צוויי קליינע פעלערן וואָס זענען איין

מאָל בלויז אונטערגעשטראָכן, דער דריטער פעלער איז אונטערגעשטראָכן מיט אַ כוואַליקער ליניע און אָט איז איינער פון די צוויי שווערע פעלערן.

— וויפל?

— טשעפּע זיך אָפּ.

ער רוקט לאַנגזאַם אָפּ דאָס ביבעלע־פּאַפּיר. גישטאָ קיין רויטער טינט, נישטאָ. און אָט איז דער פּאַטאַלער זאַץ. חלום צי וואָר? ס׳איז דאָ דער פעלער. די בעסטיע זיצט, פּעסט אינעם זאַץ, אָבער דער לערער האָט, ווייזט אויס, נישט באַמערקט. מיט אַ דרייסטן זשעסט דעקט ער אויף די נאָטע: 3 מיט אַ מינוס. ווען דער לערער וואָלט באַמערקט דעם פעלער, וואָלט געווען אַ צוויייער.

ער האָט אַ טאָפּלט געפיל: אַ דאַנקבאַרקייט צום לערער, וואָס ער האָט נישט באַמערקט דעם פעלער און אַ בייז געפיל, פאַרוואָס ער האָט אים געגעבן אַ דריי מיט אַ מינוס. ער האָט דאָך געקאָנט שטעלן אַ ריינע דריי.

— דו זעסט? — האָט ער געוויזן זיין נאָטע דעם שכן.

דער שכן האָט באַגריסט די אַנטפלעקונג מיט אַ פריינטלעכן שמייכל.

— און וויפל האָסטו?

— דריי מיט אַ פּלוס.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגלייכן די פעלערן.

— שטיל זאָל זיין — דערמאָנט דער לערער.

גלייך הייבט זיך אָן דאָס אויסבעסערן פונעם דיקטאַנט. צענדלינגער כללים, וואָס מע חזרט איבער צענדלינגער, ניין, הונדערטער מאָל. ער קוקט אויף זיין דריי מיטן מינוס און איז נישט בכוח צונויפצונעמען די געדאַנקען: זיין נערוון־סיסטעם האָט זיך אויסגעשעפּט. פּלוצלינג דער־הערט ער זיין נאָמען. ער שטעלט זיך אויף.

— פאַרוואָס? — פרעגט דער לערער.

ער קוקט מיט אַ בעטנדיקן בליק אויף זיינע חברים.

— פּריעוואָסכאָדנאַיאַ סטיעפּיען" — זשומעט עס פון אַלע עקן קלאַס.

— „פּריעוואָסכאָדנאַיאַ סטיעפּיען" — חזרט ער איבער.

— וואָס פּריעוואָסכאָדנאַיאַ סטיעפּיען? — פרעגט דער לערער נע־מענדיק די פעדער אין דער האַנט. — מע דאַרף זיין אויפמערקזאַם.

אַ שילער פון דער ערשטער באַנק ווייזט אים אויף זיינע פלייצעס צוויי פינגער.

אַזאַ צווייער אין אַ מאָנטיקדיקן טאָג איז געגליכן צו אַ גרויסער באַלעסטנדיקער פליג, צו אַ טינטנפלעק אויף קלעקפּאַפּיר, וואָס זשוזשעט ווי אַ פליג, פּלאָנטערט זיך אין יעדער מחשבה, ביי יעדער געלעגנהייט און אַזוי ווי אַ פלעק פון טינט אויף קלעקפּאַפּיר גיסט ער זיך פונאַנדער, וואַקסט גרעסער און גרעסער דורך דער גאַנצער וואָך.

ווען דאָס זאָל זיין נאָר איין צווייער אַ וואָך!...

אָבער גראָד מאָרגן איז אַ קלאַס־אויפגאַבע. פּונקט ווי זיינע חברים, וועקט זיך העניק אויף יעדע שעה, אין מיטן דער נאַכט, געפּלאָגט פון אומרו, מיט די וויזיעס פון צווייערס, מיטן פּאָרגעפיל פון דער טעמפּער תמעוואַטקייט וואָס באַגלייט אים אַלע מאָל, ווען דער לערער דיקטירט אַ זאַץ, וואָס ער קאָן נישט פאַרשטיין צוליב אויפרעגונג.

אַ בלאַסער, אַ נישט־אויסגעשלאָפענער, אָן פרישטיק, — ווייל דער ביסן פון דער זעמל איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז, — זיך נישט פאַרקנעפּלענדיק אַפילו דעם מאַנטל, איז ער געלאָפן פאַר זיך.

„דער לערער איז פאַרן אָנהייב פון דער אויפגאַבע איבערגעגאַנגען מיטן קלאַס די פיר מאַטעמאַטישע רעגל און ער האָט זיי אַלע — איינע נאָך דער צווייטער — דורכגעמאַכט, נאָר איין אויפגאַבע האָט ער דורכגעלאָזט. פאַרשטייט זיך, אַז טאַקע די איינע האָט ער איבערגעלאָזט פאַרן קלאַס. דער לערער טראַכט נאָר ווי אַזוי ער זאָל די שילער קונציק פאַרבלענדן, אָפּנאַרן, שאָדן ברענגען. די שילער בלייבן אים נישט שולדיק. דער קלאַס און דער לערער, דאָס זענען צוויי פיינטלעכע לאַגערס, וואָס קעמפן אויף לעבן און טויט.

אויב דו קענסט די לעקציע און דו ווילסט ווערן אויסגערופן, טאָ באַהאַלט עס אויס, קוק אָפּט אויפן זייגערל, מאַך דעם אָנשטעל פון אַז איבערגעשראָקענעם האָז. אויב דו ווילסט נישט זיין אויסגערופן, מאַך דעם אָנשטעל אַז דו ווילסט יאָ, און ער וועט דיך געוויס נישט אויסרופן.“

דער לערער פון אַריטמעטיק איז אַריין אין קלאַס. אַ מאָמענט פון

שטומער דערוואַרטונג. פּערציק הערצער ציטערן אין אומזיכערקייט. דער לערער פאַרנאָטירט די אָנוועזנדיקע, קוקט זיך אַרום, זעט די אויסגע־שפּרייטע העפטן, די פייערלעכע פּנימער פון די קינדער און זאָגט ווי נישט ווילנדיק:

— אַך, יאָ. היינט איז אַ קלאַס־אויפגאַבע.

דער דיזשורנער האָט זיך אויפגעשטעלט כדי אים צו דערלאַנגען דאָס אַריטמעטישע בוך, אָבער, וואָס פאַר אַ שוידער: דער לערער נעמט אַרויס פון זיין קאַמזויל־טאַש אַ בלעטל פּאַפּיר, נאָטירט עפּעס און הייבט אָן צו דיקטירן די אויפגאַבע פון קאָפּ.

ער האָט אָפּגענאַרט. אַלץ איז געווען פּלאַנירט פון פאָרויס. ער האָט ספּעציעל דעמאָלט דורכגעלאָזט די אויפגאַבע. אַן אויפגאַבע אַ שווערע און אפשר גאָר אַ לייכטע, אָבער דער קלאַס — פאַרפירט אין זיינע האָפע־נונגען — גיט זיך אונטער. די שטימונג ווערט אַן אָנגעשטרענגטע, די מי־נוטן ציִען זיך מיט דער דריקנדיקער לאַנגזאַמקייט.

— ס'איז פאַרבליבן צוואַנציק מינוט — זאָגט דער לערער. אַ טייל שילערס שרייבן מיט אַ טרוקענער פעדער, כדי נישט צו ציִען די אויפ־מערקזאַמקייט פונעם לערער, מיט דער האָפענונג, אַז אפשר וועט זיי דאָך געלינגען אין דער לעצטער מינוט איבערצושרייבן פון עמעצן די אויפ־גאַבע.

דריי שילער האָבן די אויפגאַבע געמאַכט און צוויי האָבן איבערגע־שריבן ביז אַ העלפט.

הענריק באַשליסט צו דערציילן אין דער היים וועגן זיין שלעכטער נאָטע.

ווי גוט וואָלט עס געווען אַהיימצוקומען און דערציילן עמעצן — דער מוטער, דעם פאָטער, דער שוועסטער, אָדער אַפילו לודוויקע, אַז ער איז אומשולדיק, אַז די שלעכטע נאָטעס האָט ער באַקומען צוליב אַ שלימזלדיקן צופאַל, יעדנפאַלס נישט צוליב זיין שלעכטן ווילן.

אָבער אין דער היים איז נישט בעסער ווי אין דער שול. לודוויקע וועט זאָגן:

— דער יונגער הער האָט נעכטן געלייענט ביכער אָנשטאָט צו שטו־דירן.

אַניע וועט נאָכזאָגן דער מוטער: — פוילאַק איינער!

און דער פאָטער וועט דראָען, אַז ער וועט אים אָפּגעבן צו אַ בעל־מלאכה:

— ווער עס לערנט נישט אין די ייִנגע יאָרן...

ער האָט דאָך געלערנט אַ גאַנצע וואָך. נאָכן צוריקקומען פון דער שול האָט אויף אים געוואַרט אַ לעקציע פון דער פאַרהאַסטער, אומנייטיקער מוזיק. די עלטערן אַליין האָבן געזאָגט, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן געלט און צייט. און דאָך צווינגען זיי אים דריי מאָל אַ וואָך צו באָמבלען אויף דער פּיאַנע אַ גאַנצע שעה מיט אַ לערערין. ס'הייסט, אַז הענריק קריגט אַ גוטע דערציִונג.

גליקלעך זענען די חברים, וואָס ווייזן אין גאַנצן נישט די נאָטעס זייערע עלטערן. אָבער די מוטער באַרימט זיך פאַר דער מומע מאַניע:

— בלויז אַ שול־דערציִונג איז נישט גענוג. מע דאַרף אַכטונג געבן אויף די קינדער אין דער היים אויך. מע דאַרף נאָכקוקן צי זיי מאַכן די לעקציעס...

הענריק ווייסט נישט גענוי דעם באַטייט פונעם וואָרט דערציִונג. ער פילט נאָר אַז ס'וואָלט אים אַ סך בעסער געווען אָן דעם. דערפאַר האַסט ער די דערציִונג. זיין כעס טראָגט ער אַריבער צו דער גאַנצער וועלט פון דערוואַקסענע.

אַ שונא איז דער לערער און דער שול־דירעקטאָר, וואָס קוקט אַראָפּ פון דער הייך, פון זיין קאַטעדרע אויף די תלמידים, די באַעוולטע שיכט פון שקלאַפן; אַ שונא איז דער וועכטער, וואָס באַגלייט אים מיט אַ בליק פון אומצוטרוי, צי קלינגט ער נישט ביים גלעקל פון פרעמדע טירן; אַ שונא איז לודוויקע, וואָס זי דערלויבט נישט זיך צו גליטשן אויף דער פּראָטירטער פּאָדלאָגע און אויסשניידן פּאַפּירלעך, ווייל ער מאַכט אָן אַ שמאָדער אין שטוב; אַ שונא איז די מומע מאַניע, ווייל זי גלעט אים אי־בערן קאָפּ און זאָגט „אָרעם קינד", פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ יתום.

הינטער דער פאַרמאַכטער טיר פון קאַבינעט פירן עפּעס אַ געהיימע פאַרשווערונג קעגן אים דער פאָטער און די מוטער: ווי אַזוי זאָל מען אים באַשטראָפן פאַר די שלעכטע נאָטעס, פאַרן צווייער, אָדער צי דאַרף מען צונעמען אַ קאָרעפּעטיטאָר און צו די זעקס שעה לערע פאַר מיטאָג צו־געבן צוויי שעה נאָך מיטאָג און אויך, ווי אַ שטראָף, נישט דערלויבן אים צו גיין זונטיק אין צירק.

אַ מויער פון אומצוטרוי וואַקסט אויס צווישן דער וועלט און הענ־ריק. דאָס יינגל ווערט אומפריינטלעך, ער וויל נישט זיין „ליבלעך" און ער וויל קיינעם נישט געפעלן. ער האָט אַפילו נישט ליב, ווען די מוטער קושט אים אויף „אַ גוטע נאַכט"... די עלטערן זענען אים געוואָרן פרעמד.

אַ סך יאָרן פון שווערע דערפאַרונגען האָבן געמוזט פאַרביילויפן, כדי די פרעמדקייט זאָל נאָכן טויט פון זיין פאָטער זיך פאַרוואַנדלען אין אַ טיפער האַרציקער ליבע צו דער מוטער.

שגיי און רעגן האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די טרערן פונעם יינגל אין איינעם אַ מערץ־טאָג. ער איז דעמאָלט געווען ביז גאָר אומגליקלעך.

אָבער דעם ערשטן אַפּריל האָט קיינער נישט געוואָגט צו וויינען סיי אין דער היים, סיי אין דער שול. דער קלאַס האָט געהילכט פון געלעכטער, ווען דער לערער האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ שטיק ווייסן קעז אָנשטאָט קרייד און ווען דער טינטער איז געווען פול מיט וואַסער אָנ־שטאָט טינט.

אַהיימקומענדיק האָט ער באַלד אויף דער שוועל גערופן:

— מאַמאַ, דו האָסט אַ לאָך אין זאָק!

— לודוויקע, אין קיך איז די מילך אויסגעלאָפן!

— אַניאַ, האָסט עפּעס באַמערקט אין דיין צימער?

— וואָס? — האָט געפרעגט די שוועסטער.

— כ'גיב דיר מיין וואָרט, אַ לעבעדיקע מויז!...

אַניע שטייט שוין אויף אַ שטול און ציטערט פאַר שרעק. און הענ־ריק פּלאַצט פון געלעכטער.

„פּרימאַ־אַפּרילים" איז נישט נאָר אַ יום־טוב פון אָפּטון שפּיצלעך.

דעם טאָג וועַרט דער הימל אָפּגערייניקט פון די גראָע וואָלקנס און צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע חדשים וועַרט ער ליכטיק מיט אַ בלאָקייט. דאָס הייסט, אַז מע קאָן שוין ציילן די טעג ווען ס׳וועלן זיך פאַרענדיקן די שול־ליידן. נאָך אַ ביסל געדולד און ס׳וועט קומען דער שענסטער טאָג אין יאָר: דער טאָג פון געזעגענען זיך מיט דער שול. מיט אַן אויסגעליי־טערט האַרץ פון פאַרדראָס, פאַרגעסנדיק אין אַלע ווינטערדיקע עוולות, האָט העניק אַהיימגעבראַכט זיין פּראָמאָציע.

קאַפּיטל פיר

# אַ נייער פרילינג

— ווילסטו אַלזאָ זיין מיין פריינד?

אומזיסט האָט הענריק זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן די פאַרלעגנהייט, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען. נישט דאָס ערשטע מאָל האָט ער גע־הערט די פראַגע, ווען ער איז צוריקגעגאַנגען פון דער שול מיט אַ חבר. און נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס האָט דווקא ער אַרויסגערופן צו זיך דעם גרעסטן צוטרוי אין קלאַס.

אמת, מ׳האָט געוווסט, אַז ער נאַרט נישט אָפּ און זאָגט נישט קיין ליגן. ער גנבעט אויך נישט אַראָפּ פון די חברים די קלאַס־אויפגאַבעס. ער מסרט קיינעם נישט און באַרעדט נישט. געוויסע שילער זענען אַפילו גע־ווען גרייט אים חושד צו זיין אין חניפה.

אַ שכן וואָס איז געזעסן לעבן אים אויף דער באַנק, אָדער אַ שילער מיט וועלכן מ׳איז צוזאַמען אַהיימגעגאַנגען, אָדער וואָס האָט געוווינט מיט אים בשכנות, — האָט געהאַט אַלע קוואַליפיקאַציעס צו זיין אַ פריינד. איז פאַרוואָס נישט געבן גלייך אַן ענטפער, אַז יאָ?

— איך שווער, אַז איך וועל פאַר דיר גאָרנישט אויסבאַהאַלטן.

— אָבער איך, — האָט ער זיך פאַרהיקעט, נישט וויסנדיק דייטלעך ווי אַזוי זיך אויסצודריקן, — איך שעם זיך, איך קאָן נישט רעדן וועגן אַלעם וואָס איך טראַכט... אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען קומען מיר טייל מאָל אין קאָפּ אַריין... אין חלומות... איך וואָלט נישט געוואָלט וועגן זיי רעדן...

די דערקלערונג איז פאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַן אָפּזאָג.

— דו שרייבסט אַ טאָגבוך? — האָט געפרעגט אַן אַנדערער — ווייל איך האָב אָנגעהויבן, אָבער כ׳האָב נישט קיין געדולד. דאָס איז גוט פאַר מיידלעך.

הענריק האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון אַן ענטפער.

זייער אויפמערקזאַמקייט האָט געצויגן אַ דיקלעכע מויד מיט אַ טיכל, אין לאַקירטע שיך מיט הויכע אָפּצאַסן, מיט האָר פאַרדרייטע אין לאָקן און העלרויט־געשמירטע ליפּן.

זי האָט צו זיי אַ שמייכל געטון און געוויזן אירע ציין.

— דאָס איז אַ זונה — האָט געזאָגט דער חבר.

— ס'קאָן נישט זיין!

— ווילסט זיך וועטן?

זיי האָבן זיך נישט געוועט. אויב זי וועט זיך צוריקקערן פון ראָג איז פאַרשטענדלעך אַז זי וואַרט אויף קליענטן.

זי האָט זיך צוריקגעקערט. הענריקס אויגן זענען אָנגעלאָפן מיט טרערן פון חרפּה. ער האָט זיך גיך געזעגנט מיטן חבר און איז אַהיימגע־גאַנגען. ער האָט קיין אָוונטברויט נישט געגעסן, ער האָט זיך פאַרמאַכט אין זיין צימער. צום גליק זענען די עלטערן אַוועקגעגאַנגען און אַניע איז נאָך נישט צוריקגעקומען פון איר חברטע. ער איז געווען אַליין. ער האָט געקאָנט שרייבן. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ דיקן העפט מיטן טיטל: „די ווידוי פון אַ שמעטערלינג" און אַריינגעשריבן:

„דאָס איז שרעקלעך. עס טאָר אַזוי נישט זיין. און אויף דעם דער־לויבט גאָט?" און ווייטער: „פאַרוואָס האָט זי צו אונדז געשמייכלט?... צי האָט זי געמיינט אַז מיר... זי טראָגט לאַקירטע שיך, אָבער זי האָט נישט קיין מאַנטל, נאָר אַ טיכל. זי איז מיסתמא אָרעם. אפשר איז זי געווען אַ דינסטמיידל, געקומען צופאָרן פון דאָרף און עפּעס אַ רייכער הער האָט זי פאַרפירט. זי האָט געוויס מורא געהאַט צוריקצופאָרן אין דאָרף... אפשר איז זי אַפילו פאַרגאַנגען אין שוואַנגערשאַפט? און אפשר צווינגט זי איר פריינד אַרויסצוגיין אין גאַס און דערנאָך נעמט ער ביי איר צו דאָס געלט? איך וועל בעטן גאָט, אַז אַזעלכע נידערטרעכטיקייטן זאָלן פאַר־שווינדן פון דער וועלט."

ער האָט פאַרפאַסט אַן אייגענע תפילה, וואָס האָט געהייסן „די תפילה פאַר אַ געשאַנק פון אַ תפילה" און ער האָט עס יעדע נאַכט איבערגעחזרט.

ליגנדיק אין בעט אונטער דער קאָלדרע האָט ער געשעפּטשעט מיט טרו־קענע ליפּן: „גאָט מיינער, מיט עניוות שטעל איך מיך פאַר דיר און איך בעט וועגן דעם גרעסטן גנאָד פאַרן מענטשן, וועגן אַ געשאַנק פון אַן אויפ־ריכטיקער, אמתער תפילה... זאָל ביי מיין תפילה פאַרשווינדן פון די אויגן און פון די געדאַנקען אַלץ, וואָס איז נישט מיט דיר באַהויכט. זאָל קיין שום צעשטרייטקייט מיך פון דיר נישט אָפּרייסן. לערן מיך אויס תפילה טון צו דיר מיט האָפענונג און גלויבן.״

די תפילה האָט אים געברענגט אַ לינדערונג אַפילו דעמאָלט, ווען לייענענדיק וועגן דאַרווינס טעאָריע האָט ער אָנגעהויבן צו צווייפלען...

ער האָט געשלונגען די ביכער. מ׳האָט גערעדט אין דער היים, אַז ער וועט זיך קאַליע מאַכן די אויגן פון לייענען אין די אָוונטן. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די רעפּרעסיעס פון אויסלעשן דאָס ליכט. ער האָט זיך אויפגע־וועקט פאַרטאָג און געלייענט ביזן טאָג אַריין. ער האָט געלייענט ביים פרישטיק, ביים מיטאָג און אָוונטברויט. ער האָט אַפילו מיטגענומען אַ בוך אין וואַשצימער און אויף די שפּאַצירן.

אַז מ׳האָט אים נישט דערלויבט צו לייענען ליגנדיק אויף אַ סאָפע, האָט ער געלייענט זיצנדיק אויף אַ פאָטעל. מ׳האָט אים פאַריאָגט פונעם פאָטעל, האָט ער געלייענט ליגנדיק אויפן בעט. מ׳האָט זיך געבייזערט אַז אויפן בעט לייענט מען נישט, האָט ער זיך געלייגט אויפן טעפּיך מיט אַ בוך, אָדער זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל פון דער קיך אויף אַ הילצערנעם טאַבורעטל.

טייל מאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זיין קאָפּ איז אַ געשוואָלענע קויל. אָפט מאָל האָט ער געפילט ווי ס׳נעמען אים אַרום פלאַמען און ס׳האָט אים גערוישט אין די אויערן. ער האָט שוין געקענט שעקספּירן, ער האָט שוין געקענט „פאַוסט״, ער האָט שוין אַוועקגעוואָרפן דאָס לייענען ראָמאַ־נען און זיך צוגעכאַפּט צו פּאָעזיע.

אין געוויסע פּעריאָדן האָט ער זיך אויסגעלערנט לידער פון אויסנ־ווייניק. ער האָט פאַרבראַכט אין זיינע געדאַנקען מיט סלאָוואַצקי אין דער שווייץ, ער האָט געוואַנדערט דורכן מדבר מיט ביעניאָווסקי און מיט מיצ־קעוויטשן איז ער געשווומען אויף דער שיף איבערן ים.

— דאָס יִינגל זעט אויס ווי ער וואָלט געוווּנט אויף דער לבנה — האָט אַמאָל באַמערקט די מומע מאַניע.

זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס ער איז אַ מאָל פאַר־חלומט און אַ מאָל פאַרביטערט; אַ מאָל איז ער פריילעך און וויציק און אַ מאָל — פאַרזונקען אין אַ שוואַרצער מעלאַנכאָליע.

ער האָט אויך געלייענט ווערעקינדן און געוואַרט, געפאָרשט, געזוכט ביי זיך דאָס דערוואַכן פונעם פרילינג.

— עס פעלט אים גאָרנישט. ער איז געזונט, גוט דערנערט, ער גייט זיך גליטשן — האָט זיך די מוטער פאַרענטפערט פאַר דער מומע.

טאַקע אין דער אמתן — וואָס האָט אים געפעלט? קיין שום זאַך האָט נישט געשטערט דער קלאָרער אַטמאָספער פון יענע טעג. די פּאָליטישע געשעענישן האָבן זיך אָפּגעשטויסן מיט אַ נישט דייטלעכן עכאָ אין די ווענט פון הענריקס היים און זענען צוריק אַרויס.

נאָכן טויט פונעם זיידן האָט מען אויפגעהערט צו אַבאָנירן „איז־ראַעליטאַ“, ווו ס'האָבן זיך פון צייט צו צייט געדרוקט אַרטיקלען, וואָס האָבן אָפּגעהוזקט פון געוויסע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן בדעה געהאַט אַריבערצופירן די סאָלידע איינוווינער פון די רייכע וואַרשעווער גאַסן, פון נייער־וועלט און מאַרשאַלקאָווסקע צום טראָפּישן פּאַלעסטינער מדבר.

די עלטערן האָבן געלייענט דעם „קוריער וואַרשאַווסקי“, וואָס איז אַלע מאָל געווען לאָיאַל צו יעדער מאַכט און וואָס האָט געדרוקט וויציקע פעליעטאָנען פונעם פאַן פּרוס, מיט וועלכן דער פאָטער האָט זיך אָפּט גע־טראָפן אין קאַפּעהויז. אויפן טיש אין אויפנעם־צימער איז געלעגן אַ שיין איינגעבונדענער „פאַן טאַדעוּש“ און „מלחמה“ פון גראָטגער אין אַ פּאָרטפעל, אויך אַן אַלבאָם מיט אילוסטרירטע בילדער פון קאַרלסבאַד און שוועניגנען ווי אויך דער קאַלענדאַר „דאָס פּוילישע יאָר“.

אומזעבאַרע באַריערן האָבן געשיצט די הייזער פון נישט־געוווּנטשע־נע איינפלוסן פון דרויסן.

אָבער רויִק האָבן געלעבט נאָר די דערוואַקסענע. דאַקעגן האָבן זיך געמערט סודות ביי די יוגנטלעכע.

דער פאָטער פון אַ געוויסן חבר האָט געאַרבעט אין דער רעדאַקציע

פון „קוריער". די מוטער איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק. אין דער צווייי־שטוביקער היים — אין הויף אויפן צווייטן שטאָק — איז קיינער נישט געווען פון פיר אַזייגער נאָך מיטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווייל אַ דינסטמיידל איז געקומען רוימען די שטובן אין די פרימאָרגן־שעהען.

אָט אָ די וווינונג האָבן די מיטגלידער פון קרייז „דער פרייער גע־דאַנק" זיך אויסגעקליבן ווי אַן אָרט פאַר קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונגען.

דאָ האָט מען גערויכערט פּאַפּיראָסן אָפיציעל און אָן שום מורא, ווייל נאָכן פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג האָט מען גרינטלעך איבערגעלופטערט די שטובן. פּאַפּיראָסן זענען ביטער, זיי קראַצן אין האַלדז און שטעכן די אויגן, אָבער אַ פאַרזאַמלונג מיט רויך פון פּאַפּיראָסן פאַרמאָגט אַ ספּע־ציעלע שטימונג און סתם רויכערן מאַכט אַזוי „דערוואַקסן".

טייל מאָל באַווייזט זיך אויפן טיש אַ פלעשל שנאַפּס. מ׳האָט עס געעפנט ווי די וואַרשעווער דראָשקאַזשעס פלעגן עס טון — מיט אַ זעץ אין דער דנאָ. עס טרינקען אַלע, כאָטש אַלע זענען אין דער מיינונג, אַז בראָנפן איז נישט געשמאַק. די צוויי התחלות פון די צוויי אמת־מענלעכעליידנשאַפטן — פּאַפּיראָסן און אַלקאָהאָל — זענען גיכער אומאָנגענעמע.

אויף די טרעפּ שטייט כסדר אויף דער וואַך אַ שומר, וואָס זאָל צו־וויסן געבן וועגן אַן אָנקומענדיקער געפאַר. די שילער־היטעלעך האָבן די יינגלעך איבערגעלאָזט אין אַ באַקאַנט געוועלבל. זיי קומען צוגיין אין היטעלעך אָדער אין צו־גרויסע הוטן, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעלקחנט אין זייערע היימען פון די הענגערס אין קאָרידאָר.

דער פּראָגראַם זעט פאָר דאָס איבערלייענען פון אַ רעפעראַט און אַ דיסקוסיע. צום מערסטן רעדט מען וועגן די אויפגאַבעס פון דער יוגנט אין איצטיקן מאָמענט און אויף להבא.

הענריק איז נישט דרייסט און נעמט נישט גערן קיין אָנטייל אַפילו אין דער דיסקוסיע, אָבער טייל מאָל פירן אים אַרויס פון גלייכגעוויכט די אַרגומענטן פונעם פּרעלעגענט. מיט אָפּגעריסענע זאַצן, אין איין אָטעם, אַזוי ווי מורא האָבנדיק, אַז די געדאַנקען, וואָס צעשמעטערן זיין מוח, קאָנען אַנטלויפן, — רייסט ער זיך אַריין אינעם טומל פון דער דיסקו־סיע. איינער לאָזט נישט ענדיקן דעם צווייטן. זיי זענען גרייט זיך צו רייסן פאַר די קעפּ.

איז ווי אַזוי — דער קאַמף פאַר רעכט פון די אַרבעטער דערהרגעט דעם נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם? דאָ גייט דאָך וועגן אויפהייבן דעם סטאַנ־דאַרט פון לעבן פונעם פוילישן אַרבעטער, נישט פונעם כינעזישן. וואָס קאָן מען פאָדערן פון אַ הונגעריקער מאַסע; פון מענטשן וואָס זענען נישט פאַרזאָרגט מיט קיין מאָרגן; פון מענטשן קראַנקע און באַטריבטע?

— די סאָציאַליסטישע לאָזונגען זענען נישט רעאַל. דאָס איז או־טאָפּיע, מיט וועלכער מע פאַרבלענדט דעם אַרבעטער. דער רוס וועט קיין מאָל נישט זיין קיין ברודער צום פּאָלאַק, אַזוי ווי עס טרוימען די סאָ־ציאַליסטן.

— פאַרוואָס קאָן עס נישט זיין? די באַוווּסטזיניקע אַרבעטער־מאַסן — זאָט מיט אַ געזיכערטן מאָרגן — וועלן געפונען אַ וועג צו אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן. דאָס העצט אונטער די בורזשואַזיע, וואָס וויל אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פונעם וויכטיקסטן ענין: געזעלשאַפטלעכע גערעכטי־קייט.

— נאָר נאַציאָנאַלע גלייבן אין דער ברידערלעכקייט פון פרעמדע פעלקער, די פרעמדקייט איז אַן איינגעבוירענע. אַ פּאָלאַק פאַרשטייט נישט קיין ייִד, און אַ רוס פאַרשטייט נישט קיין פּאָלאַק. יעדער דאַרף וווינען אויף זיין אייגענעם באָדן, אין זיין אייגן לאַנד און רעגירן מיט זיינע רעכט, טראַכטן לויט זיינע אייגענע אָנשויונגען, אייגענע, נאַציאָנאַלע.

— דאַרף אַלע מאָל זיין פרעמדקייט? דאָס איז דאָך כמעט שנאה. דאָס זענען דאָך כמעט אייביקע מלחמות...

— אין קריג ווערט אַ פּאָלאַק אויף ס'ביי געבוירן מאָראַליש. מלחמות האָבן פאַרהאַרטעוועט די פּאָלאַקן און געשריבן זייער געשיכטע.

הענריק האָט געביילט זיינע פויסטן, זיי — די נאַציאָנאַליסטן — זענען געווען אין דער מערהייט. זיי וועלן אים פאַרשרייען. ס'איז דאָך אָבער געבליבן אַ הייפל, — ער האָט געציילט מיט די אויגן די אָנוועזנ־דיקע, — וואָס וועלן אים פאַרשטיין, איז היינט, שוין איצט וועט מען גאָרנישט מער קאָנען טון ווי דורך די גרענעצן דערלאַנגען אַ ברידערלע־כע האַנט צו די אַרבעטמענטשן...

אַכט אַזייגער אין אָוונט האָט מען געמוזט גיין אַהיים. נאָך דער שעה

איז אַ שילער, — ווען אַ לערער האָט אים געטראָפן אין גאַס, — געווען אויסגעשטעלט אין דער שול אויף גרויסע צרות, זיי האָבן געטרונקען ביר אין געוועלבל און אויסגעטוישט די הוטן אויף די שילער־היטעלעך.

פאַרן טויער פון הויז איז שווער געווען זיך צעשיידן מיט די חברים. איינער האָט דערציילט אַז זיין ברודער לייענט דעם „קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס. הענריק האָט באַגערט דאָס בוך צו לייענען.

ער פלעגט אַהיימקומען מיט צעפלאַמטע באַקן און טרוקענע ליפּן.

— ביסט קראַנק? ווו ביסטו געווען? — האָט זיך די מוטער נאָכגע־פרעגט און אין איר שטים האָט געקלונגען עפּעס אַ חשד, וואָס האָט זי באַאומרויִקט.

— איך האָב געמאַכט מיינע לעקציעס — האָט ער געענטפערט גיך, אַראָפּשלינגענדיק דעם שלוק קאַקאַאָ.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך באַוויזן די מומע מאַניע, — די אומרויִקע נשמה, — מיט אַ פאָרשלאָג צו דערלויבן לערנען לייענען און שרייבן פּוי־ליש דערוואַקסענע מיידלעך — אַנאַלפאַבעטקעס — אין דער וווינונג פון הענריקס עלטערן. דער פאָרשלאָג האָט אָנגעטראָפן אויף אַ באַגרינדעטן אָפּזאָג.

— אָבער דאָס איז דאָך אומלעגאַל. איינרייסן זיך מיט דער פּאָליציי? אין אַן אָנשטענדיקער היים?

— פאַרוואָס עפּנט מען נישט קיין לעגאַלע קורסן?

— זיי האָבן מורא אַז מענטשן זאָלן זיך אויסלערנען לייענען — האָט די מומע פאַרטיידיקט איר שטעלונג.

— פרעמדע מיידלעך — האָט די מוטער אָנגעהויבן פון אַן אַנדער ווינקל — זיי קאָנען נאָך באַגנבענען, אַריינברענגען אַ חולאת. אין דער היים געפינט זיך אַן אונטערוואַקסנדיקער בחור.

דער פאָטער, וואָס האָט ביז איצט געשוויגן, האָט גענומען אַ וואָרט:

— פון ווען אָן פאַרנעמען זיך פרויען פון אָנשטענדיקע היימען מיט אומלעגאַלער אַרבעט? דו ווייסט מסתמא נישט מיט וואָס דאָס שמעקט... דאָס איז גוט פאַר מענער. צי קאָן זיך אַזאַ דעליקאַטע פערזאָן, ווי דו

ביסט, אויסשטעלן אויף דער געפאַר פון זיצן אין תפיסה, אָדער פאַרשיקט צו ווערן, גאָט באַהיט, קיין סיביר?

די מומע האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. הענריק האָט געהאַלטן מיט איר. זיין גוטע דערציִונג האָט אים אָבער נישט דערלויבט זיך אַריינצו־מישן אין אַ געשפּרעך פון עלטערע. ער וואָלט גערן געדריקט די האַנט פון זיין מומע, וואָס איז נאָך דער קריגעריי אַוועק פון זייער היים אַ קלאַפּ־טוענדיק מיט דער טיר. ער האָט געהערט ווי זי האָט אין קאָרידאָר גע־זידלט: איר שמאַלקעפּיקע און פוילע קליינבירגער! ער האָט אויך געהערט ווי זי האָט, וועלנדיק באַליידיקן די מוטער, צוגעוואָרפן:

— הויז פון לאַלקעס.

ער האָט שוין דעמאָלט געלייענט איבסענען. ער האָט פאַרערט בראַנדטן און דעם בוימייסטער סאָלנעס.

שווער צו זאָגן וואָס ס'האָט אים פאַרשאַפט מער פאַרגעניגן: לייענען צי שרייבן. ליטעראַרישע אויפגאַבעס אין דער שול, אַפילו אין דער רוסי־שער שפּראַך, נאָטיצן וואָס ער האָט יעדן טאָג געמאַכט אין זיין טאָגבוך — זענען געוואָרן איצט זיין באַליבטע באַשעפטיקונג.

ער האָט שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן זיינע יִנגלערישע שפּילערייען, שוין לאַנג נישט גענומען קיין אָנטייל אין די קאַמפן אויפן שולהויף.

ער פלעגט אַרויסגנבענען ביכער פון זיין פאָטערס ביכערשענק און געלייענט מיט התמדה. ער האָט געשיקט לודוויקע אין דער ביבליאָטעק מיט אַ צעטל, ווייל נישט אַלע ביכער האָט מען געגעבן צו לייענען יוגנט־לעכע.

— וועכטערין פון מאָראַל — האָט ער אויסגעלאַכט אַן אַלטע פריי־לין אין דער ביבליאָטעק, ווען זי האָט, זעענדיק דעם נומער פונעם בוך, פאַרריסן די נאָז און געזאָגט:

— איר זענט נאָך צו יִנג פאַר אַזאַ בוך.

קיינער האָט נישט געוווּסט וויפל ער האָט שוין געלייענט און — אַז ער שרייבט פּאָעזיע. טייל מאָל, ווען די גראַמען האָבן זיך נישט געוואָלט קלעפּן, האָט ער געהאַט פאַרדראָס, אַז ער וועט נישט זיין קיין פּאָעט — ער איז דעמאָלט צוריקגעגאַנגען אַהיים און זיך באַמיט צו פאַרריכטן וואָס

ס׳האָט זיך געלאָזט: אַ קאַליע־געמאַכט גלעקל, אַ שלאָס ביי אַ שופלאָד — אפשר זאָל ער בעסער זיין אַן אינזשיניער?

דער געדאַנק וועגן דער צוקונפט האָט אים נישט פאַרלאָזט אויף קיין רגע. איין מאָל האָט ער געוואָלט זיין אַן אַדוואָקאַט און פאַרטיידיקן די אומשולדיק־פאַרמשפּטע. אַ צווייט מאָל האָט ער געוואָלט זיין זשאַן וואַל־זשאַן — שטאַרק און גרויסמוטיק; ווידער אַ מאָל — אַ רייזנדער ווי נאַנ־סען, אָדער — אַן אַקטיאָר ווי סאָלסקי.

די שאַראַדעס אין די צייטונגען האָבן אים אויפגעהערט צו אינטערע־סירן. ס׳האָט אים נישט אימפּאָנירט, אַז זיין נאָמען וועט זיך געפינען צווישן די געווינער. ער האָט געטרוימט פון אַן אַנדערן רום.

אָ, צו זיין שוין דערוואַקסן, צו זיין שוין אַן אמתער מאַן...

ער האָט געשריבן בריוו צו שרייבערס. איינער האָט געדרוקט אַ קור־צע דערציילונג אין דער צייטונג, האָט ער צו אים געשריבן: „פּאַניע, איך האָב געלייענט דיין מייסטערווערק, דו וועסט דערגרייכן אומשטערבלעכ־קייט. איר, וואָס איר זענט אַזוי באַרימט און גרויס, וועט זיך מסתמא אויסלאַכן פון אַ בריוו פון אַ שילער־ייִנגל, אָבער די „דערשטיקטע פינקען" איז אַ פּרעכטיק בוך. גאָט, ווי איר קענט די מענטשלעכע נשמות!..."

די בריוו האָט ער אָבער נישט אַרויסגעשיקט, ווייל ער האָט מורא גע־האַט, אַז זיי זענען לעכערלעך און מע וועט פון זיי אָפּשפּאָטן, פּונקט ווי זיינע נאָענטע האָבן חוזק געמאַכט פון זיינע טרוימען און פון זיינע צווייפ־לונגען.

יעדן פרילינג האָט ער זיך רעגלמעסיק געליבט אין די שילערינס, וועלכע ער האָט געטראָפן גייענדיק אין דער שול. זומערצייט פלעגט ער, ווי אַ סך אַנדערע שילער, אָפּרייסן די אַקאַציע־בלעטער, אַ ריס טון אַ בלע־טעלע און זאָגן:

— ער האָט ליב, ער האָט גערן, ער שאַנעוועט, ער וויל נישט, ער איז גלייכגילטיק, ער חוזקט אָפּ...

דאָס לעצטע אָפּגעריסענע אַקאַציע־בלעטעלע האָט באַדאַרפט עדות־זאָגן ווי ס׳האַלט מיטן צווייטן צד: צי ס׳איז אַ פלירט, צי בלויזע חבר־שאַפט, צי אַ ליבע.

אבער אין וועמענס ליבע, אדער סימפאטיע האט זיך עס געהאנדלט — אויף דעם וואלט ער נישט געקאנט ענטפערן.

הארבסטצייט האט ער פארגעסן וועגן די בלעטער. ער האט זיך אריינ־געווארפן אין וויסנשאפטלעכע ביכער. די עפאכע, וואס איז געוועזן פול און רייך מיט אויסערגעוויינטלעכע דערפינדונגען, האט אים יעדעס מאל אנטפלעקט עפעס נייעס.

„אטאם", אלץ אנטשטייט פון אטאם. אינעם זעמל, וואס דו עסט, קאן זיין קלעאפאטרעס א פערל, כריסטוסעס א טרער, דעמאנסטענעס שטויב און קסאנטיפעס סלינע.

ווען עס איז אים אריינגעפאלן אין דער האנט אריין א בוך וועגן אנ־טראפאלאגיע האט ער פארנאטירט אין זיין טאגבוך:

„געוויסע מענטשן אגיטירן פאר דער ריינקייט פון זיטן, אנדערע שטימען פאר פאליגאמיע. ס'איז געוויס שלעכט, ווען קראנקע מענטשן לאזן נאך זיך איבער א נאכוואקס. צווינגען אבער קראנקע צו זיין קינדער־לאז איז דאס זעלבע, ווי אראפוואַרפן שוואכע קינדער פון א פעלדז".

די לעקציעס פון אלטערטימלעכער געשיכטע זענען פאר הענריקן נישט בלויז מעשות פון צייטן און מענטשן, וואס זענען שוין לאנג גע־שטארבן. גריכנלאנד און רוים האבן אויפגעלעבט אין זיין פאנטאזיע.

דערנאך ווערט זיין פאנטאזיע מיטגעריסן מיט מעטעמפסיכאז[1]:

„אויף דער פאדלאגע קריכט א ווארעם. ער דערהרגעט אים נישט. א מאדנע זאך — ער איז שטיין געבליבן, אזוי ווי ווארטנדיק אויף א קלאפ. הענריקן קומט אויפן געדאנק, אז אפשר געפינט זיך אינעם ווארעם דער גייסט פון א פארשטארבענעם. א לאמפ איז פאר אים די זון. אפשר פאר־מאגן די ווערעם האפענונגען אזוי ווי מענטשן?"

די איינציקע האפענונג, וואס ער פלעגט און אנטוויקלט אין זיך, איז דער גלויבן, אז ער וועט זיין א שרייבער. ער ווייסט נאך נישט וועגן וואס ער וועט שרייבן. „מיכאל אנדזשעלא האט, ווי מע זאגט, א שפריץ געטון

[1] גילגול־הנפש.

מיט וואַסער אויף אַ ווייסער וואַנט און פון די „עסן און פלאָרעסן" האָט ער געשעפּט טעמעס צו זיינע בילדער."

„איך פאַרשטיי הערקאָסטראַטוס געדאַנקען. ער איז אין גאַנצן נישט געווען קיין משוגענער. וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע טעמע פאַר שטודיומס! דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט געברענט מיטן באַגער צו זיין גרויס, מיט אַן אומאָפּוועגנדיקער קרענקלעכער אַמביציע, זעענדיק, אַז ער וועט נישט דערגרייכן קיין רום, צינדט ער אונטער מיט זיין גאָט־לעסטערנדיקער האַנט דעם טעמפּל פון הערשאַפט. ער האָט נישט געהאַט קיין שום נאָבעלע געפילן און ער וויל, אַז זיין נאָמען זאָל זיין, אַפילו מיט עקל, דערמאָנט לדור־דורות. און ער האָט זיינס דערגרייכט: רום."

דערווייל איז זיין אייגענער רום פאָרויסגעגאַנגען גאַנץ לאַנגזאַם. אַנשטאָט דעם — כסדרדיקע שטרייטן מיטן פאָטער און מיט דער מוטער, ביזוויליקע באַמערקונגען און אַלוזיעס.

אַניע האָט אַרויסגעגבעט זיין העפט מיט פּאָעזיע און זי האָט אים געוויזן דער מוטער. די מוטער האָט עס הויך געלייענט פאַר די געסט, ווען זיי האָבן געשפּילט אין קאָרטן. ווען הענריק איז אַריין אין צימער, האָט די מוטער באַהאַלטן דעם העפט הינטערן טישטעך. ער איז בלאַס געוואָרן, אָבער ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט וועגן גאָרנישט, נאָר זיינע אויגן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן. מ'האָט געלייענט הויך. פרעמדע האָבן געהערט זיינע סודות, זיינע הייליקסטע, געהיימסטע געפילן. אפשר האָבן זיי אַפילו געלאַכט? זיי האָבן סיי ווי גאָרנישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן טאַקע נאָר וואָס פאַרענדיקט דאָס געשפּרעך וועגן דינערשאַפט, אַז זי ווערט וואָס אַ מאָל מער איינגעעקשנט. וועגן די פּרייזן פון פלייש, וואָס האַלט אין איין שטייגן און וועגן די קליידער וואָס זענען איצט מאָדערן. פאַר אָט די דאַמעלעך, צו וועלכע ער פילט אַן עקל, וועלכע ער פאַראַכט, האָט זי געוואַגט צו לייענען... אָ, ווי ער האָט געהאַסט אין דעם מאָמענט אַניען, די מוטער און אַלע...

ווען זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס אויפנעם־צימער האָט אים געזאָגט אַ שכנטע פון פאַרטער:

— איר זענט אַזוי בלאַס, הער פּאָעט!

דער פּאָטער האָט אים פאַרהאַלטן אין צימער:

— דאָס איז נישט פאַר אַ מאַן — האָט ער געזאָגט — לאָז עס איבער צו די מיידלעך, זאָלן זיי זיך שפּילן אין גראַמען.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט, ער האָט שטאָלץ פאַרביסן די ליפּן און נאָך מער זיך אָפּגעגעבן מיטן שרייבן זיין טאָגבוך. אָט זענען עטלעכע בלעטלעך פון יענע טעג:

נאָוועמבער 26.

„מיין גאַנצע פרייע צייט ווידמע איך דער ליטעראַטור. צווישן די טויזנטער וועגן, וואָס איך האָב געזוכט, האָב איך שוין אויסגעפונען מיין אייגענעם. מאָרגן וועל איך גיין אויף מיין באָבעס קבר און כ׳וועל איר בעטן, זי זאָל מיך נעמען אונטער איר שוץ. אַך, וויפל פאַרבאָרגענע האָפענונגען זענען דאָרט פאַראַן!

איך וויל אָנשרייבן אַ גרויסן שטודיום „דאָס קינד״. איך וועל זאָרגפעליק זאַמלען די מאַטעריאַלן פון זיך אַליין און פון מיינע חברים. צי איז עס נישט פונקט אַזוי שווער ווי דאָס באַשרייבן די ציוויליזאַציע פון דער גאַנצער וועלט?

נאָוועמבער 29.

איך האָב געחלומט, אַז איך וועל פאַרלייגן אַ צייטשריפט „דעביוט״, וואָס וועט אויפנעמען די אַרבעטן פון די יעניקע, וועלכע דערהאַלטן פון די צייטונגען דעם ענטפער „נישט צום דרוק״. איך גיב אַרויס אַ פּראָבענומער און איך האָב צען טויזנט אַבאָנענטן. איך בלאָז פונאַנדער די פינקען פון טאַלאַנט.

דער פאָטער האָט מיר פאַרבאָטן צו לייענען און איך קאָן אָן ביכער נישט לעבן.

דעצעמבער 1.

איך האָב איצט אַ מאָדנעם געפיל. איך האָב נאָך נישט קיין קינדער און כ׳האָב זיי שוין ליב. איך פיל אין זיך אַ מאַכט און פאָטערלעכע געפילן. איך האָב געזען אַ קליין, שיין מיידעלע פון איין יאָר. וואָס פאַר אַ גליק איז צו האָבן אַזאַ פּיצלס, איינפלאַנצן דיינע פּרינציפּן, אַנטוויקלען

און שולן דעם גייסט, צו האָבן אַ שיינע און ליבנדיקע פּרוי, גוטע קינדער. און נאָך אַ טאָג, וואָס מע פאַרברענגט ביי דער אַרבעט, צו קאָנען רוען אינעם קרייז פון דער משפחה. איך טראַכט איצט אָפּט וועגן דעם און איך נעם צונויף די מאַטעריאַלן פון מיינע קינדעריאָרן.

דעצעמבער .5

איך האָב געקריגן אַ שילער. הלוואַי זאָל איך וואָס גיכער ווערן זעלבסטשטענדיק און אומאָפּהענגיק. יעדן טאָג טרעף איך אויף דער גאַס אַ געוויס דרייצניעריק מיידל וואָס אַרבעט אין אַ געשעפט. זי קוקט מיר גלייך אין די אויגן, נישט־וויסנדיק פון די וועלטלעכע קאָנווענאַנסן, וואָס פאַרווערן אַזעלכע עבירות. דאָס איז אַן אומשעדלעכע אידיליע, אָבער איך מוז להבא זיין פאָרזיכטיק, ווייל מיין צוקונפטיקע ליבע וואָלט שוין נישט געוועזן קיין הייליקע נאָר אַ שטורעמדיקע און אַ ליידנשאַפטלעכע. איך האָב געפונען טעמעס פאַר דיכטונג. אָט זענען זיי:

1) איך האָב דיך ליב נישט צוליבן גלאַנץ פון דיינע אויגן, נאָר צו־ליב דיין גייסט און האַרץ.

2) וואָס ווייניסטו, קינד?

3) דער טויט אויף אַ שפּיטאָלבעט.

4) נעמעזיס.

5) דער שקלאַף אַנטלויפט און — דורכגעלעכערט פון אַ קויל — שטאַרבט ער מיט אַ שמייכל, ווייל אויף דער פריי.

אָבער זיין פּאָעזיע טויג נישט צום דרוק. שיקט דערפאַר העבריק זיי־נע געדיכטן אין פּראָזע צום קוריער. עס קומט אַן ענטפער: „ס׳וועט נישט זיין געדרוקט״. זיין באַקאַנטע, פריילין יוליע, האָט עס זייער שטרענג קרי־טיקירט. ער האָט זי געבעטן, זי זאָל אים זאָגן דעם אמת, אָבער ווען ער האָט עס דערהערט, האָט עס אים פאַרשאַפט פאַרדראָס. צי האָט ער גע־מאַכט אַ טעות? אפשר פאַרמאָגט ער נישט קיין טאַלאַנט?

ער האָט אָבער נישט פאַרנאַכלעסיקט דעם פּלאַן צו שרייבן אַ שטו־דיום וועגן קינדער. ער האָט געלייענט וועגן דער רעפאָרמירטער דערציִונג: וועגן ספּענצער, פּעסטאַלאָצי און פרעבל.

אין „די רעטענישפולע נאַטורן״ פון שפּילהאַגען האָט ער אונטערגע־שטראָכן אַ זאַץ, אַז קינדער זענען יתומים אין דער היים פון זייערע איי־גענע עלטערן. ווי גוט פאַרשטייט ער זיי אין דעם מאָמענט! „צי דאַרף נישט דער פאָטער זיין אַ פריינד פאַר זיין אייגן קינד, אַז עס זאָל אים קאָנען אָנפאַרטרויען אַלע זיינע געדאַנקען און טרוימען? און נישט אָפּפּטרן עס מיט חוזק און אָפּגעבן עס צו דערציִען צו דער געצאָלטער דינערשאַפט און לערער.״

כמעט יעדן אָוונט איז הענריק געגאַנגען צו דער ווייסל.

ער זעצט זיך איינזאַם אַוועק אויפן זאַמדיקן ברעג: די פייערלעך פון דער שטאָט זעען אויס ווי גלי־פליגעלעך. דער זאַמד איז וואַרעם; נאָך צעוואַרעמט פון דער זון, אָבער פון דער ווייסל און די אָפּגעקאָסיעטע לאָנ־קעס שוועבט אַ דופטיק ווינטל. דאָס וואַסער פליוסקעט, עס זעט אויס גרויס און טיף. אין פראַגע איז פינצטער, מע זעט נישט דעם צווייטן ברעג. עס צעשפּילן זיך שוין זשאַבעס אין די שכנותדיקע זומפּן און עס זשוזשען קלאַפּן די גראָזגרילן.

הענריק איז איינזאַם, נישט נאָר איצט אין אָוונט ביי דער ווייסל וואָס ער האָט ליב. ער איז שטענדיק איינזאַם. ער האָט אָפּגעוואָרפן די פאָרשלאָגן פון פריינדשאַפט, ער האָט נישט געפונען קיין שום פאַרבונדנ־קייט.

ער קוקט אויף די שטערן און דערמאָנט זיך אַז דער גאַנצער פּלאַנע־טאַדער סיסטעם אַנטשטייט פון נעבלינען [1]. די נעפּלפּלעקן וועלן זיך אַ מאָל ווידער פאַראייניקן אין איין גאַנצקייט און וועלן פאָרמירן נייע זונען.

ער האָט דאָס היינט אַרויסגעלייענט ביי פאַלבן. אָבער אַסטראָנאָמיע איז אַ היפּאָטעז. ס׳האָט נישט קיין וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג — רעדט ער צו זיך אַליין.

נאָר כעמיע וועט לייזן די אויפגאַבע פון קיום. טאַקע דער וויסנשאַפט פון כעמיע וועט ער זיך ווידמען אין דער צוקונפט.

[1] העלע פלעקן אויפן הימל.

צוקונפט? ווי זעט אויס די צוקונפט? העניק טראַכט שוין ווידער וועגן די נעפּלפּלעקן.

די כוואַליעס שפּילן, ווי געוויינטלעך, עפּעס אַזוי מאָדנע מעלאָדיש, אין טאַקט, ריטמיש, אַזוי ווי מיט פּערזן.

די אויפגעבראַוזטע געדאַנקען לייגן זיך צונויף צום טאַקט פונעם ריטעם.

ס׳ווערט וואָס אַ מאָל שטילער אינעם אַרום, און העניק גראָבט זיך איין וואָס אַ מאָל טיפער אינעם ווייכן זאַמד. ער ווערט אַנטשלאָפן, אַ פאַרליבטער אינעם הימל, אין די שטערן, אין די גראָזגרילן, אינעם וואַסער פון דער ווייסל — פונקט ווי ס׳ווערט אַנטשלאָפן אַ קליין קינד וואָס איז מיד געוואָרן פון וויינען.

קאַפּיטל פינף

# שטורעם און דראַנג

פאַר איינזאַמקייט, פאַר גייסטיקן אומרו, פאַר בענקשאַפט — איז פאַראַן נאָר איין רפואה: אַוועקצוגיין אין די ערשטע טעג פון האַרבסט אין זאַקסישן גאָרטן, צוזעצן זיך אויף אַ ליידיקער באַנק אין דער אַלייע, וואָס ציט זיך לענגאויס דעם סטאַוו און קוקן ווי די בלעטער, וואָס פאַלן אַראָפּ פון די קליאָן־ביימער אויף דער גלאַטיקער אויבערפלאַך פון וואַסער, שווי־מען רויק פאַר זיך, נישט קענענדיק דעם ציל פון זייער וועג.

די אויגן פאַרמרוזשען זיך אין דער זון און דורך די וויעס פאַרלירן די ביימער, דאָס וואַסער און די קוסטעס זייערע קאָנטורן. דער שוואַן שווימט לאַנגזאַם און דעמאָלט קאָנסטו זיין זיכער, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין גרענעץ צווישן חלום און וואָר.

אָבער פּלוצלינג צעשפּילט זיך אַ ווינטל און אַ רעגן פון גאָלדענע בלעטער ברענגט דיך צוריק צום באַוווסטזיין. דו עפנסט די אויגן און דו פאָלגסט נאָך מעלאַנכאָליש זייער ווילדן טאַנץ, זוכנדיק אין דיין זכרון אַ נייעם פאַרגלייך, אַזעלכן וואָס קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט באַנוצט. רעזיגניר. ס׳איז נישט פאַראַן קיין שענערס ווי ווערלענס:

Et je m'en vais  
Au vent mauvais  
Quí m'emporte  
de ca, de là  
pareil à la  
feuille morte... [1]

---

[1] איך גיי אַוועק מיטן ווינט וואָס פירט מיך אַהין און אַהער, בייזע ווינטן הייבן מיך אונטער ווי פאַרוועלקטע טויטע בלעטער...

— איך וועל מיך ווערטן, אַז מיר האָבן געטראַכט פון דעם זעלביקן — האָט געזאָגט אַדעלע דערלאַנגענדיק העגריקן די האַנט.

זי איז אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט און ער האָט נישט דער־הערט אירע טריט. זי פלעגט קומען צו אַניען זייער אָפט אין משך פון אַ סך יאָרן. זיי האָבן באַזוכט די זעלבע שול. אָבער ווען ער איז געוועזן קליין, האָט ער נישט ליב געהאַט קיין מיידלעך און ווען ער איז אויסגעוואַקסן, האָט ער זיך צו זיין שוועסטערס נאָענטע חברטעס באַצויגן פּונקט אַזוי ווי צו זיין שוועסטער. דאָס זענען נישט געווען פאַר אים קיין „פּרויען". ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון צי אַדעלע איז שיין. גי־כער איז ער אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיטן געדאַנק, אַז די מיידלעך זאָלן אים נישט שטערן אין זיין אַרבעט און זיי זאָלן נישט רעווידירן זיין שופלאָד.

מע באַמערקט נישט קיין מענטשן וואָס מע זעט אָפט.

איצט, נאָך די וואַקאַציעס, נאָך דריי חדשים אָפּוועזנקייט פון דער שטאָט, און אפשר צוליב געוויסע גייסטיקע ענדערונגען, פון וועלכע ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון — האָט אים פּלוצלינג פאַרכאַפּט איר שיינקייט און חן.

זי האָט צו אים געשמייכלט מיטן גלאַנץ פון אירע בלאָע אויגן, מיט די שטראַלן פון אירע בלאָנדע לאָקן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען פון איר הוט, מיט דער פרישקייט פון אירע ליפּן, מיט די ווייסע ציין און חן־גרי־בעלעך אין אירע באַקן.

זיין פּנים האָט, ווייזט אויס, אויסגעדריקט אַנטציקונג, ווייל דאָס מיידל האָט קאָקעטיש אַ קוק געטון אויף אים, ווי עמעצער וואָס, כאָטש ער ווייסט אַז ער געפעלט, וויל ער נאָך מער געפעלן ווערן.

— פאַרוואָס פון דעם זעלביקן? — האָט ער געענטפערט, צוריקקערנ־דיק זיך נאָך אַ פּויזע צו איר פראַגע.

— ווען וואָס קאָן מען טראַכטן אין דעם הערלעכן פאַרמיטאָג, זיצנ־דיק אַליין אין גאָרטן? וועגן דעם אַז די וועלט איז פּרעכטיק שיין, אמת?

גאַנדז — האָט ער אַ טראַכט געטון און באַלד האָבן זיך אירע אויגן אים אויסגעוויזן צו זיין ווייניקער בלאָ.

— עס הייבט זיך נישט אָן — האָט ער הויך געענטפערט — האַרבסט גיט מיר רעפלעקטיווע שטימונגען. איך האָב דאָך סיבות דערצו.

זי האָט אים צוגעוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק.

פאַרפאַלן, ער איז אַריינגעפאַלן. ער איז שוין דאָ געזעסן איינער אַליין אַ צוויי שעה צייט. ער האָט געמוזט רעדן, אַלץ איינס ווער ס'הערט זיך צו אים צו. דעם מיידלס שיינקייט האָט פאַרגיטיקט איר באַנאַלע אויפֿפירונג.

— זעט איר — האָט ער פלוצלינג אָנגעהויבן איר צו „אירצן״ — איך האָב געענדיקט די מיטלשול און באַקומען די רייפקייט־צייגעניש. דאָס איז מחייב. דאָס האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין רייף אָנצוגיין מיט מיין ווייטערדיק לעבן. איצט מוז איך אויסקלייבן — אויף לינקס צי אויף רעכטס. ווען איך בין געווען אַ קליינער, האָט מען מיר אַלע מאָל געשטעלט די פראַגע: וואָס וועסטו זיין ווען דו וועסט אויסוואַקסן? ווי לייכט האָב איך געפונען אַן ענטפער: אַ פייערלעשער, אַ פורמאַן — האָב איך געזאָגט. איצט ווען מע פרעגט ביי מיר, ביי אַן אַלטן יונג — שווייג איך. ווייל מ'האָט מיר געהייסן אויסקלייבן אַ פּראַקטישן באַרוף... איז וואָס אַלזאָ? אַן אינזשיניער? כ'האָב נישט ליב מאַטעמאַטיק. אַ כעמיקער? כ'האָב מורא פאַר אַ לעבן וואָס מע פאַרברענגט אין דער לאַבאָראַטאָריע. אַ פּאַרמאַצעווט? איך גלייב נישט אין פילן. אַ דאָקטאָר? ס'ווערט מיר נישט גוט ווען איך זע בלוט.

זי האָט געלאַכט פון זיין מאָנאָלאָג.

— איר זענט דאָך אַ שרייבער. איר האָט אַ טאַלאַנט.

ער האָט זיך פאַררויטלט.

— פון וואַנען ווייסט איר אַז איך שרייב? — האָט ער געפרעגט. דער פאַקט, אַז זי האָט אַנטדעקט זיין סוד, האָט איר צו אים דערנענטערט.

— אַניע האָט נישט איין מאָל דערציילט. טייל מאָל — האָט זי אָנגעהויבן צו שטאַמלען — ווען איר זענט נישט געווען אין דער היים האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו אייער שופלאָד... איך האָב געלייענט אייער פּאָעזיע... איר האָט באמת טאַלאַנט.

ער וואָלט באַדאַרפט זיך אויפהייבן, אויסזידלען זי און אַוועקגיין,

ווייל זי האָט זיך צוגעגנבעט און געזוכט אין זיינע פּאַפּירן, אָבער הענריק האָט דאָס נישט געטון. די אָנערקענונג פאַר זיין טאַלאַנט האָט אים פאַר־שאַפט אַ צו גרויס פאַרגעניגן, אַז ער זאָל זיך קאָנען בייזערן.

— איר האָט נישט געלאַכט פון מיר? — האָט ער געפרעגט.

— ניין. קיין מאָל נישט. איך בין געווען גערירט מיט אייער געדיכט וועגן רום. איר וועט זיין אַ גרויסער שרייבער — האָט זי ערנסט צוגעגעבן.

— איך דאַנק פאַר די נביאות — די שטים איז אים שטעקן געבליבן אין האַלדז — איך דאַנק אייך, פרייליין אַדעלאַ — האָט ער זיך צוגערוקט און מיט אַן אומגעלומפּערטן זשעסט געדריקט איר האַנט צו זיינע ליפּן.

ס׳מיידל האָט זיך נישט געוועערט ווען ער האָט פאַרהאַלטן איר האַנט.

— ווי שיין איר זענט — האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן.

— איר זעט מיך דען צום ערשטן מאָל?

— יאָ. צום ערשטן מאָל — האָט ער אַקצענטירט די ווערטער.

זי האָט פאַרשטאַנען דעם זין פון זיינע ווערטער. זי האָט אויך, נאָך פאַראַיאָרן, אַפילו נאָכן איבערלייענען זיין פאַרבאַהאַלטענעם העפט מיט פּאָעזיעס נישט געזען אין הענריקן גאָרנישט מער חוץ אַ געוויינטלעכן שול־יינגל, דעם ברודער פון איר פריינדין, איינעם פון אַ סך. זי האָט ערשט איצט באַמערקט די גילדערנע הערעלעך, וואָס האָבן אָנגעהויבן שפּראָצן איבער די דעליקאַט־אויסגעשניטענע און אויסדרוקפולע ליפּן און די טיפע אויגן, באַשטראַלטע מיט אַן אינערלעכן גלאַנץ. די גאָלד־בלאָנדע האָר האָט ער געטראָגן פאַרוואָרפן הויך איבערן גרויסן בלאַסן שטערן. ער האָט אויס־געזען ווי אַן אמתער ליטעראַט.

— איך האָב ליב פּאָעזיע, איך האָב ליב דעם האַרבסט — האָט זי דערנאָך געפּלאַפּלט מיטן ענטוזיאַזם פון אַ שולמיידל — איך וואָלט מיך געקאָנט פאַרליבן נאָר אין אַ פּאָעט.

ווי אַזוי דאַרף מען דאָס פאַרשטיין? — האָט ער געטראַכט גייענדיק צוריק אַהיים. די שטאָט האָט זיך אים אויסגעוויזן פרייליכער און די מענטשן מונטערער.

אָן ביטערניש האָט ער אויסגעהערט אין קאָרידאָר די הויכע דער־קלערונג פון זיין מוטער, וואָס האָט גערעדט צום פאָטער:

— היינט מוזסטו ענדגילטיק אַ שמועס טון מיט הענריקן.

אָט דעם שמועס האָט מען אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג. טייל מאָל, ווען ער איז אַריין אין צימער, האָט ער זיך געטראָפן מיט אַ צעמישטן בליק פון זיין מוטער — פּונקט אַזוי ווי איצט. זיי האָבן גאַנץ באַשטימט גערעדט וועגן אים.

איך בין דאָך אַ דערוואַקסענער — האָט ער געטראַכט, איז צו וואָס פאַרנעמען זיי זיך כסדר מיט מיינע ענינים.

ער האָט זיך נישט איין מאָל געבונטעוועט קעגן דעם וואָס ער איז אַ בן־יחיד.

— „אָ, דאָ האָסטו, זונעלע, אַ קיכעלע... דאָ האָסטו, זונעלע, אַ טיכל צו דער נאָז... בייג זיך נישט אַרויס דורכן פענצטער, אוצרל, ווייל דו וועסט אַרויספאַלן... לויף נישט אַרום, מלאך מיינער... אָט דאָ האָסטו, זונעלע, בילדונג; דאָ האָסטו ליבינקער אַ דיפּלאָם.

„מיר איז נמאס געוואָרן די פאָרשטעלונג און איך האָב נישט געוואָלט טאַנצן צום טאַקט און אויף אַ קאָמאַנדע. איך האָב מיך, גאָט באַהיט, נישט געשטעלט קאַפּריער, נישט קיין קאָפּע געטון דעם באַזיגער, נאָר אַראָפּגעלאָזט מיין קאָפּ צו דער ערד און מער נישט געוואָלט — און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך אויף מיר אָנגעברוגזט“.

אַזוי האָט ער שפּעטער געשריבן. חוץ די אַלע פאָרווורפן, האָט ער טיף און האַרציק ליב געהאַט זיינע עלטערן. די ליבע איז היינט געווען פאַרשטעלט מיט פאַרדראָס, אָבער מיט יאָרן שפּעטער דריקט ער זי אויס אין זיין פּרעכטיקער „דעדיקאַציע“ צו די תפילות „אַליין מיט גאָט“.

— לאָז אים זיך אויסשוימען — האָט גערעדט די מוטער צום פאָטער — דערמאָן זיך, צי האָסטו זיך אויך נישט געבונטעוועט קעגן דער וועלט? דאָס איז די פּריווילעגיע פון דער יוגנט, וואָס וועט איבערגיין.

— איך וואָלט געקושט מיינע עלטערן די הענט, ווען זיי וואָלטן מיר פאָרגעלייגט, וואָס איך לייג אים פאָר. מע וואָלט נאָך געקאָנט מיינען, אַז איך וויל אים אָפּגעבן פאַר אַ שוסטער־יונג. איך וויל, אַז מיין בן־יחיד זאָל האָבן אַ דיפּלאָם... צוליב דעם האָט ער דאָך געענדיקט די מיטלשול. זאָל ער אויסקלייבן וואָס פאַר אַ פאַקולטעט ער וויל.

— דו ווייסט, אַז העניק וויל זיין אַ שרייבער.

— דאַרף מען אים אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. דאָס איז נישט קיין שום פּראָפעסיע. פון דעם קאָן מען נישט האָבן קיין פּרנסה. ער וועט אַריינפאַלן אין אַ געזעלשאַפט פון שיכורים און פּראָסטיטוטקעס. אָ, איך קען די ציגאַנעריע. אַפילו די פּעיקסטע פון זיי גייען אַרום אָן אַ גראָשן געלט. העניק איז דעליקאַט און צעפּיעשטשעט. יעדער צווייטער ליטעראַט איז שווינדזוכטיק.

— איך האָב אים דאָס פאַרטייטשט, אָבער ער איז, ווי תמיד, איינגעעקשנט. ער גלייבט אין זיין באַרוף. ער טענהט, אַז אַן אוניווערסיטעט איז אַ ווייטערדיקער טייל פון דער מיטלשול. ער האָט געענוג די „אָפיציעלע בילדונג".

— און וואָס איז מיט זיין זעלבסטשטענדיקייט? זאָל ער שטודירן כעמיע.

די דערינערונג פונעם פאַרגאַנגענעם נאָכמיטאָג האָט אים געשטאַרקט קעגן יעטוועדער אומאָנגענעמלעכקייט.

ער האָט געקוקט אויף זיין פאָטערס פאַרזאָרגט פּנים באַדעקט מיט קנייטשן, אויפן פאַרכמאַרעטן שטערן און אויף די פאַרביסענע ליפּן.

ווען מ'איז אַלט אַכצן יאָר, זענען פאַראַן טעג, אַז מע וואָלט געוואָלט יעדן איינעם געבן ס'טעלערל פון הימל.

— פון וואַנען קומסטו? ווידער אָפּגעפּוילענצט אַ טאָג?

נעכטן נאָך וואָלט ער חוצפּהדיק צוריקגעענטפערט, היינט אָבער האָט ער געזאָגט:

— כ'בין געווען אין גאָרטן. כ'הער נישט אויף צו באַטראַכטן די לאַגע. פוילקייט? ניין, דאָס זענען מאָמענטן פון אַנטשיידונג. כ'וועל פּרוּוון — אפשר מעדיצין?

— ענדלעך! — האָבן ביידע אויסגערופן.

— אָבער פאַרוואָס נישט כעמיע? — האָט געפרעגט דער פאָטער.

— מיך אינטערעסירט קודם־כּל דער מענטש...

דער פאָטער אַליין דערליידיקט אַלע איינשרייב־פאָרמאַליטעטן.

די לעקציעס זענען געווען מאָנאָטאָן, נישט אינטערעסאַנט. ספּעציעל

האָט ער פּיינט געהאַט אַנאַטאָמיע. ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנ־הייט, האָט ער די לעקציעס דורכגעלאָזט.

אויף דער קראָקאָווער־פּאָרשטאָט, לעבן אוניווערסיטעט, אין אַ קליי־נעם קאַפעהויז האָט צוועלף אַזייגער בייטאָג אויף אים געוואַרט אַדעלע.

אירע באַקן זענען געווען פאַררויטלט פון פראָסט, די ליפן רויטער ווי געוויינטלעך און די אויגן האָבן געפינקלט פונעם קאַלטן ווינט. זיי האָבןביידע געגעסן קיכלעך, פאַרטרונקען מיט ווייסער קאַווע און הענריק האָט איר דערציילט וועגן זיינע חברים, פראָפעסאָרן און וועגן זיינע לעקציעס.

איין מאָל האָט ער זיך אַפילו באַרימט, אַז ער האָט געקריגן אַ פינף פון אַנאַטאָמיע.

דערנאָך האָט זי פון די חברים זיך דערוווסט דעם אמת וועגן דער נאָטע. זי האָט געערן דערציילט וועגן איר פריינדשאַפט מיט הענריקן, זי האָט אַפילו ליב געהאַט זיך צו באַרימען מיט דער באַקאַנטשאַפט.

עטלעכע פון זיינע קורצע דערציילונגען האָט מען שוין געדרוקט אין „קוריער וואַרשאַווסקי" און אין „אַטענעום" — ס׳האָט איר געשמייכלט די געזעלשאַפט פון אַ ליטעראַט, וועלכער, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ רום ער וועט דערגרייכן אין דער צוקונפט.

— אָבער קיין דאָקטאָר וועט ער נישט זיין — האָבן זיך געשפּאַרט זיינע קאָלעגן־סטודענטן. הענריק קומט נישט רעגולער אויף די לעקציעס און ווען ער באַווייזט זיך אין פראָסעקטאָריום...

— ווייסטו צוליב וואָס? נישט צוליב דעם אַז ער זאָל ווי אַלע אַנ־דערע פאַלמעסן די טויטע, נאָר בכדי זיך צו זיי צוצוקוקן.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן איר פאַרטייטשט:

ער אינטערעסירט זיך ספּעציעל מיט טויטע קערפּערס פון קליינע קינ־דער. ער גיט אַלע מאָל דעם אויפזעער עפּעס אין דער האַנט אַריין, אַז ער זאָל אים ברענגען אַ קערפּער פון אַ קינד, וואָס איז געשטאָרבן אין שפּי־טאָל. אַנשטאָט זיך צו נעמען צו דער געוויינטלעכער אַרבעט, זעצט ער זיך אַוועק לעבן טויטן קינד און קוקט זיך איין שעהענווייז אינעם פּנימל. איין מאָל, ווען ער איז אַזוי געווען פאַרקוקט אין אַ טויט קינד, איז ער געבליבן זיצן אין פראָסעקטאָריום ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַ געוויסער פראָפע־

סאָר, וואָס איז אין שכנותדיקן קאַבינעט געווען פאַרנומען מיט וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען האָט דורכגייענדיק, זיך אָנגעשטויסן אויף דעם סטו־דענט. ער האָט אַ קוק געטון אויפן זייגערל. ס׳איז געווען כמעט צוועלף ביינאַכט.

— ווער אַרבעט עס אין דער צייט? — האָט ער געפרעגט ביים אויפזעער.

— אַ סטודענט, וואָס שטודירט אויפן ערשטן יאָר מעדיצין — האָט דער אויפזעער געענטפערט.

— זיין נאָמען?

— העניק גאָלדשמידט.

ער האָט פאַרשריבן אין זיין נאָטיצבוך. ביים סוף פון סעמעסטער האָט העניק באַקומען פאַר פלייסיקייט אַ פּיר. דאָס איז געווען די איינ־ציקע פּיר, וואָס ער האָט באַקומען אין אוניווערסיטעט.

אָן אַנדערש מאָל האָבן זיי איר דערציילט וועגן אַ סקאַנדאַל, וואָס העניק האָט אַרויסגערופן אויף אַ זיצונג פון דער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט איינזאַם אין אַ ווינקל און ס׳האָט אויס־געזען, אַז ער הערט זיך אַפילו נישט צו צו דעם וואָס מע רעדט. מ׳האָט אויף אים גאָר קיין אַכט נישט געלייגט. ווי געוויינטלעך האָט זיך עס אָנ־געהויבן מיט אַ שטורעמדיקן אויסוויילן אַ פאָרזיצער. נישט קיין קלענערע קריגעריי איז אַנטשטאַנען ביים אויסאַרבעטן די טאָג־אָרדענונג און דער־נאָך זענען פאָרגעקומען אָראַטאָרישע אַרויסטרעטונגען פון די אָנטיילנע־מער איבער אַ דיסקוסיע אויף אַ מינדערוויכטיקער טעמע.

פּלוצלינג האָט זיך העניק אויפגעשטעלט און אויפגעהויבן ווי אַ שילער צוויי פינגער:

— איך בעט אַ וואָרט — האָט ער אַ זאָג געטון.

אַלע האָבן געוואָלט הערן וואָס ער וועט זאָגן. ער האָט אַזוי זעלטן גענומען אַ וואָרט. ער האָט געהאַט אַן ערנסטן, קאָנצענטרירטן אויסדרוק אויף זיין פּנים, נאָר אין זיינע אויגן האָבן געפינקלט עפּעס אומרויִקע, בייז־וויליקע פייערלעך. ס׳איז געוואָרן שטיל.

— איך האָב געוואָלט זאָגן די קאָלעגן, אַז איך האָב זיי אַלע אין הינטן...

און ער איז אַרויסגעגאַנגען. ער האָט, ווייזט אויס, געוואָלט צי׳ען די אויפמערקזאַמקייט אויף דער פּוסטקייט פון די באַרירטע ענינים. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ קאָנסטערנאַציע. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז מ׳האָט זיך צוריקגעקערט צום נאָרמאַלן גאַנג פון די באַראַטונגען. זיי זענען שוין נישט געווען אַזוי שטורמיש ווי פריִער.

ווען מ׳האָט אים אַ מאָל צופעליק געטראָפן אויף דער גאַס און גע־פרעגט וואָס פאַר אַ ספּעציאַליטעט ער וועט זיך אויסקלייבן, האָט ער לאַ־קאָניש געענטפערט:

— פּעדיאַטריע... און ווייסט איר, קאָלעגע, פאַרוואָס? ווייל ס׳איז דאָס פּשוטסטע. אַ קינד ברעכט צום מערסטן — איז עס גאַסטריטיס. אָדער ס׳באַמאַכט זיך — איז עס ענטעריטיס. אָדער ס׳ברעכט און באַמאַכט זיך צוזאַמען — איז עס גאַסטראָ־ענטעריטיס. וואָס דאַרף מען דאָ לאַנג נאָכ־טראַכטן?

אָבער אַלע האָבן געוווסט, אַז פּעדיאַטריע האָט ער פאַרבונדן מיט אַ טיפערן זין. ער האָט זיך, אגב, נישט געענדערט אויך מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיין אָנוועזנקייט אויפן אַלפוילישן דאָקטוירים־צוזאַמענפאָר איז גע־ווען אָנערקענט דורך אַלע אָנטיילנעמער פון דער פאַרזאַמלונג פאַר אַ גרויסן כבוד. פּונקט ווי אַ מאָל האָט ער נישט געוואָלט נעמען קיין אָנטייל אין דער זיצונג. מ׳האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע נאָך אים און מ׳האָט אים גע־בראַכט. ער האָט זיך דאָס מאָל אויך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און נאָך די פאַרענדיקטע באַראַטונגען איז ער צוגעגאַנגען צום פאָרזיצער פונעם צוזאַמענפאָר — אַ באַוווסטן פּראָפעסאָר, און ער האָט אים געפרעגט:

— צי קאָנט איר מיר זאָגן, קאָלעגע, וויפל קעמערלעך פאַרמאָגט אַ מענטש? צי האָט איר נישט איבערגעציילט? — זעענדיק אַ דערשטוינטן בליק, האָט ער צוגעגעבן: — ווייל איך מיין, אַז זיי זענען פאַראַן אַ סך, אַ סך מיליאָנען. און זיי לעבן צווישן זיך בשלום אין איין אָרגאַניזם. און מענטשן — קאָנען נישט לעבן מיטאַנאַנד בשלום.

קיינער האָט נישט געוווסט, ווי ס׳האָט אָפּט פּאַסירט, צי ער רעדט

ערנסט, צי ער שפּאַסט. ער איז שוין דעמאָלט געווען אַזוי באַרימט, אַז ער האָט זיך געקאָנט אויף אַלץ דערלויבן.

אָט די אַנעקדאָטן וועגן הענריקן, וואָס מ׳האָט זיך דערציילט אויפן אויער אין וואַרשע, האָבן אים צוגעגעבן חן אין אַדעלעס אויגן.

ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז אין איר פאַרליבט. און זי האָט אין קאַפעהויז אים צוגעוואָרפן בליקן פול מיט צוזאָג און בענק־שאַפט. הענריק איז געוואָרן רויט און בלאַס. ער האָט נישט געהאַט קיין מוט וועגן עפּעס זיך צו פרעגן. ס׳האָבן זיך אין אים געראַנגלט אומבאַ־שטימטע געפילן. אין דער קעגנוואַרט פון אַדעלען האָט זיך אים אויסגע־וויזן, אַז זי איז אים נאָענט. ס׳איז אָבער גענוג געווען, אַז ער זאָל זיך געפינען אויסערן קרייז פון איר פערזענלעכן איינפלוס, כדי ער זאָל פאַר־שטיין, אַז מיט אָט דעם שיינעם, אויסגעפוצטן, אָנגענעמען באַשעפעניש בינדט אים לגמרי נישט קיין שום געמיינזאַמס.

— נישט אַזוי דאַרף אויסזען ליבע — האָט ער געטראַכט און איז אַנטלאָפן צו די ביכער; נאָר זיי האָבן צו אים גערעדט מיט דער וויכטי־קייט און ערנסטקייט וועגן פּראָבלעמען וואָס האָבן אים אינטערעסירט.

די מעדיצינישע שטודיומס האָבן אים אָוועקגעריסן פון זיין ליטעראַ־רישער אַרבעט. די אוניווערסיטעט־זאַלן זענען געווען פונקט אַזאַ תפיסה ווי די שולזאַלן. ער האָט פאַרלוירן צייט כדי זיך צו באַקענען מיט די סו־דות פון מענטשלעכן קערפּער און גאָרנישט געוווּסט וועגן דער מענטש־לעכער נשמה... דאָס וויכטיקסטע איז פאַר אים געווען נישט ווי אַזוי צו היילן, נאָר ווי אַזוי צו באַהאַנדלען; דאָס פּאַלמעסן פון די געפילן, נישט פונעם קערפּער; באַקענען זיך מיטן כאַראַקטער פונעם מענטשן, נישט מיט זיינע ביינער.

גיך זענען אַריבער די ווינטערדיקע חדשים פונעם ערשטן סעמעסטער.

ווען ס׳איז ווידער געקומען דער פרילינג אין די וואַרשעווער פּאַרקן, אינעם גערטנדל פון קראָקעווער־פאָרשטאָט, לעבן אוניווערסיטעט, — האָט דער פערסישער בעז געשמעקט אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט דערשטיקט דעם גערוך פון פאָרמאַלין מיט וועלכן ס׳איז געווען דורכגעזאַפּט דער בלאָער סטודענטישער מונדיר. ווען מע קוקט אַזוי אויף די צווייגן פולע מיט בעז

אַ פינף מינוט נאָכאַנאַנד, ווייזט זיך דערנאָך די גאַס אויך אויס פּיאַלעט.

העגריק האָט זיך געדרייט הין און צוריק פון אָנהייב ביזן סוף פונעם גערטנדל און נישט געקאָנט אָפּרייסן זיינע אויגן פון די בלומען. ער האָט געוואַרט אויף אַדעלען. אין זיין טאַש האָבן געקלונגען צוויי רובל, וואָס ער האָט נאָר וואָס אָפּגענומען פון דער רעדאַקציע פון „קורירער וואַר־שאַווסקי״ פאַר קורצע דערציילונגען. אין די געדאַנקען האָט ער כסדר אי־בערגעחזרט די לעצטע ווערטער פונעם געשפּרעך מיטן רעדאַקטאָר: „שרייבט אומבאַדינגט ווייטער!״

ס׳האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן אַז די וועלט געהערט צו אים.

זי איז געקומען אָנגעטון אין אַ העל־גראָען קאָסטיום און אַ גרויסן הוט מיט אַ פעדער. דער שטייפער זשאַבאָט האָט אויסגעזען אויף איר ברוסט ווי אַ וואָלקנדל.

— ממש ווי פּרימאַווערא — האָט אַ טראַכט געטון הענריק אַ פאַר־וווּנדערטער ווען זי האָט אויף זיין באַגריסונג־שמייכל געענטפערט מיט אַ צעמישטן בליק.

ער האָט געדונגען אַ צווייפערדיקע דראָשקע אויף אַ שעה צייט. אַזוי זיך, וואָרן די וואַרשעווער יוגנט האָט אין יענע צייטן געהאַלטן פאַרן גרעסטן פאַרגעניגן אַרומצופאָרן אין אַ זוניקן פרילינגטאָג איבער די אַלייען און די לאַזשענקעס מיט אַ פיאַקער איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד.

זיי האָבן פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן ווערטער, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיטן הויכן ריטמישן קלאַפּן פון די פערדישע קאָפּיטעס אויפן ברוק:

טאָם טאָם־טאָם־טאָם, טאָם טאָם־טאָם־טאָם...

— ער האָט געזאָגט, אַז איך זאָל ווייטער שרייבן...

— דו האָסט צו ווייניק איינדרוקן. וואָלסט באַדאַרפט אַוועקפאָרן.

— וואָלסטו געפאָרן מיט מיר?

זי האָט נישט געענטפערט.

— איך האָב אַ גלענצנדיקן איינפאַל! — האָט הענריק געזאָגט אַ פאַרטראַכטער — איך וועל פון באַזונדערע סקיצן צונויפשטעלן אַ בוך.

אַדעלע איז געווען די איינציקע פּערזאָן, מיט וועלכער ער האָט גע־רעדט וועגן זיין ליטעראַרישער טעטיקייט.

— אַ שרייבער דאַרף זיך נישט פאַרבונדן — האָט זי סודותפול געזאָגט.

ער האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף דעם. דער געדאַנק וועגן בוך האָט אים אין גאַנצן פאַרשלונגען. האָבנדיק ביי דער זייט אַ שיין מיידל, האָט ער געהאַט אין דעם פרילינג־פרימאָרגן נאָר אָנגענעמע גע־דאַנקען.

אַ געוויסן טאָג האָט אים אַניע דערציילט, אַז אַדעלע האָט זיך פאַר־לאָבט.

ער האָט נישט געוואָלט גלייבן:

— אָבער ערשט מיט אַ וואָך צוריק...

מע האָט עס אים אויפגעקלערט. אַדעלעס עלטערן האָבן פאַרלוירן זייער פאַרמעגן. אַ שיינע פרוי אָן געלט איז ווי אַ טייערער איידלשטיין אָן אַן איינפאַסונג. איר מוטער האָט זי צוגערעדט. זי האָט — ווי מע דער־ציילט — אַפילו געוויינט... פון אָנהייב האָט זי נישט געוואָלט... זי האָט באַקומען גרויסע ברילאַנטן און אַ קאַרעטע איינגעשפּאַנט אין צוויי פערד... אַ פינפצימערדיקע וווינונג, הערלעך מעבלירט...

ער האָט נישט געוואָלט הערן קיין פרטים. ס'איז אים באַפאַלן אַ חלשות.

אַלע זענען זיי אַזעלכע! — האָט ער געטראַכט. זיי וואַרטן נאָר אויף אַ געלעגנהייט זיך צו פאַרקויפן.

די דאָזיקע באַשולדיקונג האָט ער געוואָרפן אויף דער גאַנצער סביבה. ער האָט אָבסערווירט זיינע קאָלעגן, די צוקונפטיקע דאָקטוירים. זיי וועלן זיך אויך פאַרקויפן צו רייכע פריילינס פאַר שיינמעבלירטע וווינונגען אין פאַר קאַרעטעס, אָדער זיי וועלן זייער וויסן פאַרקויפן צו קראַנקע פאַר גראָבע געלטער.

ער האָט דאָס אַלץ געהאַט גענוג, איבער די אויערן. ער מוז געפינען אַנדערע מענטשן; ער מוז פאַרענדיקן מיט די צביעות און היפּאָקריטסטווע פונעם גאַנצן אַרום. ער מוז פאַרענדיקן מיט דער אָפיציעלער בילדונג.

ער האָט באַשלאָסן איבערצורייסן זיינע שטודיומס.

קאַפּיטל זעקס

# אין דער שווייץ

און דאָך האָט דער פּאָטער פאַרשטאַנען.

ווער איז געווען דער פאַרמיטלער? די מוטער צי טאַנטע מאַניע, וואָס האָט אַלע מאָל באַגעגנט העגריקן מיט אַן אויסגעשריי: — „אָ, יוגנט, דו פליִ איבער דער אויבערפלאַך!“...

גענוג, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך געעפנט די פייער־קאַסע אי־נעם פּאָטערס קאַבינעט און די קאָלירטע הונדערטרובלדיקע פּאַפּירלעך האָבן זיך באַוויזן אויפן שרייבטיש.

— זאָל ער פאָרן! — האָט אַ זיפץ געטון די מוטער.

— זאָל ער פאָרן! — האָט באַשלאָסן דער פּאָטער, ווען ער האָט דער־זען אין דער צייטונג זיין זונס ערשטע געדרוקטע דערציילונג.

דער רויך, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם לאָקאָמאָטיוו אויפן ווינער וואָקזאַל, איז מסתמא געווען דער שענסטער ריח פון דער וועלט און דאָס קלאַפּן פון די רעדער פונעם וואַגאָן האָט געקלונגען ווי אַן איינלאַדונג צו אַ קאַרנאַוואַל.

ענדלעך אַליין. ווייט פון די עלטערנס קאָנטראָל, פון דער שוועסטערס שטעכיקע שפּאַסן, פון רעוויזיעס צווישן זיינע פּאַפּירן און פון זייער אי־בעריייענען אַלץ וואָס ער האָט געשריבן באַצירט מיט פאַמיליע־קאָמענ־טאַרן. ווייט פונעם געשטאַנק פון פּראָסעקטאָריום און פון די אויסגעפּוצטע צירלעכע פּראַנטן־סטודענטן מיט זייערע ציניִשע וויצן און באַרימערייען וועגן זייערע דערפאָלגן אין דער קיך; ווייט פון די געשפּרעכן וועגן דער באַרפוילטקייט פון יוגנט, ווייט פון די פרייִלינס, וואָס פאַנגען מענער פונקט ווי אין „יאַריד פון פּוסט־און־פּאַסטקייט“ פון טהאַקערעי.

זיי געזונט וואַרשע פון אַלטעגלעכע קליינלעכע זאָרגן, וואַרשע פון

רכילות־טרייבעריי, פון אויפגעקומענע סוחרים און פאַבריקאַנטן, וואַרשע פון קליינהאַנדל און פון דער אָרעמשאַפט.

דער צוג איז געלאָפן דורך דער פינצטערער נאַכט, פאַרשפּרייטנדיק פונקען. געיאָגט זיך, אַנטלאָפן, אַריינגעריסן זיך אין אַ נייער אומבאַקאַנ־טער וועלט פון אויסלאַנד.

בערלין, וואָס הענריק האָט געזען דורך די פענצטער פון וואַגאָן, האָט אים דערדריקט מיט דער גרויסשטאָטישער באַוועגונג. דורכן פענצטער האָט אַ פינקל געטון די שיינע געביידע פון קעלנער קאַטעדראַל. אויפגע־וועקט האָט ער זיך ביים ציל פון זיין רייזע — אין ציריך.

אַ פריידיק־אויפגערייצטער איז ער געלאָפן איבער די גאַסן פון דער שטאָט.

אויפן וואָקזאַל אין קוואַרטיר־אַמט האָט מען אים געגעבן עטלעכע אַדרעסן פון פרייע צימערן. ער האָט נישט געקאָנט אַרויס פון פאַרוווּנדע־רונג איבער דער גלענצנדיקער אָרגאַניזאַציע און אָרדענונג, מיט וועלכער ער האָט זיך געטראָפן אויף טריט און שריט, כאָטש ער האָט שוין אַזוי פיל מאָל געהערט אין דער היים פון זיינע עלטערן לויבגעזאַנגען וועגן אויס־לאַנד. אין פוילן האָט עס שוין געהערט כמעט צו די גוטע זיטן.

אָבער ווען מ׳איז אַלט 22 יאָר און מ׳ע געפינט זיך אויף דער אויס־געטרוימטער ערד פון דער שווייץ, אין דער מעקאַ פון פרייהייט, אינעם היימלאַנד פון די נייעסטע אידייען און וויסנשאַפטלעכע דעראָבערונגען, אין דער נאָענטקייט פונעם הערלעכן טעמפּל פון קונסט... און האָבן די מעגלעכקייט אָנצושטויסן זיך אויף דער גאַס מיט די וועלטבאַרימטע פּראָ־פעסאָרן, אויסגעצייכנטע געלערנטע, רומפולע פּאָליטיקער, — וואָס נאָך קאָן ער פאַרלאַנגען? פאַרבייגיין קאַפע־הייזער, ווו סטודענטן פון דער גאַנ־צער וועלט זיצן ביי די טישלעך און פירן הויך אויפן קול ליידנשאַפטלעכע דיסקוסיעס אויף טעמעס, וואָס אינטערעסירן אים דוקא צום שטאַרקסטן און ווייזן זיך אים אויס ווי די נאָענטסטע און טייערסטע: ווי אַזוי צו ענ־דערן, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן, ווי אַזוי אויסצובעסערן די וועלט... ווען ער זאָל אַפילו נישט קאָנען צוגעבן זיינע מיינונגען נאָר בלויז הערן, הערן און הערן... איז שוין אויך גענוג פאַר אים.

אַ טראַכט צו טון, אַז ס'איז דאָ ערגעץ אויף דער וועלט אַ ווינקל, ווו מע קאָן בקול־רם אַרויסזאָגן אַלץ וואָס מע טראַכט, נישט אַרויסרופנדיק קיין בייזע געפילן און נישט זיין אויסגעשטעלט צו גיין דערפאַר אין תפיסה. אַז אין פּאַרק קאָן מען לייענען יעדעס בוך וואָס מע וויל; אַז פון הינטערן ראָג פון דער גאַס וועט דיך קיין מאָל נישט באַגלייטן אַ פאַר־דעכטיקער בליק פון אַ פּאָליציאַנט און דער הויזוועכטער, מסור, וועט זיך אויף דיר נישט אומקוקן...

אין דער עקזאַלטאַציע האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַפילו די בול־קע איז געבאַקן פון אַ געטלעכן מעל. ער האָט זשעדנע געזופּט די געלב־לעכע, פעטע מילך, וואָס האָט געשמעקט מיט קרייטעכצער, ווי ווערמוט.

עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ כאָפּטע צעשמייכלטע קינדער, וואָס זע־נען צוריקגעגאַנגען פון דער שול. פאַרברוינטע פיס אין שקאַרפּעטן, ראָזע פּנימלעך, העלע און מוטיקע בליקן. ער האָט אַ טראַכט געטון פון די לאַנ־גע שילער־שינעלן אויף אויסצוואַקסן און פון די פאַרוויינטע אויגן.

נאָך לאַנגע זוכענישן האָט ער באַשלאָסן צו נעמען אַ באַשיידן צימער הינטער דער שטאָט, אין אַ הילצערן הייזל, ביי אַן אַלמנה נאָך אַ באַן־אַר־בעטער. ער האָט דאָ געהאַט נישט נאָר די איינזאַמקייט, וועגן וועלכער עס חלומען שרייבערס פון די גרויסע שטעט, נאָר קודם־כל אַן אומפאַר־געסלעכע פּאַנאָראַמע פון אַן אָזערע.

פאַרנאַכט זענען די קי, קלינגענדיק מיט די גלעקלעך וואָס זענען גע־ווען צוגעבונדן צו זייערע העלדזער, צוריקגעגאַנגען פון די בערג אין זייער שטאַל. ווער געדענקט עס נישט די אייגנאַרטיקע אַלפּן־סימפאָניע?

אין דער פרי, שפּרינגענדיק דורך די שטיינער — פייכטע פון טוי — איז ער אַרויס גלייך אויפן וועג, ווו אַן אָמניבוס האָט אים געפירט אין שטאָט אַריין. ער האָט זיך פאַרשריבן צו שטודירן כעמיע אַזוי ווי ער האָט באַשלאָסן אין וואַרשע. אָבער שוין נאָך איין וואָך האָט ער זיך איבערגע־שראָקן פאַר די לאָגאַריטמען און פּאַראַלעלן, מיט וועלכע ער האָט קיין מאָל נישט געלעבט בשלום. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ס'וואַרט אויף אים אַזוי פיל מאַטעמאַטיק. ער האָט געוווּסט אַז דאָס איז געווען אַ באַרג, צו וועמענס שפּיץ ער וועט קיין מאָל נישט דערגרייכן.

אָ, ווי שטאַרקער האָבן איִם געלאָקט די אַרומיקע באַרגשפּיצן!

אויסגעשטאַט אין אַן אַלפּן־שטעקן מיט אַ שאַרפן עק האָט ער אָפט מאָל אַליין, און טייל מאָל אין דער געזעלשאַפט פון חברים און חבר׳טעס, געמאַכט לאַנגע, אומפאַרגעסלעכע אויספלוגן אין די בערג. זיי זענען גע־גאַנגען איינקוקנדיק זיך אין די פלאַקערנדיקע גלעטשערס אויף די שפּיצן. די באַרימטע „אַלפּענגליהען" האָבן אויסגעזען ווי דער אָנהייב פון אַ וועלט־שריפה.

צוזאַמען האָט מען געזונגען אָדער דעקלאַמירט. די פּערזן פון סלאָ־וואַצקי, פּושקין און היינע האָבן אָפּגעהילכט צווישן די בערג און טאָלן.

בעת איינעם פון די אויספלוגן האָט ער זיך באַקענט מיט אַ יונגער סטודענטין פון צווייטן יאָר פּסיכאָלאָגיע. זי האָט זיך דערפרייט ווען זי האָט דערהערט אַז ער שטאַמט פון וואַרשע.

זי איז שוין נישט געווען אין איר געבורטשטאָט אַ צוויי יאָר צייט און זי קאָן זיך פּשוט נישט דערוואַרטן אויפן צוריקקער. איז דאָרט אַלץ ווי געווען? וואָס פאַרע פּיעסן שפּילט מען אין די טעאַטערס? צי זענען איצט צוגעקומען מער שוואַנען אינעם סטאַוו פון זאַקסישן גאָרטן?

זי איז געווען אַ סך העכער פון הענריקן. זי האָט געטראָגן פּאַנטאָפל אָן אָבצאַסן און אַ שוואַרצן בערעט אויף די טונקעלע, גלאַנצנדיקע האָר וואָס זענען געווען צונויפגעקליבן פון הינטן. זי איז נישט געווען קיין שיי־נע, נאָר תמיד אַ לעבעדיקע. שוואַרצע אויגן און ווייסע, גלייכע ציין, וואָס זי האָט געוויזן ביים שמייכלען — און רעדנדיק האָט זי כסדר געשמייכלט — דער רונדער, גוטמוטיקער אָוואַל פון איר פּנים, האָבן זי געמאַכט רייצנ־דיק און צוציִענדיק. עס האָט איר אַפילו נישט מיאוסער געמאַכט די ברייטע, געַנוג־גרויסע נאָז. פון איר גאַנצער געשטאַלט האָט געשלאָגן מיט ענערגיע און יוגנטלעכקייט.

זי איז געגאַנגען באַרגאַרויף — געזונט און שטאַרק ווי אַ ייִנגל, אומ־מיטלבאַר, פּשוט, אָן אַ שאָטן פון געקינצלטקייט אין איר האַלטונג, אָן אַ פאַרלאַנג אויסצוזען אַנדערש ווי זי איז געווען אין דער ווירקלעכקייט.

— ביי אונדז אין דער היים האָט מען זיי גערופן עמאַנציפּאַנטקעס

— האָט אַ טראַכט געטון הענריק, ווען זי האָט אָפּגעוואָרפן די אויסגע־שטרעקטע האַנט ביים אַריבערשפּרינגען אַ טייכל.

— איך גיי אָפּט אַליין אויף אויספלוגן — האָט זי געזאָגט — מע מוז זיך אַלזאָ אויסלערנען צו באַגיין אָן הילף. זיי האָבן איבערגעלאָזט די רעשט פון דער געזעלשאַפט הינטער זיך. סטעפע איז צוריקגעקומען צום געשפּרעך וועגן וואַרשע.

— ווי שטאַרק האָב איך ליב די שטאָט. ס׳ווייזט זיך מיר אויס, אַז דאָס איז די שענסטע שטאָט אויף דער וועלט.

— מע דאַרף פריִער פאַרלאָזן, כדי שפּעטער ליב צו האָבן — האָט ער געזאָגט.

סטעפע ווילטשינסקי האָט שטודירט צוזאַמען מיט איר עלטערער שוועסטער יוליע. יוליע האָט שטודירט נאַטור־וויסנשאַפט. נאָכן צוריקקו־מען אַהיים האָבן ביידע באַשלאָסן צו ווערן לערערינס.

— דער באַרוף איז צום מערסטן נייטיק אין פּוילן — האָט זי גע־זאָגט. — אינעם לאַנד פון אַנאַלפאַבעטן איז אַזוי פיל דאָ וואָס אויפצוטון.

ער האָט זיך פאַר איר פאַרטרויט, אַז ער האָט אַ גרויסן דראַנג צו דער לערער־פּראָפעסיע. ער וואָלט געוואָלט אַרבעטן צווישן קינדער. לער־נען, העלפן... ס׳איז דאָ אַזוי פיל נויט אין וואַרשע.

— איר קענט נישט די אמתע וואַרשעווער נויט — האָט זי געענט־פערט. — מיר וווינען אויף דער שווענטאָיערסקע גאַס. מיין פאָטער האָט דאָרט אַ הויז. מיינע קליינע שכנים פון דער פראַנטשישקאַנער, סטאַווקע און מילע־גאַס וואַרטן אויף מיין צוריקקער. אין די יִדישע היימען זענען דאָ אַ סך קינדער — האָט זי ווייטער גערעדט — און די עלטערן האָבן זעלטן ווען אַ שטענדיקע פּרנסה. אַ גאַסנהענדלער, אַ הענדלער מיט אַלט־וואַרג, אַ שניידער־לאַטוטניק, אָדער אַ שוסטער — ווייסן קיין מאָל נישט וויפל זיי וועלן פאַרדינען. דערפאַר קאָנען זיי נישט אויסאַרבעטן אַ בור־דזשעט פאַר זיך. די נויט ווערט נאָך טיפער צוליבן אַבערגלויבן. אַן אמתער אָפּגרונט פון פינצטערקייט. איר קענט די שול, אָבער איר קענט נישט קיין חדר — האָט זי צוגעגעבן.

זי האָט אים צוגערעדט, אַז ער זאָל מאָרגן קומען הערן אַ לעקציע פון

פּראָפעסאָר עקיס. זי וועט אים שפּעטער פירן — אויב ער האָט פאַר דעם אַן אינטערעס — אין אַ נייעם עקספּערימענטאַלן דערציִונג־אַנשטאַלט פאַר קינדער.

— צי האָט איר עפּעס געהערט וועגן דער מאָנטעסאָרי?

ניין. העגריק האָט וועגן איר גאָרנישט געהערט. דער רום פון דער איטאַליענישער דאָקטאָרשע האָט זיך פאַרשפּרייט ערשט אין יאָר 1905, ווען זי האָט אויפן קאָנגרעס אין רוים אָפיציעל פאַרעפנטלעכט אירע טעאָריעס.

אָבער שוין איצט אין יאָר 1901 פלעגט איר נאָמען דערמאָנט ווערן פון דער קאַטעדרע אין די אוניווערסיטעט־זאַלן און די יונגע סטודענטן זענען געווען פול מיט ענטוזיאַזם פאַר דער דערציִונג־רעפאָרם וואָס זי האָט פּראָפּאַגירט.

— אַ דאָקטאָר? — האָט זיך הענריק פאַראינטערעסירט. — איך האָב אויך געוואָלט זיין אַ דאָקטאָר. דאָס איז די בעסטע וויסנשאַפטלעכע צוגרייטונג פאַר אַ פּעדאַגאָג.

— טאַקע מאָנטעסאָרי — האָט אים סטעפע דערקלערט — איז נאָכן פאַרענדיקן די מעדיצינישע שטודיומס געפאָרן קיין פּאַריז, בכדי אין בי־סעטר זיך צוצוקוקן צו די מעטאָדן פון סעגיון. נאָכן צוריקקומען קיין רוים, האָט זי זיך פאַרשריבן אויף אַנטראָפּאָלאָגיע, האַלטנדיק אַז די ביז־איצ־טיקע שטודיומס זענען נישט גענוג כדי אָנצוהייבן אַ פּעדאַגאָגישע אַרבעט.

הענריק האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט געפאָרשט אין פּראָסעקטאָ־ריום די קינדערשע גופים נישט קענענדיק אַפילו מאָנטעסאָרי.

די מעטאָדן, וואָס מ׳האָט גענוצט אין די שולן פאַר נישט־נאָרמאַלע קינדער אין עלטער פון ניין און צען יאָר, האָט מאָנטעסאָרי אַריבערגע־טראָגן צו נאָרמאַלע קינדער אין עלטער פון דריי און פיר יאָר.

אירע מעטאָדן האָבן נישט געפונען קיין באַרעכטיקונג און די אַנאַ־לאָגיע, וואָס זי האָט איינגעפירט, האָט אַראָפּגענידערט דעם געזונט־צו־שטאַנד פון די קינדער אין די אויגן פון נישט קאָמפּעטענטע. דאָך האָט איר פריינד, עדואַרדאָ טאַלאַמאָ, זיך יאָ באַנוצט מיט איר דערציִונג־סיס־טעם אין זיינע פיר שולן הינטער רוים און אַזוי אַרום זענען אַנטשטאַנען די ערשטע „קאַסאַ די באַמביני“.

אין דער מאָנטעססאָרי־שול האָבן זיך מיט די קינדער פאַרנומען: אַ דאָקטאָר, אַ פּאַרוואַלטערין און אַ געהילף. להיפּוך צו דער פרעבלשול איז דער הויפּט־פּונקט פון איר דערציִונג געווען — אַבסאָלוטע פרייהייט צו די ספּאָנטאַנע סימפּטאָמען פונעם קינדס טעטיקייטן. דאָס אויסנוצן פון דער גאַנצער איינגעבוירענער ענערגיע און דאָס איינפלאַנצן פון די צוויי פּרינציפּיעלע באַגריפן: גוטס און שלעכטס — אינעם קינד און אין זיין סביבה — דאָס פאַרשטיין וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט אינעם קינד, ווייל דאָס איז אָפט אָפּהענגיק פון זיין איינגעבוירענער אומבאַוועג־לעכקייט אָדער ענערגיע.

אַן ענערגיש, לעבעדיק און טומלדיק קינד — ווערט באַצייכנט ווי אַ שלעכט און נישט דערצויגן קינד. אַ רויִק — ווי אַ גוט און שטיל קינד. דאָס איינפלאַנצן פון די ריכטיקע באַגריפן טרעפט אָפט אָן אויף אַ סך שוועריקייטן.

אַ קינד מוז פאַרשטיין, אַז אים איז דערלויבט אַלץ מיטן אויסנאַם פון דעם, וואָס ס׳קאָן אַנדערע פאַרשאַפן אומאָנגענעמלעכקייט אָדער שאָדן. אַזוי לאַנג ווי מע טוט אָן אַ קינד, מע וואַשט און מע קעמט און מע גיט עס עסן, אַזוי לאַנג איז דאָס קינד קנעכטיש אָפּהענגיק פון די עלטערנס שוץ.

דאָס באַפרייען די קינדער פון דער אָפּהענגיקייט, האַלט מאָנטעססאָרי פאַרן ערשטן און וויכטיקסטן אַקט אין דער דערציִונג פון אַ מענטש. וואָס פריִער דאָס קינד וועט זיך באַפרייען, אַלץ גיכער וועט זיך עס מוזן שטעלן אין די רייען פון אומאָפּהענגיקע מענטשן. די לערערין דאַרף אים ווייזן דעם וועג צו אַ שנעלער אָריענטאַציע אין די נייע פאַר אים טעטיקייטן: פאַרמאַכן, פאַרבינדן, קעמען זיך, אָנטון און אויסטון די קליידער, וואַשן זיך אאַז״וו. אַ קינד, וואָס ווערט זעלבסטשטענדיק אין אָנטון זיך און אין עסן קאָן שוין מאַכן אַ שריט פאָרויס צום שולצימער. אין די זוניקע גרויסע צימערן שפּילן זיך די קינדער און לערנען ליגנדיק אויף דער פּאָדלאָגע, אָדער זיצנדיק לעבן נידעריקע טישן אויף באַקוועמע בענקעלעך, צוגעפּאַס־טע צו זייער הויך.

אין דער מאָנטעססאָרי־שול זענען נישט פאַראַן קיין אויסצייכענונגען

אָדער שטראָפן. מע טאָר נישט ווייזן דעם קינד אַז עס האָט עפּעס שלעכט געטון. די לערע דאַרף זיין ריין אינדיווידועל, צום בעסטן קורץ, פּשוט און זאַכלעך. קיין שום זייטיקע אויפקלערונגען, געשפּרעכן און אויסטייטשונגען. דערפאַר דאַרף אין די מאָנטעססאָרי־שולן הערשן שטילקייט, איבערגעריסן מיט קורצע דערקלערונגען: די קינדער ביי די באַזונדערע טישלעך לערנען זיך אויס אַליין צו פאַרשטיין. און אין דעם שטעקט דער הויפּט־חילוק צווישן דער שול פאַר צוריקגעשטאַנענע קינדער און דער מאָנטעססאָרי־שול, ווו אַ חוץ געוויסע פּרעבל־סיסטעמען, וועלן מיר אויך געפינען באַקאַנטע מעטאָדן פון הילף, וואָס ווערן באַנוצט אין די שולן פאַר צוריקגעשטאַנענע. דאָ לערנט זיך דאָס קינד אַליין, אונטערגעבנדיק זיך דעם נאַטירלעכן דראַנג צו טאַט און אַרבעט, דאָרט ווערט עס דורך שווערער מי אויסגעלערנט.

וועגן דעם „ברעכן דעם ווילן" קאָן קיין רייד נישט זיין אין דער מאָנטעססאָרי־שול. אַ צו־שטיל און באַשיידן קינד לערנט זיך שטופּנווייז צו פאַרלאַנגען און צו האָבן אַ ווילן, מע היילט עס פון דער חולאת, וואָס האָט אין אים צוריקגעהאַלטן דעם איינגעבוירענעם דראַנג צו טאַט און ווילן.

אַ ריי איבונגען, וואָס האָבן פאַר אַ ציל דאָס פאַרטיפן און אויסברייטערן דעם גייסטיקן לעבן פונעם קינד האָבן אַ שייכות צו געהאָרכזאַמקייט. דאָס קינד איז פון דער נאַטור אַליין נישט געהאָרכזאַם, ווייל אינעם ערשטן עטאַפּ פון באַקענען זיך מיט דער סביבה, וואָס איז פאַרן קינד פול מיט כאַאָטישקייט, איז עס אַזוי ווי טויב אויף באַפעלן. אין דער צווייטער סטאַדיע איז דאָ אַ געוויסע שוועריקייט ביי קאָאָרדינירן צוויי באַגריפן, אָבער אַ גאַנצע ריי פּראָצעסן דערלויבן נישט אויסצופירן דעם באַפעל. אין דער דריטער סטאַדיע איז שוין דאָ אַ פולע באַפרידיקונג און חשק אויסצופירן די באַפעלן.

די פיזישע דערציִונג אין די מאָנטעססאָרי־שולן איז איינע פון די וויכטיקסטע, פּאָזיטיווע זייטן פון איר סיסטעם. אַ פּשוטער אַפּאַראַט פון דאָקטאָר סעגיון דינט צום אַנטוויקלען און פאַרשטאַרקן די ביינער, די פיס, די לענדן, דעם רוקנביין אאַז"וו.

פיל שעהען פאַרברענגען די קינדער אינעם גאָרטן, לערנענדיק זיך צו

אָטעמען מיט דער פולער ברוסט. אַ סך איבונגען ווי אונטערגיסן בלומען, פלאַנצן, גראָבן די ערד — גיבן אַ געלעגנהייט צו אַרבעט און שפּיל.

די פּרינציפּן פון דער פּרעבלשול זענען געווען: מיר דאַרפן זיין כסדר מיט די קינדער, שפּילן זיך און זיין אַ וועגווייזער ביים באַקענען זיך פונעם קליינוואַרג מיט דער גרויסער וועלט. מאָנטעססאָרי פירט איין אַ פּרינציפּ: לאָמיר אַוועקנעמען די אַלע מניעות, וואָס קאָנען צוימען ביים קינד דאָס דערקענען זיך אַליין — מענטשן, זאַכן און דאָס לעבן אינעם אוניווערס. אין אַ פּרעבלשול ווייזט די לערערין די קינדער דעם מין שפּיל, און מאָנטעססאָרי זאָגט: „לאָמיר גיין מיטן קינד און זען וווהין ס׳וועלן אים פירן זיינע איינ־געבוירענע פעיִקייטן און דראַנג״.

ווער ס׳האָט איין מאָל געזען אַ פיר און פינפיאָריק קינד, וואָס באַ־דינט ביים טיש זיינע חברימלעך, ברענגענדיק די טעלער מיט הייסער זופּ; ווער ס׳האָט איין מאָל אָבסערווירט אַ קינד, וואָס לייגט צונויף זיינע העפטן און שפּילצייגן ביים קלאַנג פון שולגלעקל, זיך וואַשן די הענט און צו דער באַשטימטער צייט פאַרנעמען אַ פּלאַץ ביים טיש — דער וועט פאַרשטיין, אַז פון אַזאַ קינד וועט אויסוואַקסן אַ מענטש וואָס וועט קאָ־נען באַהערשן זיינע באַוועגונגען און פאַרלאַנגען; אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און בירגער, אַ גוט־צוגעגרייטער צום לעבן.״

— אוטאָפּיע — האָט געזאָגט הענריק, אַרויסגייענדיק פון לעקציע־זאַל. — מיר זענען נאָך אין דער שטיינערנער תקופה, וואָס שייך די טעאָ־ריעס. ער האָט זיך דערמאָנט זיינע קינדעריאָרן און די קינדעריאָרן פון זיינע חברים. די באַדינגונגען, אין וועלכע ס׳האָבן זיך אַנטוויקלט אַנטאָ־שע דער וועשערינס, פראַנעק דעם הויזוועכטערס...

— דאָס זענען קוכנס הינטער אַ שויפענצטער פאַר אַ הונגעריקן — האָט ער צוגעגעבן, כאָטש די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט אויף דער לעקציע, זענען טיף אַריינגעדרונגען אין זיין האַרץ.

— ניין. דאָס איז די צוקונפט אויך פון אונדזערע קינדער — האָט פּראָטעסטירט סטעפע.

נאָך דריי חדשים האָט הענריק פאַרלאָזט ציריך און ער איז געפאָרן קיין ווין.

קאַפּיטל זיבן

# דאָס אַנטלויפן פון דער היים

אַ פּאָר טעג נאָך הענריקס צוריקקומען פון אויסלאַנד האָבן זיינע על־טערן איינגעאָרדנט אַן אויפנאַמע פאַר געסט מיט טענץ און קאָרטנשפּיל.

ער האָט זיך דערמאָנט זיין בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך זיין שוועסטער און זיינע עלטערן אין משך פונעם יאָר, וואָס ער איז געווען אַוועק. און שוין אין עטלעכע טעג אַרום האָט אים באַהערשט אַ לאַנגוויי־ליקייט, אַ שרעקלעכע פּוסטקייט און אַ ווידערווילן צו אַלעם וואָס ער האָט געטראָפן.

— ווען איך זאָל אַפילו אַוועקפאָרן אויף צען יאָר — האָט ער גע־טראַכט — וואָלט זיך ביים צוריקקומען אויך גאָרנישט געענדערט. די מענטשן טאָפּטשען איינפאַך אין דער בלאָטע. ער האָט כסדר איבערגע־חזרט דעם באַליבטן ציטאַט פון מאַהאַבהאַראַטי: „ווייב, קינד און משפחה, אָט וואָס עס בינדט אונדז צונויף מיטן מענטשלעכן לעבן. איינגעזונקען אין קלעפּיקן ליים פון דאגות און זאָרגן זינקען זיי איין, פּונקט ווי אַלטע העלפאַנטן, אין בלאָטע“. ער האָט כסדר געמוזט ענטפערן אויף די פראַ־געס פון די דאַמעס: וואָס פאַרע מוזייען ער האָט באַזוכט אין ווין; וואָסערע אויספלוגן ס׳זענען אים צום מערסטן געפעלן געוואָרן אין דער שווייץ; ווען האָט ער געטראָפן אין קראָקע, און וואָס ער טראַכט וועגן יונג־פוילן.

ער האָט דערלויבט זיין פאָטערס פריינד צו רופן אים „פאַרשווענדע־רישער זון“ און באַשטעטיקט אַז מע דאַרף אויסקלייבן: מעדיצין אָדער פּאָעזיע. איינס קאָן נישט גיין מיטן צווייטן זייט־ביי־זייט. קומט ער, אַל־זאָ, צוריק אויפן שויס פון די עלטערן און אויפן שויס פון דער מעדיצין.

דער פאָטער האָט שוין באַצאָלט דאָס איינשרייבגעלט פאַר די שטו־

דיומס אויפן צווייטן יאָר און אַלץ איז ווידער ווי תמיד דערליידיקט. מע דאַרף נאָר אָנטון דעם מונדיר און אַראָפּבייגן דעם קאָפּ צו טראָגן דעם עול.

דער ענדגילטיקער געשפּרעך מיטן פּאָטער איז פאָרגעקומען צו־מאָרגנס.

„ער איז אַריין, מיט אַן אַנטשיידענער מינע, אָבער נאָך נישט קיין גרויזאַמע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעשפּאַרט די הענט אויפן פּאָרענטש, מיט דער גאָמבע אויף די הענט און געוואַרט.

שטילשווייגן. איך נעם אַרויס פון אַ זייטיקער קעשענע דאָס ציגאַ־רעטן־שאַכטל, עפן עס לאַנגזאַם, נעם אַרויס און פאַררויכער אַ פּאַפּיראָס. אַריינפיר:

— איך האָב באַצאָלט דאָס איינשרייבגעלט.

— אַ גרויסער שאָד.

לאַנגער שטילשווייגן.

— ביסט אַלט דריי און צוואָנציק יאָר.

— מיט פינף חדשים.

— וואָס האָסטו בדעה צו טון?

— כ׳ווייס נאָך נישט.

— קיין אויסלאַנד וועסטו שוין נישט פאָרן!

— כ׳וויל עס גאָרנישט.

נאָך אַ לענגערן שטילשווייגן:

— איך אין דיינע יאָרן...

— ...האָב שוין זיבן יאָר זעלבסטשטענדיק געאַרבעט... כ׳ווייס דער־פון.

אַ לאַנג שווער שווייגן.

— דו ביסט... אַ פּאַראַזיט.

— נאָך ערגער אפשר. אַ פּאַראַזיט עסט נאָר אויפן חשבון פון זיין באַלעבאָס. און איך טו מיך אָן, פאָר קיין אויסלאַנד און כ׳זוך פאַרווייַלונגען.

— כ׳זע, אַז דו האָסט נישט שלעכט פאַרבראַכט דאָס יאָר.

— אויך נישט גוט.

— ווייל אויסלאַנד האָט דיר נישט ליכטיקער געמאַכט אין קאָפּ.

— כ׳האָב מיסתמא צו־לאַנג געלעבט אין דער פינצטערניש.

— אַהאַ, פילאָזאָפיע.

— כ׳האָב נישט ליב ווען עמעצער באַנוצט זיך מיט ווערטער, וועלכע ער פאַרשטייט נישט.

אין דער לופט הענגט אַ שטורעם. ער גענעצט.

— האָסט געוואָלט זיין אַ דאָקטאָר, האָב איך דיר דערלויבט צו שטודירן מעדיצין. האָסט געוואָלט זיין אַן אויסלענדישער כעמיקער, האָב איך דיך געשיקט וווהין דו האָסט געוואָלט.

דער פאָטער רעדט צום פאַרשטאַנד, די מוטער — צום האַרץ.

— דו דערהרגעסט דיין טאַטן מיט דיין אויפפירן זיך.

ער האָט נישט געענטפערט.

— צי האָסטו באמת פאַרלוירן דאָס האַרץ צו אונדז? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר דיר געטון? האָסט געהאַט אַלץ וואָס דו האָסט גע־וואָלט. ס׳האָט דאָך דיר גאָרנישט געפעלט. דער פאָטער האָט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיין אַ כעמיקער. ניין — איז ניין. זיי זיך אַ דאָקטאָר. האָסט פאַרלוירן אַ יאָר, נו גוט. אָבער איצט נעם זיך צוריק צו דער אַרבעט.

דער שוועסטערס חתן האָט אויך גענומען אַ וואָרט אין דעם ענין:

— איר ווילט זיך ווידמען זשורנאַליסטיק? וואָס איז ביי אונדז זשור־נאַליסטיק?

— ס׳זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס פאַרדינען עטלעכע טויזנט רובל אַ יאָר.

— נו יאָ, אָבער דאָס זענען אויסנאַמען.

— און פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט זיין קיין אויסנאַם?

— איר זענט אַ צו גרויסער אידעאַליסט. דאָס שטערט אין לעבן.

— נישט נאָר אין זשורנאַליסטיק.

— דערצו וועט איר אַראָפּ פון דרך־הישר.

— איר ווייסט, אויף וויפל איך טראַכט נישט צו ווערן קיין זשורנאַ־ליסט, אויף אַזוי פיל טראַכט איך מיט מיין גאַנצער נשמה אַראָפּצוגיין פון דרך־הישר.

נאָך די צוויי טעג, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אויפן שויס פון דער משפּחה, האָב איך דעם איינדרוק ווי איך וואָלט געשלאָפן אין שטויב און גליִענדיקער היץ. די אויגן ברענען אַזש, אין האַלדז ווערט טרוקן און עפּעס שמוציק אין גאַנצן וועזן.

עטלעכע טעג וועלן מיר מיטן פּאַפּאַ נישט רעדן. דערנאָך וועט דער פּאַפּאַ אויפבּרויזן, איך וועל ענטפערן און ס׳וועט אויסברעכן אַ שטורעם. דער פּאָטער וועט אַרויסגיין און אַ קלאַפּ טון מיט דער טיר, אָדער איך וועל אַרויסגיין און אַ קנאַק טון מיט דער טיר. כ׳וועל זיך אָפּטראָגן אויף אַ פּאָר טאָג צו יאַנעקן, כ׳וועל אָנשרייבן אַ געדיכט, כ׳וועל אָנהייבן שרייבן אַ ראָמאַן — דאָס ערשטע און דאָס צווייטע וועל איך צערייסן און כ׳וועל זיך אומקערן אַהיים.

איך קוק זיך צו צום פּאָטער — כ׳זע יעדע, אַפילו די קלענסטע איינצלהייט פון זיין געשטאַלט — די מידע אויגן, דעם זיידענעם קראַוואַט, די לייכט־באַשוואַרצטע וואָנצעס, די קנייטשן אויף זיין שטערן און דעם אויסערגעוויינטלעך־ריינעם בוזעם פון זיין העמד.

די לעצטע דריי טעג האָב איך געגעסן מיטאָג אין מיין צימער, פון וועלכן איך בין כמעט נישט אַרויסגעגאַנגען. איך בין געווען אומגעהייער מיד. געלעגן אין בעט און געדרעמלט. ס׳זענען מיר אַפילו נישט אָנגעגאַנגען די שעפּטשענדיקע באַראַטונגען צווישן דער מוטער און דער שוועסטער: וואָס קאָן מען טון? איך האָב געוווסט, אַז זיי באַראַטן זיך, אָבער אָן דעם פּאָטער וועלן זיי גאָרנישט אונטערנעמען. כ׳האָב וועגן דעם געטראַכט ווי וועגן עפּעס וואָס כ׳האָב אַ מאָל מיט יאָרן צוריק געלייענט.

נעכטן פאַרנאַכט איז געקומען דער פּאָטער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים ראַנד פון בעט און מיט אַן אומרויִקער, כאָטש געזעצטער שטים האָט ער געפרעגט:

— זון מיינער, זאָג מיר, וואָס איז מיט דיר? דו מוזסט זיין קראַנק.

פּלוצלינג האָבן זיך מיינע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן.

איך האָב גיך געעפנט דאָס שופלאָד פון מיין נאַכטטיש און געזאָגט זיך באַמיִענדיק צו זיין רויִק:

— אויב דער פּאָטער וויל וויסן — איז דאָ פאַראַן אַלץ.

זאָל שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל נעמען אַ סוף.

ער האָט אַרויסגענומען מײַנע פאַפּירן פונעם שופלאָד, זיי אַוועקגע־לייגט אויפן פענצטער, צוגערוקט אַ שטול, אָנגעטון די ברילן, אַוועקגע־זעצט זיך און געבלעטערט די זייטלעך. פלוצלינג האָט ער זיך פאַרהאַלטן און געלייענט וואָס אַ מאָל לאַנגזאַמער, ווי ער וואָלט נאָכגעטראַכט יעדעס וואָרט, אָדער ווי ער וואָלט מיט שוועריקייט געלייענט די נישט־דייטלעכע האַנטשריפט.

עס זענען פאַרבײַגעגאַנגען לאַנגע מינוטן. פון סאַלאָן האָבן זיך גע־טראָגן שטילע טענער פון די עטיודן, וואָס די שוועסטער האָט אויסגע־שפּילט אויף דער פּיאַנע. ער האָט זיך וואָס אַ מאָל נידעריקער געבויגן איבערן העפט, ווייל ס'איז צוגעפאַלן דער אָוונט. הינטער דער טיר האָט זיך דערהערט אַ שאָרך, דאָס האָט געוויס די מאַמע — אַן אומרויִקע צו־ליב דער שטילקייט — געקוקט דורכן שליסללאָך פון דער טיר.

ער איז אויפגעשטאַנען, האָט פאַרמאַכט די טיר אויפן שליסל, אָנגע־צונדן אַ ליכט און געלייענט ווייטער.

ער האָט געריבן דעם שטערן. דערנאָך האָט ער עטלעכע מאָל אַ קלאַפּ געטון מיטן פינגער איבערן טיש, ווי אַ מאָל אין דער שויב, אַ קוק געטון אויף מיר מיט מורא, ווי אַ קינד וואָס האָט געמאַכט עפּעס אַ שאָדן און שרעקט זיך נישט אַזוי פיל, ווי ס'שעמט זיך. און אָט דויערט שוין ווידער אַ שטיקנדיקער שטילשווייגן.

— ווייל זעסטו... געוויס... דאָס איז זייער גוט, אַז איצט ווייס איך כאָטש שוין...

ער וויל נאָך עפּעס זאָגן, ער וויל אַ סך רעדן. ער נעמט צונויף די צעשטרייטע געדאַנקען.

— יאָ, אָבער דער פאָטער האָט צו מיר אַ טענה... איך קאָן דאָ גאָר־נישט העלפן. איך וויל נישט קיין טובות, ווייל דאָס דערנידעריקט. איך וויל נישט זיין אויף קעסט ביים פאָטער... איך וויל אַליין אויף זיך פאַר־דינען. איך וויל אַרבעטן.

— נו יאָ... אָבער די מוטער וועט מסתמא... דו לייג נישט קיין אַכט אויף דעם... אַזוי וועט זיין צום בעסטן... איך וועל שוין אַלץ אַליין...

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

— אָבער דו מוזסט מיר שווערן, אַז דו וועסט מער נישט פּרוּוון. דעם רעוואָלווער וועסטו איבערלאָזן און איך וועל דיר שוין אַלץ איבערשיקן. איך וועל אויף אַלץ איינגיין, אָבער דו מוזסט מיר געבן דיין וואָרט, וואָס?

— גוט.

איך האָב אים אַ קוש געטון אין האַנט.

— נו, גיי שוין... גיי גיך, מיין ליבער. ווו האָסטו דעם מאַנטל?

הילפלאָז, אומגעלומפּערט האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער.

ער האָט מיך אַרויסגעפירט אויף די טרעפּ און זיך געשווינד צוריקגעצויגן אין שטוב אַריין. כ׳בין שטיין געבליבן אויף דער גאַס, אויפן ראָג. איך קוק אויף די רייען פון די הייזער און איך ווייס נישט וווהין צו גיין.״

ער איז אַריין אין אַ שענק. און ער האָט זיך אַריינגעצויגן ווי אַ פּערטער אין אַ צימער צו זיינע דריי קאָלעגן.

ער האָט פאַרמשכונט אַלע זאַכן וואָס דער פאָטער האָט אים צוגעשיקט.

ער האָט אָנגעהויבן צו זוכן אַרבעט ווי אַ קאָרעפּעטיטאָר.

קאַפּיטל אַכט

# אויף וואָליע, סאָלעץ און אַלטשטאָט

דער צופאַל, און אפשר דער גורל, האָט אַזוי געוואָלט, אַז דער ערשטער פּאָסטן, וואָס הענריק האָט באַקומען, האָט אים אַריינגעפירט אין אַ סביבה, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין לאַנג געוואָלט באַקענען. פון דער עלעגאַנטער היים אויף דער הויפּטגאַס האָט ער זיך אַריבערגעטראָגן אין דער אַרבעטער געגנט אויף דער פאָרשטאָט אין וואָליע [1], ווו דער פרימאָרגן האָט זיך געוועקט מיטן הילכיקן פייף פון די פאַבריק־סירענעס און דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן מיטן טריבן מאַרש פון די שווערטראָטיקע, איינגעבויגענע, נישט־אויסגעשלאָפענע מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען אין דער פאַבריק אַריין צו דער אַרבעט.

די באַדינגונגען זענען נישט געווען די ערגסטע. פינף רובל אַ חודש, חוץ וווינונג און עסן, אַ באַזונדער צימער אין אַ קליינער דירה פון אַן אויפגעקומענעם גערטנער, דעם אייגנטימער פון אַ הילצערן הויז און אַ פאָטער פון דריי געזונטע קינדער.

די עלטערן זענען געווען פּראָסטע מענטשן, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף די קינדער לערנען. און זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין געלט, כדי צו דערמעגלעכן זיי די בילדונג. די יינגלעך וועלן באַלייגן עקזאַמענס אין דער מיטלשול. די מוטער טרוימט אַפילו, אַז דאָס טעכטערל זאָל זיך לערנען שפּילן אויף פּיאַנע. דער גערטנער און זיין פרוי ווייזן אַרויס גרויס רעספּעקט פאַרן לערער — זיי האָבן אים נישט נאָר אָפּגעטראָטן זייער צימער, נאָר זיי באַמיִען זיך נאָך נאָכצוקומען אַלע זיינע פאַרלאַנגען.

---

[1] אַרבעטער־קוואַרטאַל אין וואַרשע.

אָבער איין מאָל זענען געקומען צו גאַסט אָרעמע קרובים פונעם באַ־לעבאָס פון דער פאַבריק און הענריקס שילער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַרימען פאַר די אָרעמע קרובים מיט זייערע פרישדעראָבערטע קענטענישן.

דעמאָלט האָט דער פאַבריק־אַרבעטער, דעם באַלעבאָס ווייבס ברו־דער אַ זיפץ געטון און געזאָגט:

— אין אָרעמקייט איז נישט דאָס ערגסטע וואָס מע דערעסט נישט, נאָר דאָס וואָס מע קאָן די קינדער נישט געבן קיין בילדונג.

הענריק האָט באַשלאָסן זיך אַריבערצוטראָגן אויף סאָלעץ [1], אין דער וווינונג פונעם אַרבעטער.

פון אָנהייב האָבן זיי פשוט נישט געוואָלט גלייבן.

— אָבער וואָס וועלן זיי מיט אייך דאָרט טון? זיי זענען דאָך פּראָסטע מענטשן און אָרעמע. ווו האָבן זיי אַ קאָפּ צו בילדונג?

עפּעס האָט אים געטריבן אין דער געדיכטקייט פונעם לעבן, אין דער טיפעניש, ביז צו די נידעריקסטע שיכטן. דער לערער האָט זיך איינגע־אָרדנט אויפן פערטן שטאָק אין אַ גרויסער פירקאַנטיקער שטוב. אַ חוץ אים האָבן אין דעם צימער געוווינט נאָך ניין נפשות.

1. מאַרטין ווילטשעק, אַ שלאָסער — 44 יאָר אַלט.
2. קאַטאַזשינע ווילטשעק, זיין ווייב, אַ וועשערין — 40 יאָר אַלט.
3. וויקטע, זייער טאָכטער, אַרבעט ביי יענעם ווי אַ שניידערין.
4. סטאַשעק, זייער זון, וואַשט אויס פלעשער אין אַ זוירריי — 9 יאָר אַלט.
5. איגנאַץ, זייער יינגסטער זון, גייט אין אַן אַנשטאַלט — 5 יאָר אַלט.
6. מיכאַל גראָשיק, זייער איידעם, אַ דראָשקאַזש — 29 יאָר אַלט.
7. יוזעפע גראָשיק, זייער עלטסטע טאָכטער — 20 יאָר אַלט.
8. קאַזשיק, גראָשיקס זון — 3 יאָר אַלט.
9. מאַניע, גראָשיקס טעכטערל — אַ זויגקינד.

[1] אַן אָרעמער אַרבעטער־קוואַרטאַל אין וואַרשע.

10. אַ סובלאָקאַטאָר אַ נאַכטוועכטער, וועמעס פּלאַץ וועט איצט פאַרנעמען העניק.

די ערשטע נאַכט איז אָנגעקומען, ווען העניק האָט באַדאַרפט פאַר־ברענגען אויף דעם פּלאַץ.

„עס איז אָוונט. דאָס לעמפּל, וואָס שטייט אויף דער קאָמאָד, ברענט מיט אַ געלבלעכן צאַנקענדיקן פלאַם.

איך רעד מיט די פרויען, אָבער דאָס געשפּרעך רייסט זיך כסדר איי־בער. מיר וואַרטן אויף די מענער.

יוזעפע גיט דעם קינד די ברוסט און קוקט יעדע ווײַלע אויפן זייגער.

— ווייזט אויס, אַז ער וועט קומען ערשט נאָכן טעאַטער.

קאַזשיק שפּילט זיך לעבן אויוון מיטן בעזעם:

— מאַמאַ, עסן! — רופט ער.

— וואַרט, — קומט אַן ענטפער פון דער מאַמען, — דער טאַטע וועט קומען.

ווילטשעק קומט אַהיים פון דער פאַבריק, שטעלט אַוועק זיין בלעכן טעפּל און זעצט זיך אַוועק אַ מידער:

— נו, וואָס? ס׳איז אייך נאָך נישט נימאס געוואָרן ביי אונדז?

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז אַלע מאָל אומעטיק דעם ערשטן טאָג אויף אַ נייעם פּלאַץ — ענטפער איך.

— נו, יאָ. איר קאָנט דאָ האָבן אַ סך אַרבעט. נאָר די באַלוינונג איז אַ קליינע. מיר זענען אָרעמער ווי דער שוואָגער.

— נו, וואַש דיך! — האָט זיין ווייב איבערגעריסן, דערלאַנגענדיק אים די שיסל — פּלוידער נישט.

— מאַמאַ, עסן! — רופט קאַזשיק.

— גיב אים שוין, זאָל ער זיך אויפהערן צו רייסן און בעסער גיין שלאָפן.

באַלד איז געקומען וויקטע. זי דערלאַנגט אים די האַנט.

— וועסט האָבן אַ לערער — זאָגט דער פאָטער. — לייענען קען זי, אָבער נישט אַזוי גלאַטיק.

— ס׳גייט נישט אַזוי לייכט. ווו איז סטאַשעק?

— אויפן הויף. יאָגט זיך אַרום מיט די ייִנגלעך.

— איגנאַץ, רוף אים גלייך אַרויף.

— ס׳איז מיר קאַלט — עקשנט זיך דאָס ייִנגל.

— און ווען דו אַליין לויפסט אַרום — איז דיר וואַרעם. נעם די יופּע און ריר זיך, שנעלער.

עס קומט צו גיין גראָשיק, אָנגעטון אין אַ מאַנטל פון אַ דראָשקאַזש.

— דאָ האָסטו — גיט ער אַוועק דאָס געלט זיין ווייב — און דאָס איז פאַר דיר, לאָבוז.

קאַזשיק וואַרפט אַוועק דעם בעזעם און כאַפּט לוסטיק דאָס צוקערל.

ער האָט אַראָפּגענומען דעם מאַנטל און אויפגעהערט צו זיין אַ נומער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, גענומען ס׳ייִנגל אויף די קני. דער דראָשקאַזש איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָטער.

איגנאַץ איז געקומען צוריק.

— ער איז נישטאָ אויפן הויף.

— אַ שוואַרץ יאָר מיט דעם ייִנגל.

— עסן! — מאָנט איגנאַץ, קוקנדיק אויף מיר מיט אומצוטרוי.

— דו דאַרפסט זיין דער ערשטער? קומסט פון דער אַרבעט, האַ?

די ווייבער באַלעבאַטעווען לעבן אויוון. נאָכן שנאַפּס ווערט דאָס געשפּרעך לעבעדיקער, אַלגעמיינער. דער לעצטער קומט פון הויף סטאַשעק.

— מאַמאַ, עסן!

— גיי, לויף אַרום! — נאַ, דאָ האָסטו.

— אפשר ווילסטו שאָקאָלאַד? — דער באַלעבאָס האָט דיר באַצאָלט?

— ניין. די מאַמאַ האָט מיר געגעבן קאַלטע קאַרטאָפל!

— לויף נישט אַרום מיט די יונגען, וועסטו האָבן הייסע.

מע טרינקט די לעצטע כוסה.

— גרייט די בעטן, מוטער. דער לערער — מיט מיר.

זי שטעלט אַוועק אויפן אויוון דעם עמער מיט געשיר, ווישט אָפּ די הענט אין פאַרטעך און הייבט אָן גרייטן די בעטן.

מאַניע וויינט אונטער אינעם וויגל. קאַזשיק ליגט אויפן בעט אין אָנטועכץ און שלאָפט. די מוטער לייגט אויס לעבן אויוון אָ שעניק, אָ

פּאַטשיילע, אַ קישן און אַ מאַנטל כדי איבערצודעקן די יינגלעך. איך קוק זיך צו צו דער באַלעבאַטישקייט און ס׳שווינדלט מיר אין קאָפּ... ס׳ווערט מיר אַזוי מאָדנע אויף דער נשמה, נישט צום גלייבן. איך האָב דאָס אַלץ שוין געזען פונדערווייטנס, איך האָב אַזוי פיל געלייענט וועגן זייער לעבן, כ׳האָב עס געלייענט אין ראָמאַנען, קורצע דערציילונגען, געזעלשאַפט־לעכע סקיצעס — וועגן די פינצטערע קעלערשטובן און חורבות, וועגן גע־לעגערס מיט פאַרפוילטן שטרוי. און דאָ איז אַ ברייטע, פּייכטלעכע און נידעריקע שטוב, ווו ס׳לעבן צען נפשות. כ׳האָב געלייענט וועגן מענער־שיכורים, תליגים צו די קינדער, וועגן פינצטערקייט און פאַרברעכן און דאָ זענען מענטשן, וואָס ווילן אַז זייערע קינדער זאָלן זיך לערנען און דער־פאַר הייסן זיי אַ לאָקאַטאָר, וואָס האָט זיי געצאָלט אַ רובל אַ חודש, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן.

איך פאַרלעש די לאָמפּ. איך מיטן שלאָסער שלאָפן אין איין בעט. אין צווייטן — זיין ווייב, וויקטע און איגנאַץ; אינעם דריטן — גראַשיק, זיין ווייב און צופוסנס — קאַזשיק. מאַניע — אין וויגל. אויף דער פּאָד־לאָגע האָט זיך סטאַשעק אויסגעקעמפּט אַן אָרט פאַר זיך אַליין.

אין שטוב איז שטיקנדיק. פונעם פענצטער שטראָמט אַ שמאָלער שטרייף פון קאָלטער לופט. די פענצטער גייען נישט צו. אַ געשטאַנק. ווילטשעק כראָפּעט.

— מאַמאַ — האָט זיך איגנאַץ איבערגעוועקט.

— וואָס איז דיר ווידער געשען?

— די פליי בייסן מיך.

— זיי וועלן דיך נישט אויפפרעסן, שלאָף!

— ס׳איז מיר קאַלט.

— טאָ קאָרטשע זיך איין... לייג זיך אויף דער פּאָדלאָגע לעבן סטאַ־שעק. ער האָט אַ פּאַטשיילע.

דער זייגער קלינגט אויס קרעכצנדיק צוויי אַזייגער. כמעט ווי מאָרגן־דעמערונג. אַ שוואַך ליכט גנבעט זיך שרעקעוודיק אַריין אין דער שטוב, באַצייכענענדיק מיט גראָע ליניעס די קאָנטורן פון די זאַכן.

דער אַרבעטער באַוועגט זיך אומרויק. דאָס בעטל סקריפּעט כסדר.

אָבער קיין שום זאַך איז נישט אומשטאַנד אים איבערצווועקן — נישט דאָס געוויין פון די קינדער, נישט די שטיקנדיקע לופט, נישט דער הוסט און נישט די געשפּרעכן. אויפגעוועקט האָט אים אָבער דאָס פּאָרגעפּיל אין שלאָף, אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום וועט זיך דערהערן דער פּייף פון דער פאַבריק. ער זעצט זיך אַוועק אויפן בעט, צינדט אָן אַ שוועבעלע, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און קוקט אויף זיין ווייב.

— ווי שפּעט איז? — פרעגט דאָס ווייב.

— נאָך צייט.

— גיב מיר די שוועבעלעך.

די בלעכענע לאָמפּ וואַרפט ווידער דעם געלבלעכן שיין אויף דער שטוב. די פרוי שטייט אויף, וואַרפט אויף זיך אַרויף די ספּודניצע און אַ טיכל און גייט אַרויס אין הויז. דער אַרבעטער שטייט אויף פויל, צעהוסט זיך איין מאָל, אַ צווייט מאָל, גיט אַ שפּיי אויס אין מיטן צימער, וויקלט אַרום די פיס מיט שמוציקע, שטינקעדיקע אָניצעס און ציט אַרויף די שטיוול. ער שווענקט אויס זיין בלעכן טעפּל, גיסט אָן קאַווע פונעם טאָפּ, שניידט זיך אָפּ אַ האַלבן לאַבן ברויט, וויקלט עס איין אין אַ טיכל און טוט אָן דעם מלבוש.

דאָס ווייב קומט צוריק, דרייט זיך אַרום איבערן צימער. ס׳וועקט זיך אויף די טאָכטער.

— די מאַמע גייט אַוועק?

— יאָ. זאָל איגנאַץ גיין אין דערציִונג־אַנשטאַלט, ווייל די פּאַני וועט זיך ווידער בייזערן.

דער דראָשקאַזש שטייט אויף. ער דרייט אַראָפּ די לאָמפּ. זיין ווייב גייט אַרויס. סטאַשעק רייסט זיך אויף און וואַרפט זיך אַריין אין דער מו־טערס בעט.

דערנאָך קומט די ריי אויף וויקטע. סטאַשעק גייט צו זיין אַרבעט — וואַשן די פלעשער. אין די בעטן ליגן שוין נאָר: דער זעקסיאָריקער איג־נאַץ, דער דרייאָריקער קאַזשיק, די האַלביאָריקע מאַניע און איך.

איגנאַץ וויל נישט גיין אין דער שול. אין די אויגן וואַרפט זיך דער געלער קאָליר פון זיין פּנים. די מוטער איז אַראָפּ איינקויפן. דאָס קינד

הייבט אָן צו וויינען. כ׳בין אויפגעשטאַנען און עס געוויגט. קאַזשיק האָט מיר דערלאַנגט אַ ברודיקע שמאַטע. כ׳האָב עס אויפגעוויקלט: ס׳איז אין איר געלעגן אַ שמוציק שטיקל זעמל. כ׳האָב פאַרשטאַנען. כ׳האָב עס אַריינ־געדרוקט דעם קינד אין מויל אַריין. ס׳האָט עס אָנגעהויבן זשעדנע צו זייגן.

כ׳האָב מיך אַוועקגעזעצט לעבן פענצטער און געקוקט אויפן גראָען הימל, אויף דער לאַנגער, אומענדלעכער ריי קוימענס און דעכער און ווי־דער לאַנג געטראַכט וועגן מיין נישט געלונגענעם זעלבסטמאָרד... כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איצט וואָלט איך עס שוין נישט געקאָנט טון: אַ נעץ פון אומזעבאַרע פעדעם האָט מיך צונויפגעפלאָכטן מיטן לעבן.

קאַזשיק האָט זיך אַנטשלאָפן אַוועקצוזעצן ביי מיר אויף די קני. אויף זיין קאָפּ האָב איך געפונען לייז.״

אַנדערע האָבן אין איינקלאַנג מיט די פּאָזיטיוויסטישע לאָזונגען פון דער עפּאָכע געגעבן לעקציעס אומזיסט און אָרגאַניזירט קורסן פאַר אַנאַל־פאַבעטן. די צאַרישע רעגירונג האָט געוואַכט איבער דער פינצטערקייט און עם־הארצות פון די מאַסן, מורא האָבנדיק, אַז דאָס באַוווסטזיין, וואָס גייט צוזאַמען מיטן לערנען לייענען, וועט עפענען די אויגן פון די אונ־טערגעדריקטע און וועט זיי פּראָוואָצירן צו מעשים.

הענריק האָט נישט פאַרגעסן דעם פאָרשלאָג, וואָס די מומע מאַניע האָט געמאַכט זיינע עלטערן. ער האָט טייל מאָל אים געהערט אויף די פאַרזאַמלונגען פון די שילער און אוניווערסיטעט־סטודענטן, ווו מ׳האָט צוגערעדט די יוגנט צו גיין „צו די מאַסן״.

אָבער ער פלעגט אַנטלויפן פון דער „שעה געווידמעט די אָרעמע״. ער איז אַנטלאָפן פאַר דער צביעות פון פילאַנטראָפּיע. אַ שעה פון לערע פאַר די אָרעמע. דערנאָך וואַשט מען די הענט מיט קאַרבאָל־וואַסער. מע פאַרגעסט וואָס מ׳האָט געזען אין דער וווינונג פון גראָשיק און מע גייט צוריק צו דער זאַטער עקסיסטענץ. ניין, דאָס איז נישט פאַר אים.

נישט קוקן פון אויבן אַראָפּ, נאָר פון אינעווייניק, עטעמען מיט זייער לופט, שלאָפן אויף זייערע געלעגערס, לעבן מיט זייער לעבן — אָט דאָס

איז דער אײנציקער װעג, כדי צו באַקענען זיך מיט די זאָרגן און נױטן פון די מענטשן און מיטצואַרבעטן מיט זײ.

ער האָט זײ אָבסערװירט, געמאַכט נאָטיצן:

גראַשיקאָװע האָט בײ איר קינד אָפּגעביסן די נעגל, װײל ביז אַ קינד איז נישט אַלט קײן יאָר צײט, טאָר מען נישט שנײדן די נעגל, ער קאָן נאָך אױסװאַקסן אַ גנב. מע טאָר אױך נישט הײלן קײן קרעץ אױפן קאָפּ, װײל זײ װעלן זיך װאַרפן אױף די אױגן, ס׳קינד קאָן נאָך בלינד װערן.

ער האָט געשריבן די געשיכטע פון דער װילטשעק־משפּחה, װײל דאָס איז געװען די געשיכטע פון אײנער פון טױזנטער אַזעלכע משפּחות פון פּױלישע אַרבעטער. װילטשעק האָט געשטאַמט פון דאָרף. זײן פאָטער האָט חתונה־געהאַט און געהאַט פיר קינדער, בײם פינפטן — איז די מוטער געשטאָרבן. פון די אַלע פינף קינדער איז ער געבליבן אײנער אַלײן. דער פאָטער האָט חתונה־געהאַט צום צװײטן מאָל און װידער געהאַט פיר קינ־דער: אײנס איז געשטאָרבן, אײן זון האָט עמיגרירט, די טאָכטער איז געװאָרן אַ דינסטמױד, אַ צװײטער זון איז אַ פעלד־אַרבעטער. אױך דאָס װײב איז געשטאָרבן. דעמאָלט האָט ער חתונה־געהאַט צום דריטן מאָל און געהאַט זיבן קינדער. אײנער איז פאַרשיקט געװאָרן, װײל ער האָט דערהרגעט אַ װאַלד־װעכטער, צװײ אַרבעטן אין דער פאַבריק, אַ טאָכטער אַרבעט אױך אין דער פאַבריק און דרײ קינדער זענען געשטאָרבן. דער פאָטער האָט פאַר זײן טױט פאַרשריבן די ערד פאַר דער שטיפמוטער. זי האָט דאָס צװײטע מאָל חתונה־געהאַט און האָט צװײ קינדער. פאַראַן קרו־בים און מצבות איבערן גאַנצן לאַנד.

דורכן פענצטער פונעם בוידעם־צימער קוקט זיך העניריק צו צו די שכנים. זײער אָפט טראָגט מען אַרױס קלײנע טרומנעס. מע װאָלט געקאָנט די פּיס פאַרלירן מע זאָל אַזױ כסדר גײן אױף לװיות. פון דאַנען זעט מען װי מע שלאָגט מכות־רצח אַ זעקסיאָריק, געלהאָריק ייִנגל װאָס װױנט מיט זײן מוטער, װעלכע לעבט מיט אַ מױער־אַרבעטער. קעגנאיבער גײט אױס אַ שװינדזוכטיק מײדל, אַן אומגעזעצלעך קינד פון אַ צירק־אַרטיסטקע מיט אַן אומבאַקאַנטן פאָטער. די װױנונגען זענען איבערגעפּולט מיט קינדער.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער. מ׳האָט זייער זעלטן באַהייצט די שטוב. הענריק האָט זיך פאַרקילט און געהוסט זייט עטלעכע וואָכן.

די גראָשנס, וואָס ער האָט געקריגן פאַר די לעקציעס, האָט ער פאַרטרונקען אין דער שענק, אָנבינדנדיק באַקאַנטשאַפטן מיט די קאָלעגן און פריינד פון זיינע באַלעבאַטים. ער האָט דעמאָלט געשיכורט, אָפּגעבנדיק זיך אַ חשבון, אַז ער איז אויף אַ וועג, וואָס פירט אים צו אַ מצב, וועלכן זיינע אַמאָליקע באַקאַנטע האָבן גערופן — אָפּגרונט.

ער האָט געטרונקען אין די קנייפּעס פון סאָלעץ, אין די געגנטן פון דער ווייסל ביז טיף אין דער נאַכט אַריין און זיך צוגעהערט צו די פאַרשיכורטע פּלוידערייען און ווידויס פון די אומגליקלעכסטע און אומווירדיקסטע, וועלכע זענען שוין געפאַלן טיף, ביז צום דנאָ. איינער פון זיינע פריינד איז געווען אַ פאַרברעכער יאַן ביטיס; אַ צווייטער — אַ נאַכטוועכטער נאָוואַק, וואָס פלעגט טענהן:

— דאַנקען גאָט, וואָס כ׳האָב נישט קיין קינדער. כ׳האָב געהאַט פיר, אָבער זיי זענען געשטאָרבן. גאָט ווייסט וואָס ער טוט.

אין אַ צייט אַרום איז ער געווען אַזוי קראַנק, אַז ער האָט זיך שוין נישט געקאָנט רירן פון דער היים. אַדעלע האָט זיך דערוווּסט זיין אַדרעס און זי איז געקומען אים באַזוכן. נאָך איר אַוועקגיין האָט ער געפונען פּופציק רובל אונטערן קישן. ער האָט זיך נישט פאַרשעמט און דאָס געלט נישט צוריקגעשיקט. ס׳האָט אים פאַרפליכטעט אַ נייע מאָראַל פון אַ נייאַנטדעקטער וועלט. יעדער איינוווינער פון סאָלעץ וואָלט גענומען קיצבהגעלט פון אַ ווילטעטיקער פאַני.

דער רום וועגן אַ לערער, וואָס דערציילט מעשות, וואָס איז מכבד מיט צוקערלעך, שניידט אויס פון פּאַפּיר פאַרשידענע הערלעכע זאַכן — איז זיך גיך צעגאַנגען אין דער געגנט. די קינדער קריכן זיך צונויף פונעם גאַנצן הויז, ווי אין אַ חדר אַריין — האָט זיך באַקלאָגט די באַלעבאָסטע. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז הענריק האָט שטודירט אויף אַ דאָקטאָר, האָבן זיי געמיינט, אַז ער וועט תיכף האָבן אַ גרויסע פּראַקטיק.

„פאַרוואָס לויפן זיך צונויף די קינדער מיט אַזאַ חשק אויסצוהערן מיינע מעשות, און זיי צעבלאָזן אַזוי מיין נאָמען אין דער לענג און אין

דער ברייט, און רעדן אַזוי נישט גערן וועגן זייערע דערציִונג־אַנשטאַלטן?
די פּאַני פונעם אַנשטאַלט האָט געקויפט אַ ניי שטעקעלע צו שלאָגן אי־
בער דער „לאַפּע"...

אויפן סאָלעץ זענען פאָרגעקומען זיינע ערשטע לעקציעס פאַר קינ־
דער. אַרומגערינגלט מיט אַ כאָפּטע שילער, וואָס זענען געווען אין אים
פאַרקוקט, האָט ער צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען מיט וואָסער שפּראַך מע
דאַרף רעדן צו זיי. ווי אַזוי צו מאַכן נאָענט אַ טעמע, וואָס זעט אויס צו
זיין לאַנגווייליק, און זי פאַרוואַנדלען אין עפּעס אינטערעסאַנטס.

וווינענדיק מיט די מענטשן אונטער איין דאַך, אין איין שטוב, האָט
ער פאַרשטאַנען פון וואַנען ס'נעמט זיך ביי די קינדער אַזאַ תפיסה־קאָ־
ליר; פון וואַנען ס'קומען צו זיי די טונקעלע רינגען אונטער די אויגן, די
אויסגעקרומטע פיס און פאַרוואָס פון צען קינדער בלייבן לעבן בלויז צוויי.

ער איז געווען דורכגעזאַפּט מיט ביטערקייט. ער האָט פאַרבראַכט
שלאָפלאָזע נעכט, טראַכטנדיק וואָס צו טון מיט זיך אַליין. ער האָט שוין
אין קיין שום זאַך נישט געגלייבט — חוץ אינעם אמת פון פיין און מענטש־
לעכער אומרעכט.

אָבער מ'האָט אים נישט דערלאָזט לאַנג זיך צו גריבלען אין די פוס־
טע מחשבות. יעדעס מאָל איז אַן אַנדערער געקומען און פאַרלאַנגט עצות
און הילף...

אַזאַ שטיצע האָט ער נישט געקאָנט אָפּזאָגן. אָבער ווי אַזוי גיט מען
הילף? ממשותדיקע הילף?

קאַפּיטל ניין

# דער איבערבראָך

ער האָט דערהאַלטן פון דער שוועסטער אַניע אַ נערוועז־געשריבן קאַרטל:

„קום גיך אַהיים, דער פאָטער איז קראַנק“.

ער האָט אַרויפגעוואָרפן אויף זיך זיין אָפּגעבלאַקעוועטן אָנצוג, גע־כאַפּט דעם לייכטן מאַנטל, ווייל דעם ווינטערדיקן האָט ער מיט אַ חודש צוריק פאַרמשכונט, און ער איז פון סאָלעץ שנעל געלאָפן אַהיים צו זיינע עלטערן. אין דרויסן האָט געגאָסן אַ מבול; דורך די דורכגעלעכערטע זוילן איז אים אַריינגערונען וואַסער אין די שיך. די פיס האָבן געטאָפּ־טשעט אין די צעווייקטע שיך ווי אין אַן עמער. ער האָט זיך פאַרהאַלטן בכדי צו באַרויקן דעם הוסט־אַטאַק וואָס איז אים באַפאַלן.

— פּשאַ קרעוו [1] — האָט ער אַ טראַכט געטון — איך זאָל נאָר נישט הוסטן אין זייער קעגנוואַרט.

די ידיעה וועגן זיין פאָטערס קראַנקייט האָט אים שטאַרק באַאומ־רויִקט. ער האָט אָבער באַשלאָסן אויסצודויערן און זיך נישט לאָזן באַ־איינפלוסן דורך סענטימענטן. אַניע האָט, משמעות, כסדר אָפּגעצויגן די חתונה. ער האָט אויפריכטיק פיינט געהאַט זיין צוקונפטיקן שוואָגער. ס׳איז אים קלאָר געשטאַנען פאַר די אויגן יענע לעצטע פאַרזאַמלונג נאָך זיין צוריקקומען פון אויסלאַנד. ער האָט זיך דערמאָנט די שטשירענדיקע ציין מיט די פאַלשע שמייכלען, און די פאַרביסנקייט ביים קאָרטנשפּילן. דערנאָך — וועגן פאָטער, וואָס איז געווען אַזוי מאָדנע נידערגעשלאָגן. ער איז אָפּט אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ נידערגעשלאָגענער; אַזוי אָפּט האָט

[1] הינטיש בלוט!

ער זיך פאַרמאַכט אַליין אין קאַבינעט. אָבער ער איז געווען אַ האַרטער מענטש — ער האָט אַפילו נישט קיין צאַפּל געטון ווען זיין זון איז אַוועק פון דער היים. וואָס איז אים?

אפשר אַ קראַנקע לעבער — האָט ער געטראַכט. אַלע עלטערע מענטשן זענען נאָך יאָרן פון איבערעסן זיך מיט געווירצטע, געפעפערטע און פעטע מאכלים קראַנק געווען אויף דער לעבער. אפשר וועט גענוג זיין אַרויס־צופאָרן אין אַ קוראָרט?

ער איז געשפּרונגען איבער די מאַרמאָרטרעפּ, וואָס זענען געווען באַ־דעקט מיט אַ רויטן פלושענעם טעפּיך. אַ גיפּסענע געטין מיט אַ ראָזע לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אין דער נישע, האָט צו אים קאָקעטיש אַ בליק געטון. ער האָט זי צומאָל נישט געזידלט. ס׳האָט אָנגענעם געשמעקט די ריינקייט נאָכן געשטאַנק פונעם הויז אויף סאָלעץ.

ער האָט אַ קלינג געטון. ס׳האָט אים געעפנט די טיר לודוויקע מיט פאַרוויינטע אויגן. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט צוליב זיין אויסזען.

זי האָט אים איבערגעלאָזט אַליין אין קאָרידאָר. ס׳האָט אים איבער־געשראָקן די טויטע שטילקייט. זיין האַרץ האָט אומרויִק געשלאָגן.

אינעם עסצימער האָט ער געטראָפן זיין שוועסטער, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל פון דער סאָפע. לעבן איר איז געלעגן אַ נאַס טיכעלע.

— מ׳האָט אים צוגענומען פון דער היים אין אַ הייל־אַנשטאַלט — האָט געהעשעט אַניע.

— און די מוטער?

— איז אין שלאָפצימער.

נישט אָנקלאַפנדיק אין דער טיר איז ער אַריינגעפאַלן אינעם שלאָפ־צימער. די בעטן זענען געווען נישט פאַרבעט. די טיר פון דער וועש־שאַנק — אָפן. אין דעם צימער, ווי ס׳זעט אויס, האָט מען נישט געראַמט. אויפן נאַכט־טישל פון זיין פאָטערס בעט זענען געשטאַנען פאַרשידענע פלע־שער פון מעדיקאַמענטן און אויף דער פאָדלאָגע האָט ער דערזען פלעקן.

אויפן צווייטן בעט איז געלעגן די מוטער אין גאַנצן אָן איינגעקאָר־טשעטע, מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אינעם קישן. העניק האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויפן ראַנד פון בעט.

— מאַמאַ, דאָס בין איך — האָט ער געזאָגט.

קיין שום ענטפער. ער האָט אָנגעהויבן צו גלעטן אירע האָר, ווי מע גלעט אַ קליין, קראַנק קינד. זי האָט זיך נישט געוועריט. ס׳האָט אים פּלוצ־לינג באַהערשט אַזאַ צערטלעך געפיל, וואָס איז אים ביז איצט געווען אין גאַנצן פרעמד. ווי דעמאָלט אויף סאָלעץ, ווען ער איז געזעסן לעבן דעם רויטהאָריקן ייִנגל, וואָס דער מויער־אַרבעטער האָט געקאַטעוועט. ניין, דאָס איז נישט דאָס. ווי דעמאָלט ווען דאָס שווינדזוכטיקע שניידער־מיידל פון קעגנאיבער, האָט אים דערציילט די געשיכטע פון איר לעבן. ניין, אויך נישט דאָס... ער האָט נישט געקאָנט געפינען קיין פאַרגלייך מיט קיין שום געפיל וואָס ער האָט ביז איצט איבערגעלעבט.

— שטיל, וויין נישט — האָט ער גערעדט מיט האַלבע טענער — אפשר וועט נאָך אַלץ זיין גוט. ער האָט אַליין אין דעם נישט געגלייבט. אַניע האָט אים דאָך דערציילט דעם אמת.

— דו מוזסט זיין שטאַרק, געדענקען וועגן דיינע קינדער — האָט ער אָנגעהויבן, און דערנאָך, ווי פאַרשטייענדיק, אַז איר ראָל אין באַצוג צו די קינדער האָט זיך שוין געענדיקט, האָט ער פאַרבעסערט:

— מיר וועלן דאָך דיך נישט פאַרלאָזן. איך וועל צוריקגיין צו מיינע שטודיומס. כ׳וועל ענדיקן מעדיצין. מיר וועלן וווינען צוזאַמען.

ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די מוטער גלייבט נישט צו שטאַרק זיינע הבטחותן. ווייל אין דער אמתן — צי קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף אַזאַ באַשיצער ווי ער איז? ביז איצט האָט ער נאָר גענומען געלט פון זיינע עלטערן, ער האָט זיי פאַרשאַפט נאָר זאָרגן...

— ווערסט זען — האָט ער ווייטער גערעדט — איך וועל שוין מער נישט טרינקען, כ׳וועל מיך אַפילו נישט צורירן צו קיין בראָנפן. כ׳וועל אַפילו קיין איין מאָל נישט אַריינקוקן אין קיין שענק אַריין. כ׳וועל ענ־דיקן מעדיצין אין משך פון דריי יאָר. דערנאָך וועל איך זיין אַ דאָקטאָר. כ׳וועל פאַרדינען געלט...

ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט וואָס ער רעדט אַזוי. ווי ווייט איז ער געווען ערשט נעכטן פון אַזעלכע געדאַנקען. ער האָט געוואָלט פאַרבלייבן אַ לערער פאַר די איינוווינער פון סאָלעץ און אַלטשטאָט.

פון די גראָשנס וואָס זיי האָבן אים געצאָלט, וואָלט ער זיך איינגע־אָרדנט אַן עקזיסטענץ. דאָרט קאָן אַ משפּחה מיט אַ סך קינדער לעבן פאַר פיר רובל אַ חודש. אָט די קונץ וועט ער זיך פון זיי אויסלערנען. אַ ווינקל אין אַ שטוב און אַ ביסל נישט באַשמאַלצענע בולבעס, פון צייט צו צייט — אַ פלעשל ביר, אָדער אַ גלעזל שנאַפּס, וואָס עמעצער איז מכבד — וואָס אייגנטלעך דאַרף אַ מענטש נאָך מער האָבן?

אָבער פּלוצלינג האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן די מוטער נישט איבערלאָזן. זי וועט מיט אים נישט גיין אויפן סאָלעץ אָדער אין דער ווייסל־געגנט. און ווער ווייסט? אפשר ווי אַ דאָקטאָר וועט ער יענע מענטשן מער צונוץ קומען, ווי אַ לערער?

זייער דאָקטאָר... נישט אַזעלכער וואָס טראַכט נאָר וועגן דער אייגענער קעשענע.

— מע דאַרף דאָ צורוימען, מאַמאַ — האָט ער געזאָגט ווי אַן אַנ־דערער, געהאָרכזאַמער, גוטער זון.

געסט זענען שוין מער צו זיי נישט געקומען. מ׳האָט זיך באַמיט אויסצובאַהאַלטן דעם פאָטערס קראַנקייט פאַר מענטשן. הענריק האָט זיך אין גאַנצן געביטן. ער איז געוואָרן פלייסיק און ער איז געגאַנגען רעגו־לער אויף די לעקציעס. הענריק האָט זיך פאַרשריבן אין אוניווערסיטעט. זיין צוריקקום האָבן די קאָלעגן פרייַנטלעך באַגריסט.

פאַרן פאָטער האָט מען געמוזט אין היילאַנשטאַלט צאָלן צוויי הונ־דערט רובל אַ חודש. דאָס געלט האָט זיך גיך אויסגעשעפּט. אויף דער מישפּחה־באַראַטונג, אין וועלכער ס׳האָבן אָנטייל גענומען די מומע, די מוטער און הענריק, איז באַשלאָסן געוואָרן צו בייטן די דירה. אַניעס חתונה האָט געזאָלט פאָרקומען אין אַ חודש אַרום. צום גליק האָט זי נאָך געהאַט דעם אויסשטייער, וואָס מ׳האָט צוגעגרייט אין די גוטע צייטן. איר מאַן וועט זיך פאַרנעמען מיטן דינגען אַ קליינע דירה פאַר הענריקן מיט דער מוטער און זיי וועלן פאַרקויפן די אומנייטיקע זאַכן. זיי האָבן זיך געבעטן ביי דער מוטער נישט צו פאַרקויפן די ראָטאָנדע, אונטערגע־שלאָגן מיט פוטער, ווייל דאָס האָט זיך זיי איינגעבאַקן אין האַרצן, ס׳האָט זיי אַזוי געבונדן מיט די דערינערונגען פון זייערע קינדעריאָרן.

הענריק האָט אָנגעשריבן אַ בוך אונטערן נאָמען: „קינדער פון דער גאַס". דער ייִדישער אַרויסגעבער פון דער שווענטעקזשיסקע־גאַס האָט באַצאָלט פאַרן כתב־יד נאָר פופציק רובל.

דאָס בוך האָט נישט געהאַט קיין דערפאָלג, כאָטש הענריק האָט אין אים אַריינגעלייגט זייער אַ סך האַרץ. ער האָט דאָרט באַשריבן די קינדער וואָס ער האָט געטראָפן ווען ער איז געווען אַ לערער אין יענע קרייזן. דערנאָך האָט ער געשריבן וועגן די „ליבלעכע" קינדער פון די רייכע הייזער. אָבער ס'איז אַרויסגעקומען אַ נישט־אויפריכטיק און אַ טענדענציעז ווערק. זיינע קורצע דערציילונגען האָט מען אָבער אַלע אָנערקענט און אויך געערן געדרוקט אין „קוריער וואַרשאַווסקי".

קיין שום געלטער, וואָס ער האָט שפּעטער פאַרדינט, האָבן אים שוין נישט געבראַכט אַזוי פיל פרייד און געגעבן אַזאַ סאַטיספאַקציע ווי די באַשיידענע שכירות, וואָס ער פלעגט באַקומען פון דער אַדמיניסטראַציע פונעם קוריער. טייל מאָל האָט ער אַפילו פאַרגעסן וועגן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן זיין מישפּחה. ער האָט געלאָזט ווילגיין זיין פריידיקע אייגנליבע און דערנאָך האָט ער זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן.

אין אוניווערסיטעט האָט מען אים גערופן „הער ליטעראַט" און אַפילו אַ פּראָפעסאָר האָט איין מאָל אין אַ געשפּרעך געזאָגט צו אים:

— איר, ווי אַ שרייבער...

ער האָט זיך דערמאָנט אַלע זיינע ייִנגלערישע טרוימען וועגן רום. ער האָט געוואָלט באַקעמפן אין זיך די דאָזיקע פוסטקייט, אָבער ס'איז אים נישט געלונגען...

באַקאַנטע זענען געוואָרן ווייניקער אַנטיפּאַטיש ווען זיי האָבן געזאָגט:

— אין אייער לעצטער דערציילונג...

— מאַמאַ, טרויער נישט — האָט ער ביים אָונטברויט זיך באַמיט איבערצוצייגן די מוטער, וואָס האָט זיך מיט אַ מאָל זייער פאַרעלטערט — איך וועל זיין אַ גרויסער שרייבער. פון שרייבן ביכער קאָן מען האָבן אַ הכנסה, וואָס זאָל דעקן אַלע נייטיקע אויסגאַבעס.

— איך וואָלט ליבערשט געוואָלט האָבן אַ זון אַ דאָקטאָר — האָט

זיך געשפּאָרט די מוטער. — ווער האָבן אַ קאַרעטע ווי דאָקטאָר הערטי — האָט זי געטרוימט — און מענטשן וועלן דיר קושן די הענט. דעמאָלט וועלן מיר זיך קויפן אַ קליין הויז, מע זאָל נישט זיין אָפּהענגיק בלויז פון דער פּראַקטיק...

ער האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. אין זיינע פינצטערע חלומות האָט ער זיך נישט פאָרגעשטעלט אַז ער וועט זיין אַן אייגנטימער פון אַ הויז.

הענריק איז שוין געווען אויפן דריטן יאָר מעדיצין, ווען ס'איז אָנגעקומען פון היילאַנשטאַלט די ידיעה וועגן פאָטערס טויט, וואָס מ'האָט פאָרויסגעזען זייט אַ לענגערער צייט. דער טויט איז געווען פאַרן קראַנקן אַן אויסלייזונג פון זיינע ליידן און פאַר דער מישפּחה אַזוי ווי אַ צווייטער טויט, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט איין מאָל איבערגעווייטיקט נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלוירן דאָס באַוווּסטזיין.

חוץ דער מוטער מיט די קינדער האָט זיך אין דער לוויה קיינער נישט באַטייליקט.

זיי האָבן זיך גיך צוריקגעקערט צו זייערע באַשעפטיקונגען. אַניע צו איר בייער היים, צו איר מאַן און צו דער הויזווירטשאַפט, וואָס האָט זי אין גאַנצן פאַרשלונגען. הענריק צו זיינע שטודיעס, די מוטער צו אירע טאָג־טעגלעכע רעכענונגען, וואָס אַ מאָל מער קאָמפּליצירטער און וואָס אַ מאָל שווערערע צו לייזן.

אין דער קליינער דירה אויף דער זשעלנע־גאַס איז מען זיך שוין באַגאַנגען אָן אַ דינסט. לודוויקע איז אַוועקגעפאָרן אין דאָרף כדי ענדלעך — נאָך אַזוי פיל יאָרן אַרבעט — זיך צו קויפן אַ שטיקל נחלה, געפינען אַ יונג, „ס'מעג זיין אַפילו מיט קינדער", ווייל זי איז שוין נישט געווען קיין גאָר יונגע, און בויען אַן אייגענע היים.

איין מאָל אַ וואָך איז געקומען אַ דינסט אויפצורוימען די וווינונג. אַ חוץ דעם האָט ווייניק ווער באַזוכט די עלטערע פרוי.

נאָכן טויט פון איר מאַן, ווען זי איז אַראָפּ פון די העכערע שטופן פון דער געזעלשאַפטלעכער לייטער צו די נידעריקערע, האָט זי זיך אָפּגעשלאָסן און אָפּגעגרענעצט פון מענטשן. דער שאָק, וועלכן זי האָט אי־

בערגעלעבט אין שייכות מיט איר מאַנס קראַנקייט, איז נישט דורך אַן שפּורן אויף איר אָרגאַניזם. זי האָט פאַרלוירן ס׳געהער, וואָס אַן אמת, נישט אין גאַנצן, אָבער אויף אַזוי פיל, אַז די איינדרוקן פון דער אויסער־לעכער וועלט זענען צו איר דערגאַנגען ווי דורך אַ דיקן פּוירהאַנג, פאַר־לירנדיק די פרישקייט און אוממיטלבאַרקייט.

וואָס אַזוינס האָבן איר שוין איצט די מענטשן געקאָנט דערציילן אינטערעסאַנטס און נייעס? וואָס האָט זי שוין געקאָנט הערן שיינס? דאָס שענסטע, וואָס ס׳איז ווען געווען, האָט זי געהערט ביזן טויט פון איר מאַן. זי איז אין גאַנצן גראָ געוואָרן, אָבער ס׳זענען איר פאַרבליבן די אַמאָליקע העלע אויגן אין וועלכע ס׳האָבן זיך איצט אָפט, אָן אַ סיבה באַוויזן טרערן. מאָדנע רירנדיק האָט זי אויסגעזען מיט איר הויכער — מלכותדיקער געשטאַלט, ווי מ׳האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט, אַ ביסל שוין דעפאָרמירט, מיט די גראָע לאָקן, זאָרגפעליק פאַרקעמט אַרום דעם קאָפּ און מיט די העלע, ממש קינדערישע אויגן.

זי האָט זיך געפינען אַ נייע אייגענע וועלט פון איינדרוקן. גאַנצע טעג האָט זי געלייענט, אַרויסגייענדיק זעלטן פון דער היים. זיך פאַרקליבן אין ווינקל אויף דער סאָפע און געלייענט הונדערטער ראָמאַנען און לייע־נענדיק איבערגעלעבט צום צווייטן מאָל נישט נאָר איר אייגענע יוגנט, נאָר די אייביקע יוגנט פון די העלדן אין די ראָמאַנען.

— און וווּ איז זיין אינגעבאָרגאַ? — האָט זי זיך געפרעגט ביים זון, ווען ער האָט אָפּגעריסן זיינע מידע אויגן פונעם שרייבטיש; זי האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס — אויב ער שרייבט שוין — שרייבט ער נישט קיין ראָמאַנטישע דערציילונגען.

— שוין ווידער וועגן קינדער — האָט זי געזאָגט אַן אַנטוישטע, ווען הענריק האָט, ווי כמעט יעדער שרייבער נאָכן פאַרענדיקן אַן אַרבעט, זי גערופן פונעם צווייטן צימער, כדי איר איבערצולייענען וואָס ער האָט געשריבן און צו הערן איר מיינונג, וואָס אַן אמת, נישט קיין קאָמפּע־טענטע, אָבער ווי ס׳זאָל נישט זיין — אַ פרעמדע מיינונג, נישט אַן איי־גענע. ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער האָט אַמאָל זיינע שאַפונגען געלייענט לודוויקען, כאָטש ער האָט געוווסט אַז זי האָט דערפון גאָרנישט פאַר־שטאַנען.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו פון לייענער: אַמוזירנדיקע און ערנסטע, פול מיט פריינדלעכע עצות און בייסיקע. צווישן דער קאָרעס־פּאָנדענץ, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז הענריקס שאַפונגען רופן אַרויס אַ גרויסן אינטערעס, האָט זיך געפונען אַ בריוו, פון וועלכן ער האָט לאַנג געחלומט:

„איר וועט אַזוי גוט זיין און זיך מיט מיר פאַרשטענדיקן, — האָט געשריבן יאַקוב מאָרטקאָוויטש, נישט נאָר דער גרעסטער, נאָר דער צום מערסטן געאַכטעטער פאַרלעגער צוליבן הויכן ניוואָ פון די ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, — מיר וואָלטן געוואָלט מיט אייך אַרומרעדן גע־וויסע פאַרלאַג־ענינים".

דאָס בוך „דאָס קינד פון סאַלאָן" איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָרטקאָוויטשס פאַרלאַג. אינעם בוך באַשרייבט הענריק די געשיכטע פון זיין פאַרלאָזן די עלטערנס היים און דאָס באַקענען זיך מיט דער וואַרשע־ווער נויט. „דאָס קינד פון סאַלאָן" איז וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך דער קריטיק און די לייענער.

ער האָט עס אַרויסגעגעבן אונטערן פסעוודאָנים פון יאַנוש קאָרטשאַק.

קאַפּיטל צען

# אין קינדער־שפּיטאָל אויף דער שליסקע־גאַס

— וואָס פאַרלאַנגט די שוועסטער?

דער הויפּטדאָקטאָר האָט שטרענג אַ קוק געטון פון הינטער די ברילן. ער האָט נישט ליב געהאַט ווען עמעצער פון די אָנגעשטעלטע איז צו אים אַריינגעקומען אומגערופן.

דאָס רויטע פּנים פון דער שוועסטער פעליציע, אירע אומרויִקע לויפּנ־דיקע שוואַרצע אויגן — האָבן עדות געזאָגט וועגן איר אויפרעגונג. זי האָט געביסן דעם ברעג טיכל, וואָס איז ,ווייזט אויס, געווען צוגעגרייט פאַר עווענטועלע טרערן.

דער שפּיטאָל אויפן נאָמען פון באַומאַן און בערגסאָן אויף דער שליס־קע־גאַס, וואָס האָט זיך געפינען אין אַ נישט־גרויסער, אייגענער געביידע — אָפּגעטיילט פון דער גאַס מיט אַן אייזערנעם שטאַכעט — איז נישט געווען ענלעך, לויטן אויסזען און פּרימיטיווער איינריכטונג, צו קיין שום שטאָטישן שפּיטאָל.

דער שפּיטאָל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך די צוויי באַקאַנטע ייִדישע מישפּחות, איז איצט געוואָרן אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה. עט־לעכע יונגעלייט — דאָקטוירים און אַ פּאָר צענדלינג דאָקטוירים־פּרויען — האָבן דאָ דורכגעמאַכט זייער פּראַקטיק. איינער פון די יונגע, וואָס האָט אָקאָרשט אָנגעהויבן זיין מעדיצינישע פּראַקטיק, איז געווען הענריק גאָלד־שמידט.

— איך בין געקומען וועגן אַן ענין, וואָס האָט אַ שייכות מיט דאָק־טאָר גאָלדשמידט — האָט געמאָלדן די שוועסטער.

דער הויפּטדאָקטאָר האָט זיך פאַרכמורעט, זיך משער געווען וועגן

וואָס עס האַנדלט זיך: ער האָט נישט געבעטן זי זאָל זיך אַוועקזעצן. שוין מסתמא ווידער אַן אָנקלאַגע, און דאָס איז נישט די ערשטע.

ווי מ׳האָט אים איבערגעגעבן, איז דער יונגער דאָקטאָר מיט אַ וואָך צוריק אַרויס פאַרן שפּיטאָל־טויער און געהייסן אַריינלאָזן אַלע קרובים וואָס זענען געקומען באַזוכן די קראַנקע קינדער.

דער שפּיטאָל־רעגולאַמין דערלויבט, ווי ס׳איז באַוווסט, נאָר איין מאָל אַ וואָך, אין אַ באַשטימטער שעה, בלויז צוויי פּערזאָן, און דאָס פון דער נאָענטסטער מישפּחה, צו באַזוכן די קראַנקע קינדער. ווי מ׳האָט איבערגעגעבן, האָט דער דאָקטאָר צוגעזאָגט די קינדער, אַז אויב זיי וועלן אין משך פונעם טאָג נעמען די מעדיצינען אָן פּראָטעסטן וועט ער דערלויבן צומאָרגנס קומען מבקר־חולה זיין אַלע, וועמען די קינדער ווילן נאָר זען: די שוועסטער, ברידער, מומעס, פעטערס און אַפילו חברים. דער עולם איז, ווי געוויינטלעך אין אַן אויפנעמטאָג, געשטאַנען פאַרן טויער און געוואַרט. נאָך עטלעכע מינוט האָט דער גאַנצער עולם אָנגעפילט די שפּיטאָל־געביידע. מע קאָן זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי דער שפּיטאָל האָט אויסגעזען יענעם טאָג.

נישט ווילנדיק אַרונטעררייסן דעם אויטאָריטעט פון אַ דאָקטאָר אין די אויגן פון די קראַנקנשוועסטערס און דער דינערשאַפט, האָט דער הויפּט־דאָקטאָר פאַרביסן די ליפּן און פאַרשוויגן דעם סקאַנדאַליעזן פאַל פון אַליינהערשאַפט.

— איר ווילט, ווי איך זע, אַריבערפירן אין שפּיטאָל אַריין וואָס מער מיקראָבן — האָט ער אים פאַרבייגייענדיק בייסיק צוגעוואָרפן.

— ווען דער קאָלעגע וואָלט געוווסט, ווי די קינדער האָבן זיך געפרייט און ווי גוט זיי זענען דורכגעשלאָפן די נאַכט — האָט ער געענטפערט — וואָלט איר דערלויבט די וויזיטן יעדן מיטוואָך. מע דאַרף בייקומען ביי די עלטערן די מורא פאַר אַ שפּיטאָל. פאַרוואָס באַהאַלט מען אַזוי אָפט אויס די פאַלן פון אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן? פאַרוואָס האַלט מען זיך אָפּ מיטן אָפּגעבן דאָס קינד אין שפּיטאָל אַריין, כאָטש די באַדינגונגען אין דער היים זענען שרעקלעכע? ווייל די מישפּחה האָט מורא

זיך צו שיידן מיטן קראַנקן. געדענקט וועגן די הערצער — האָט ער פאַר־ענדיקט אַ פּאַרטראַכטער — נישט נאָר וועגן מיקראָבן.

דער הויפּטדאָקטאָר האָט זיך נישט אַריינגעלאָזט אין קיין דיסקוסיע מיט אים.

— פאַרשטייט זיך, ער איז מער אַ ליטעראַט ווי אַ דאָקטאָר — האָט ער ביי זיך געטראַכט און געוואַרט ביז דער דאָקטאָר וועט אָוועקוואַרפן די שפּיטאָל־פּראַקטיק און זיך פולשטענדיק אָפּגעבן זיין ליטעראַרישער אַרבעט.

פאַר דער גרינגשעצנדיקער באַציִונג פון די קאָלעגן האָט הענריק גע־פונען אַ רעקאָמפּענסאַטע אין שפּיטאָל־זאַל. די קינדער האָבן אים פאַרגע־טערט און אין אַלע קאָמפּליצירטע פאַלן, ווען מ׳האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין עצה מיטן קליינעם פּאַציענט — האָט מען גערופן הענריקן. דע־מאָלט האָבן שוין די באַנדאַזשן זיך געלייגט גלייך אויף די ווונדן און יאָד האָט שוין אַזוי שרעקלעך נישט געברענט.

— וואָס איז ווידער געשען? — האָט דער דאָקטאָר אומגעדולדיק געפרעגט.

— ס׳איז מיר נישט אָנגענעם זיך צו באַקלאָגן — האָט די שוועס־טער געענטפערט — אָבער איך קאָן מיר שוין ווירקלעך קיין עצה נישט געבן.

— זאָל די שוועסטער דערציילן.

— מיר האָבן גערייניקט דעם שפּיטאָלזאַל, אונטערן קישן פון אַ פּאַציענט האָב איך געפונען אַן אמתן מאַגאַזין מיט מיסט. כ׳ווייס אַפילו נישט פון וואַנען ס׳האָט זיך דאָרט גענומען — פאַרשידענע שטיינדלעך, טשוועקעס, גומעס, אַלטע טראַמוויי־בילעטן — אַן אמתער זומפּ פון פעסט. איך האָב, פאַרשטייט זיך, דאָס אַלץ געוואָלט אַרויסוואַרפן, אָבער דער פּאַציענט האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געלאָזט. דאָך האָב איך דאָס אַלץ צוגענומען. ס׳יינגל האָט זיך צעוויינט. אין דעם מאָמענט איז אַריינ־געקומען אין זאַל אַריין דאָקטאָר גאָלדשמידט. ער האָט זיך דערנענטערט צום בעט און געפרעגט ביים יינגל פאַרוואָס ער וויינט.

— זי האָט מיר צוגענומען אַלע מיינע זאַכן וואָס איך האָב מיר צו־זאַמענגעקליבן.

כ׳האָב מיך צעלאַכט. כ׳האָב געוויזן דעם דאָקטאָר די אָנגעקליבענע זאַכן, די טשוועקעס זענען געווען פאַרזשאַווערט. ער האָט דאָס אַלץ ביי מיר אַרויסגענומען פון דער האַנט און צוריקגעגעבן דעם קינד.

— ס׳איז אים נאָך געווען ווייניק וואָס מיין אויטאָריטעט... — איר שטים האָט אָנגענומען אַ וויינענדיקן טאָן — אָבער הערט וואָס ער האָט געזאָגט: — ווען די שוועסטער וואָלט באַהאַלטן אונטער איר קישן אַ גאָלדן זייגערל און אַ ברילאַנטן רינגל און עמעצער וואָלט געקומען און דאָס אַלץ צוגענומען, וואָלט די שוועסטער נישט געמאַכט קיין סקאַנדאַל?

— כ׳האָב געמיינט אַז ער איז משוגע געוואָרן.

— אָבער דאָס איז דאָך מיסט!

— פאַר אים האָט דאָס די זעלבע ווערט, וואָס פאַר דער שוועסטער ברילאַנטן — האָט ער געענטפערט.

כ׳בין אַוועק... כ׳האָב זיך אין גאַנצן געטרייסלט פון אויפרעגונג. כ׳האָב געהערט ווי ער האָט מיר צוגעוואָרפן „מכשפה״. ניין, הער דאָק־טאָר, איך קאָן לענגער, ביי אַזעלכע אומשטענדן נישט אויספירן מיינע פליכטן. אָדער איך וועל אַוועקגיין, אָדער...

— באַרויִקט אייך, שוועסטער, — איך וועל זיך באַמיִען דאָס אויפ־צוקלערן — האָט געענטפערט דער הויפּטדאָקטאָר.

דעם דאָזיקן ענין האָט ער נישט געקאָנט דורכלאָזן. דער געשפּרעך איז געווען אַ קורצער.

— אַ שפּיטאָל איז נישט קיין פּלאַץ פאַר דערציִונג־רעפאָרמען — האָט אָנגעהויבן דער שפּיטאָלשעף.

— יעדער פּלאַץ, וואָס גייטיקט זיך אין רעפאָרמען איז צוגעפּאַסט כדי דורכצופירן די אויסבעסערונגען — האָט צוריקגעענטפערט דער יונ־גער דאָקטאָר.

ער איז באַגאַנגען אַן אומפאַרזיכטיקייט. ער האָט באַדאַרפט לאָזן דעם הויפּטדאָקטאָר זיך אויסרעדן. די אַטמאָספער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אומרו.

— דער קאָלעגע האָט זיך, ווי איך זע, איבערגענומען מיט די נייע

אויסלענדישע מעטאָדן — האָט ווייטער גערעדט דער שעף — כ׳האָב נישט איין מאָל וועגן דעם געהערט. אונדזער עפּאָכע דאַרף משמעות הייסן דער יאָרהונדערט פון פּעסטאַלאָצי; מע פֿאָדערט פרייהייט פֿאַרן קינד און רעס־פּעקט פֿאַר זיינע רעכט. אָבער דאָ איז נישט קיין דערציִונג־אַנשטאַלט. איר שטעלט אין געפֿאַר דעם אויטאָריטעט פון דער שוועסטער און דער־מיט אויך דעם אויטאָריטעט פון שפּיטאָל. איך גיי נישט אַריין אינעם מערי־טום פונעם ענין; דער באַפעל פון דער שוועסטער דאַרף דורכן פּאַציִענט אויסגעפירט ווערן.

הענריק האָט געשוויגן. באַפעל, אויטאָריטעט — האָט ער געטראַכט — וואָס פֿאַר אַ שייכות האָבן די ווערטער מיטן קראַנקן קינד.

— צוריקקומענדיק, קאָלעגע, צו דער „מאָדערנער״ דערציִונג, וואָס איר פּראָפּאַגירט — האָט זיך דער הויפּטדאָקטאָר פונאַנדערגערעדט — שטעל איך מיר שוין פֿאָר וואָס פֿאַרע חוצפּהדיקע לאָבוזעס און איינגע־בילדעטע נאַרנקעפּ ס׳וועלן אויסוואַקסן פון די קינדער, ביי וועלכע מע וועט נישט שניידן די הויט.

דאָס איז שוין געווען צופיל. וויפל מאָל מ׳האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן שלאָגן קינדער האָט הענריק פֿאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט.

— נאַרנקעפּ און לאָבוזעס פעלן נישט אין דעם דור וואָס איז דער־צויגן געוואָרן אַנדערש, מיט אַן אַלטן מעטאָד — האָט ער איראָניש צו־ריקגעענטפערט.

דאָס פּנים פונעם הויפּטדאָקטאָר איז אָנגעפילט געוואָרן מיט בלוט. אין הענריקס ענטפער האָט ער דערפילט אַ גרינגשעצונג פֿאַר זיינע פּרינ־ציפּן און, נישט וויסנדיק פֿאַרוואָס, האָט ער די אילוזיע פֿאַרן עלטערן דור אָנגענומען ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג. ס׳איז נישט געבליבן קיין אַנ־דערער אויסוועג ווי זיך צו געזעגענען נישט אויפקלערנדיק דעם ענין. דאָס האָט געהייסן געזעגענען זיך כּדי נישט צוריקצוקומען.

דאָס געשפּרעך מיטן הויפּטדאָקטאָר איז אגב געווען דער סוף פון אַ ציקל פריִערדיקע שמועסן, וואָס זיי האָבן געפירט אין דער קאַנצעלאַריע פונעם ערשטן טאָג אָן, ווען ער האָט אָנגענומען די פּראַקטיק אין שפּיטאָל.

פאַרן הויז אויף דער זשעלנע־גאַס האָט געהאָנגען אַ שילדל:

דאָקטאָר הענריק גאָלדשמידט
נעמט אויף פון 5—1 נאָך מיטאָג.

פאַר הענריקס מוטער איז דער טאָג, ווען מ׳האָט דאָס שילדל אויפ־געהאָנגען, געווען כמעט ווי אַ יום־טוב.

דערווייל האָט זי נאָר אָנגענומען די גוטע ווונטשן פונעם אייגנטי־מער פון געוועלבל און פונעם מילכהענדלער. אָבער אין דער פאַנטאַזיע האָט זי געזען, אַז שוין נישט לאַנג און זיי וועלן אָנהייבן צו זוכן אַ גרעסערע דירה, ווייל די ביז־איצטיקע וועט זיך אַרויסווייזן צו קליין ווען ס׳וועלן אָנקומען די פּאַציענטן און וועלן אָנפילן דעם וואַרטזאַל און קאָ־רידאָר.

דער אויסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאָנישער מילחמה האָט איר צוגע־נומען דעם זון גלייך פונעם אוניווערסיטעט אויפן פראָנט. צום גליק האָט די מילחמה קורץ געדויערט, נאָר איין יאָר. פון דער ווייטער מאַנדזשוריע האָט הענריק געשיקט בריוו פול מיט בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך וואַרשע, נאָך דער מוטער.

ער האָט דאָרטן געפונען אַ פריינד, דאָקטאָר לאַזאָוו. זיי האָבן נישט איין מאָל גערעדט וועגן דער בענקשאַפט נאָכן פאָטערלאַנד, וואָס איז אַזוי באַקאַנט די אַרומרייזנדיקע, עמיגראַנטן און פאַרשיקטע.

דאָקטאָר לאַזאָוו האָט געטענהט, אַז נאָר דאָס ערשטע יאָר איז דאָס שווערסטע. אין צווייטן יאָר פון צעשיידונג קומט רעזיגנאַציע, דורכגע־פלאָכטן מיט שווערע שטורעמס און דאָס דריטע יאָר ברענגט שוין מילדע, שמערצלאָזע דערינערונגען.

דאָקטאָר לאַזאָוו איז געווען אַ פאַרשיקטער, וואָס איז געקומען קיין כינע פון סיביר. נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן, ווען אַזוי פיל נאָענטע זענען גע־ווען באַדראָעט דורך נאָסטאַלגיע נאָכן פאַרלאָזענעם פאָטערלאַנד, האָט הענריק זיך דערמאָנט אָן די קלוגע ווערטער פון לאַזאָוון.

הענריק איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע רייכער מיט אַ יאָר פון קריג־דערפאַרונגען און פול מיט ענטוזיאַזם צו דער אַרבעט, מיט גלויבן אין

דער צוקונפט. אָבער דאָס דאָקטאָר־שילדל האָט נישט געווירקט מיט דער צײַזונג־קראַפט, וועגן וועלכער ס׳האָט געטרוימט העניריקס מוטער.

פון צייט צו צייט איז געקומען אַ פּרווי אין אַ טיכל האַלטנדיק ביי דער האַנט אַ הוסטנדיק קינד. דאָס קינד איז צוריקגעקומען אַהיים פון שפּיטאָל און דערציילט דער מוטער וועגן יונגן דאָקטאָר, וואָס האָט, ווי קיינער נישט, געהאָלפן איינשטילן דעם ווייטיק און הוסט. דערצו האָט ער נאָך צוגעגעבן צוקערלעך.

דער דאָקטאָר האָט נישט נאָר געגעבן דעם פּאַציענט אומזיסטע הילף, נאָר ער האָט פון זיין היימישער אַפּטייק געטיילט מעדיצינען און צוגע־לייגט דער מוטער אַ פּאָר גראָשן אַז זי זאָל קויפן מילך.

זיין ליטעראַרישע אַרבעט האָט נישט אַריינגעבראַכט קיין גרויסע איינקונפטן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מאָרטקאָוויטש האָט גוט גע־צאָלט און געפאָדערט וואָס אַ מאָל נייע ביכער.

דעם פאַרגאַנגענעם זומער האָט דער דאָקטאָר פאַרבראַכט אויף אַ קינדער־קאָלאָניע. ער איז געפאָרן ווי אַ דערציִער.

פון אָנהייב האָט די מוטער פּראָטעסטירט קעגן דער דעגראַדאַציע פון דער דאָקטאָרישער ווירדע און רעפּוטאַציע, אָבער ווען ער איז צוריק־געקומען נאָך דריי חדשים אַן אָפּגעברענטער און אַ שפּראָצנדיקער מיט געזונט, האָט זי שוין נישט פּראָטעסטירט ווען ער האָט דעם אַמט אָנגע־נומען אויך אויפן נייעם יאָר.

פון זיין אויפהאַלטן זיך אויף די קאָלאָניעס זענען פאַרבליבן נאָטיצן, אַרויסגעגעבענע שפּעטער אין בוכפאָרעם ווי „יאָשקי, מאָשקי און סרולע" און „יוזקי, יאַנקי און פראַנקי" — טאָגביכער פון די קינדער־קאָלאָניעס, וואָס האָבן נישט נאָר פּאָפּולאַריזירט זיינע באַמיִונגען און שטרעבונגען אַרויסצושיקן וואָס מער קינדער פון די קעלערס און בוידעמס אויף זו־מער־ווױנונג, נאָר זיי זענען אויך געוואָרן די באַליבטסטע ליטעראַטור פון ייִדישע און פּוילישע קינדער פון רייכע און אָרעמע היימען.

די פאַרדינסטן פון די דריי זומערדיקע חדשים האָבן געשטאַרקט דעם בודזשעט.

ער האָט דער מוטער גאָרנישט דערציילט וועגן דעם אינצידענט אין

שפּיטאָל. זי וואָלט די גאַנצע שולד געוואָרפן אויף אים, פאַר זיין בייזער צונג. און זי וואָלט אפשר געווען גערעכט. ער האָט, איבעריקנס, געהאַט בדעה צו באַאַרבעטן אַ ניי בוך וועגן דעם לעבן פון קינדער — און די פרייע צייט איז אים אין איצטיקן מאָמענט שטאַרק צונוץ געקומען. ער האָט געשריבן דאָס בוך „רום״.

ער איז שוין נישט אַרויס פון שטוב זייט דריי טעג. ער האָט פאַר דער מוטער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער פילט זיך נישט גוט. דערפאַר האָט זי אים נישט געמאַטערט מיט פראַגעס פאַרוואָס ער גייט נישט אין שפּיטאָל אַריין. זי האָט נאָר שווער געזיפצט קוקנדיק צו דער פאַרמאַכטער טיר פון זיין צימער.

אין געוועלבל איז דער חוב געוואַקסן וואָס אַ מאָל גרעסער. זיי זענען אויך געווען שולדיק דירה־געלט שוין פאַר דריי חדשים. דערציילן דעם אמת אַניען? האָט זי מורא געהאַט פאַר איר מאַן.

זי האָט געוווסט אַז אַניע וועט קומען; זי וועט אָנהייבן אַ געשפּרעך וועגן „אידעאַליסטן״, וואָס זענען פאַרקוקט אין די שטערן און נישט אויף דער ערד, און ס׳וועט זיך ענדיקן מיט אַ קריגעריי מיט הענריקן.

דעם אמת געזאָגט, האָט זי וואָס אַ מאָל מער געהאַלטן מיט אים. ס׳האָבן זי איבערגעצייגט זיינע ביכער ווי אויך דער פאַקט, וואָס זי איז שוין אַ ביסל אַוועק פונעם שקרדיקן לעבן, וואָס ס׳איז איר אויסגעקומען אַ מאָל צו פירן, פול מיט קאָנוווענאַנסן. זי וועט זיך מער נישט באַקלאָגן. זי האָט אָנגעהויבן צו גלייבן אין דער מיסיע, צו וועלכער איר זון איז באַרופן געוואָרן. זי האָט אים שוין נישט געשטערט אין זיינע שעהען פון דענקען און מער נישט געגישטערט אין זיינע נאָטיצן.

אויף מיטאָג האָט זי היינט אָפּגעקאָכט נאָר אַ קאַרטאָפל־זופּ און אויף דעסערט דערלאַנגט עפּל צום טיש:

— דו ביסט נישט הונגעריק?

— ניין — האָט ער געענטפערט און אַ קוק געטון אויף איר מיט אַ פאַרשעמטן בליק.

דאָס איז זיין שולד, וואָס אויף אירע עלטערע יאָרן האָט די מוטער צו מיטאָג נישט מער ווי אַ קאַרטאָפל־זופּ. אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין.

ער מוז זוכן עפּעס אַן אַרבעט. זינט עטלעכע טעג האָט ער פלייסיק נאָכ־געקוקט די צייטונג, נאָכגעפאָלגט די רובריק פון פאַרגעלייגטע פּאָסטנס.

ווען די פרוי ווילטשעק פון סאָלעץ האָט זיך דערוווּסט, אַז דער דאָק־טאָר איז צוריקגעקומען פונעם קריג, איז זי צו אים געקומען מיטן קראַנקן זעקס חדשימדיקן מיידעלע, מאַנקע, אַ דערנערטע מיט אַ זעמל, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ שמאַטקע. די קליינע איז אויסגעוואַקסן אַ ראַ־כיטיש קינד מיט אַ גרויסן בויך און אַן אויפגעלאָפּענעם קאָפּ.

די ווילטשעקאָווע האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַר אים:

— דאָס זענען געווען גוטע צייטן — האָט זי געזאָגט — איר געדענקט, הער דאָקטאָר?

ער האָט נישט געוווּסט, אַז יענע צייטן זענען געווען פאַר דער משפחה ווילטשעק די בעסטע.

— ווו איז אייער מאַן? — האָט ער געפרעגט.

די פרוי האָט זיך צעוויינט.

— מיר האָבן אים שוין באַגראָבן מיט צוויי יאָר צוריק — האָט זי געהעשעט. — די מאַשין האָט אים אָפּגעשניטןביידע פיס אין דער פאַבריק. מ׳האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל אַריין, אַמפּוטירט ביידע פיס און מיר האָבן אים שוין מער נישט געזען.

ער איז געבליבן שטיין ווי געטראָפן פון אַ דונער:

— ווי אַזוי גיט איר זיך אַן עצה?

— אַנו, איך וואַש פאַר די באַלעבאָסטעס ווי אַ מאָל און וויקטע איז געגאַנגען אַרבעטן ווי אַ שטובמיידל... די יינגלעך אַרבעטן אויך, נאָר דער עלטסטער, איגנאַץ, איז... — זי האָט זיך אָפּגעווישט די נאָז מיט די פינ־גער.

ער האָט נישט געפרעגט. געוואַרט אַז זי זאָל אים אַליין דערציילן.

— מ׳האָט אים געפּאַקט טראָגן פּראָקלאַמאַציעס, האָט מען אים איינ־געזעצט אין דער קאָזע...

— אָבער דאָס איז דאָך נאָך כמעט אַ קינד!

— ווייניק אַזעלכע קינדער זיצן אין די תּפיסות!

ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך פאַראינטערעסירן, זיך נאָכפרעגן

אין דער הילף־געזעלשאַפט פאַר פּאָליטישע אַרעסטאַנטן; אַז ער וועט די קליינע מאַנקע פאַרשרייבן אויף אַ זומער־קאָלאָניע. און זאָל זי אים צושיקן סטאַשעקן וואָס אַרבעט ביי אַ שוסטער.

ער האָט ווידער באַקומען האַנטגעלט, וואָס האָט געמוזט קלעקן אויף אַ גאַנצן חודש, ער האָט כמעט אַלץ אַוועקגעגעבן דער מוטער. פאַר זיך האָט ער איבערגעלאָזט נאָר אויף פּאַפּיראָסן און פאַרן ווורשט־געשעפט, ווו ער האָט זיך צוויי מאָל אַ וואָך געטראָפן מיט די יִינגלעך.

אַנדערע זענען געגאַנגען יעדן טאָג אין דער צייט אין אַ קאַפע־הויז.

פאַר קינדער אָבער איז ביז איצט נישט געווען קיין שום ספּעציעלער לאָקאַל, ווו מע וואָלט זיך געקאָנט טרעפן נאָך דער אַרבעט און כאַפּן אַ שמועס, זיצנדיק ביי טישלעך.

קיינער האָט פאַר זיי נישט געזאָרגט, זיך נישט פאַרנומען מיט זיי. מ׳האָט פאַר זיי נישט געבויט קיין שום ספּעציעלן טעאַטער, קיין קינאָ־זאַל. נישטאָ פאַר זיי קיין ערטער אין די טראַמווייען, כאָטש ס׳איז פאַר זיי אַזוי אומבאַקוועם צו זיצן אויף די הויכע בענק. אין די קאַפע־הייזער זענען זיי אומגעבעטענע געסט. דאָס איינציקע וואָס מע קאָן דאָרט טון איז — שטערן די עלטערע אין זייער געשפּרעך. נישטאָ דאָרט קיין שריפטן פאַר קינדער, אָדער שפּילצייגן, כאָטש פאַר די דערוואַקסענע זענען דאָ צייטונגען און שאַכשפּילן.

צי זענען דען קינדער נישט קיין מענטשן? צי האָבן זיי נישט קיין רעכט צום לעבן?

היות ווי דער דאָקטאָר קאָן זיך נישט טרעפן מיט זיינע יונגע פריינד אין קיין קאַפע־הויז, קומען פאַר די באַגעגענישן אויף אַן אַנדערן פּלאַץ — אין אַ ווורשט־געשעפט, ווו מ׳עסט ווורשטלעך און מע טרינקט ביר.

אינעם ערשטן זאַל שטייט ביים בופעט אַ דיקע פאַרקויפערין אין אַ ווייס פאַרטעך. אויפן בופעט זענען אויסגעלייגט פלעצלעך, ווורשטן, זויע־רע אוגערקעס, אַ סלאָי מיט מושטאַרדע און אונטערן בופעט –– פלעשער מיט ביר. אין צווייטן צימער צאַנקט אַ גרין גאַזפלעמל. אַ חוץ אין דער צייט פון די מאָלצייטן, איז ליידיק ביי די טישלעך, באַדעקטע מיט מאַר־

מאָרפּלאַטן. עס שטערט אויך נישט דער אויסגעפּוצטער קעלנער, וואָס שאַצט אָפּ מיט אַ קריטישן בליק די סאָציאַלע פּאָזיציע פון יעדן גאַסט.

דער אייגנטימער פון לאָקאַל, מיט אַ קליין רויט בערדל און ברייטן שמייכל, גייט אַרום אַ פאַרשוויצטער ביי די טישלעך, דערלאַנגט די וווּרשט־לעך און ביר. פרעגט כסדר: וואָס נאָך? מע קאָן דאָ זיצן ביז שפּעט ביי־נאַכט, ביז מע פאַרמאַכט דאָס געוועלב.

קיינער הערט זיך דאָ נישט אונטער. קיינער וועט נישט צוטראָגן הענ־ריקס מוטער, אָדער די אָפּיעקונעס פון די ייִנגלעך, וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. אַ וואַרעמקייט שלאָגט פונעם טאָפּ, אין וועלכן ס׳קאָכן זיך די ווורשטלעך. דאָס העלע ביר צעגיסט זיך אָנגענעם איבער אַלע אברים. אָט דער מענערישער „דערוואַקסענער" כיבוד איז אַ סך בעסער פאַר די אויס־געהונגערטע ייִנגלעך, ווי קוכנס מיט שמאַנט, נאָך וועלכע עס איבלט.

זיבן אַזייגער טרעפן זיך פינף איבערגעגעבענע פריינד און די גאַנצע כאָפּטע שפּאַנט אַריין אינעווייניק.

דאָס זענען מערקווירדיקע באַגעגענישן, פאַר וועלכע הענריק האָט אָפּגעגעבן די קאַפע־הייזער און וועלכע ער וועט שוין שפּעטער, כמעט ביזן סוף פון זיין לעבן, פאַרזעצן אין פאַרשידענע עטאַפּן, מיט פאַרשידענע ייִנגלעך.

די באַקאַנטשאַפט מיט די יונגע פריינד האָט זיך אַלע מאָל אָנגעהויבן דורך אַ צופאַל.

מיט פעלעקן האָט ער זיך באַקענט אין אַ טראַמוויי. זיי זענען צוזאַ־מען געשטאַנען אויף קראָקאָווער־פאָרשטאָט ביי דער סטאַציע. דער גע־דראַנג איז געווען גרויס. פעלעק האָט געהאַלטן אַ היפּש פּעקל איינגע־וויקלט אין אַ ריינעם געוואַנד. דאָס איז געווען אַן אָנצוג, וואָס ער האָט, ווייזט אויס, אָפּגעטראָגן צו אַ קליִענט. ער האָט זיך געשטופּט פונקט ווי אַלע, כדי זיך אַריינצובאַקומען אין טראַמוויי אַריין.

שפּעטער האָט ער דערציילט דעם דאָקטאָר:

— איך האָב לאַנג געמוזט וואַרטן אויפן טראַמוויי. כ׳בין געווען בייז ווייל כ׳האָב נאָך געוואָלט צוריקקומען. די טראַמווייען האָבן זיך ערגעץ ווו אין וועג פאַרהאַלטן. ווען איין טראַמוויי איז שוין אָנגעקומען, איז ער

געווען איבערגעפּולט... דערצו שטופּט מען זיך נאָך. שטופּ איך מיך אויך.
כ'האָב מיך שוין אַפילו געהאַלטן פאַרן הענטל, כדי אַריינצוקריגן זיך אי־
נעווייניק און דאָ שרייט איינער אויפן טרעפל: — ווו קריכסטו? ווערסט
אַראָפּפאַלן!" — און גיט מיך פלוצלינג אַ שטופּ אַוועק, אַז כ'בין אַזש
אומגעפאַלן.

כ'האָב אַ טראַכט געטון: אָט פאַלסטו אַליין אויך אַראָפּ, שיכור איי־
נער! אָבער ער איז גאָרנישט געווען שיכור. ער האָט מיך ניכטערהייט
אַראָפּגעשטופּט פון טראַמוויי, ווייל ער איז געווען שטאַרק און גרויס.
וואַרט איך ווייטער. דער צווייטער טראַמוויי איז אויך איבערגעפולט. ווי־
דער האָט מיך איינער אַ שטויס געטון. אַ געשריי, אַ געפּילדער. די פּאַ־
סאַזשירן האַלטן מיט אים. דער וואָס האָט מיך אַ שטויס געטון, לאָזט מיך
גישט אויסשטייגן. אַלע לאַכן. מיט גרויס מי האָב איך מיך אַרויסבאַקומען.
צי זענען קינדער נישט קיין מענטשן?"

ער איז נישט אַראָפּגעשטיגן אַליין. דער דאָקטאָר איז מיט אים אַראָפּ.
אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטשאַפט, וואָס האָט זיך דערנאָך גע־
צויגן מיט די באַגעגענישן אינעם וואַרשטנגעשעפט.

— „שעצן עמעצן דערפאַר וואָס ער איז פריִער געבוירן געוואָרן?
דערמיט אַנטוויקלט מען אין אונדז פאַלשקייט בכדי מיר זאָלן, ווען מיר
וועלן אויסוואַקסן, פאַראַכטן די שוואַכערע און חנפענען די שטאַרקערע. זיי
מעגן אונדז אַראָפּשטויסן פון די טראַמווייען, אָנכאַפּן פאַר דער גאָמבע.
די דערוואַקסענע ווייסן נישט וויפל עס ליידן די קינדער צוליב די עלטע־
רע און שטאַרקערע. נישטאָ פאַר אונדז קיין געזעצן, קיין גערעכטיקייט.
מיר לעבן ווי פאַרהיסטאָרישע באַשעפענישן. אייניקע באַפאַלן, אַנדערע
אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך אויס. מיר זענען דער אונטערדריקטער קלאַס,
וועלכן איר ווילט איינהאַלטןביים לעבן פאַרן פרייז פון דער קלענסטער
אָנשטרענגונג" — אַזוי האָט הענריק שפּעטער פאַרנאָטירט, באַשרייבנדיק
בקיצור די באַשולדיקונגען פון זיינע יונגע פריינד.

נישט איין מאָל, ווען ער איז אַריין אין אַ געשעפט כדי צו קויפן
קאַרטלעך אָדער צוקערלעך, איז ער געווען אַן עדות פון אַזאַ סצענע: די
פאַרקויפערין לאָזט איבער אַ כאָפּטע קינדער, וואָס זענען געקומען עפּעס

קויפן און מיט אַ פריינדלעכן שמייכל ווענדט זי זיך צו אַ דערוואַקסענעם, וואָס איז נאָר וואָס אַריין, פרעגנדיק ביי אים וואָס ער ווינטשט זיך.

— דאַכט זיך, אַז די יינגע קליענטן זענען געקומען פריִער — פלעגט איך אַזאַ פאַל זאָגן דער טאָקטאָר.

— ווען איר זאָלט וויסן ווי זיי פאַרנודען. שעהענווייז קוקן זיי דורך די קאַרטלעך און העפטן.

— און וויפל שעה פאַרנודעט איר אייער מאָדיסטין ווען איר קלייבט זיך אויס אַ הוט? — האָט ער געענטפערט.

„ווייל דערוואַקסענע מיינען אַז אַלץ, וואָס גייט נאָר זיי נישט אָן, איז נאַרישקייטן, און אַלץ, וואָס מע קאָן עס נישט קויפן אָדער פאַרקויפן, איז ביי זיי מיסט — האָט מען אויסגעפירט אינעם שמועס ביים עסן די ווורשטלעך".

דעם צעניאָריקן מאַניעק — אַ זון פון רייכע עלטערן — האָט פּעלעק מיטגעבראַכט ווייל זיי האָבן געוווינט בשכנות. ווען דאָס געשפּרעך איז איבערגעגאַנגען צו די טאָג־טעגלעכע עוולות, האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז מע צווינגט אים צו קושן די מומעס, און פרעמדע פרויען קושן אים.

„די דערוואַקסענע, ווען זיי פרעגן עפּעס ביי אַ קינד און דאָס קינד וועט זיך פאַרהיקען און רויט ווערן, מיינען זיי באַלד, אַז עס זאָגט אַ ליגן, אָדער אַז דאָס קינד האָט זיך פאַרשולדיקט אין עפּעס. צו דערוואַקסענע וועט קיינער נישט זאָגן: — „טראָג זיך אָפּ!" צו אַ קינד אָבער זאָגט מען עס זייער אָפט. אַ דערוואַקסענער דרייט זיך אַרום און אַ קינד פּלאָנטערט זיך אַרום; אַ דערוואַקסענער וויצלט זיך, אַ קינד לצוועט; אַ דערוואַקסע־נער וויינט, אַ קינד — יאַכמעט און בעקעט; דער דערוואַקסענער איז אַ באַוועגלעכער, אַ קינד דרייט זיך צווישן די פיס; אַ דערוואַקסענער איז אומעטיק, אַ קינד איז פאַרקרומט; אַ דערוואַקסענער איז אַ צעשטרייטער, אַ קינד איז אָן אַ קאָפּ און אָן געהירן; אַ דערוואַקסענער האָט זיך פאַר־טראַכט, אַ קינד קוקט ווי אַ גולם."

ווייטער האָט ער אַריינגעשריבן אין זיינע פאַרנאָטירונגען:

„אַ קליין פאָלק איז אונטערן יאָך פון גיגאַנטן און פריסטער, וואָס פאַרמאָגן דעם כוח פון מוסקולן און געהיימע קענטעענישן."

אַראָן איז געווען אַ יתום. זיין פֿאָטער איז געשטאָרבן פֿון שווינד־זוכט. די מוטער מיט די פּיצלעך קינדער האָט געוווינט אין פּינטשעוו ביי אַ באָבען און געהאַנדלט מיט גרינוואַרג. אַראָנען האָט מען געשיקט אַהער צום פֿעטער, אַז ער זאָל העלפֿן אין געוועלב און פֿונאַנדערטראָגן די פּראָ־דוקטן צו די קליִענטן. יעדן טאָג איז ער געקומען צום דאָקטאָר אַהיים אַ פֿאַריאַכמעטער און איין מאָל האָט ער צוגעגנבעט אַ פּוילישע צייטונג. ער האָט געקענט אַ ביסל לייענען. דער דאָקטאָר האָט אים געבאָרגט צו לייע־נען און ער האָט זיך מיט אים אָפּגערעכנט אינעם וווּרשטנגעשעפֿט.

עס פֿלעגט אויך קומען נתן מיט זיין שוועסטערל, אַ ייִנגערע פֿון אים. זי האָט געקריגן נאָר איין ווורשטל און סאָדע־וואַסער אָנשטאָט ביר. דער דאָקטאָר האָט אים געקענט פֿון דער קאָלאָניע. ער האָט ליב באַקומען דאָס ייִנגל פֿאַר זיין פֿאַרשטאַנד און אונטערנעמונג־קראַפֿט. נתן האָט נישט גע־האַט קיין מוטער, נאָר אַ שטיפֿמוטער. דער פֿאָטער איז דעם גאַנצן טאָג אין קראָם און די שטיפֿמוטער באַמיט זיך נתנען אויסצונוצן צו שטוב־אַרבעט. דעריבער דערלויבט זי נישט אַז ער זאָל גיין אין דער שול. אָבער נתן האָט זיך אויסגעלערנט לייענען און דרייט זיך אָפּט אַרויס פֿון דער שטובאַרבעט.

— דאָס מאָל איז די עקספּלאָטאַציע נישט געלונגען — האָט גע־טראַכט דער דאָקטאָר.

דאָס ייִנגל דערציילט טריִומפֿירנדיק, ווי אַזוי ער נאַרט אָפּ די שטיפֿ־מאַמע; ער איז אַ ציניקער. נאָר ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן זיין שוועסטער, איז ער גרייט אויף יעדן קרבן.

— צי וואָלט מען נישט געקאָנט די קליינע אָפּגעבן אין אַ דערציִונג־אַנשטאַלט? — פֿרעגט ער.

— מיר וועלן זיך באַמיִען — ענטפֿערט דער דאָקטאָר.

נאָכן טרינקען ביר פֿאַלן אַלע אַריין אין אַ גוטער שטימונג און מע לאַכט פֿונעם דאָקטאָרס וויצן.

אָבער ער פֿילט זיך — נישט־קוקנדיק אויף דער אויסערלעכער פֿריי־לעכקייט — ווי ער וואָלט אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעבראָכן האַרץ. ער וואָלט געקאָנט שעהען לאַנג אויסהערן אָט די אַלע דערציילונגען פֿון די קינדער

און איינשלינגען די אַלע אומענדלעכע עוולות, וואָס מע באַגייט לגבי די קינדער.

ער וועט צוריקגיין אַהיים, זיך אַוועקזעצן ביי זיין שרייבטיש און ביזן פרימאָרגן פאַרשרייבן און פאַרנאָטירן אַלץ וואָס ער האָט נאָר וואָס געהערט. זאָרגפעליק, ווי פּראָטאָקאָלן פון באַשולדיקונגען, וועט ער באַשרייבן יעדן פאַל פון אַ קינדערשע עוולה.

עס וועט דערפון אַרויסוואַקסן אַ מעכטיקער אָנקלאָג — געווענדט קעגן דער וועלט פון דערוואַקסענע.

אָבער ס׳איז נישט גענוג צו פאַרקלאָגן. ס׳מוז קומען אַ סוף צו דער אומגערעכטיקייט, אַ סוף צו די טאָג־טעגלעכע פאַרברעכנס.

ווי אַזוי דאָס אויפצוקלערן? ווי אַזוי אָפּצוהיטן זיינע קליינע פריינד, און מיליאָנען אַנדערע אויפן גאַנצן ערדקוגל, אין אַלע עקן וועלט — פון איגנאָראַנץ, פון ברוטאַלקייט און גלייכגילטיקייט?

עס ווערן געבוירן נייע פּלענער פון נייע דערציִונג־מעטאָדן. עס אַנט־שטייען געזעצן, וואָס מע דאַרף אַרויפצווינגען אויף דער געזעלשאַפט־לעכקייט. מע וועט פאַר זיי דאַרפן קעמפן, אַז זיי זאָלן איינגעפירט ווערן אין לעבן.

קאַפּיטל עלף

# אין קינדערהיים

דאָס שוליאָר האָט זיך אָנגעהויבן דעם ערשטן סעפּטעמבער. פון דעם טאָג אָן האָט זיך געלאָזט מערקן אַן אויפלעבונג אין שטאָט נאָך די זומער־וואַקאַציעס.

אינעם זאַקסישן גאָרטן האָט זיך געפילט דער ריח פון פאַרפוילטע בלעטער און פייכטער ערד, נאָר די קילע ווינטן האָבן אין זיך געהאַט די פרישקייט פונעם פרילינג.

אין פוילן האָט מען טראַדיציאָנעל מער ליב געהאַט דעם האַרבסט ווי דעם פרילינג. נישט בלויז דערפאַר וואָס דער האַרבסט איז אַ גאָלדענער, נאָר אויך צוליב דעם וואָס ער דערוועקט אינעם מענטש אַ פילאָזאָפישע פאַרטראַכטקייט און איז פול מיט מעלאַנכאָלישע פרימאָרגן־נעפּלען.

דער הימל האָט פאַרלוירן זיין זומערדיקע טיפע בלאָקייט און איז גע־האָנגען איבער דער שטאָט ליכטיק, כמעט דורכזיכטיק.

אין די געשעפטן, טעאַטערס, אין דער פּאָליטיק, אין דער פרעסע איז געוועזן לעבעדיק. נאָכן פאַרשלאָפענעם אוגערקע־סעזאָן, האָט אַ דערפרישנ־דיקער שטראָם עלעקטריזירט די שטאָט.

איין מאָל אין יאָר האָט די שוליוגנט איבערגענומען די מאַכט.

אַלץ איז אַרויס אין גאַס. אין דעם טאָג זענען די קינדער געגאַנגען פאָרויס — וויכטיקע, פול מיט התמדה, שלעפנדיק נאָך זיך די דערוואַק־סענע. די ראָל פון די עלטערע האָט זיך באַגרענעצט צו באַגלייטן און באַ־צאָלן.

אויף דער שווענטעקזשיסקע און נאָוויניאַרסקע גאַסן, ווו ס'האָבן זיך געפונען די רייען ביכערגעשעפטן און שטענדערס מיט נייע און אַלטע בי־כער, האָט מען זיך געדאַרפט דורכשלאָגן אַ וועג מיט די עלנבויגנס.

שוין אויף דער גאַס האָט מען דורכגעפירט טראַנזאַקציעס. מ׳האָט צווישן זיך אויסגעטוישט ביכער מיט אַן אָפּצאָל און אָן אַן אָפּצאָל. ס׳זע־נען אַנטדעקט געוואָרן נייע סוחרישע טאַלאַנטן: די פּיפּיקערע האָבן אויס־באַהאַלטן אַלע פלעקן און אויסגעריסענע בלעטלעך אינעם בוך, באַמיִענ־דיק זיך אַריינצונאַרן דעם יִנגערן און וויניקער באַהאַוונטן.

די סוחרים אין די געשעפטן האָבן אָפּגעשאַצט די ווערט פון די גע־ניצטע ביכער. מ׳האָט זיך געדונגען וויפל ס׳האָט זיך געלאָזט, אַרויס־גייענדיק און צוריקקומענדיק אין געשעפט; דראָענדיק אַז מע וועט מאַכן אַ שלעכטן שם דעם געשעפט, אָדער צוזאָגנדיק, אַז מע וועט שיקן קאָלעגן צו קויפן ביכער אין דעם געשעפט.

די פאַרקויפערס זענען ממש געפאַלן פון די פיס. די איבערקלייבע־רישע קליִענטעלע האָט זיך געקענט אויף דער סחורה אָבער געהאַט זייער אַ באַגרענעצטן סכום געלט.

נאָכן איינקויפן די לערנביכער אין די בוכהאַנדלונגען איז געקומען די ריי אויף געשעפטן מיט שרייב־מאַטעריאַלן.

די שולן פאַר מיידלעך האָבן געפאָדערט, אַז דער שולהעפט זאָל נישט נאָר גלאַנצן מיט אַ ריינעם טאָוול, נאָר זאָל אויך זיין איבערגעדעקט מיט שיינעם פּאַפּיר. דעם קאָלירטן גלאַנצפּאַפּיר האָט מען אויף אַ געוויינטלעכן טאָג איבערגעדעקט מיט פּשוטן גראָען פּאַפּיר און זייער אָפט האָט מען נאָך די צוויי איבערדעק איבערגעצויגן מיט צייטונג־פּאַפּיר. אַ העפט האָט אויסגעזען ווי אַ ציבעלע. די מיידלעך האָבן מיט אַ זיידענעם באַנד צוגע־טשעפּעט צום העפט דאָס קלעקפּאַפּיר. דער באַנד האָט זיך געהאַלטן אויפן פּאַפּיר מיט אַ זיגל, אויף וועלכן מ׳האָט אַרויפגעקלעפּט קאָלירטע בילדער. דאָס אויספּוצן די העפטן — און זיי זענען געווען צו פינף אָדער זעקס פון יעדן קענגשטאַנד — האָט פאַרנומען לאַנגע שעהען וואָס זענען געווען באַ־שטימט פאַר אָפּרו.

אין די מיידלשולן האָט — אין דער זאָרג פאַר די העפטן — זיך אָפּ־געשלאָגן די איינגעבוירענע פרויען־קאָקעטעריע, וואָס איז געווען געהאַ־מעוועט צוליב די לאַנגע מונדירן, שווערע פאַרטעכער פון שוואַרצער אַל־פּאַגע און דיקע ברוינע זאָקן, וואָס מ׳איז געווען מחויב צו טראָגן אין דער שול.

אין דער קיך האָט מען געקאָכט פּאָווידלעס פון פלוימען, אָדער ס׳האָבן זיך געווייקט באָרוווקעס, פון וועלכע מ׳האָט געמאַכט מאַרמעלאַדע — מיט דעם האָט מען באַשמירט די זעמל, וואָס מ׳האָט מיטגענומען אין דער שול אַריין צום צווייטן פרישטיק. די נאַכט פאַרן גיין אין שול האָט מען זיך אויסגעבאָדן. נאָך דער וואַנע איז נאָך געבליבן אויסצורעגולירן דעם וועקזייגער, צוזאָגן און פאַרזיכערונגען, וואָס מ׳האָט געגעבן די צניעות־דיקע ווייסע העפטן און נייע ביכער; אויף אַזאַ אופן האָט די וואַרשעווער יוגנט אָנגעהויבן דאָס נייע שוליאָר.

הענריק האָט פון אַלע טעג, צום מערסטן ליב געהאַט דעם טאָג פונעם ערשטן סעפּטעמבער, דעם טאָג ווען צו די קינדער האָט געהערט די הער־שאַפט. ער איז אַרויס אויף דער גאַס אין אַ גלענצנדיקער שטימונג, אַריינ־געקוקט אין די געשעפטן, וואָס האָבן געטומלט מיט קינדערשע חלומות. ער האָט אַ שמייכל געטון צו אַ פאַרווײַנט מיידעלע, וועלכער מ׳האָט עפּעס אָפּגעזאָגט וואָס זי האָט שטאַרק באַגערט.

צום בעסטן וואָלט ער זיך צונויפגעמישט מיטן המון אויף דער שווענטעקזשיסקע־גאַס, ער וואָלט געעצהט וואָס צו קויפן, ער וואָלט זיך צוגעהערט וואָס זיי רעדן, אָבער ער האָט היינט נישט געהאַט קיין צייט דערצו.

ער האָט זיך געאײַלט אויף דער פראַנטשישקאַנער־גאַס — אַן אַד־רעס וואָס איז געווען אָנגעגעבן אין דער „נייע גאַזעטע":

„מע זוכט אַ דאָקטאָר אין אַ קינדערהיים אויף אַ פּאָר שעה אַ טאָג. די באַדינגונגען וועלן פּערזענלעך ווערן אַרומגערעדט."

גייענדיק דורך דער ניעצאַלע־גאַס, איבערן זאַקסישן גאָרטן, דורכן טעאַטער־פּלאַץ און ביעלאַנסקע, וואָס איז געלעגן אויף דער גרענעץ פון דער פוילישער און ייִדישער געגנט, האָט ער דערגרייכט די נאַלעווקעס. ס׳האָט אים פאַרכאַפּט די באַוועגונג, דער גערויש פונעם האַנדל־קוואַר־טאַל. ער האָט באַטראַכט דאָס אָנגעזאַמלטע רייכטום פון סחורות אין די געשעפטן, אָבסערווירט די ברייטע, נידעריקע פראָנטן פון די הייזער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די ענגע, מיאוסע פּריוואַט־דירות פון די רייכע אייגנ־טימער פון די געשעפטן. אויף דער פראַנטשישקאַנער־גאַס האָט זיך גע־

פּילט אַ געראָך, וואָס האָט געשלאָגן פון די גרויסע הורטאָווע סקלאַדעס פון רויער, נישט־באַאַרבעטער פעל.

פונעם האַנדל־קוואַרטאַל, פאַרבייגייענדיק די באַניפּראַטן־גאַס, איז ער אַריין אין דער צווייטער טייל פון דער פּראַנטשישקאַנער און אַרויסגע־קומען אין אַ שמאָל, שמוציק געסל מיט אַרויסגעשטאַרצטע שטיינער, מיט טיפע רינשטאָקן פון ביידע זייטן גאַס, איבער וועלכע ס׳זענען געווען אויס־געשפּרייט הילצערנע ברעטער. אין עטלעכע אָרעמע געוועלבלעך האָט מען פאַרקויפט סאָדע־וואַסער פון קופּערנע באַלאָנען און אין אַנדערע ווידער — ציבעלעס און בוראַקעס.

פלוצלינג איז צו אים דערגאַנגען אַ ריטמישער, נישט־געשולטער גע־זאַנג פון אַ קינדערישן כאָר. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָרט מוז זיך געפינען די קינדערהיים. דורכן הויף איז ער אַריין אין אַ שמוציקן הויז. פונעם אָפענעם קעלער האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון מייז. נישט־אָנרירנדיק דעם פּאָרענטש, איז ער שנעל געלאָפן אַרויף דורך די טרעפּ. ער האָט שוין ביי קיינעם נישט געדאַרפט פרעגן, נישט געדאַרפט זוכן.

די טיר אויפן ערשטן שטאָק איז נישט געווען צוגעמאַכט. ער האָט זי שטיל געעפנט און זיך געפונען אין אַ לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר, באַהאָנ־גען פון ביידע זייטן ווענט מיט קינדערישע מלבושים.

— ווען נישט דאָס געזאַנג, וואָלט מיך דאָ אַהערגעפירט דער ספּע־ציפישער ריח, דער געראָך פון דער אָרעמקייט — האָט ער אַ טראַכט גע־טון. אַ נישט־באַמערקטער דורך קיינעם האָט ער אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ אינעם צימער פון וואַנען ס׳האָט זיך געטראָגן דאָס געזאַנג. דאָס איז גע־ווען אַ גרויס און כמעט ליידיק צימער. לעבן דער וואַנט זענען נאָר גע־שטאַנען קליינע בענק. אויף דער פינקלדיק־ריינער פּאָדלאָגע מיט געהוב־לעוועטע ברעטער זענען געזעסן די קינדער.

ער האָט זיך גלייך אָנגעשטויסן, אַז דאָס זענען פינף־זעקסיאָריקע קינדער, פון וועלכע די מערסטע האָבן געהאַט אָפּגעגאָלטע קעפּ. דערפאַר איז געווען שווער אונטערצושיידן ייִנגלעך פון מיידלעך. זיי האָבן געטראָגן די זעלבע לייוונטענע פאַרטעכלעך מיט אָרבל פון אַ בלאָען קאָליר מיט ווייסע שטרייפן. אויף די פיס האָבן זיי געטראָגן פילצענע ווייכע שטעק־שיכלעך.

ער האָט נאָך באַוויזן צו באַמערקן רויטע פּעלאַרגאָניום־בלימעלעך און בלומענטעפּ אויפן פענצטער און אַ סך פונאַנדערגעוואָרפענע קלעצלעך אין ווינקל פון צימער.

די קינדער זענען געווען אַליין. ער האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט. אין איין רגע האָט ער איבערגעלאָזט אין קאָרידאָר דעם מאַנטל און הוט. אויף די שפּיץ פינגער איז ער אַריין אין צימער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע. דאָס אַלץ האָט ער, ווייזט אויס, געטון אויף אַזאַ פּשוטן און נאַטירלעכן אופן, אַז ווען די קינדער האָבן אים באַמערקט, ווי ער זיצט צווישן זיי, האָבן זיי זיך נישט דערפילט באַאומרויִקט אָדער צעטומלט.

ער איז אַרײַנגעפאַלן אין מאָמענט, ווען דער רעפריין פונעם ליד האָט זיך געענדיקט מיט פּאַטשן אין די הענט. און שוין האָט ער מיט זיי מיטגעזונגען:

דער פּאָטער ווירגיליוש
געלערנט האָט די קינדער
און געהאַט האָט ער צוזאַמען
הונדערט דריי און צוואַנציק...

דאָס וואַכזאַמע אויער פון דער דערציִערין האָט גלייך דערהערט אַ מענערשטים אינעם קינדערישן כאָר. זי איז אַריינגעלאָפן פון צווייטן צימער, טראָגנדיק אויף די פיס אויך פילצענע שטעקשיך און אַ שוואַרצן סאַטינענעם פאַרטעך.

ער האָט זי גלייך דערקענט:

— פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אייך האָב איך דאָ געקאָנט דערוואַרטן — האָט ער אַ רוף געטון, אויסשטרעקנדיק צו איר זיינעביידע הענט.

זי האָט זיך פאַררויטלט.

— פאַרוואָס?

— קינדער, איבערגעלאָזענע אויף גאָטס באַראָט, אויף דער פּאָדלאָגע... אַן אַנאָנס אין דער צייטונג, אַז מע דאַרף האָבן אַ דאָקטאָר אין אַ קינדערהיים... צי האָבן מיר נישט געהערט וועגן דעם אויף די לעקציעס

אין צירין? דאָס איז דאָך „קאַסאַ דעי באַמביני״ אויף דער פּראַנטשיש־קאַנער־גאַס.

אָפּלייקנדיק און לאַכנדיק האָט זי אים פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט:

— דערווייל איז ביי אונדז אַלץ זייער באַשיידן, מיר האָבן נאָר דריי צימערן: אַן עסצימער, אַ צימער פאַר שפּילן און מיין קאַבינעט — האָט זי געזאָגט. און דערנאָך:

— וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל ברענגט אייך דאָ צו מיר? — האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון דער באַמערקונג.

— גיכער אַן אומגליקלעכער: כ׳זוך אַ פּאָסטן. יאָ, איך בין אַ דאָקטאָר — האָט ער אויפגעקלערט — שוין אַפילו דורכגעמאַכט מיליטער־דינסט... האָב הינטער זיך אַ שפּיטאָל־פּראַקטיק. איך האָב זיך געווידמעט פּעדיאַטריע.

זי האָט געוווּסט וועגן אַלעם. זי האָט געלייענט זיינע ביכער, זיך נאָכגעפרעגט אויף אים אין פאַרלאַג, ווו זי האָט צוזאַמען מיט דער פרוי מאַרטקאָוויטש באַאַרבעט די איבערזעצונגען פון קינדער־מעשׂות.

— אָבער קיינער קאָן נישט פאַרשטיין אַ קינד אַזוי ווי איר. קיינער קען נישט זיין שפּראַך... עס זעט אויס ווי איר וואָלט לאַנגע יאָרן שטודירט דאָס פּראָבלעם פון קינדער־דערציִונג, איידער איר האָט געשריבן...

— איך האָב אין גאַנצן נישט קיין פּעדאַגאָגישע פּראַקטיק. בלויז דאָס איינס, וואָס פון די אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט זענען מיר צום טייערסטן די קינדער. און נאָך מער: די באַעוולטע קינדער. אָבער פון וואַנען האָט איר זיך דאָ גענומען? איר האָט זיך דאָך געוואָלט ווידמען נאָר דער לערער־פּראָפעסיע?

זי האָט אָבער אַנדערש נישט געקאָנט. אמת, אָנגעהויבן האָט זי טאַקע ווי אַ לערערין. זי פלעגט קומען אין די היימען פון אירע שילער. זי האָט פּשוט נישט געקאָנט קוקן אויף די הונגעריקע, פאַרוואָרלאָזטע און פאַרלייזטע קינדער, באַדעקטע מיט קרעץ. ווי זיי האָבן זיך געשפּילט אין די רינשטאָקן... זי האָט געהאַט איר אייגן געלט...

— איך האָב אייך דערציילט, אַז מיין פאָטער איז אַן אייגנטימער פון אַ גרויס הויז. ס׳איז מיר געלונגען צו דינגען אַ לאָקאַל. פון מיינע איי־

גענע אָפּשפּאָרונגען. איך צאָל נישט קיין סך. די קהילה גיט מיר אַ שטיצע. כ׳האָב זיך באַמיט צו קריגן צוויי קאַנען מילך פון אַ גוט, און זעמל — פון אַ בעקער. דעם מאַטעריאַל אויף די פאַרטעכער האָט געשאָנקען אַ סוחר פון דער געגנשע־גאַס און באַקאַנטע פרויען האָבן זיי אויפגענייט. איצט איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער בודזשעט פאַר אַ דאָקטאָר.

— און דאָס אַלץ האָט איר אויפגעטון אַליין? זאַמלונגען, אַ וווינונג, דערנערונג פאַר די קינדער?

— אַ ביסל העלפט מיר מיין שוועסטער. כ׳האָב אויך אַ קליינע, מו־טיקע צוהעלפערין, כ׳וועל זי אייך פאָרשטעלן, זי איז אַלט צען יאָר — און אויב איך וועל צו דעם פּערסאָנאַל נאָך צוגעבן אַ דאָקטאָר...

ער איז געווען גערירט פון איר קוראַזש און נאַיִווקייט. וואָס באַטייטן אָבער דרייסיק קינדער אינעם ים פון נויט? און אויב די באַדינגונגען אין די היימען, פון וואַנען זיי קומען, זענען טראַגישע, קאָן דען גענוג זיין אַ גלאָז מילך און אַ זעמל?

— דאָס איז ערשט דער אָנהייב — האָט זי אַ זיפץ געטון — אַלץ בעסער ווי גאָרנישט.

אסתרל האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון קאַבינעט. ס׳האָבן אויף אים אַ שיין געטון אַ פּאָר גרויסע ברענענדיקע אויגן, וועלכע האָבן זיך אין אים איינגעקוקט מיט חשד.

— די פרוי אַדעלאַ איז געקומען — האָט זי אַ זאָג געטון און איז באַלד פאַרשוווּנדן.

סטעפע האָט אַ שמייכל געטון אַ צעטומלטע. צום ערשטן מאָל האָט ער באַמערקט, אַז זי האָט אַן אויסערגעוויינטלעכן אָנגענעמען שמייכל און צוויי חן־גריבעלעך אויף ביידע באַקן, ווי אַ קינד וואָס לאַכט. די האָר זע־נען, ווי אַ מאָל, געווען פאַרקעמט גלייך, שטייף צונויפגעצויגן פון הינטן. אָבער ווייסע, אויסגעהאָפטענע שפּיצן האָבן זיך אַרויסגעזען ביים דעקאָלט פונעם שוואַרצן פאַרטעך אַרויס, וואָס האָט אָנגעוויזן ווייבלעכע אינס־טינקטן, וועלכע זי האָט, ווי ס׳ווייזט אויס, געוואָלט האַמעווען.

— אַדעלאַ — דאָ?

זי איז אַריין אַן אויסגעפּוצטע, אויספּערפומירטע אין אַ קאָלירטן באָאַ, מיט פּאַררויטלטע באַקן, און פּאַנטאָפּל אויף הויכע אָבצאַסן.

— איך האָב געברענגט צוקערלעך פאַר די קינדער — האָט זי זיך פאַרענטפערט באַלד אויף דער שוועל, און פּלוצלינג איז זי געבליבן שטיין אַ צעמישטע, דערזעענדיק דעם יונגן דאָקטאָר:

— סטעפאַ איז מיין קוזינע פון מיין מאַנס צד — האָט זי געזאָגט באַגריסנדיק זיך מיט אים.

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר פון אויבן אַראָפּ, רויק, ווי פון דער ווייטנס.

אַזוי קוקט מען אויף אַ גאַנץ פרעמדן, וואָס שטייט אויף דער צווייטער זייט טייך. ס׳האָט אים פון איר אָפּגעטיילט מער ווי אַ טייך, מער ווי אַ ים, אַן אָקעאַן...

ער האָט זיך געוווּנדערט ווי אַזוי זי האָט אים אַ מאָל געקאָנט אַפילו אויף אַ מאָמענט געפעלן.

אין דער זוניקער שיין האָט דער רוזש, מיט וועלכן אירע באַקן זענען געווען באַדעקט, זיך זייער דייטלעך אויסגעטיילט פון דער ווייסער, צו שטאַרק אָנגעפּודערטער נאָז. די בלאָע אויגן האָבן געקוקט אומבאַוועגלעך ווי ביי אַ לאַלקע. ער האָט אַנטוישט אירע דערוואַרטונגען. ער האָט נישט געבראַכט פון אויסלאַנד נאָבעלס אויסצייכענונג. נישט געשריבן קיין ראָמאַנען, איבער וועלכע די פריינדינס וואָלטן געוויינט און געקלאָגט. אָ, ס׳איז אים טאַקע ליבער, וואָס זי האָט נישט געלייענט קיין איינס פון זיינע ביכער.

ס׳איז אין אים געוואַקסן אַ שנאה צו דער פרעמדער פרוי, וואָס האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן פאַר אים ווי אַ סימבאָל פון דער פאַרהאַסטער, פאַלשער, קליינבירגערלעכער סביבה.

— נאָך וואָס איז זי געקומען? וואָס אינטערעסירט איר סטעפע? — האָט ער געטראַכט און געקעמפט מיט זיך ער זאָל איר נישט צווואַרפן עפּעס אַ גראָבע באַמערקונג.

ער האָט נישט געוואָלט זיין צו איר העפלעך, כאָטש זי האָט אים באַזוכט ווען ער איז געווען קראַנק; כאָטש זי איז געווען גרויסמוטיק... ער

האָט עקשנותדיק געשוויגן. נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו פֿאַרענט־פֿערן זיין אָנוועזנקייט אין דער קאָנצעלאַריע.

סטעפּע איז געקומען צו הילף:

— איך וועל אייך איבערלאָזן אויף אַ ווײַלע אַליין — האָט זי צו אים געזאָגט.

זיי זענען ביידע אַרויס אין קאָרידאָר. ער איז געבליבן אַליין. עס זענען אויפגעשוומען די דערינערונגען פון דער שווייץ. ער האָט געפונען אַ בלייפעדער אויפן שרייבטיש און אויטאָמאַטיש אָנגעהויבן צייכענען קאָנטורן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. עס זענען אַרויסגעקומען הייזקעס, הייז־קעס מיט אַראָפּגעבויגענע דעכער.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך וועל נישט איבערלאָזן די קינדער — האָט געשעפּטשעט סטעפּע.

— איך האָב מיר אַ טראַכט געטון: ס׳איז אַזוי שיין, אפשר וועסטו בעטן די שכנטע, זי זאָל היטן די קינדער. איבעריקנס, אסתרל וועט דאָך בלייבן. איך האָב דיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דעם עיפּוש אויף אַ האַל־בער שעה... מיין קאַרעטע וואַרט אונטן.

— ביסט פון זינען אַראָפּ? אין מיטן דער אַרבעט? ווער האָט איצט אַ קאָפּ צום שפּאַצירן?

— אַהאַ, כ׳פאַרשטיי, דו פלירטעוועסט מיטן יונגן מענטשן.

— איך קען אים אין גאַנצן נישט, איך זע אים צום ערשטן מאָל — האָט זי געזאָגט ליגן — ער איז געקומען צוליבן אַנאָנס אין דער צייטונג, ער זוכט אַרבעט.

— איך וואָלט דיר נישט געראָטן זיך מיט אים צו פאַרבינדן. איך קען אים אַ ביסל. ער האָט אַ נאָמען פון אַ טשודאַק... איבעריקנס — האָט זי צוגעגעבן נאָך אַ ווײַלע — אפשר וואָלט פון אייך געווען אַ צוגעפּאַסטע פּאָר.

סטעפּע האָט דערפילט אַ ביטערקייט אין אַדעלעס שטים:

— איך האָב דיך אַזוי פיל מאָל געבעטן, דו זאָלסט נישט קומען מיט

קיין קאַרעטע אויף דער פראַנטשישקאַנער־גאַס — האָט זי געזאָגט — קאָנסט מיך באַזוכן אין מיין היים ביינאַכט.

— ביינאַכט ביסטו מיד און שלעפעריק. סטעפע, ווי גאָט איז דיר ליב!

— האָט זי זיך געווענדט מיט אַן איבערגעטריבענעם ציטער אין איר שטים

— דו ביסט דאָך אַ פרוי, אַ יונג מיידל, לאָז דאָך צורו די קויטיקע ממזרים!

סטעפע וואָלט זי גערן אַרויסגעוואָרפן. אַדעלע האָט זיך אַלץ נישט גערירט פון אָרט:

— דו ווייסט דאָך, אַז דאָס אַלץ איז צוליב דער פריינדשאַפט, וואָס איך פיל צו דיר און צו דער מומען. וואָס וועט פון דיר ווערן? דו באַווייזסט זיך אין ערגעץ נישט, דו זעסט קיינעם נישט. קוק נאָר אָן דעם העסלעכן, שוואַרצן פאַרטעך וואָס דו טראָגסט. דו וועסט דאָך קיין מאָל נישט חתונה־האָבן — האָט זי איר געדראָעט צוואַרפנדיק ווי אַ לעצטע וואָרענונג.

— וועל איך נישט חתונה־האָבן — האָט זי געענטפערט — אָבער גיי שוין פון דאַנען אַוועק!

וועלנדיק מילדער מאַכן איר שטרענגן טאָן האָט זי צוגעגעבן ווייכער:

— איך דאַנק דיר פאַר די צוקערלעך. קום צו גיין אַדעלאַ, צו מיר, שבת.

ס׳איז איר לייכטער געוואָרן, ווען אַדעלע האָט זיך שוין געפונען פון דער צווייטער זייט טיר. זי איז צוריק אַריינגעקומען אין קאַבינעט. דער שרייבטיש איז געווען באַלאַגערט מיט די קינדער. זיי האָבן זיך פון אַלע זייטן איינגעקוקט אין געצייכנטן בילד. דער יונגער דאָקטאָר האָט צו די אָנגעצייכנטע הייזער צוגעגעבן סאָסנע־ביימער, הינער און בלומען.

זי האָט די קינדער אַרויסגעבעטן פונעם צימער.

— מיר מוזן אַרומרעדן די באַדינגונגען פון דער אַרבעט.

ער האָט אָנגעגעבן אַ הויכן חודשלעכן פרייז. זי האָט אויף אים אויפגעהויבן אירע איבערגעשראָקענע אויגן. אויף אַזוי פיל געלט האָט איר בודזשעט נישט דערלויבט. אָבער זי האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַוועקגיין, אַז זי וועט אים פאַרלירן פון אירע אויגן... ער האָט אין איין אויגנבליק פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— איז וויפל קאָנט איר צאָלן? — האָט ער געפרעגט לאַכנדיק — אָבער דאָס וויכטיקסטע: אַן אַוואַנס, ווייל איך האָב נישט אויף קיין טראַמוויי.

זי האָט אַרויסגענומען פון איר בייטעלע אַ פינפרובלדיק פּאַפּירל און האָט עס אים דערלאַנגט.

— ער איז טאַקע אַ טשודאַק — האָט זי אַ טראַכט געטון — אָבער וואָס פאַר אַ ליבער...

קאַפּיטל צוועלף

# אַן אויספלוג פון דער קינדערהיים

זיי האָבן די אַרבעט פונאַנדערגעטיילט אויף אַזאַ אופן, אַז דער דאָק־טאָר האָט אונטערגעזוכט די קינדער און סטעפע האָט פאַרשריבן אין אַ ספּעציעלן בוך די רעזולטאַטן פון דער אונטערזוכונג. דאָס איז געווען אַ גאַנץ אויסטערליש דאָקטאָר־בוך. חוץ די איינפאַכע דערקלערונגען, וואָס זענען געווויינטלעך געווען פאַרשריבן אין די רובריקן, האָט דאָס בוך אַנט־האַלטן אַ ריי גאַנץ נייע רובריקן, וואָס האָבן מיכלומרשט נישט געהאַט קיין שום שייכות מיטן געזונט־צושטאַנד פונעם פּאַציענט.

אין דאָזיקן בוך איז געווען פאַרצייכנט נישט נאָר דעם קינדס וווקס, וואָג, דורכגעמאַכטע קראַנקייטן און דער איצטיקער געזונט־צושטאַנד, נאָר אויך זיין לעבנס־געשיכטע מיט אַ גענויער באַשרייבונג וועגן די אומ־שטענדן פון זיין עקזיסטענץ.

נאָך דער אַרבעט, שפּעט נאָך מיטאָג, האָבן זיי זיך איינגעטיילט מיט די אַדרעסן און יעדער איז געגאַנגען אויף זיין אייגענער האַנט באַזוכן די היימען פון די קינדער.

זיי פלעגן צוריקקומען פון די וואַנדערונגען באַטריבטע און הילפלאָזע קעגן דעם מיט וואָס זיי האָבן זיך יעדן טאָג אָנגעשטויסן.

די יִדישע געגנט אין וואַרשע איז באַקאַנט געווען פון איר ענגשאַפט: אין איין שטוב האָבן טייל מאָל געוווינט עטלעכע משפחות, אָדער אין איין שטוב האָט געלעבט איין משפחה נאָר מיט אַ סך קינדער.

אַ העלפט אַנשטאַלט־קינדער האָבן געליטן פון שווינדזוכט וואָס זיי האָבן געקריגן בירושה. מער ווי אַ העלפט קינדער האָבן געליטן פון פאַ־ווּוס, אָט די הויט־קראַנקייט, וואָס מ׳האָט ספּעציעל אין דער יִדישער גע־דיכטער געגנט פון וואַרשע געטראָפן זייער אָפט און זי געווייִנטלעך גע־

רופן פאַרך, די אָנשטעקנדיקע קראַנקייט וואָס קומט ביי די אָרעמע לייט פון נויט און שמוץ.

אין די פּייכטע ענגע דירות, ביי אַ שלעכטער דערנערונג, איז די שטערבלעכקייט פונעם קליינוואַרג, ספּעציעל פון די זייגקינדער געווען אַ סך העכער ווי אין דער פּוילישער אַרבעטער־געגנט. אָפט האָבן קינדער נישט געקענט קיין געשמאַק פון אַנדערער מילך, אַ חוץ דער מילך פון דער מאַמעס ברוסט. זייער טעגלעכע דערנערונג איז באַשטאַנען פון שוואַרץ ברויט און ציבעלעס.

ווען די יינגלעך זענען אַלט געוואָרן פינף יאָר האָט מען זיי געשיקט אין חדר אַריין.

דער חדר איז באַשטאַנען פון אַ דושנע שטוב, וואָס איז געווען גלייכ־צייטיק דאָס שלאָף־און עסצימער פונעם רבין. זיצנדיק איינגעבויגן אי־בער די הייליקע ספרים צו צען שעה אַ טאָג און טייל מאָל לענגער, האָבן די יינגלעך פאַרבראַכט מיטן מלמד זייערע קינדעריאָרן, די טראַגישסטע אויף דער וועלט. זיי זענען באַשטראָפט געוואָרן פאַר נישט געהאָרכזאַמ־קייט אָדער נישט אויפמערקזאַמקייט מיט אַ גראָבן קאַנטשיק.

די מערהייט פון זיי האָט קיין מאָל נישט איבערגעטראָטן די גרענעץ פון דער שטאָט. זיי זענען אַפילו נישט אַרויסגעגאַנגען פון זייער גאַס, שפּילנדיק זיך אין די רינשטאָקן וווּ מ׳האָט אַרויסגעגאָסן די פּאָמיעס און אַנדערע אומריינקייטן, ווייל די הייזער האָבן נישט געהאַט קיין קאַנאַלי־זאַציע.

אַ סך פון זיי האָבן נישט געוווּסט ווי ס׳זעט אויס גראָז, אָדער אַ קו. זיי האָבן נישט געהערט דאָס געזאַנג פון פייגל, און קיין מאָל נישט קיין שמעק געטון צו אַ בלום.

דאָס דאָקטאָר־בוך האָט דורך די נעכט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויפן דאָקטאָר און אויף סטעפּע פּונקט ווי אַ „קאַבינעט פון שווידערלעכקייטן”. געוויסע קראַנקייטן האָבן געפאָדערט נישט נאָר די כסדרדיקע הילף פונעם דאָקטאָר נאָר אַ ראַדיקאַלע ענדערונג פון דער סביבה און באַדינגונגען.

מעדיקאַמענטן האָבן נישט געהאָלפן. ס׳האָבן אויך נישט געהאָלפן די פּאָר שעה וואָס די קינדער האָבן פאַרבראַכט אינעם אָנשטאַלט.

דעמאָלט טאַקע איז געשען אַ פאַל, ווען מ׳האָט עטלעכע קינדער נישט געקאָנט אַהיימשיקן און זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן אַ פּאָר קינדער אויך איבער דער נאַכט.

איינע פון די ערשטע איז געווען אסתרל. זי האָט פאַרלוירן איר טאַטע־מאַמע אין משך פון איין חודש, און דער ווירט האָט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס דאָס צעבראָכענע בעט מיט דער גאַנצער אָרעמקייט און אויך דאָס קינד. זי האָט נישט געהאַט קיינעמען; די שכנים האָבן זי אַוועק־געשיקט צו סטעפע.

אויף אַזאַ אופן האָבן די ערשטע צען קינדער אָנגעהויבן צו וווינען אין דעם אינטערנאַט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע און ביטערע אַרבעט צו געפינען מיטלען ווי אַזוי אויפצוהאַלטן און אויסצובררייטערן דעם אינ־טערנאַט. טייל מאָל האָבן זייביידע געמאַכט דעם איינדרוק פון פיש, וואָס זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אויפן זאַמד: זיי האָבן האָפענונגלאָז גע־צאַפּלט, זוכנדיק מיטלען כדי אויפצוהאַלטן דעם אינטערנאַט.

אין יענער צייט איז זיי געלונגען צו פאַראינטערעסירן די געזעל־שאַפט „ברידערלעכע הילף״ און ביי דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז גע־שאַפן געוואָרן אַ סעקציע פאַר יתומים.

קינדער אָן אַ היים, האַלבע אָדער גאַנצע יתומים, הילפלאָזע און שוצ־לאָזע, קאָנען שפּעטער אין דער צוקונפט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל פאַרן סדר־העולם — מיט די דאָזיקע דערקלערונגען האָט מען געעפנט די קאָסעס פון די גבירים.

סטעפע האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער דאָקטאָר געפינט זיך נישט אין קיין גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען, כאָטש ער האָט קיין מאָל מיט איר וועגן דעם נישט גערעדט.

זיינע טאַשן האָט ער תמיד געהאַט אָנגעשטאָפּטע מיט צוקערלעך, ווייל מיטן מעטאָד פון מכבד זיין האָט ער שטענדיק אָנגעהויבן זיין באַ־קאַנטשאַפט מיט אַ קינד.

דאָס איז נישט געווען דער ווילן איבערצוקויפן דעם נייעם באַקאַנטן, אָדער עפּעס וואָס האָט געזאָלט פאַרטרעטן אַ קאָמפּלימענט. ער האָט איינ־פאַך אָנגעהויבן די באַקאַנטשאַפט מיטן פאַרשאַפן דעם קינד פאַרגעניגן.

פון צייט צו צייט פלעגן זיך באַווייזן אינעם דאָקטאָרס היים פּאַ־ציענטן פון אַנדערע שיכטן. ער האָט נישט גערן — צו זיין מוטערס צאָרן — זיך פאַרנומען מיט דער פּראַקטיק אין רייכע היימען. ער איז גראָד גע־זעסן אַן איינגעזונקענער איבער דער אַרבעט צוצוגרייטן אַ פּרעגבויגן פאַר די נייגעקומענע קינדער אין אינטערנאַט, ווען ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער קלונג ביי דער טיר.

— שוין מסתמא ווידער עפּעס אַ שנאָרער — האָט אַ טראַכט געטון די מוטער און אַזוי ווי זי איז געשטאַנען ביי דער קיך, אינעם גרויסן פאַר־טעך, וואָס זי האָט געטראָגן, איז זי אַריינגעלאָפן אין קאָרידאָר.

דורכן לעכל אין טיר האָט זי דערזען אַן עלעגאַנטע דאַמע אין אַ הוט און אַ וואָאַל.

— ביטע, וואַרט צו אַ ווײַלע — האָט זי אויסגערופן.

זי האָט אין דער קיך אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם פאַרטעך, פאַרבע־סערט די האָר אויפן קאָפּ און אין גאַנצן אַ געענדערטע איז זי צוגעלאָפן צו דער טיר. דער דאָקטאָר האָט נישט געטאָרט עפענען די טיר, ווייל דאָס וואָלט אַראָפּגעריסן זיין דאָקטאָרישן אָנזען — פלעגט די מוטער זאָגן. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז געווען, אַז דאָס וואָלט אים אָפּגעריסן פון זיין שרייבטיש.

— אין וואָס פאַר אַן ענין?

— איך וואָלט געוואָלט בעטן דעם דאָקטאָר אויף אַ וויזיט.

זי איז אַריין אין קאַבינעט, ברענגענדיק מיט זיך דעם ריח פון לאַק־רעצדיקע פּערפומען. דער דאָקטאָר האָט עס נישט געקאָנט פאַרטראָגן. דאָס איז געווען געגנוג אַז ער זאָל זיך באַציִען אומפריינדלעך צו דער פרעמ־דער פרוי.

— ווו איז דער פּאַציענט? — האָט ער אומהעפלעך אַ בורקע געטון, נישט אָפּווענדנדיק זיינע אויגן פונעם שרייבטיש.

— מיין טעכטערל איז צו קראַנק אַז זי זאָל קאָנען אַליין קומען.

— וואָס איז איר?

— זי וויל נישט עסן.

— זאָל זי נישט עסן — האָט ער אָ מרוקע קעטון — זי האָט, ווייזט

אויס, זיך איבערגעגעסן. איר שטופּט אין זיי צופּיל אַריין — האָט ער צו־געגעבן אומגעדולדיק.

ער האָט זיך דערמאָנט ווי ס׳זעט געוויינטלעך אויס אין אַזעלכע פאַלן; דאָס קינד עסט נישט, הייסט עס: קאַקאַאָ, אייער און באַנאַנעס אין דער פרי, נישט רעכענענדיק שאָקאָלאַד און קיכלעך דורכן גאַנצן טאָג.

און באַלד נאָך דעם זענען געקומען די געוויינטלעכע רעפלעקסן: מיי־נע קינדער האָבן אַלע מאָל אַ גוטן אַפּעטיט...

אָט דער טיפּ פון צערטלעכע מוטערס האָט אים פּרינציפּיעל אַרויסגע־פירט פון גלייכגעוויכט.

ער וואָלט זי צום בעסטן אַרויסגעוואָרפן. אָבער ער האָט אַ קוק גע־טון אין דער ריכטונג פון דער טיר: דאָרט שטייט געוויס זיין מוטער: איז ער ווייכער געוואָרן.

— אָבער פאַרוואָס האָט איר נישט געבראַכט דאָס קינד? איך האָב נישט קיין צייט צו גיין אויף וויזיטן.

— זי איז אַזוי שוואַך אַז זי קאָן נישט גיין.

די וויזיט צו די הערשאַפט גאָלדבאַום איז גראָד אויסגעפאַלן אין דער צייט, ווען די קינדער פון די אַנשטאַלטן אויף סטאַווקע און מוראַנאָווסקע האָבן באַדאַרפט באַזוכן דעם דאָקטאָר.

ער איז געגאַנגען איבער די טרעפּ און געטראַכט, ווי אַזוי מע וואָלט געקאָנט אַוועקטראָגן די אַוועקגעוואָרפענע באַנאַנעס און קאַקאַאָ פונעם זאַטן פּאַציענט צו זיינע שלעכטדערנערטע קינדער.

אין קאָרידאָר האָט אים באַגריסט די גאַנצע משפּחה: דער פאָטער, די מוטער, די באָבע — אַ סך פאַרזאָרגטע פּנימער.

דורכן שיינעם קאָרידאָר האָט מען אים אַריינגעפירט איגעם צימער פון דער קראַנקער.

— איך וויל מיט איר בלייבן אַליין — האָט ער פעסט און אַנטשלאָסן געזאָגט גלייך אויף דער שוועל.

די משפּחה האָט זיך דיסקרעט אָפּגעטראָגן.

דאָס צימער איז געווען האַלב פינצטער, די פענצטער פאַרשטעלט ביז צו דער העלפט מיט אַראָפּגעלאָזענע ראָלעטן און פוירהאַנגען. אויף

דער פּאָדלאָגע איז געלעגן אַ פּוכיקער טעפּיך. אַרום די ווענט — לאַקירטע פּאָליצעס און אויף זיי אַ ריי שפּילצייג: אַ גרויסער אויסגעשטאָפּטער בער, אַ העלפאַנט, קעץ, הינט און אַ קאָלעקציע ליאַלקעס, ווי אין אַ געשעפט פון שפּילצייג.

אין אַ ווינקל, לעבן דער וואַנט, איז אויף אַ פּוכיקן קישן, צוגעדעקט מיט אַ ראָזער זיידענער קאָלדרע, געלעגן אַ בלאַס, אפשר זיבניאָריק מיידל.

די ניאַניע, אָנגעטון אין אַ ווייסן פאַרטעך מיט אַ ווייסן צודעק אויפן קאָפּ האָט, צוואַרפנדיק אַ בליק פול מיט האַס, אָן חשק פאַרלאָזט דאָס צימער.

— גוט מאָרגן! — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן ביי דער סאַמע שוועל — גיב מיר דיין האַנט און לאָמיר זיך באַגריסן.

דאָס קינד האָט נישט רעאַגירט אויף דער שטים פונעם פרעמדן.

— ווילסט זיך מיט מיר באַקענען? ווי הייסטו?

— גיי פון דאַנען — האָט זי אַ מרוקע געטון פון אונטער דער קאָלדרע.

— אויב איך וועל אַוועקגיין, וועל איך קיין מאָל נישט צוריקקומען און כ'וועל דיר נישט ווייזן ווי אַזוי מע שניידט אויס פון פּאַפּיר ליאַלקעס וואָס האַלטן זיך ביי די הענט.

די קליינע האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ מיט אַ פאַראינטערעסירונג.

— ווייז!

— אָבער, קודם־כל, שטעל זיך פאָר. מע רעדט נישט מיט פרעמדע.

זי האָט אַרויסגעצויגן די לינקע האַנט.

— נישט די האַנט, די רעכטע!

— כ'וויל נישט.

— ניין איז ניין. די רעכטע האַנט איז מסתמא געשוואָלן.

— אַ ליגן! — און זי האָט גלייך אַרויסגעצויגן די צווייטע האַנט פון אונטער דער קאָלדרע אַפּער.

— איז ווי אַזוי הייסטו?

— ליאַליאַ.

— ווי אַזוי הייסטו אויף אַן אמת? ליאַליאַ איז נישט קיין נאָמען, נאָר אַ ליאַלקע.

זי האָט זיך באַליידיקט און אָנגעבלאָזן ס׳מײלעכל. זי וועט גאָר־נישט זאָגן.

— דו ביסט אומהעפלעך און אומדערטרעגלעך.

— אַ ליגן, איך בין דער אוצר און דאָס אויג אין קאָפּ פונעם פּאָפּאַ

— האָט זי אויסרעציטירט — נאָר די גרעסטע זאָרג און גאָטס צאָרן פון דער מאַמאַ.

ער האָט אַ שמייכל געטון אין זיך. יעדעס קינד האָט אויף זיין שטייגער אויסגעטייטשט די ווערטער, וואָס די דערוואַקסענע האָבן אומפאַרזיכטיק אַרויסגערעדט.

נישט זאָגנדיק קיין וואָרט איז ער צוגעגאַנגען צום פענצטער, אויפגעהויבן די ראָלעטן, אַוועקגערוקט די פוירהאַנגען און ברייט צעעפנט דאָס פענצטער. אין צימער איז אַריין אַ פריש אַפּריל־ווינטל.

מיט אַ זשעסט האָט דער דאָקטאָר אַראָפּגעוואָרפן אַלע אויסגעשטאָפּטע שפּילצייגן אויף דער פּאָדלאָגע, איבערלאָזנדיק אויף דער פּאָליצע נאָר די ליאַלקעס, וואָס האָבן זיך געקאָנט צעברעכן.

ער האָט אויפגעהויבן דעם טעפּיך און מיטן פוס אים פאַרשאַרט אין אַ ווינקל. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער קראַנקער און אַראָפּגעצויגן פון איר די קאָלדרע.

דאָס דערשראָקענע קינד האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט.

— וואָס טוסטו? — האָט עס קאַפּריזנע אויסגעשריגן.

— איך וויל מיך מיט דיר שפּילן — האָט ער געענטפערט — מיר וועלן איינאָרדענען אַ צירק.

זי האָט דורך אַ מאָמענט באַטראַכט דעם פאָרשלאָג.

— קאַלט — האָט זי זיך פּלוצלינג צעקרימט, גרייט צו וויינען.

— טאָ טו זיך אָן, וועט דיר זיין וואַרעם — האָט ער געענטפערט.

ער האָט איר דערלאַנגט די שיכלעך.

— אָבער איך קאָן נישט אַליין...

— שנעל, איך האָב נישט קיין צייט — איז ער צוגעשטאַנען — אַנדערע קינדער וואַרטן אויך אויף מיר מיט דער שפּיל, דו ביסט נישט איינ־און־איינציק.

דעם פּרעמדנס פאָרשלאָג האָט ווי ס'ווייזט אויס געמאַכט דעם גע־העריקן איינדרוק און זיין כמעט־באַפעלערישער טאָן האָט ווי עלעקטרי־זירט די קראַנקע.

— איך וויל בעסער זיך שפּילן אין הויזווירטשאַפט אָדער אין אַ געװעלב — האָט זי געענטפערט נאָכגעביק.

הינטער דער טיר איז געשטאַנען די משפּחה.

ער איז אַרויס נאָך אַ האַלבער שעה, איבערלאָזנדיק דאָס צימער אין אומאָרדענונג, זיין נייע, קליינע פריינדין איבער אַ העפט מיט קאָלירטע בלייפעדערס אין דער האַנט און מיט אַ צוזאָג, אַז אויב זי וועט אין משך פון דער וואָך טרינקען יעדן אין דער פרי אַ גלאָז מילך — וועט ער זי מיטנעמען אויף אַן אויספלוג הינטער דער שטאָט.

אינעם קאַבינעט פון אַדוואָקאַט גאָלדבאַום האָט די משפּחה געוואַרט אויפן „אורטייל”. מ'האָט אים אונטערגעטרוקט פּאַפּיר און אַ פעדער. זיי האָבן זיך באַמיט אַרויסצולייענען דעם דיאַגנאָז פון זיין פאַרטראַכט פּנים.

— מעדיקאַמענטן זענען איבעריק — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר — איך האָב אין גאַנצן נישט אונטערגעזוכט די קראַנקע. צוערשט לאָמיר איר פּרוּוון צו געבן אַ ביסל פרישע לופט און באַוועגונג. אויב זי וויל נישט עסן — זאָל זי נישט עסן, זאָל זי זיך אויסהונגערן כאָטש צוויי טעג. און אין גאַנצן ווילן, בייט איר בעטגעוואַנד, נעמט אַוועק די פוירהאַנגען פונעם פענצטער. זי דאַרף שלאָפן ביי אַן אָפענעם פענצטער און צום ווייניקסטן צוויי מאָל אַ טאָג גיין שפּאַצירן.

ער האָט באַמערקט אַן אַנטוישונג אויף די פּנימער פון די עלטערן.

— איך וועל אַ געוויסן טאָג קומען נאָך איר — האָט ער צוגעגעבן — כ'וועל זי נעמען אויף אַן אויספלוג צוזאַמען מיט אונדזערע קינדער.

עמעצער האָט אַ קלונג געטון ביי דער טיר.

— דאָס האָב איך אייך רעקאָמענדירט צו מיינע פריינד — האָט סטעפע זיך פאַר אים פאַרענטפערט — און איך פריי מיך אַז דער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט פאַר דער קליינער דאָס זעלבע, וואָס איך האָב זיי שוין לאַנג געעצהט. איר האָט מיך נישט געוואָלט פאָלגן, איז פאָלגט אַן אויטאָריטעט — האָט זי צוגעגעבן.

דער באַלעבאָס האָט אים האַרציק אַ דרוק געטון די האַנט.

אין די וואַרשעווער סאַלאָנען האָט מען שפּעטער אַ לאַנגע צייט דער־ציילט דעם אַנעקדאָט וועגן דעם דאָקטאָרס וויזיט ביי דעם אַדוואָקאַט.

מ׳האָט אים אָנגעהויבן רופן צו די פאַרשידענע קאַפּריזנע קינדער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין אַ קראַנקייט צוליב צעבאַלעוועטקייט, צו די ווידערשפּעניקע „נישט־עסנדיקע״ בורזשואַזע קינדער.

די פּראַקטיק האָט אים נישט זייער אַנטשפּראָכן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן די בקשות פון די פאַרצוויייפלטע עלטערן. ס׳איז אים אויך אַ רחמנות געווען אויף די פּאַציענטן.

— נישט נאָר די קינדער פון די קעלערס און בוידעמס ווערן באַ־עוולט, — פלעגט ער זאָגן, — פּונקט אַזוי ווערן געקריוודעט די קינדער פון די גבירים. דאָס נישט פאַרשטיין די קינדערס באַדערפענישן איז אַלץ איינס דאָ ווי דאָרט. סיי דאָ, סיי דאָרט האָבן די עלטערן נישט באַלייגט דעם עקזאַמען אויף רעכט צו האָבן קינדער.

בלויז אַ טראַכט צו טון: כדי צו קאָנען מאַכן אַ פּאָר שיך, כדי צו זיין אַ גערטנער, כדי צו קאָנען באַקן ברויט, כדי צו זיין אַ לערער — מוז מען שטודירן, מאַטערן זיך, באַלייגן עקזאַמענס און דורכמאַכן דעם לערנ־יונג־פּעריאָד, איידער מע ווערט אַ מייסטער.

און טאַטע־מאַמע קאָנען ווערן אַלע: אַ נאַר, אַ אומוויסנדיקער, אַ קראַנ־קער, אַ בייזער, אַ נאַזוער און אַ לייכטזיניקער. ס׳פּאָדערט זיך נישט קיין שום צייגעניש כדי אויסצופירן די וויכטיקסטע פונקציע אין לעבן: דאָס באַשאַפן אַ נייעם מענטש און צוגרייטן אים צום לעבן.

ער האָט זיך אַ סך יאָרן אַזוי געבונטעוועט, איידער מ׳האָט אָנגע־הויבן צו רעדן וועגן אונטערזוכן דאָס צוקונפטיקע פּאָרפאָלק פאַר דער חתונה, וועגן איינפירן אין דער מיטלשול לעקציעס וועגן דער היגיענע פאַר זייגקינדער און פּעדאַגאָגיק בכלל.

פאַר אַ קינד פון דער שטאָט איז מסתמא נישטאָ קיין שענערע זאַך ווי אַן אויספלוג אין דאָרף אַריין. די מערהייט קינדער פון דעם אַנשטאַלט איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אין דאָרף. אויסנוצנדיק די נאָענטסטע גע־

לעגנהייט האָט דער דאָקטאָר געהאַלטן זיין צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן ליאַליאַ. ער האָט געבעטן סטעפּען, אַז זי זאָל פֿאַרבייגייענדיק אין דער פֿרי מיטנעמען דאָס מיידעלע.

די פֿיבערהאַפּטיקע צוגרייטונגען האָבן געדויערט דריי טעג.

מ׳האָט זיך באַדאַרפֿט פֿאַרשטענדיקן מיט דער באַן־פֿאַרוואַלטונג, כדי צו רעזערווירן אַ ספּעציעלן וואַגאָן קיין סטרוגאַ. דערנאָך האָט מען באַדאַרפֿט געפֿינען אַ פּלאַץ ווו צו לאַגערן אויפֿן פֿרייען פֿעלד. ס׳האָט זיך פֿאַרויסגעזען צו זיין אַ ווונדערבאַרע אונטערנעמונג. מ׳האָט אָפּגעקאָכט האַרטע אייער, זיך פֿאַרזאָרגט מיט ציטרינען, געקויפֿט נעצן פֿאַר זומער־פֿייגעלעך; מ׳האָט געזוכט בלעכענע שאַכטלעך פֿאַר אינזעקטן און סלאָיען פֿאַר זשאַבעס און שלימאַקעס.

זעקס אין דער פֿרי איז פֿאָרגעקומען דער צוזאַמענטרעף פֿאַר דער היים. מ׳האָט איבערגעציילט די קינדער. צוזאַמען מיט די פֿריינד פֿון וואַרשטנגעשעפֿט זענען זיי געווען 48 נפֿשות.

דורך דער שלאָפֿנדיקער שטאָט האָבן זיי לעבעדיק און מונטער מאַר־שירט צו דער קאָלייקע[1] אין פּראַגע און אָנגעלאָדענע מיט אַ סך פּעקלעך האָבן די טריומפֿירנדיקע קינדער זיך געשטופּט אינעם ליידיקן וואַגאָן אַריין.

גלייך איז אַנטשטאַנען אַ קריגעריי וועגן אַ פּלאַץ ביים פֿענצטער.

זיבן אַזייגער, ווען דער צוג האָט גערירט פֿון אָרט, האָט מען צום ערשטן מאָל געזונגען דאָס ליד, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער מאַרש פֿון די זומער־קאָלאָניעס און אַן אומצעשיידבאַרער באַגלייטער פֿון אַלע אויספֿלוגן:

מיר פֿאָרן, מיר פֿאָרן פֿריילעך
באַגריסן דעם פֿרילינג, דעם מלך
צו וואַסערן, פֿעלדער און וועלדער
אָן דאגות, אָן זאָרגן פֿאַר מאָרגן.

---

[1] קליינבאַן.

ס׳האָט זיך דערנענטערט צוועלף אַזייגער. די היץ איז געווען אַ גרויסע אין דעם מיי־טאָג. סטעפע האָט דערפילט אַ מידקייט. נישט קיין וווּנדער, זי איז פון פינף פאַרטאָגס שוין געווען אויף אירע פיס.

דערווייל איז דער אויספלוג דורך אָן קיין שום ערנסטן אינצידענט. די קינדער האָבן שוין אָפּגעגעסן דעם ערשטן און צווייטן פרישטיק. דער פויער פונעם דערבײַיִקן דאָרף האָט געברענגט די באַשטעלטע קאַן מילך „גלייך פון דער קו״. די טעפּעלעך זענען שוין אָנגעפילט און אויסגעליידיקט געוואָרן. ס׳איז שוין פאַרגעקומען די לעקציע — דער שמועס וועגן וואַלד. מ׳האָט זיך שוין געשפּילט אין באַהעלטעניש און אין יאָגעלעך. איצט האָט זי געהאַט רעכט אויף אַ האַלבער שעה אָפּרו.

זי האָט זיך צוגעזעצט אויפן גראָז ביים ראַנד פון וואַלד אונטערן שאָטן פון אַ בוים. מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן, קעמפנדיק מיטן שלאָף, האָט זי אָבסערווירט, ווי דורך אַ לאָרנעט, די סילועטן פון די צעשפּילטע קינדער.

עס האָט אַרויסגעפינקלט דער גרויסער ווייסער שלייף, וואָס איז געווען פאַרפלאָכטן אין ליאַליאַס האָר, דעם דאָקטאָרס פּאַציענט. וואָס איז דורך אים אויסגעהיילט געוואָרן און שפּעטער זיך באַפריינדט מיט דער קינדערהיים.

— אַזוי ווי אַ גרויס זומער־פייגעלע — האָט סטעפע אַ טראַכט געטון. ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי חלומט, ווען זי האָט פּלוצלינג דערזען אַ כמאַרע פון ווייסע קעפּלעך קרויטן, וואָס האָבן זיך געהויבן איבער דער לאָנקע.

די לאַכנדיקע קינדער, דאָס פּעלדל פול מיט גאָלדענע בלומען, די זומער־פייגעלעך, — דאָס אַלץ האָט דורך אירע מידע אויגן אויסגעזען כמעט ווי נישט רעאַל.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז, מיט די פּלייצעס אַרויף און דורך די שטענגעלעך פון גראָז און פלאַנצן האָט זי געקוקט פאַר זיך.

זי האָט אַלע מאָל באַוווּנדערט און זיך אַנטציקט מיט דער אייגנאַרטיקער וועלט, די פיבערהאַפטע טעטיקייט וואָס קומט פאָר אויף דער ערד און וואָס איז אומזעבאַר פון אויבן.

די מוראַשקעס האָבן זיך געאײַלט מיט דער משא זאַמד אויפֿן רוקן. קלײנינקע פֿליגעלעך זענען אַרומגעשפּרונגען פֿון אײן גרעזל אויפֿן צװײטן. די לאַנגפֿוסיקע שפּינען האָבן געקלעטערט אַרויף צו דער זון.

עס האָט זי געװוּנדערט די גרױסע צאָל גרינע לאַרװעס, װאָס האָבן באַזעצט אַלע שטענגעלעך אַרום און אַרום. זי װאָלט קײן מאָל נישט געגלײבט, אַז זײ קאָנען זיך אַזױ שנעל באַװעגן אַראָפּ און אַרויף, אַרויס־װײזנדיק דערבײ אַ גרױסע טיכטיקײט, אײַנװיקלען זיך, אויסװיקלען זיך און װי אויף אַ געיעג אויפֿפּרעסן די יונגע קנאָספּן.

זי האָט אויפֿגעהױבן דעם קאָפּ און אַלץ האָט אויסגעזען װי גרין פֿאַר אירע אויגן. פֿון דער װײַטנס האָט זיך דערנענטערט דער דאָקטאָר. זי האָט אים אַ רוף געטון:

— גיט אַ קוק װי בראַװ זײ זענען, װי פֿאַרנומען, װי פֿאַרכאַפּט מיטן פֿאַרשאַפֿן זיך דאָס עסן, װי גרין און פֿרײלעך זײ זענען!

ער האָט זיך אַװעקגעלײגט לעבן איר. זײ האָבן געקוקט אויף דער ערד, ס׳האָט זיך פֿאַר זײ אַנטפּלעקט דער אינזעקטן־דזשונגל.

אַרום איז געװען שטיל. די קינדער האָבן זיך דערװײַטערט פֿונעם װעלדל. בלויז די פֿליגן האָבן געזשומשעט. בײדע האָט זײ אַרומגענומען דאָס זעלביקע געפֿיל פֿון פֿולשטענדיקער אָנטשפּאַנונג. דאָס איז כמעט געװען ענלעך צו אַ געפֿיל פֿון גליק.

ס׳איז גוט געװען צו האָבן לעבן זיך עמעצן, װאָס האָט געזען און געפֿילט דאָס זעלבע, װאָס האָט פּונקט אַזױ רעאַגירט און פֿאַרשטאַנען. זײ האָבן מורא געהאַט אַפֿילו מיט אַ װאָרט צו פֿאַרטרײַבן די שטימונג פֿון דאָזיקן מאָמענט.

דער ערשטער האָט אויפֿגעװאַכט דער דאָקטאָר.

— די לאַרװעס — האָט ער געזאָגט װי צו זיך — זענען דאָך יונגע זומער־פֿײגעלעך. נאָר קײנער שטערט זײ נישט זיך אויסצולעבן אין זײער עקזיסטענץ. קײנער פֿאַרסמט זײ נישט דאָס לעבן מיט די אײביקע זאָרגן, װאָס װעט פֿון זײ װערן װען זײ װעלן אויסװאַקסן. זײ װײסן פּשוט נישט און װילן נישט װיסן, אַז זײ װעלן זיך פֿאַרװאַנדלען אין זומער־פֿײגעלעך. װײַל דאָס זענען צװײ עקזיסטענצן: דאָס לעבן פֿון דער לאַרװע און דאָס

לעבן פונעם זומער־פייגעלע. צוויי פולע עקזיסטענצן מיט פולשטענדיקע רעכט צום לעבן. אַזוי איז, איבעריקנס, אין דער גאַנצער הייהשער וועלט, די קלוגע וועלט וואָס פירט זיך מיטן אינסטינקט. און מענטשן? גיב אַ קוק: די צייט פון קינדהייט איז אַ צוגרייטונג צו זיין דערוואַקסן. לערן זיך, זיי געהאָרכזאַם און דו וועסט אויסוואַקסן אויף אַן אָנשטענדיקן מענטש. אַ קינדהייט, וואָס איז פאַרסמט מיט דער אייביקער זאָרג וועגן דער צוקונפט. פאַרוואָס? צו וואָס? צי איז עס נישט פונקט אַזוי וויכטיק ווי דער פעריאָד פון רייף ווערן?

נישט דאָס ערשטע מאָל האָט סטעפע געהערט פון אים אַזעלכע רייד.

— פון נישט פאַרשטיין דעם קינדס באַדערפעניש ווערט געבוירן זיין עוולה — האָט ער עקשנותדיק געטענהט.

אַריינגעצויגן אינעם קרייז פון די באַדערפענישן פון די קינדער און אין זייער לעבן בכלל, — ווי אַ דאָקטאָר, פּעדאַגאָג און קודם־כל ווי אַ גע־טרייער פריינד, — האָט ער די סימפּטאָמען פון די עוולות אָבסערווירט אויף טריט און שריט און זיך באַמיט זיי אַנטקעגנצושטעלן.

און אַ טראַכט צו טון, אַז מע הייסט די קינדער זיצן אַכט שעה אויף דער זעלבער באַנק אין אַ שטיקנדיקן שולצימער און קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט אויף נודנע זאַכן — אַלץ אין נאָמען פון דער צוקונפט — אָנשטאָט זיי אַרויסצולאָזן אין אַזאַ טאָג ווי היינט אויף די פעלדער און לאָנקעס און זיי דערלויבן, כאָטש אַזוי ווי די לאַרוועס — געניסן פונעם לעבן... וואָס ס'איז דערלויבט די פייגל, אינזעקטן, די קליינע חיה־לעך אין וואַלד, דאָס איז פאַרבאָטן פאַר דעם קליינעם מענטש...

— איז וואָס? אויסשטרייכן די שול, רעזיגנירן פון בילדונג?

ער האָט נישט געענטפערט אויף דער פראַגע.

וואָס פאַר אַ פרייד וואָלט עס געווען ווען אַלע קינדער פון די שטעט וואָלטן געקאָנט די פרילינגדיקע פרימאָרגנס פאַרברענגען אין די וועלדער אויף שפּיל, מאַרשירן זינגענדיק אונטער דער גרינער פאָן, די פאָן וואָס האָט דעם קאָליר פון וועלדער און פעלדער...

ער האָט געשמייכלט צו זיינע קינדערישע טרוימען. זי האָט אים גע־ענטפערט מיט אַ שמייכל.

— איך וועל אַ מאָל אָנשרייבן אַ בוך — האָט ער געזאָגט — וועגן דער גרינער פּאָן און דעם לאַנד מיט וועלכן עס רעגירן קינדער.

— ווי ליב דו האָסט זיי — האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון דער באַמערקונג — טייל מאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז דו ביסט אויף אַן אמת זייער פּאָטער... אינטערעסאַנט ווי אַזוי דו וועסט ליב האָבן דיי־ע אייגענע קינדער.

ער האָט איר צוגעוואָרפן אַ בליק פון דער זייט. פאַרקנייטשט דעם שטערן און גאָרנישט געענטפערט. צי האָט זי אָנגערירט עפּעס אַ צעוויי־טיקטע סטרונע?

— דו האָסט זיי דאָך אויך ליב — האָט ער געזאָגט נאָך אַ ווײַלע — אַנדערש וואָלטן מיר זיך דאָ נישט באַגעגנט, אמת?

זי האָט געוואָלט זאָגן, אַז דאָס איז נישט אמת, אַז זי וואָלט דאָ גע־קומען ווען זי קאָן, אַפילו אָן די קינדער, אָבער זי האָט עס נישט געזאָגט.

דער דאָקטאָר האָט שטענדיק געהאַט אין זיינע אויגן עפּעס אַזעלכע איראָנישע פונקען, פאַר וועלכע זי האָט מורא געהאַט. ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ער לאַכט אָפּ פון יעדן סענטימענט; אַז ער חוזקט אָפּ פון יעדער צאַרטקייט.

זי איז נישט געווען זיכער צי ס׳איז אים אַזוי גוט לעבן איר, ווי איר איז גוט לעבן אים.

זי האָט מורא געהאַט און זיך געשעמט מיט דער פרייד, וואָס ער האָט איר פאַרשאַפט מיט זיין אָנוועזנקייט. זי איז אַלט געווען קוים 22 יאָר און הינטער זיך האָט זי געהאַט עטלעכע דורות אויסגעבילדעטע און אויסבאַהאַלטן די געפילן.

זי איז דאָך נישט געווען קיין ראָמאַנטישע און סענטימענטאַלע פריי־לין. די יאָרן אין אוניווערסיטעט האָט זי געווידמעט כדי צו דעראָבערן וויסן, וואָס האָט באַדאַרפט דינען פאַר אַנדערע. דער אויסשליסלעכער ציל פון איר לעבן איז געווען — אַוועקצוגעבן אַלע אירע כוחות כדי צו פאַר־בעסערן דעם מצב פונעם קינד. ער האָט געהאַט די זעלבע כוונות. האָט מען אַלזאָ גיכער באַדאַרפט רעדן וועגן דער צוקונפט.

— איך נוץ אויס די געלעגנהייט — האָט זי געזאָגט, — כדי דיר

מודיע צו זיין, אַז אין דער נאָענטסטער צייט האָב איך בדעה צונויפרופן אַ זיצונג פון די אַפּוטרופּסים פון אונדזערע קינדער און צוטרעטן אַרומצו־רעדן דעם פּראָיעקט פון בויען אַ גרויסע קינדערהיים פאַר יתומים.

ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. ס׳איז אים אָנגענעם געווען זי צו טראַקטירן ווי אַ קאָלעגע:

— איך האָב דעם ענין שוין באַרירט אין געשפּרעכן מיט דאָקטוירים און פּעדאַגאָגן. מיר זענען געקומען צום אויספיר, אַז צום ריכטיקסטן וואָלט געווען זיך צו ווענדן צו דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און פאָרלייגן דעם פּראָ־יעקט פון דער געביידע און די קאָסטן פון אויסהאַלטן אַזאַ אַנשטאַלט. דו ווייסט ווי איך האָב נישט ליב דיינע „דאַמען און הערן“, — האָט ער ווייטער גערעדט, — ווי שווער ס׳איז מיר צו נעמען ביי זיי שטיצע. און זיי האָבן מיך דאָרט נישט ליב אויך — האָט ער נאָכלעסיק צוגעוואָרפן.

זי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

— די שטאָט־פאַרוואַלטונג קאָן אפשר באַשטעטיקן אַ פּלאַן אויף בויען אַזאַ היים פאַר פּוילישע קינדער. אין בעסטן פאַל וועט מען דאָרט צונעמען אַ קליינעם פּראָצענט יידישע קינדער. און ס׳וועט זיי דאָרט זיין שלעכט...

— פאַרוואָס?

— דו לעבסט מיט פאַנטאַזיעס. דו גיסט זיך נישט די מי צו באַ־מערקן געוויסע דערשיינונגען. מע קאָן נישט דערציען צוזאַמען קינדער וואָס שטאַמען פון פאַרשידענע שיכטן. די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע די־פערענצן...

— איך האָף אַז ס׳וועט געלינגען דאָס צו ניוועלירן ביי די קינדער דורך אַ געהעריקער דערציִונג.

— דו וועסט דעם אמת נישט אויסבאַהאַלטן פון די קינדער. דו ווייסט מסתמא וואָס ס׳קומט לעצטנס פאָר...

— דו מיינסט דעם יידן־באָיקאָט? די פּוילישע אינטעליגענץ נעמט נישט קיין אָנטייל אין דעם. איך קום אין פּוילישע היימען, איך פאָר מיט פּוילישע קינדער אויף די קאָלאָניעס. מיינע לייענער באַשטייען פון פּאָ־לאַקן און יידן... מיך אַרט דאָס נישט און כ׳וויל נישט אַז דאָס זאָל אַרן די קינדער.

— צום באַדויערן האָט די פּעסט זיך אַריינבאַקומען אין די שולן, נישט רעדנדיק פון דער גאַס. האָסט געלייענט וואָס מ׳האָט געשריבן אין די „נייע וועגן״?

— ווי נאָר ס׳איז באַקאַנט געוואָרן די ידיעה וועגן באָיקאָט קעגן יידישן האַנדל, האָט זיך די יידנפראַגע אַריינבאַקומען אַפילו אין די פּאַסיווע, פּאָליטישע קרייזן און גלייך נאָך דעם אין די שולן און קינדערשטובן. די קינדער טיילן זיך שוין אויף צוויי לאַגערן: פּוילישע און יידישע און פון דעם איז איין שריט צו אַן אַקטיווער אַנטפּלעקונג פונעם פּראָגראַם לגבי די חברים פון אַן אַנדערן גלויבן.

— כ׳האָב געלייענט. כ׳האָב געלייענט אַז די פּוילישע פּעדאַגאָגן האָבן אַלע מאָל, אויף וויפל זיי זענען געווען בכוח, געקעמפט מיטן אַנטיסעמיטיזם, איינפלאַנצנדיק דרך־ארץ פאַר דער מענטשלעכער ווערדע. זיי האָבן אויך געהאַט די אונטערשטיצונג פון די ערלעכע קינדער, וואָס קומען אַרויס פון באמת־אינטעליגענטע היימען.

— אַזוי איז געווען אַ מאָל. איצט באַקלאָגן זיי זיך, אַז זיי שטויסן זיך אָן נישט נאָר אויף לויבווערטער פאַר די באָיקאָט־מעשים, נאָר מע באַנוצט זיך אין דער דאָזיקער אַקציע אַפילו מיט דער יוגנט. שלום אַשס זון האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער שול — האָט זי צאָרנדיק צוגעוואָרפן.

— דער לערער־פאַראיין האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט. דאָס איז אוממעגלעך אַז קולטורעלע און געבילדעטע מענטשן — מיינע חברים און קאָלעגן — זאָלן אונטערשטיצן אַזאַ פּאָליטישע שפּיל, די שמוציקע שפּיל, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעמאַגאָגן. מע דאַרף פּרווון.

אין אַ צייט אַרום האָט דער דאָקטאָר זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער אידייע צו „פּרווון״.

די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ באָיקאָט, האָט אַרומגענומען אַלע ברייטערע קרייזן.

די רעאַקציאָנערע פּרעסע איז געווען איבערגעפּולט מיט האַס, די אַנטי־יידישע לאָזונגען זענען ענטוזיאַסטיש אויפגעכאַפּט געוואָרן דורכן המון, דורך דער אונטערוועלט און דורך די קליינהענדלער.

די פּוילישע אינטעליגענץ און די אַרבעטער האָבן זיך קעגנגעשטעלט.

אין דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי זענען פריש געווען די טראַדיציעס פון מיטאַרבעט מיטן „בונד" און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס נאָך פאַרן יאָר 1905.

די אַרבעטנדיקע אינטעליגענץ האָט נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק וועגן דיסקרימינאַציע.

אין דער יידישער „נאָוואַ גאַזעטאַ", וואָס איז געווען רעדאַקטירט דורך סטאַניסלאַוו קעמפּנער, האָט זשעראָמסקי געדרוקט אין קאַפּיטלען זיינע ראָמאַנען און יאַן לאָרענטאָוויטש האָט געשריבן טעאַטער־קריטיק.

אַ גוטער פּאָלאַק האָט נישט גערן גערעדט וועגן דער יידנפראַגע און זיך באַמיט זי נישט צו באַמערקן.

די יידישע יוגנט האָט מאַסנווייז אָנטייל גענומען אינעם באַוווסטן שולשטרייק קעגן דער צאַרישער מאַכט, ווי אַ פּראָטעסט פון די אונטערגעדריקטע. יידישע ייִנגלעך האָבן אין פוילן געאַרבעט אין די אומאָפּהענגיקייט־קרייזן און די יידישע מיידלעך האָבן געהאָלפן ביים באַקעמפן דעם אַנאַלפאַבעטיזם אינעם לאַנד.

אין „צירקל" האָט דער צאַרישער פּאָליציאַנט געקוקט מיטן זעלביקן חשד אויף אַ ייד און אַ פּאָלאַק, און אין די תפיסות זענען יידן און פּאָלאַקן צוזאַמען געזעסן אין איין קאַמער פאַרן סאָציאַליזם און פאַר פוילן.

אָבער אויף געוויסע פוילישע געשעפטן האָבן זיך שוין באַוויזן אויפשריפטן „קריסטלעך געשעפט".

די יידישע קינדער האָבן וואָס אַ מאָל אָפטער געהערט אין גאָרטן אָדער אין גאַס: „טראָג זיך אָפּ, פאַרך!"

מ'האָט געשמועסט אַז די צאַרישע רעגירונג האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַצאָלט פאַר דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע.

דער דאָקטאָר האָט באַזוכט קראַנקע אין דער יידישער געגנט: קיינער האָט אַזוי דייטלעך ווי ער נישט געהערט דאָס שעפּטשען פון דער גאַס און קיינער האָט אַזוי גוט ווי ער נישט געפילט איר אונטערערדישן צאַפּל.

צי האָט ער זיך נישט גערופן דער פאָטער פון די גאַסנקינדער?

נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער מודה־געווען אַז סטעפע איז געווען גערעכט.

קאַפּיטל דרייצן

# די ערשטע פאַרזאַמלונגען

— איר וועט דערלויבן איך זאָל מיך פאָרשטעלן?

סטעפע האָט אָנגערופן איר נאָמען, וואָס האָט נישט געקלונגען פרעמד אינעם הויז פון דאָקטאָר. די מוטער האָט זי אָפּגעמאָסטן מיטן בליק פון אויבן אַראָפּ: זי האָט באַמערקט אירע שיינע, כאָטש גרויסע הענט, דעם באַשיידענעם שוואַרצן, גוט צוגעשניטענעם קאָסטיום און די שוואַרצע ני־דעריקע שיך מיט לאַנגע שפּיצן.

דער זון האָט זייער זעלטן וועגן איר גערעדט.

אָבער אַניע האָט שוין אויסגעשמעקט וואָס מ׳האָט געפּלוידערט וועגן די יונגע מענטשן וואָס האָבן צוזאַמען געאַרבעט. זי האָט די ידיעות גע־ברענגט מיט די געהעריקע קאָמענטאַרן: סטעפע איז אַ רייך כלה־מיידל, פון אַ גוטער היים, אַ געבילדעטע, נאָר פאַרשידענע עקסצענטרישקייטן דערווייטערן זי פון דער סביבה צו וועלכער זי געהערט. מע שמועסט אַז זי ווידמעט איר גאַנצע צייט כדי צו דערציִען אָרעמע קינדער. כמעט די זעלבע משונהדיקייט ווי ביי הענריקן...

— איז דער דאָקטאָר אין דער היים?

זי האָט פרעגנדיק אַזוי האַרציק געשמייכלט מיט די אויגן און מיט די ליפּן, אַז דער שמייכל האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אויפן געפרעגטן.

מ׳האָט זי אויפגענומען אינעם באַשיידענעם צימער וואָס האָט גלייכ־צייטיק געדינט ווי אַ וואַרטצימער.

די פוירהאַנגען האָבן דערמאָנט בעסערע צייטן; דער אָלעאַנדער און די פּאַלמע זענען אויך געווען פון „יענער" וווינונג; אַ רונדיק טישל און האַרטע ווינער שטולן, כדי זיי זאָלן נישט באַשעדיקט ווערן דורך די פּאַ־ציענטן — אָט דאָס אַלץ האָט סטעפע באַמערקט ביים אַריינקומען אין

צימער. זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט איינע אַנטקעגנאיבער דער צווייטער און זיך באַטראַכט קעגנזייטיק מיט אַ נישט־פאַרבאַהאַלטענער נייגעריקייט. אַזוי באַטראַכטן זיך צוויי קעגנער, ווען זיי מעסטן זייערע כוחות ביי דער ערשטער באַגעגעניש.

דער דאָקטאָר, געוויינטלעך אַ שווייגנדיקער, פלעגט טייל מאָל אי־בעררייסן זיין אַרבעט אין דער קינדערהיים זאָגנדיק, אַז ער איילט זיך צו דער מוטער. סטעפע האָט דערפון פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זייער ליב זיין מוטער, דערצו נאָך, אַז ער האָט קיין מאָל נישט דערמאָנט קיין שום אַנ־דערן מיטגליד פון דער משפחה.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אַז אַזוי טאַקע זעט זי אויס — האָט סטעפע געטראַכט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן פילנדיק אויף זיך דעם פאָרשנדיקן בליק פון דער פרוי.

— איך האָב אַ סך געהערט וועגן אייך — האָט די מוטער אָנגע־הויבן — איר האָט, שמועסט מען, פונקט אַזוי ליב קינדער ווי מיין זון.

סטעפע האָט נישט געוווסט ווי אַזוי צו פירן דאָס געשפּרעך. וועמען האָט זי פאַר זיך? אַ פיינט צי אַ פריינד?

פון דער צייט אָן, וואָס דער דאָקטאָר האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין דער קינדערהיים, האָט ער אַלץ פאַרנאַכלעסיקט. ער האָט זייער נישט גערן אויפגענומען פאַציענטן. זי האָט אים כסדר געמוזט פאַרענטפערן, זאָגנ־דיק, אַז ער איז פאַרנומען. דאָס האָט זי, דאָס מיידל וואָס זיצט קעגנאי־בער, אים אָפּגעריסן פון דער פראַקטיק. ווייזט אויס, אַז זי האָט אויף אים אַן איינפלוס. וועט זי אפשר אַפּעלירן צו דעם איינפלוס און איר דער־קלערן, אַז די 24־שעהדיקע אַרבעט מיט די אָרעמע קינדער איז גרייט צו רויִנירן דעם אָנהייב פון זיין מעדיציניִשער קאַריערע, וואָס ער האָט מיט אַזאַ שווערער מי אָנגעהויבן.

סטעפע האָט צו איר געשמייכלט, מרוזשענדיק קינדעריש מיט די אויגן.

— מיר ווערן געבוירן מיטן פּעדאַגאָגישן באַרוף — האָט זי געענט־פערט, אומקערנדיק זיך צו דער פריִערדיקער באַמערקונג פון דער מוטער — אייער זון וואָלט אויך געקאָנט זיין אַ פּרעכטיקער לערער.

— דאָס וואָלט נאָך געפעלט — האָט די מוטער פאַרבראָכן די הענט — בעלפעריי איז דער שוועסטער באַרוף ביי אונדז — האָט זי צוגעגעבן — אָן שום האָפענונג צו פאַרבעסערן די עקזיסטענץ. כאָטש איך פאַרליר שוין אויך טייל מאָל דעם גלויבן, אַז מיין זון וועט מאַכן די אַזוי גערופענע מעדיצינישע קאַריערע.

— ס'איז אָפּהענגיק וואָס מע רופט אַ קאַריערע. אים גייען אָן, קודם־כל, די קינדער.

— טאַקע אין דעם גייט עס... ער זאָגט אָפּ וויזיטן אין די רייכע היי־מען פאַרענטפערנדיק זיך אַז ער האָט נישט קיין צייט. און לעבן דאַרף מען, — האָט זי ווייטער גערעדט, — אויב ער וועט חתונה־האָבן און זיך פאַרלייגן אַ היים — די איינגעבוירענע ווייבערישע פלוידעריי האָט זי אומפאַרזיכטיק אַוועקגעטראָגן — וועט מען זיך מוזן אָפּזאָגן פון אידעאַלן...

סטעפע האָט זיך דערפילט נישט באַקוועם צוליב דער אַלטערס דער־קלערונגען, וואָס זי האָט געמאַכט פאַר איר, כמעט אַ פרעמדער פרוי און זי איז געווען נישט נאָר זשענירט, נאָר אַפילו פאַרוווּנדערט. ס'האָבן איר אומאָנגענעם געקלונגען אין די אויערן דער מוטערס פלענער וועגן דער צוקונפט.

— איך גלייב נישט, אַז ער זאָל זיך דאַרפן דערפון אָפּזאָגן — האָט זי געענטפערט. — ער איז דאָך נישט קיין פשוטער דאָקטאָר וואָס טראַכט קודם־כל וועגן זיין אייגענער טאַש. גרעסערע צי קלענערע איינקונפטן זע־נען נישט וויכטיק אין פאַרגלייך מיט די אויפגאַבן, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. איך וואָלט געוועזן שטאָלץ האָבנדיק אַזאַ ברודער — האָט זי צו־געוואָרפן.

די מוטער האָט אַריינגעקוקט אין אירע אויגן. אַ חשד האָט זיך פאַר־גנבעט אין איר האַרץ. אין יעדער יונגער פרוי האָט זי געפילט אַ שונא, עמעצן וואָס קאָן ביי איר צונעמען איר זון.

אָבער ער מוז דאָך אַ מאָל אַוועקגיין פון מיר — האָט זי זיך אַליין באַמיט איבערצוצייגן, פאַרטיידיקנדיק זיך פאַר דער קנאה.

דאָס דאָזיקע מיידל וואָס אַרבעט מיט אים — אַזאַ פשוטע, אָנגענע־מע און סימפּאַטישע — זי האָט זיך דערמאָנט אַלץ וואָס אַניע האָט וועגן

איר דערציילט — וועט אפשר זיין די אַנטשפּרעכנדיקע פּרוי פאַר איר זון...

זי האָט אין גאַנצן אומנייטיק זיך באַקלאָגט אויף אים. מע וועט דאַרפן פאַרריכטן דעם שלעכטן איינדרוק.

— איך בין טאַקע אויך שטאָלץ, — האָט זי געענטפערט, — כ׳ווייס וואָס פאַר אַן אָנערקענונג מע שענקט אים. ער האָט אַ גאָלדן האַרץ — ווען איר זאָלט וויסן וויפל אָרעמע לייט עס קלייבן זיך דאָ צונויף... ווי ער צעטיילט אַלץ וואָס ער פאַרדינט...

— אונדזערע קינדער האָבן אים אויסערגעוויינטלעך ליב. ער וואָלט געוואָלט אַלעמען העלפן, אָבער וואָס קאָן מען טון... ס׳איז פאַראַן אַזוי פיל נויט און אַזוי ווייניק געלט. טאַקע וועגן דעם ענין בין איך געקומען. מיר האָבן בדעה צונויפצורופן אַ פאַרזאַמלונג פון עטלעכע צענדלינג וואַר־שעווער גבירים... פאָרשטעלן פאַר זיי די שוידערלעכע לאַגע... מאָביליזירן הילף פאַר די יתומים. דער אַדוואָקאַט גאָלדבאַום איז איינגעגאַנגען, אַז דער ערשטער צוזאַמענקום זאָל פאָרקומען אין זיין וווינונג... און ווייטער:

— כ׳ווייס, אַז דער דאָקטאָר קאָן עס נישט פאַרטראָגן, אַז ער וועט זיך קעגנשטעלן דער איינלאַדונג, אָבער ער מוז קומען און האַלטן אַ רעדע. ביטע, ווירקט אויף אים — צי מעג מען אייך וועגן דעם בעטן? ער מוז אומבאַדינגט קומען מאָרגן אָוונט!

די מוטער האָט הילפלאָז צעלייגט די הענט.

— דאָס וועט זיין אַ שווערער ענין. ער האָט פיינט די סאַלאָנען. ס׳זאָל זיך אַפילו פאַרזאַמלען די בעסטע געזעלשאַפט, אַפילו בלויז די סמעטענע...

זיי האָבן נאָך לאַנג גערעדט וועגן אים.

— ער איז אַלע מאָל געווען אַ ווילדער — האָט זי זיך גערן אומגע־קערט צו דער פאַרגאַנגענהייט. און דערציילט אַמוזירנדיקע אַנעקדאָטן וועגן דעם ווי ער האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין צו די געסט.

זיי האָבן זיך האַרציק געדריקט די הענט ביים געזעגענען זיך, ווי מענטשן וועלכע עס בינדט עפּעס.

סטעפע איז געגאַנגען אַהיים אַן אויפגעלעבטע און אַ מונטערע. ווי באַשיידן איז זיין וווינונג אין פאַרגלייך מיטן לוקסוס וואָס רינגלט

מיך אַרום — האָט זי געטראַכט אויפֿן וועג — אָבער ווי שטיל דאָרט איז, ריין, און די מוטער איז אַזוי פֿאַרליבט אין איר זון...

— אָבער צי האָב איך געמאַכט אַ גוטן איינדרוק? — האָט זי נאָכגעטראַכט.

פֿאַרוואָס איז עס געווען פֿון אַזאַ וויכטיקייט פֿאַר איר? דער פֿאַקט, אַז דער דאָקטאָר איז געווען אַזוי צוגעבונדן צו זיין מוטער איז געווען גענוג, אַז זי זאָל נישט בלייבן פֿאַר איר גלייכגילטיק.

דער דאָקטאָר איז אַהיימגעקומען שפּעט אין דער נאַכט. די יינגלעך האָבן אים פֿאַרהאַלטן.

— איך האָף — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן סטעפעס וויזיט — אַז די מוטער האָט איר נישט אַנטפּלעקט די פּרטים פֿון אונדזער פּריוואַטן לעבן.

ער האָט געוווּסט, אַז מיט דער עלטער ווערט די מוטער וואָס אַ מאָל מער באַרעדעוודיקער.

— און ווען אַפֿילו — האָט זי געענטפֿערט — סטעפע אינטערעסירט זיך זייער מיט דיר.

ער האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק די באַמערקונג.

— אַן אויסערגעוויינטלעך אָנגענעמע פּערזאָן — האָט די מוטער ווייטער גערעדט — פֿול מיט ווערדע און גלייכצייטיק פֿול מיט חן און... דו ביסט איר געוויס נישט גלייכגילטיק.

ער האָט פֿאַרקנייטשט די ברעמען, איבערגעריסן דאָס וואַשן די הענט און אויסגעדרייט דעם קאָפּ. ער האָט אויף איר אַ קוק געטון ווי ער וואָלט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען.

— פֿון וואַנען ווייסט די מוטער? — האָט ער שאַרסטיק געפֿרעגט.

— אַ מאַמעס אויג — האָט זי געענטפֿערט.

— קוקט אַריין דאָרט וווּ מע דאַרף נישט און זעט דאָס וואָס איז נישטאָ.

— דו וועסט מיך שוין נישט אָפּנאַרן — האָט זי געזאָגט גרייטנדיק דעם טיש פֿאַר אָוונטברויט — איר געפֿעלט אייך ביידע קעגנזייטיק.

ס׳וואָלט פון אייך געווען אַ פּרעכטיק פּאָרל — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ זיפץ.

— זאָל די מוטער אויפהערן צו שדכנען — האָט ער שאַרף צוגע־וואָרפן.

ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן ווען עמעצער האָט זיך אַריינגע־מישט אין זיינע ענינים. אַפילו ווען דאָס איז געווען די מאַמע.

זי האָט צוזאַמענגערעכנט פאַר איין די פּריש־אויסגעפרעסטע הויזן און אַוועקגעלייגט אויפן בעט אַ ריין העמד מיט אַ ריינעם קראַגן.

— וואָס איז דאָס? היינט איז אַ יום־טוב? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, אָבער דו גייסט דאָך אויף אַ פאַרזאַמלונג. ווערסט דאָרט טרעפן אַ עלעגאַנטע געזעלשאַפט, דו דאַרפסט מאַכן אַ גינסטיקן איינדרוק.

— אַאַך, אַזוי — האָט ער געענטפערט — דאָס אינטערעסירט מיך צום ווייניקסטן. די מאַמאַ ווייסט דאָך, אַז איך האָב זיי אַלע... — האָט ער צוגעוואָרפן זיין באַליבטן, אָרדינערן אויסדרוק.

זי האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן. — שוין בלויז פאַר סטעפּע...
ער האָט אויף איר אַ קוק געטון כמעט מיט רחמנות.

ער איז געגאַנגען צו דער פאַרזאַמלונג ווי מע גייט אין אַ פּראָסטיקן טאָג שווימען.

ווען נישט דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט, ווען נישט סטעפּעס צו־דרינגלעכקייט, וואָלט ער קיין מאָל נישט געהאַלטן קיין רעדע צווישן גאָלדענע מעבל און קרישטאָלענע זשיראַנדאָלן.

ס׳וועלן זיך אָנהייבן פאַרוויילונגען, טאַנצאָוונטן, בעלער און לאָטע־ריע־שפּילן לטובת די יתומים — האָט ער געטראַכט — אַ פּרעטעקסט צו ווייזן די עלעגאַנטע קליידער, אַרומצוּוואַרפן זיך מיט געלט און צו פאַר־נעמען זיך מיט רכילות־טרייבעריי; ס׳וועט זיך אָנהייבן צו דרייען די גרוי־סע קאַרוזעל פונעם „מאַרק פון פּוסט־און־פּאַסטקייט" און אין רעזולטאַט פון אויסגעבן צענדלינגער טויזנטער רובל אויף אויספּוצן זיך, אויף וויין און ליקער און עסנוואַרג — וועלן אַרונטערפאַלן אַ פּאָר טראָפּנס פאַר די יתומים... מע דאַרף זיך צוערשט אָנשיכורן און גוט פאַרווילן, איידער דאָס אויסגעהונגערטע קינד וועט קריגן אַ גלאָז מילך...

צוויי שטובמיידלעך אויסגעפּוצטע אין ווייסע פאַרטעכלעך מיט ווייסע צודעק אויף די קעפּ האָבן אַראָפּגענומען פון די געסט די פוטערס און קאַלאָשן.

איבער אַ פּלושענעם רויטן טעפּיך איז מען אַריינגעגאַנגען אינעם גרויסן זאַל מיט פינף פענצטער. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ קאַכל־אויוון, הויך ביזן סופיט, איבערגעשניטן אין דער מיט מיט אַ גיפּסענער פּאָליצע פון אַ העלראָזע קאָליר.

די ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט ריזיקע פּאָרטרעטן אין באַגילדטע ראַמען, „פּאַלאַטן", זייער פּרייז האָבן אַלע געסט גוט געקענט. די גאַנצע פּאָדלאָגע איז געווען באַדעקט מיט אַ גרויסן פאַרביקן פּערסישן טעפּיך. די שטולן זענען געווען אויסגעשטעלט אין אַ האַלבן קרייז אין דריי רייען און אין צוויי ווינקלען פונעם סאַלאָן זענען אויף טישלעך געשטאַנען טאַצן מיט ליקערן, וויינען און קליינע קיכעלעך. דעם סטיל פון דער אויפנאַמע האָט נאָך מער אָקצענטירט אַ גרויסע, זילבערנע, פירשטאָקיקע פּיראַמידע מיט מאַראַנצן און עפּל.

אַ סך געסט זענען געקומען. די באַלעבאָסטע האָט זיי אַלע באַגריסט ביים אַריינגאַנג איבערחזרנדיק כמעט די זעלביקע פּאָר ווערטער וועגן פראָסט אין דרויסן און דער וואַרעמקייט ביי זיי אין שטוב.

נישט קוקנדיק אויף דעם האָבן די דאַמען נישט אַרונטערגענומען די פוטערנע פּעלערינעס און קליינע סויבל אָדער מינק־קראַגנס, ווייל ערשטנס האָבן זיי מורא געהאַט, אַז מע קאָן זיי נאָך פון קאָרידאָר אַרויסגנבענען, נו און ס׳האָט זיך סתם געוואָלט זיי באַווייזן.

די מענער האָבן זיך פּרעזענטירט ווירדיק אין זייערע טונקעלע אָנצוגן, מיט בערד, מיט פּליכן און ווי געוויינטלעך האָבן זיי ביים ערשטן בליק אויסגעזען עלטער פון די פרויען.

צווישן זיך האָט מען שטיל געשעפּטשעט וועגן ציל פון דער היינטיקער אויפנאַמע.

— איך בין געקומען נאָר צוליב אייך — האָט געזאָגט איינע, דערלאַנגענדיק איר האַנט דעם באַלעבאָס.

— איר ווערט וואָס אַ טאָג יינגער — האָט זיך געוואונדערט אַן אַנדערע

צו דער באַלעבאָסטע, אָנהייבנדיק, ווי דער ערשטער מוזיק־אַקאָרד הייבט אָן אַ קאָנצערט, אַ סעריע פון געזעלשאַפטלעכע קאָמפּלימענטן, וואָס געהערן צום גוטן טאָן.

דער דאָקטאָר האָט געמרוזשעט מיט די אויגן צוליבן ליכט. ער האָט געווישט מיט אַ טיכל זיינע ברילן, וואָס זענען פאַרגאַנגען מיט אַ נעפּל צוליבן פראָסט און אויך דערפאַר וואָס דאָס האָט אים געהאָלפן נישט צו קוקן אויף קיינעם. נאָכן באַגריסן זיך מיט די באַלעבאַטים איז ער אַריין אין זאַל און ער האָט אָנגעהויבן זיך צוצוקוקן צו די בילדער אויף די ווענט.

ער האָט געברויזט פאַר כעס. נישט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַ לשון ער זאָל צו זיי רעדן, נישט אַרויסרופנדיק דערביי קיין גרימצאָרן און סקאַנדאַל. ער האָט נישט געוואָלט פאַרשאַפן סטעפּען קיין פאַרדראָס, אָבער ער האָט נישט געגלייבט אין די רעזולטאַטן פון דער פאַרזאַמלונג.

דערנאָך, ווען אַלע האָבן זיך באַרויִקט, ווען אויף די דעליקאַטע שטולעכלעך און די מעכטיקע לענשטולן האָט זיך אויסגעזעצט די געזעלשאַפט, אַ פאַררויטלטע פון געטראַנקען און צופרידענע פון זיך אַליין — האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ, וואָס מ׳האָט אים אָנגעוויזן און ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין שטים, נישט־הערנדיק זיינע אייגענע ווערטער.

— דאָס איז נישט קיין צדקה... דאָס איז אַ פליכט... איך בעט נישט נאָר איך פאַרלאַנג... איך וויל נישט קיין נדבות פאַר קינדער, נאָר אַ ביישטייערונג... — האָט ער שאַרף אונטערגעשטראָכן יעדן זילב.

גוט האָב איך געטון וואָס כ׳בין געקומען אין צעקנייטשטע הויזן. לכל־הפּחות אויסערלעך האָב איך זיך גלייך אויסגעטיילט פון זיי — האָט ער גלייכצייטיק נאָכגעקלערט. — וואָס פאַר אַ שפּיגלדיק ווייס העמד האָט זיך אַוועקגעזעצט אין דער ערשטער ריי און ווי ס׳פינקלען די בריליאַנטן אויף די פעטע פינגער פון יענער דאַמע — האָט ער זיך געטראַכט.

וואָס מער ער האָט זיך צו זיי צוגעקוקט, אַלץ ביטערער איז אים געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט געפילט, אַז זיינע ווערטער שטייסן זיך אָן אין פאַרקנייטשטע שטערנס און אָנגעבלאָזענע ליפּן.

ער פאַרלאַנגט? מיט וואָס פאַר אַ רעכט? ווער האָט עס רעכט עפּעס ביי זיי צוצונעמען און עפּעס פון זיי צו פאָדערן?

— איר מוזט! איר מוזט! איר מוזט! — האָט ער איבערגעחזרט וואָס אַ מאָל אָפטער, פּונקט ווי ער וואָלט זיי געוואָלט באַצווינגען און סוגעסטירן.

רעדנדיק האָט ער געהאַט פּאַר זיינע אויגן די קינדערס אָפּגעגאָלטע קעפּעלעך, באַדעקטע מיט קרעץ, און די טרויעריקע שוואַרצע אויגן פון אסתרל. אַ פאַרכמורעטער און אַ שווייגנדיקער איז ער צוריקגעגאַנגען מיט סטעפּע פון דער פאַרזאַמלונג. זיין פאַרדראָס האָט ער אויך אַריבערגעטראָגן אויף איר. זי האָט עס גלייך דערפילט.

— דו האָסט געמאַכט אַן אויסערגעוויינטלעכן איינדרוק — האָט זי נישט דרייסט צו אים געזאָגט.

ער האָט נישט געענטפערט.

— דער אַדוואָקאַט גאָלדבאַום האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך באַמיִען צו קריגן אַ הלוואה אין באַנק און ער האָט מיר געגעבן אַ טשעק אויף פינף טויזנט רובל.

די ידיעות האָבן אים געמאַכט אַ ביסל מילדער, אָבער ער האָט זיך פּאָרט נישט געקאָנט באַפרייען פון זיין פריִערדיקער שטימונג.

זי האָט אים פאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַ שפּאַציר.

פון דער נייער־וועלט־גאַס זענען זיי געגאַנגען אויפן פּלאַץ פון די דריי קרייצן און אין די אַלייען.

די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און די לופט — שאַרף און דורכזיכטיק. די שטערן האָבן אויסגעזען ווי פריש־אויסגעפּוצטע. די ווערטער זענען אַרויס פון מויל אַזוי ווי פון אַ נעפּל. דער האַרטער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס. זיי זענען געגאַנגען אַזוי ווי אויף צעברעקלטן גלאָז. אַ לאַנגע צייט האָבן זיי נישט גערעדט צווישן זיך. ס'איז געווען אָנגענעם צוזאַמען צו שפּאַצירן און צו טראַכטן פון די זעלביקע זאַכן.

די נאַקעטע, שוואַרצע צווייגן אין די ראַמען פון ווייסע שנייִקע ליליעס, ווי יאַפּאַנישע גראַווירונגען, האָבן אין די אַלייען געבילדעט כמעט ווי אַן עקזאָטישע לאַנדשאַפט. פון צייט צו צייט איז פאַרבייגעפאָרן אַ שליטן איינגעשפּאַנט אין איין פערד איבערן כמעט טרוקענעם גאַסנברוק. דאָס גלעקל פונעם שליטן האָט געקלונגען און דערמאָנט די קינדעריאָרן,

ווען דער שניי איז געווען פוכיק און דער ווייטיק פון די געפרוירענע פיס האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער פרייד פון פאָרן אינעם קאָמפּליצירטן ווייטיקדיק־זיסן געפיל פון גענוס.

סטעפען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי שווימט לעבן אים. ער האָט זי גענומען אונטער דער האַנט. אַלע מאָל אַ נישט דרייסטער און אַן אומהעפ־לעכער וואָס האָט פיינט געהאַט סענטימענטאַליזם, איז ער אַ־יצט — זי האָט עס פלוצלינג דערפילט — צעשוווּמען געוואָרן אונטערן איינדרוק פונעם שפּאַציר.

— מיד?

— ניין. כ׳וואָלט געקאָנט אַזוי גיין ביז אין דער אומענדלעכקייט.

— די אומענדלעכקייט ענדיקט זיך ביי דער ווילאַנאָווער ראָגאַטקע.

— מע קאָן אַרומגיין די שטאָט.

זי געדענקט נישט ווי אַזוי זיי האָבן זיך געפונען אויף דער וואָליע.

פריִער האָבן די הייזער געפינקלט פול מיט ליכט, איצט זענען זיי פינצטער געוואָרן. ס׳האָבן זיך באַוויזן גאַסן מיט קליינע הייזקעס, איינ־שטאָקיקע, הילצערנע פּאַרטער־בודעס, איינגעשלאָפענע און באַדעקטע מיט שניי.

זיי האָבן שוין אַזוי שפּאַצירט געוויס אַ דריי שעה צייט.

— מיר וועלן אַריינגיין אויף אַ גלאָז ביר — האָט ער פאָרגעלייגט.

אַ קליינע שענק אויפן ראָג מיט אַ רויטער שילד. אינעווייניק אַזוי ווי אין אַ נעפּל האָבן זיך באַוועגט געשטאַלטן. סטעפע איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אין קיין שענק: מיט די יונגע מענטשן פון איר סביבה פלעגט זי גיין אין אַ קאָנדיטעריי אויף קאַווע מיט קוכן.

ביים דאָקטאָר אָבער האָבן זיך גלייך אָנגעצונדן די אויגן הינטער די ברילן. ער האָט זיך דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער צווישן די פשוטע מענטשן.

— בראָנפן? — האָט ער ביי איר געפרעגט מיט אַ געלעכטער.

— ס׳וועט גענוג זיין ביר מיט הייסע וורשטלעך.

ס׳איז געווען אומגעוויינטלעך און אָריגינעל.

— דאָ קאָנען מיר שמועסן וועגן אַלעמען — האָט ער געזאָגט — אָן קאָנוועגאַנסן און פאַלשקייט...

ווי אַזוי האָט זי דאָס באַדאַרפט צו פאַרשטיין? צי וועט ער איר זאָגן עפּעס אַזוינס אויף וואָס זי האָט אומבאַוווּסטזיניק אַזוי לאַנג געוואַרט?

— מיר מוזן צונויפזאַמלען כאָטש עטלעכע צענדלינג טויזנט רובל, כדי צו בויען די היים. מע וואָלט געקאָנט, צום ביישפּיל, דעם פאַן גאָלד־באַום מאַכן פאַרן פאָרזיצער און גרינדן אַ הילף־געזעלשאַפט פאַר יתומים.

— ניין, ניין, ניין — האָט זי זיך אינסטינקטיוו געוועהרט קעגן דעם אַרט פונעם געשפּרעך.

דער שפּאַציר דורך דער פאַרשנייטער שטאָט, די לופט וואָס האָט זי פאַרשיכורט ווי וויין, די שענק, ווו זיי האָבן זיך געפילט אין גאַנצן אַליין צווישן די פרעמדע... זי האָט זיך געבונטעוועט קעגן דער לאָגיק. ס'האָבן זיך איר כמעט באַוויזן טרערן אין די אויגן. צום טייוול, זי איז דאָך אַ פרוי און זי איז אַלט עטלעכע צוואַנציק יאָר...

— דו ווילסט נישט רעדן וועגן פלענער?

זי האָט שוין בעסער געוואָלט טראַכטן וועגן די קינדער אָנשטאָט צו פירן געשפּרעכן וועגן געלט.

— מע וועט דאַרפן, אויב ס'וועלן זיך אָנזאַמלען עטלעכע הונדערט קינדער, מקריב זיין פאַר זיי אַלץ, פולשטענדיק אַלץ — אַוועקגעבן דאָס גאַנצע לעבן...

— איך האָב אַלע מאָל וועגן דעם געחלומט. ס'ווייזט זיך מיר אויס, אַז אין מיין האַרץ איז פאַראַן גענוג פּלאַץ פאַר דעם.

— אָבער צי גיסטו זיך אָפּ אַ חשבון וואָס דאָס באַטייט?

ער האָט נישט פאַרטראָגן קיין האַלבוועג.

— צו ווידמען אַ לעבן הייסט — אָפּגעבן זיך אין גאַנצן צו די קינדער. פולשטענדיק, אָן אַ פרייער מינוט פאַר זיך. אָפּזאָגן זיך פון פערזענלעכן לעבן.

— צי באַגרייפסטו אַז דאָס וואָלט געהייסן אין גאַנצן, פולשטענדיק מקריב זיין די צוקונפט, אַ משפּחה און אַן אייגענע היים?

ער האָט גערעדט מיט פאַרטרוקנטע ליפּן.

— יעדער אַראָפּגעגנבעטער מאָמענט פֿאַר אַן אייגן קינד אָדער פֿאַר אַן אייגן ווייב, מוז זיך נעגאַטיוו אָפּשלאָגן אויף דער גאַנצקייט פֿון דער אַרבעט. דאָ איז נישטאָ קיין אַנדער ברירה. מע דאַרף בויען אַ היים, אַוועקשטעלן זיך בראָש, אָנהייבן אַ קאַמף מיט איינפֿירן רעפֿאָרמען, נעמען אויף די פּלייצעס די לאַסט פֿון דערציִען עטלעכע הונדערט און ווער ווייסט, אפֿשר אַפֿילו עטלעכע טויזנט קינדער — די אויפֿגאַבע פֿאָדערט מער ווי אַ גאַנצן מענטש, מער ווי צוויי מענטשן.

— איך האָב קיין מאָל אַזוי נישט געטראַכט — האָט זי געענטפֿערט — אָבער איך פֿאַרשטיי, אַז מע קאָן געפֿינען אַ קאָמפּראָמיס. אויב אַ פֿרוי, אַ חבר, אַ ווייב וועט פֿאַרשטיין און ליב באַקומען די זעלבע אַרבעט און וועט זיין בייהילפֿיק...

— קיין מאָל נישט — האָט ער זיך אָנגעזונדן. — איך קען עס שוין גוט. די אייגענע היים און די פֿאַרגעניגנס וואָס זענען דערמיט פֿאַרבונדן רעדן צופֿיל, מע זאָל זיך קאָנען פֿון דעם אָפּזאָגן, ווען דאָס פּייערל ברענט שוין. דעמאָלט וועט מען דאַרפֿן קעמפֿן מיטן אינסטינקט און דאָס איז טייל מאָל צום שווערסטן...

— דאָס איז אַ מיסיע — האָט ער ווייטער צו איר געשעפּטשעט מיט פֿלאַמיקע אויגן — דאָס אומפֿאַרהייראַטע לעבן פֿון די גלחים האָט זיין טיפֿע באַגרינדונג.

זי האָט עס נישט גענומען צו ערנסט.

— איך וואָלט אין זיך דערהרגעט יעדע ליבע צו אַ פֿרוי — האָט ער צום סוף געזאָגט אַזוי מעלאַנכאָליש און האָפֿענונגלאָז, אַז איר האַרץ האָט זיך כמעט אָפּגעשטעלט.

זי איז נישט געשלאָפֿן יענע נאַכט. מיט רויטע פֿלעקן אויפֿן פּנים האָט זי געטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי ס'וועט אויסזען די נייע הערלעכע היים און גלייכצייטיק האָט זי געפֿילט ווי ס'ווערט ביי איר צוגענומען עפּעס, עפּעס זייער טייערס.

קאַפּיטל פערצן

# דער גרונטשטיין

אין אַפּריל, 1912, אויף אַ פּוסטן פּלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגע־רינגלט מיט שטעכלדראָט, האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע מענער און פרויען צו דער פייערונג פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַר אַ נייעם יתומים־הויז.

זיי זענען געשטאַנען אויף דער צעווייקטער ערד. פאַר אַ ווײַלע האָט דער רעגן אויפגעהערט צו גיסן און אין די נאַסע רינשטאָקן פון דער קראָכמאַלנע־גאַס האָט זיך שוין געשפּיגלט די ליכטיקע זון. צווישן די צע־ריסענע וואָלקנס האָבן זיך דורכגעריסן בלאָע פלעקן פונעם הימל.

— פאַרוואָס זענט איר אָן קאַלאָשן, דאָקטאָר — האָט געפרעגט די פרוי פון פּרעזעס גאָלדבאַום, דערלאַנגענדיק אים די האַנט וואָס איז גע־ווען באַדעקט מיט אַ לעדערנער הענטשקע.

ער האָט דערקלערט מיט אַ שמייכל, אַז ער טראָגט קיין מאָל נישט קיין קאַלאָשן, אָדער אַ שירעם.

— כדי נישט צו קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף די, וואָס האָבן פאַרגעסן מיטצונעמען דעם שירעם און ווערן איצט פאַרנעצט — האָט ער געשפּאַסט.

ער איז היינט געווען אין אַזאַ פרילינג־פריידיקער שטימונג, אַז ס׳האָבן אים אַפילו נישט אויפגערעגט די כסדרדיקע בליקן פון אַדעלע, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער פייערונג צוזאַמען מיט סטעפעס גאַנצער משפחה.

שטייענדיק מיט אַ גרופּע עלטערע פרויען האָט זי עפּעס דערציילט זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט. געוויס עפּעס וועגן אים. ער איז דאָך אויסגעוואַקסן ווי דער העלד פון טאָג. פאַרוואָס ער און נישט סטעפע וואָס איז פאַרבליבן אין שאָטן?

איר האָט מען דאָך געהאַט צו פאַרדאַנקען אָט די גאַנצע שווערע און

ביטערע אַרבעט, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין דער היים פון אַדוואָקאַט גאָלדבאַום ביז צום הייַנטיקן טאָג, דעם היס־טאָרישן טאָג פאַר דער אינסטיטוציע.

אין משך פון דער דאָזיקער אָנגעשטרענגטער טעטיקייט, איז דער דאָקטאָר אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד: קיין איטאַליע, בעלגיע, האָלאַנד און דענעמאַרק, כדי זיך צו באַקענען מיט די אויסלענדישע אינטערנאַטן, וואָס זענען אויפגעבויט און אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך דער רעגירונג, שטאָטראַט, קהילה, אָדער דורך אַ גרופּע פּריוואַטע מענטשן.

ער האָט געזוכט אַ מוסטער. ער האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט די סאַמע נייעסטע דערגרייכונגען אויף דעם געביט. קיין איינער פון די אַנ־שטאַלטן, וואָס ער האָט באַזוכט, האָט אים נישט באַפרידיקט פולשטענ־דיק. אומעטום האָט ער געפינען שאַבלאָן און דעם זעלבן, אָדער ענלעכן מוסטער ווי ס׳האָבן באַשטימט און געפּאָדערט די מנדבים. די היימען האָבן דערמאָנט תּפיסות, די קינדער — קלײנע שקלאַפן, געהאָרכזאַמע צו די ריגאָריסטישע פאַראָרדענונגען און באַפעלן, וואָס זענען באַשטימט גע־וואָרן דורך דער פאַרוואַלטונג. אין ערגעץ נישט קיין שפּור פון פאַרשטענ־דיקונג צווישן דעם קינד און דערוואַקסענעם, דאַקעגן האָט אומעטום גע־שוועבט די שווערע אַטמאָספער פון אומבאַרעמהאַרציקער געהאָרכזאַמ־קייט. ס׳האָבן אים געערגערט די מונדירן, די אומבאַקוועמע מעבל, די ענ־גע בענק מיט די צוגעטשעפּעטע פולפּיטן, איבער וועלכע מ׳האָט געמוזט איינבייגן די פּלייצע. ס׳האָבן אים שאָקירט די טונקעלע גלאַטיק־געמאָ־לענע ווענט, „זיי זאָלן נישט שמוציק ווערן".

די דערציִונג־מעטאָדן זענען באַשטאַנען פון באַנוצן מאַכט דורך די דערציִער. געהאָרכזאַמקייט איז געווען דאָס ערשטע געזעץ אין די קינדער־היימען, און ווי אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אידייע פון „דרך־ארץ פאַר דער מאַכט" — איז דאָס דאָמינירנדיקע געפיל אין לעבן פונעם קינד געוואָרן מורא, וואָס שאַפט פּחדנות, פאַלשקייט, ווילנלאָזיקייט און מסירה.

מ׳האָט אים זייער נישט גערן דערלויבט צו רעדן מיט די קינדער פון די אינטערנאַטן.

ער האָט זיך אויפגעהערט וועגן דעם צו קימערן, ווען ער האָט באַ־

מערקט, אַז נאָך דער אויסשטודירטער באַגריסונג מיט אַ פאַרנייגונג, אָדער אַ קלאַפּ מיט די פיס — האָבן די קינדער נישט קיין סך מער געזאָגט ווי יאָ, אָדער ניין, אָפּהענגיק פון דעם וואָס איז מער געפעלן געוואָרן דעם דערציִער.

ער איז צוריקגעקומען אַן אַנטוישטער און מידער.

ער האָט געטראָפן סטעפען אין סאַמע ברען פון אַרבעט. זי פלעגט איבערלאָזן אין אַנשטאַלט מיט די קינדער אסתרל, וואָס האָט אַרויסגעוויזן גרויסע פּעדאַגאָגישע פעיִקייטן. אין משך פון טאָג פלעגט זי לויפן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו דער קהילה, פונעם באַנק־פאַרוואַלטער צו די קאָנפערענצן מיטן פרויען־קאָמיטעט און ספּעציעל האָט זי קאָנפערירט מיט דער בודזשעט־קאָמיסיע. אומדערמידלעך געאַרבעט און איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאַרוויילונגען, וואָס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל צו שטאַרקן די פינאַנסן פון דער הילף־געזעלשאַפט פאַר די יתומים. מ׳האָט אויך דעם דאָקטאָר גלייך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט.

אין זיין פּריוואַטער פּראַקטיק האָט ער זיך אויסגעלערנט באַגיין העפלעכער מיטן פּאַציענטס עלטערן זעענדיק אין זיי די צוקונפטיקע מיטגלידער פון דער הילף־געזעלשאַפט. ער האָט געהאַלטן רעדעס אויף די פאַרזאַמלונגען. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט אים אויפגענומען. מע פלעגט אים אויך פאַרבעטן אויף די זיצונגען פון דער קהילה.

ער האָט אַפילו געפונען צייט צו טרעפן זיך מיט די ייִנגלעך אינעם וואָרשטנגעשעפט.

זיי האָבן צום מערסטן גערעדט וועגן דער נייער היים וואָס מע גייט בויען. דער דאָקטאָר האָט זיך באַמיט צו דערגיין וואָס פאַרע פאָדערונגען פאַר אַזאַ היים שטעלן זיינע יונגע פריינט, ווייל זייערע באַמערקונגען זענען געווען פאַר אים צום וויכטיקסטן.

— וועט דאָרט זיין אַ ספּאָרטפּלאַץ? — האָבן געפרעגט די ייִנגלעך.

— פאַרשטייט זיך, נישט קיין גרויסער, אָבער מע וועט דאָרט קאָנען שפּילן אין באָל.

אויף דער מאַרמאָר־פּלאַטע פון טישל האָט ער אומגעלומפּערט געצייכנט דעם פּראָנט פון דער היים.

— איר זעט, דאָ איז אַ פענצטער, דאָ אַ פענצטער און דאָ אַ פענצ־טער — דער גאַנצער פראָנט וועט באַשטיין פון פענצטער — האָט ער זיי דערקלערט.

— צו וואָס אַזוי פיל פענצטער?

— צי ווייסט איר נישט, אַז מיין זיידע איז געווען אַ גלעזער, דער־פאַר האָב איך ליב פענצטער?

זיי האָבן אָנגעהויבן צו לאַכן, פילנדיק, אַז ס'וועט באַלד קומען אַ וויץ, אָבער דאָס מאָל איז דער דאָקטאָר געווען ערנסט.

— מיין מוטערס פאָטער האָט געהייסן אליעזר־חיים — האָט ער אָנ־געהויבן — נאָך אים טאַקע טראָג איך דעם נאָמען הענריק. ער איז געווען אַ גלעזער אין אַ קליין שטעטל, אָבער נישט אַזאַ וואָס האָט אַ געשעפט, נאָר אַ וואַנדערנדיקער גלעזער. ער איז געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און אַריינגעשטעלט שויבן אין די פויערישע כאַטעס. שווערע צייטן זענען דעמאָלט געווען. די רייכע האָבן אין זייערע פּאַלאַצן אַראָפּגעבראַכט אויס־לענדישע אַרכיטעקטן און אויסלענדישע טייערע שויבן. אָבער אַ פאַר־שקלאָפטער פויער האָט געוווינט אין אַ הינערשטייג, זייער אָפט נישט נאָר אָן שויבן, נאָר אַפילו אָן פענצטער.

טייל מאָל האָט מיין זיידע געמוזט נאָך צוהעלפן דעם פויער ביים פאַרטיק מאַכן אַ פענצטער, איידער ער האָט אַריינגעשטעלט אַ שויב. פינצטערע כאַטעס, טונקעלע, פול מיט געשטאַנק און מיט אָנעמישע קינ־דער האָבן זיך געפינען אין די פוילישע דערפער. דער אָרעמער פויער האָט לרוב נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן דעם גלעזער. וואָס, אַלזאָ, האָט מען געקאָנט טון? דער גלעזער האָט אַריינגעפּאַסט שויבן אויף באָרג. ער האָט דערנאָך אָפּגענומען ס'געלט — אַ גראָשן נאָך אַ גראָשן, אָדער ער האָט אָפט אין גאַנצן נישט באַקומען באַצאָלט.

— ער איז דאָך מסתמא אַליין אויך געווען אַ קבצן, איז פון וואַנען האָט ער געהאַט געלט צו קויפן שויבן?

— וואָרט געדולדיק ביזן סוף. יעדן פרייטיק איז דאָך דער זיידע צו־ריקגעקומען אַהיים מיט אַ ביסל געלט נאָכן אַרומוואַנדערן אַ גאַנצע וואָך

איבער די דערפער. דער רום וועגן גלעזער, וואָס שטעלט אַריין שויבן אויף אויסצוצאָלן, איז זיך צעגאַנגען ווייט איבער דער געגנט.

שבת האָבן זיך אין שול ביי אים געפרעגט די שכנים:

— אליעזר־חיים, צו וואָס אייגנטלעך אַרבעטסטו, ווען דו נעמסט סיי ווי נישט אָפּ דאָס געלט פון די פויערן? איז דען נישט בעסער צו זיצן איבער די הייליקע ספרים?

אויף דעם האָט דער זיידע געענטפערט:

— זעט איר, מיינע טייערע, דער רבונו־של־עולם האָט פאַר יעדן איינעם עפּעס אַנדערש באַשטימט. אייך — איר זאָלט לערנען אין די הייליקע ספרים, מיר — איך זאָל אַריינשטעלן שויבן, אַריינלאָזן אַ ביסל זון אינעם שטיבל פון אָרעמאַן, כדי די קינדער זאָלן נישט זיצן דורך די לאַנגע ווינטער־חדשים אין דער פינצטער, כדי זייערע היימען זאָלן נישט זיין ווי די תפיסות... ווען איר זאָלט וויסן וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן ס׳איז זיך צו פרייען צוזאַמען מיט זיי מיט אַ נייער גלאַנצעדיקער שויב און מיט ליכט אין דער היים!

די שכנים האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ: אַ מאָדנער מענטש איז דער אליעזר־חיים.

אָבער די ערגסטע וויכוחים האָט ער געהאַט מיט דער באָבען.

— צי האָט עמעצער געזען — האָט זי געקלאָגט — וואָס פאַר אַן אומגליק גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף מיין קאָפּ? גיט נאָר אַ קוק אויף דעם ראָטשילד, וואָס שענקט אַוועק אומזיסט שויבן די אָרעמעלייט!

אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער זיידע פלעגט אַוועקגיין זונטיק, צוריקקומען פרייטיק און אַזוי איז עס געווען ס׳גאַנצע לעבן. און ווען ער איז געשטאָרבן האָט מען געפונען אין אַ פאַרבאָרגענעם פלאַץ אין דער וואַנט אַן אמתן אוצר — עטלעכע טויזנט רובל.

דער זיידע איז געווען — האָט זיך אַרויסגעוויזן — אַ רייכער מענטש, ווייל ער האָט אַ מאָל געוווּנען געלט אויף דער לאָטעריע. אָבער מורא האָבנדיק, אַז דאָס ווייב וועט אים נישט לאָזן אַרומגיין איבער די דערפער און אַריינשטעלן שויבן ביי די אָרעמע פויערן, האָט ער דאָס געלט אויס־

באַהאַלטן פֿאַר דער משפּחה... די מוטער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט שטאַרק ליב געהאַט קינדער.

— איר זענט ענלעך צו אייער זיידן — האָט געזאָגט איינער פֿון די יינגלעך.

ער האָט אַ שמייכל געטון. אים זענען אויך אַזעלכע געדאַנקען טייל מאָל געקומען אין קאָפּ אַריין. און איצט, שטייענדיק אויפֿן פֿרילינגדיקן ווינטל אויף דער העלער אָבער נאָך קילער זון, האָט ער געטראַכט וועגן די גרויסע פֿענצטער פֿון דער היים וואָס מע גייט בויען, דורך וועלכע ס׳וועט אַריינשיינען די זון אין די רחבֿותדיקע עס־און שלאָפֿזאַלן.

מע האָט געבראַכט אַן אייזערן קעסטל. די אָנוועזנדיקע האָבן זיך אונטערגעשריבן אויף אַ גרויסן בויגן פֿון פּערגאַמין־פּאַפּיר.

קאָלירטע פּאַפּירלעך האָבן געפֿלאַטערט אויפֿן שטאַכלדראָט.

הינטער די דראָטן איז געשטאַנען אַ המון וואָס האָט זיך צוגעקוקט. די גאַנצע קראָכמאַלנע־גאַס איז געווען אויף די פֿיס. דער דאָקטאָר האָט באַמערקט אין דער ערשטער ריי זיינע יונגע פֿריינד פֿונעם וואַרשטנגע־שעפּס. ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט זיי דאָ נישט פֿאַרבעטן.

סטעפֿע איז געשטאַנען דערלעבן מיט איר שוועסטער און קרובֿים. ער האָט באַמערקט אַז זי איז געווען בלאַס.

— איך בין אַזוי גערירט — האָט זי אַ שעפּטשע געטון, ווען ער איז צו איר צוגעגאַנגען — ווי ס׳וואָלט געווען מיין חופּה־טאָג. צי וועסטו האַלטן אַ רעדע?

— ניין. כ׳וועל עס איבערלאָזן פֿאַר די עלטערע — האָט ער געענט־פֿערט.

זיי האָבן געקוקט ווי מ׳האָט דאָס קליינע קעסטעלע אַוועקגעשטעלט אויף אַ ציגל פֿונעם פֿונדאַמענט. דער פּרעזעס פֿון דער קהילה האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער און מ׳האָט אים דערלאַנגט אויף דער מויער־קעלנע אַ ביסל צעמענט.

עס האָבן גערעדט ייִדן מיט בערד און הוטן אויף די קעפּ, ציטירנדיק פּסוקים פֿון חומש. עס זענען געפֿאַלן ווערטער: יתומים, גוטע הערצער... נוצלעכע מיטגלידער פֿון דער געזעלשאַפֿט...

דער דאָקטאָר איז געווען ווייט מיט זיינע געדאַנקען. ער האָט זיך שוין געזען צווישן אַ מחנה צעשמייכלטע קינדער, צווישן אַ סך, אַ סך טויזנטער צעשמייכלטע פּנימלעך.

בעת דער ערנסטער פּייערונג האָט ער פּלוצלינג דערפילט אַז אייגנט־לעך זענען די צעשמייכלטע פּנימער דאָס וויכטיקסטע אין זיין לעבן. דאָס געלעכטער פון אַ קינד איז זיין גליק. ס׳איז אים באַפאַלן אַ חשק אַהיימ־צולויפן און אָנהייבן צו שרייבן וועגן אַ גליקלעכער היים, אַ גליקלעכער קינדער־רעגירונג וואָס דאַרף בקרוב אַנטשטיין.

מ׳האָט זיך קעגנזייטיק געווונטשן דערפאָלג, מע זאָל זיך גיך ווידער טרעפן ביי דער פּייערלעכער עפענונג פון דער נייער היים פאַר יתומים.

— דו מוזסט באַשטעטיקן געוויסע פּרטים אינעם אינערלעכן פּלאַן — האָט געזאָגט סטעפע — מיר קאָנען שוין לענגער נישט אָפּשלעפּן ווייל דער אַרכיטעקט איילט אונטער.

זיי זענען צוריקגעגאַנגען אויף דער פּראַנטשישקאַנער־גאַס ווו ס׳האָט זיך געפונען די צייטווייליקע קאַנצעלאַריע פון דער הילף־געזעלשאַפט פאַר יתומים.

אויפן שרייבטיש זענען געלעגן די פּלענער צווישן די טעלעגראַמעס און גראַטולאַציע־בריוו.

זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט. סטעפע האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ בלייפעדער.

— די פּלענער פאַר דער קיך און וואַשצימער זענען שוין געוואָרן באַ־שטעטיקט — האָט זי געזאָגט — אויפן ערשטן שטאָק וועט זיך געפינען דער גרויסער עסזאַל.

— און דער שפּילזאַל — האָט ער אויסגעבעסערט — און ווו וועט זיין די בינע?

— דאָס איז אַ צווייטראַנגיקער פּרט. לאָמיר איבערגיין אויפן צווייטן שטאָק און צו אונדזערע פּריוואַטע צימערן.

צי האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי האָט געזאָגט „אונדזערע" מאָד־נע ווייך? אינעם ערשטן אויגנבליק האָט ער נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָ.

— וואָס הייסט אונדזערע? צי האָסטו אויך בדעה דאָ צו וווינען?

— כ'קאָן מיר נישט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל קאָנען וווינען ווייט פון די קינדער.

— דו וועסט זיך אָפּזאָגן פון דיין שיינער וווינונג? פון דיין פרייהייט? זי האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט פאָרוואורף.

— עמעצער מוז דאָך אַכטונג געבן אויף די מיידלעך.

אינעם טאָן פון איר שטים האָט געקלונגען אַ לייכטע אַנטוישונג. זי האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך גיכער דערפרייען הערנדיק אַז זי וועט אויך וווינען מיט די קינדער. און ער רעדט גאָר וועגן אַזאַ זאַך ווי ברענגען אַ קרבן איר באַקוועם־איינגעאָרדנטע דירה אין דער היים.

— כ'האָב געמיינט, אַז מיר וועלן געפינען אַ דערציִערין — האָט ער געזאָגט. — פאַרטראַכט זיך גוט. ס'איז לייכטזיניק פון דיין זייט אויפצוגעבן אַ פאַרמעגלעך לעבן... דו ביסט יונג, די פרייהייט צו דיספּאָנירן אײַבער דיין לעבן קאָן דיר צונוץ קומען.

— מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך הער רעדן אַדעלע — האָט זי אים בייסיק געענטפערט. און דערנאָך:

— און דו? דיין פרייהייט?

— איך האָב דיר שוין אַ מאָל געזאָגט... — ער האָט פאַרקנייטשט די ברעמען און רעדנדיק האָט ער געקוקט פאַר זיך — איך פאַרטראָג נישט קיין קאָמפּראָמיסן. יעדע שעה פון מיין לעבן געהערט צו די קינדער. בעת מיין לעצטער רייזע האָב איך מיר אַ נדר געגעבן אין לאָנדאָנער פאַרק אַז איך וועל קיין מאָל נישט האָבן קיין אייגן קינד. גאָרנישט פאַר מיין פריוואַט לעבן. זעסט — האָט ער ווייטער גערעדט, אַרויסנעמענדיק פון איר האַנט די בלייפעדער — דאָ איז דאָס שלאָפצימער פאַר די יִינגלעך און דאָ דערלעבן, אָפּגעטיילט מיט אַ ווענטל מיט אַ גרויס פענצטער אין זאַל אַריין, דאָ וועל איך שלאָפן. אויפן בוידעם וועט זיך אפשר געפינען אַ ווינקל פאַר מיינע ביכער און אַ שרייבטיש, אויב איך וועל וועלן אַרבעטן — ער איז שוין פולשטענדיק צוריקגעקומען צו דער ווירקלעכקייט — און דאָ איז אַן אַנאַלאָגישער פלאַץ פאַר דער דערציִערין פון די מיידלעך, לעבן זייער שלאָפזאַל — האָט ער ווייטער געוויזן אויפן פּלאַן.

זי האָט דערפילט אַ ביטערן טעם אין מויל און אַ לייכטן שווינדל אין קאָפּ.

— די פּייערונגען האָבן מיך אויסגעמאַטערט — האָט זי געזאָגט — שרייב אונטער די פּלענער. מאָרגן וועט זיי דער אַרכיטעקט אָפּנעמען.

זי האָט זיך געזעגנט.

זי איז געגאַנגען איבער דער גאַס, ווי זי וואָלט געטראָגן אַ שווערע מאַסע אויף די פּלייצעס. די ווינקלען פון אירע ליפּן האָבן זיך אַרונטער־געלאָזט.

זי האָט ביי זיך געטראַכט, אַז טאַקע נאָר דאָס האָט מען געקאָנט דערוואַרטן פון אַזאַ פּרעכטיקן און אומגעוויינטלעכן מענטש, ווי דער דאָקטאָר איז געווען.

ווי אַזוי האָב איך אים געקאָנט מעסטן מיט דער טאָג־טעגלעכער מאָס, מיט וועלכער מע מעסט אַנדערע מענער, האָט זי זיך אַליין באַמיט אי־בערצוצייגן, זוכנדיק אין דעם אַ טרייסט.

ער האָט דאָך ביז איצט זיך מיט גאָרנישט פּאַרראַטן. ער האָט דאָך נישט איין מאָל אַרויסגעזאָגט זיינע אָנשויונגען אין דער היגזיכט. ווי לעבעדיק האָט זי זיך איצט דערמאָנט דאָס געשפּרעך מיט אים אין שענק אויף דער וואָלסקע־גאַס.

זי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די טרוימען ווען זי האָט געקלונגען צו זיך אין דער וואוינונג. אייגנטלעך האָט זי, זייענדיק אין אוניווערסיטעט אויך אַזוי געטראַכט ווי ער, אַז זי וועט קיין מאָל נישט חתונה־האָבן, אָבער דאָס איז געווען איידער זי האָט זיך באַקענט מיטן דאָקטאָר. מע דאַרף זיין קאָנסעקווענט. איבעריקנס וועט זי דאָך זיין לעבן אים, אין דער נאָענטקייט פון זיינע בליקן און זיין שטים.

— איך צי מיך אַרויס פון דאַנען — האָט זי דערקלערט דער מוטער בעתן אָוונטברויט.

— וואָס פאַר אַ משוגעת איז דיר ווידער איינגעפאַלן אין קאָפּ?

— איך וועל וווינען אין דער נייער היים מיט די קינדער — האָט זי קורץ געענטפערט.

— איך האָב געהערט, אַז דער דאָקטאָר האָט בדעה דאָרט צו פאַר־בלייבן מיט די קינדער.

— יאָ.

— איז ווי אַזוי וועט עס זיין? וועסט וווינען מיט אים צוזאַמען?

— נישט צוזאַמען, נאָר באַזונדער.

זי האָט אַ קוק געטון אויפן פאַררויטלטן פּנים פון איר מוטער.

— דו ווילסט דאָך נישט אַרויסרופן קיין סקאַנדאַל?

— וועגן וואָס רעדט די מאַמאַ? וועגן וואָס פאַר אַ סקאַנדאַל?

— דו קאָנסט נישט וווינען אָן אַ חופּה אונטער איין דאַך מיט אַ מאַן.

— איך בין שוין זעלבסטשטענדיק און איך אַליין באַשליס וואָס איך קאָן יאָ און וואָס איך קאָן נישט טון — האָט זי געענטפערט שאַרף.

— ווען דער פאָטער וואָלט געלעבט...

— וואָלט איך געטון דאָס זעלביקע.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דאָס געשפּרעך.

קאַפּיטל פופצן

# די ערשטע וועלט־מלחמה

דער זומער האָט ווי אַלע מאָל געשמעקט מיט יאַשמין און צעבליטע לינדנביימער. די שטורעמס וואָס האָבן געדונערט עטלעכע שעה, האָבן פונקט ווי יעדעס יאָר אַראָפּגעבראַכט אַ דערפרישונג פאַר די פעלדער און וועלדער און אַ פאַרשידנאַרטיקייט אינעם לעבן פון דער קאָלאָניע. דער פעריאָד האָט זיך אויסגעוויזן צו זיין ספּעציעל גליקלעך און זאָרגלאָז ווען מ'האָט אים פאַרגלייכט מיט דער אמתער זאַווערוכע וואָס עס האָבן גע־ברענגט די ערשטע טעג פון דער מלחמה.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געהאַט ווייניקער אָנזען ביים פאָלק און ביי די קינדער ווי די צווייטע. דער ראַדיאָ האָט נאָך געשוויגן און די צייטונגען האָבן נישט דערגרייכט אַזאַ טיראַזש ווי איצט און מ'האָט נאָך דעם פילם נישט אויסגענוצט צו פּאָליטישע צוועקן. די צודרינגלעכע פּראָ־פּאַגאַנדע, וואָס שטופּט זיך שוין אַריין אויף די אומבאַוווּנטע אינדזלען, האָט נאָך אין יענע אַלטע צייטן נישט געקאָנט דערגרייכן אַפילו פון וואַר־שע ביז גאָצלאַוועק, וואָס איז געלעגן אויפן שטח פון אַ שעה רייזע.

האָט מען זיך אַלזאָ דערוווּסט ערשט דעם 13טן יולי, אַז ס'וועט זיין אַ מלחמה, ווען ס'איז אָנגעקומען די פּאָסט און צוזאַמען מיט איר אַ רויטער מאָביליזאַציע־בילעט פאַרן דאָקטאָר.

מ'האָט געמוזט איבעררייסן די וואַקאַציע און צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין, ווייל קודם־כל האָט געדראָעט אַז וואַרשע זאָל ווערן אָפּגעשניטן און ווייטער האָט מען מורא געהאַט פאַר אַפּראָוויזאַציע־און פינאַנציעלע שוועריקייטן.

ס'איז לייכט צו זאָגן פונאַנדערצולאָזן אַ קאָלאָניע... מ'האָט אין איי־

לעניש אָנגעשטופּט די רוקזעק און די עס־כּלים און וועש פּאַרפּאַקט אין קאַסטנס.

טאַקע אין זעלביקן טאָג האָבן די קינדער, אונטער דער אָנפירונג פונעם דאָקטאָר, פאַרענדיקט דאָס פאַרריכטן פון דער צעשטערטער פעסטונג אין וואַלד. ווייל מלחמה איז געווען די באַליבטסטע שפּיל פון אַלע קינדער אויף דער קאָלאָניע פאַר אַ סך יאָרן.

דער דאָקטאָר — אַן אַנטשלאָסענער פּאַציפיסט — האָט אָפט אַליין אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פון בויען אָקאָפּעס און שוצוואַלן. מ׳האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט ערנסטער באַהאַנדלט די יינגלערישע שפּילן אין מלחמה ווי די קינדער אַליין.

צווישן 150 יינגלעך פלעגט מען אויסקלייבן צוועלף קאָמאַנדירן פאַר צוועלף פּאָלקן.

בעתן מיטאָג האָט מען געמאָלדן וועגן דער מאָביליזאַציע און פאַר קאָמאַנדירן האָט מען אויסגעקליבן נישט די שטאַרקסטע אָדער פיזיקסטע צום קאַמף, נאָר די צום מערסטן אַרבעטזאַמע און סאָלידאַרישע.

„ווייל אַ גוטער קאָמאַנדיר מוז זיין דיסציפּלינירט, געדולדיק, שכלדיק און חבריש. אויב ער פאָדערט געהאָרכזאַמקייט פון אַנדערע מוז ער אַליין מוטיק אויספירן באַפעלן.“

די שוואַכע און דאָס קליינוואַרג האָט מען געשיקט צו די זייטיקע פאָרטיפיקאַציעס, די העלדישע זענען געגאַנגען מיטן פאָלק אויף די שוצוואַלן; די גאַנצע פעסטונג און דער צענטער מיט דער פאָן זענען געווען אין די הענט פונעם גענעראַל.

דערנאָך איז געוויינטלעך פאָרגעקומען דער גרויסער פּאַראַד פונעם מיליטער. אין דער זייטיקער פאָרטיפיקאַציע, וואָס האָט זיך געפונען מחוץ יעדער געפאַר, האָט מען איינגעאָרדנט אַ רעטונג־סטאַציע און דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ בעט פון פעלדשפּיטאָל.

ווען ס׳וועט זיך דערהערן דער לאַנגער און דורכדרינגענדיקער קלאַנג פונעם טראָמפּייט, וועט עס הייסן אַז מע דאַרף אַרויס צום אַטאַק.

די זעלנער האָבן זיך געזעגנט מיט די נאָענטע. ווער ס׳האָט געוויינט אויפן שלאַכטפעלד איז ווי אַ פאַרוווּנדעטער אָדער קראַנקער געגאַנגען אין

שפּיטאָל אַריין. מ׳האָט אַרעסטירט פאַר שלאָגן אָדער שלעכטער באַהאַנד־לונג לגבי דעם שונא ווי אויך פאַר רייסן העמדער.

ס׳איז נאָר דערלויבט געווען אַראָפּצושטופּן מיט די הענט אָדער אַראָפּ־ציִען פונעם שוצוואַל. די קראַנקנשוועסטערס האָבן צוגעגייט די צעריסענע הויזן. כדי אונטערצושיידן די אָנגרייפער פון די באַשיצער, האָבן די ערשטע אויסגעטון די בלוזעס און געקעמפט אין די העמדלעך. ווען אַ טייל אָנ־גרייפער׳ האָבן, באַנוצנדיק זיך מיט אַ פאָרטל, אָנגעטון די בלוזעס, צו־נויפגעמישט זיך מיט די זעלנער פון דער פאַרטיידיקונג און צוגענומען די פאָן, האָט מען געמאַכט אַ פאָרוואורף דעם צעשלאָגענעם גענעראַל, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו זיין אין כעס.

— ס׳איז נישט געווען צו זיין מוטיק, מע דאַרף אויך קאָנען פאָרויס־זען און זיין אויפמערקזאַם, אַלע מאָל זיין צוגעגרייט צו אַ כיטרע שפּיצל און אַ פּלוצימדיקן איבערפאַל פון שונאס צד — האָט דער דאָקטאָר פאַר־טיידיקט די אָנגעקלאָגטע.

ווען זיי זענען צוריק אהיימגעגאַנגען — אויסגעמאַטערטע פון דער שלאַכט און אויסגעשמירטע מיט בלאָטע — האָט זיי סטעפע באַגעגנט מיט אַ פאָרוואורף:

— די הענט פאַלן שוין אָפּ פונעם כסדרדיקן וואַשן. צי וואָלט מען נישט געקאָנט געפינען אַן אַנדערע שפּיל?

— זאָלן זיי זיך לערנען קעמפן. זאָלן זיי זיך לערנען פאַרטיידיקן און באַפאַלן. זאָלן זיי זיך באַקענען מיט דער געמיינבקייט פונעם קעגנער, אָדער זיין גרוסמוטיקייט — פלעגט ענטפערן דער דאָקטאָר אַ פאַרטראַכטער.

צי האָט ער פאָרויסגעפילט וויפל מלחמות עס וואַרטן אויף זיי?

ווי אָפט איז זי נישט מסכים געווען מיט אים אין זיינע אָנשויונגען.

— די דערציִונג פונעם קינד דאַרף מען אָנהייבן איידער ס׳ווערט נאָך געבוירן — האָט ער איין מאָל געזאָגט ווען מ׳האָט אים געפרעגט פון וועלכן יאָר אָן דאַרף מען עס אָנהייבן צו דערציִען.

אַ רעאַליסטקע — ווי כמעט יעדער פרוי — האָט זי נישט ליב גע־האַט די אומפאַרשטענדלעכע אַרגומענטן.

זי האָט נישט געוווסט ווי אַזוי צו רעאַגירן אין די פאַלן פונעם דאָק־

טאָרס ספּעציפישן אופן פון קאָמענטירן געוויסע אינצידענטן צווישן די קינדער.

שמואליק האָט ליב צו וויינען, דאָס איז אמת, אָבער הערשל האָט אים מיט שישקעס אַ זעץ געטון מיט דער גאַנצער קראַפט און ווען דאָס יינגל איז יאָמערנדיק אויפן קול פון ווייטיק, געקומען זיך באַקלאָגן פאַרן דאָקטאָר, האָט זי אַזש אַ ציטער געטון, ווען זי האָט דערהערט דעם דאָקטאָרס ענטפער:

— מסור! פחדן! פאַרוואָס האָסטו אים נישט צוריקגעגעבן? קום קיין מאָל נישט צו מיר זיך באַקלאָגן. איך וועל דיר אייביק נישט נאָכגיין. ווי אַזוי וועסטו האַנדלען ווען איך וועל נישט זיין? האָסט געקריגן? — גיב אָפּ צוריק!

— אָבער ער איז שטאַרקער... — האָט שמואליק געוויינט.

— בעט די יינגלעך זיי זאָלן דיך אויסלערנען באָקס אָדער דזשודזשיטסו.

— דאָס איז דאָך קעגן יעדן פּרינציפּ פון דערציִונג — האָט זיך סטעפע קעגנגעשטעלט.

— דערפאַר אָבער איז עס איינשטימיק מיט אַלע פּרינציפּן פון דער טאָג־טעגלעכקייט — האָט ער געענטפערט.

שפּעטער איז שוין די אַנטשיידונג פון די שטרייטן איבערגעגאַנגען פון די דערציִער צום קינדערגעריכט.

מ׳איז געגאַנגען אין אומאָרדענונג צום וואָקזאַל. אין דעם טאָג האָט אַ פּאַניק באַהערשט אַלע הינטערשטאָטישע זומערפלעצער. די באַנען זענען געווען פול געפּאַקט און די פּאַסאַזשירן זענען געפאָרן אַרומגעהאָנגענע אויף די טרעפּלעך און דעכער. מע וועט דאַרפן צוריקפאָרן קיין וואַרשע מיט אַ פור, אָדער גיין צופוס.

דער דאָקטאָר האָט נישט געטאָרט וואַרטן, ווייל אַ פאַרשפּעטיקונג האָט געדראָעט מיט שטראָף.

ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן די אָנקומענדיקע טעג. נישט געוווּסט ווען ער וועט איבערלאָזן די 126 קינדער פון אינטערנאַט, 40

— פון האַלב־אינטערנאַט און 224 קינדער וואָס האָבן זיך געפונען אונ־טער דער אויפזיכט פון דער געזעלשאַפט.

אַ נידערגעשלאָגענער איז ער אַרומגעגאַנגען איבערן וואָקזאַל. די קינדער זענען געלעגן אויפן גראָז לעבן וואָקזאַל, וואַרטנדיק אויף אַ מעג־לעכקייט אַהיימצופאָרן.

שוין ווידער מלחמה. ער האָט געוווּסט וואָס דאָס הייסט.

שוין ווידער וואָכן, חדשים, האַ! אפשר אַפילו יאָרן צווישן פאַרבלו־טיקטע, פאַרוווּנדעטע קערפּערס; פּנימער אויסגעקרומטע פון שרעק און יסורים; ווידער דאָס כאָרכלען פון גוססדיקע; דאָס ווילדע רעווען פון די אָפּערירטע אָן שלאָפּגעטראַנק... שוין ווידער טעג צווישן די שאָסן פון האַר־מאָטן און רויך פון שריפות, צווישן מענטשן מיט פאַרשטיינערטע הער־צער, ווייל נאָר אַזעלכע האָט ער געטראָפן אויפן שלאַכטפעלד.

ער האָט גוט געדענקט יענעם אומזיניקן פאַרשפּילטן קריג, וואָס קיי־נער האָט נישט געדאַרפט. ווערט די מלחמה אויך זיין אַזאַ?

פון אַ גרויסן וועלטקאָנפליקט האָט מען זיך געקאָנט ריכטן עפּעס אַנדערש.

ווען סטעפע האָט צוגעגרייט דאָס בעט אין איר צימערל לעבן דעם זאַל פאַר מיידלעך, האָט זי זיך דערמאָנט דעם לעצטן בליק, וואָס ער האָט איר צוגעוואָרפן פון דער אָפּגייענדיקער באַן. די רעזערוויסטן האָבן גע־האַט אַ פאַרצוג. אויפן וואָקזאַל איז דאָס געוויין פון פרויען און קינדער פאַרטומלט געוואָרן דורכן זשומען פון דער פאַרע פון לאָקאָמאָטיוו, וואָס איז געשטאַנען אַ גרייטער אָוועקצופאָרן. מ'האָט זיך געקושט און געוויינט. זיי האָבן זיך נאָר שטאַרק אַ דריק געטון די הענט. זי האָט געזען זיין פאַר־זאָרגט פּנים.

— איך וועל מיר געבן אַן עצה — האָט זי געזאָגט — מעגסט זיין אין גאַנצן רויִק. די מלחמה וועט נישט דויערן לענגער ווי זעקס וואָכן.

נישט וויסנדיק פאַרוואָס האָבן אַלע אַזוי געטרייסט זיך און אַנדערע וואָס האָבן זיך געקליבן צו דער בלוטיקער פּיריאָריקער רייזע.

— די דייטשן דיספּאָנירן מיט אַזאַ מאַכט וואָס קיין שום כוח קאָן נישט ביישטיין, נישט אָפּשטעלן די מאַכט פון דער דייטשישער אַרמיי.

גיט נאָר אַ קוק אָן די קליינע סיבירישע פערדלעך פון די רוסישע זעלנער, אויף דער פרימיטיוועד באַוואָפענונג און פאַרגלייכט עס מיט דער אָרגאַניזאַציע און דייטשישע דערפינדונגען — האָט מען אומעטום גערעדט אין וואַרשע.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן זענען די סימפּאַטיעס פון דער באַפעלקערונג נישט געווען אויף דער זייט פון צאַרישן רוסלאַנד. מ׳האָט געקוקט מיט אַ נישט־פאַרבאָרגענער פרייד אויף דער שנעלער עוואַקואַציע פון די אויף טויט־איבערגעשראָקענע צאַרישע באַאַמטע. מ׳האָט פאַרגעפילט, אַז ס׳וועלן קומען גרויסע ענדערונגען און יעדע ענדערונג איז געווען בעסער ווי די שטייענדיקע בלאָטע פון דער צאַרישער פאַרשקלאַפונג.

די מלחמה האָט געבראַכט מיט זיך די האָפענונג פון באַפרייונג. צו־מאָרגנס איז אַרויס דער מאַניפעסט פון גרויספירשט ניקאָליי ניקאָלייעוויטש וואָס האָט געגעבן פוילן אויטאָנאָמיע. דער אונטערדריקער האָט געוווּסט אַז ס׳איז געפערלעך צו האָבן אויף דער פראָנט־ליניע אַן אומצופרידענע באַפעלקערונג.

מ׳האָט געגלייבט דעם מאַניפעסט און גלייכצייטיק האָט מען נישט געהאַט צו אים קיין צוטרוי. די אָפּטרעטנדיקע מלוכה־מאַכט האָט באַפוילן צו פאַרברענען די שטעטלעך און דערפער כדי איבערצולאָזן דעם אָנגרייפנדיקן שונא אַ פּוסט לאַנד.

— ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך שוין אַ מאָל זען — האָט ער געזאָגט מיט אַ זיפץ.

זי האָט אים דערמאָנט, ווי ער פלעגט אָפט דערציילן די געשיכטע פון זיין פריינד, דעם אָפיציר, נאָך פון דער צייט פון יאַפּאַנישן קריג, וועלכער איז קיין מאָל נישט געווען פאַרוווּנדיקט, כאָטש ער האָט זיך געפונען אויף דער פייער־ליניע. ער האָט זיך פשוט אויסגעלאַכט פון געפאַר, פון קוילן. ער איז געווען יונג, פול מיט לעבנסלוסט און אַ שיינער אויך. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז בעת זיין אורלויב אין דער היים האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיין ווייב איז אים געווען אומטריי. די אומטריישאַפט פון זיין באַליבט ווייב האָט אים אָנגעפילט מיט אַזוי פיל פיין, אַז ער איז צוריקגעקומען

אויפן פּראָנט אַ צעבראָכענער, פול מיט מעלאַנכאָליע. נאָך צוויי טעג איז ער דערהרגעט געוואָרן פונעם שונאס קויל.

דער מענטש רופט אַרויס דעם טויט מיט זיין איינשטעלונג. מיטן ווילן צו לעבן, אָדער פאַרקערט — פלעגט ער אַלע מאָל זאָגן און ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון געפאַר.

דער גלויבן אין זיך איז פּונקט ווי אַ מעדיצין פון אַ דאָקטאָר — האָט זי געטראַכט צוהערנדיק זיך צום גלייכן אָטעמען פון די קינדער.

אָבער ווי אַזוי גיט מען זיך אַן עצה? ווי אַזוי קאָן מען זיך צערייסן אין דער נאַכט צווישן צוויי שלאָפזאַלן, פון יינגלעך און מיידלעך?

ווען זי איז צומאָרגנס אַרויס אין שטאָט, כדי איינצוקויפן פּראָוויאַנט, איז אויפן בלאָען, זומערדיקן הימל מאַיעסטעטיש געפלויגן דער גאָלדענער ציגאַר פון צעפּעלין. די גרויסע לופטשיף האָט זיך רויק באַוועגט איבער וואַרשע. די צונויפגעזאַמלטע מענטשן, וואָס האָבן נאָך דעמאָלט נישט גע־קענט די געפאַר פון אַ לופטקריג, האָבן נייגעריקע אַרויסגערוקט זייערע קעפּ פון די טויערן און פענצטער.

אַ שרעק האָט איר אַרומגעכאַפּט פאַר די קינדער. צי געפינען זיי זיך אַלע אין דער היים, צי לויפן זיי נישט אַרום איבערן הויף?

די זאָרגן, וואָס זענען ביי איר אַנטשטאַנען צוליב דער אויסשליס־לעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן לעבן פון דער גרויסער מחנה קינדער, וועלן איר שוין מער נישט לאָזן שלאָפן אין די נעכט. ווער וואָלט, איבע־ריקנס, זיך געקאָנט צולייגן שלאָפן, ווען דווקא ביינאַכט האָט מען גע־דאַרפט צוגרייטן די רעכענונגען און צוזאַמענשטעלן דעם בודזשעט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

מ׳האָט ביי די קינדער צוגענומען אַלע גוטע זאַכן, מילך, אייער, צו־קער, פלייש. זיי האָבן איצט דאָרשטיק געשלונגען דעם הייסן פענטשאַק פאַרבייסנדיק מיטן ליימיקן ברויט מיט טראָטשינעס, וואָס האָט זיך נאָך פאַרערגערט זינט די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע. זיי האָבן דערפילט דעם ערשטן ביטערן געשמאַק פונעם קריג מיט דער נישט אָנגעצוקערטער ווייצענער קאַווע וואָס זיי האָבן באַקומען צו פרישטיק.

דער דעפיציט איז געוואַקסן, כאָטש ס׳זענען איינגעפירט געוואָרן

באַגרענעצונגען. די פרייזן זענען מיט יעדן טאָג געשטיגן. די אַפּוטרופּ־סים פון דער קינדערהיים — די וואַרשעווער גבירים — האָבן באַלד ביים אויסברוך פונעם קריג פאַרלאָזט וואַרשע און געפאָרן קיין טיף רוסלאַנד. נאָך אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון קריג זענען געשטאָרבן די צוויי איבערגע־געבענע פריינד פון דער היים, דאָקטאָר הערץ און קראַווצאָוו. ווי אַ צוגאָב האָט מען נאָך דעם לעצטן אָפּיעקון, דאָקטאָר עליאַס בערג, צוגענומען צום מיליטער.

זי איז געבליבן אַליין.

דערווייל זענען די גאַסן פון וואַרשע איבערגעפולט געוואָרן מיט היימלאָזע, נשרפים און די משפחות פון רעזערוויסטן, וואָס זענען געווען שוצלאָז אָן די מענער. זיי זענען געקומען צופאָרן אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, מתנהוויין, פאַרנעמענדיק די בענק און די גאָרטנס, שטופּנדיק זיך פאַר דער קהילה אָדער ראָטהויז און וואַרטנדיק אויף אַ קוואַרטיר.

מיט דער איינשטימונג פונעם ראַט האָט מען צוגענומען אין דער היים 25 יתומים נאָך געפאַלענע סאָלדאַטן.

אין די שלאָפזאַלן איז מיט שוועריקייט געלונגען איינצואָרדענען 150 קינדער. אין די פראָנט־וווינונגען האָט מען איינגעאָרדנט פיר צענטערס און איין צענטער אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס. אין שטאָט האָבן זיך געפונען 250 קינדער אונטער דער אויפזיכט פון דער אינסטיטוציע.

דאָס האָט געהייסן, אַז מ׳האָט באַדאַרפט באַשפּייזן אַ האַלבן טויזנט הונגעריקע קינדער ביי אַ דעפיציט פון איבער פינף טויזנט רובל.

דער דאָקטאָר האָט אין זיינע בריוו פון שלאַכטפעלד געפרעגט ווי אַזוי זי גיט זיך אַן עצה.

זי האָט לאַקאָניש געענטפערט, אויסרעכענענדיק מיט ציפערן די גייע קוואַלן פון איינקונפט, ווי די הילף־געזעלשאַפט פאַר ייִדן, מלחמה־קרבנות און דעם אַמעריקאַנער דזשאָינט.

אָבער זי האָט גאָרנישט געשריבן פון איר גרעסטער פיין, פונעם קאָשמאַר פון שלאָפלאָזע נעכט. ווייל ווי לאַנג דער דאָקטאָר איז געווען אויפן אָרט, האָט קיין שום פאַל פון אַ קראַנקייט נישט אָנגענומען אַזעלכע גרויזאַמע פאָרמען ווי איצט. אפשר זענען די באַדינגונגען געווען בעסערע

און אפשר האָט דאָס באַוווסטזיין פון אַ סטאַבילער מעדיצינישער אויפ־זיכט באַרויִקט סיי סטעפע, סיי דעם יונגן פּאַציענט.

איצט האָט יעדער וויטיק אין האַלדז זיך געענדיקט מיט אַ שקאַר־לאַטין און יעדער בויכווייטיק — מיט אַ טיפוס.

דעם טיפוס האָבן אַהערגעשלעפּט די פּאַרלייזטע סאָלדאַטן פון שלאַכט־פעלד און פון די אָקאָפּעס, און די היימלאָזע, הונגעריקע, אומגליקלעכע פּליטים. די עפּידעמיע האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ פייער.

נאָכן פעסטשטעלן דעם ערשטן פאַל פון טיפוס אין דער היים, האָט מען אַלע קינדער אַוועקגעפירט צו דער דעזינפעקציע. די דעזינפעקציע־אַנשטאַלטן האָבן זיך געפונען אין פּראַגע. די יתומים־היים אויף קראָכ־מאַלנע איז געשטאַנען איינגעהילט אין טומאַנען פון קאַרבאָל. די קינדער האָט מען אָפּגעגאָלט די קעפּ. זייערע קליידער האָבן זיך געקאָכט אין גרויסע קעסלען און צו דער הייסער באָד האָט מען צוגעגעבן סובלימאַט. דער דייטשישער אָקופּאַנט האָט די אַלע טעטיקייטן אויסגעפירט מיט דער גאַנצער דייטשישער ברוטאַלקייט, פון וועלכער זיי זענען געווען גוט באַקאַנט. לאַנגע, העלישע שעהען האָט מען פאַרבראַכט אין פּראַגע אין די רייען מיט אַ המון פון פאַרלייזיקטע אָרעמעלייט. די הונגעריקע, פאַרפרוירענע און דערשטוינטע קינדער זענען אַזוי נישט ענלעך געווען צו די הייטערע, זעלבסט־זיכערע און צעשפּילטע איינוווינער פון דער היים, פּונקט ווי עמע־צער וואָלט זיי פאַרטוישט. די איבערגעשראָקענע יִנגסטע קינדער האָבן זיך געקלאַמערט אַרום סטעפעס לאַנגן מאַנטל.

ווען דער דאָקטאָר וואָלט געווען מיט אונדז — האָט זי געטראַכט מיט רויטע פלעקן אויף די באַקן — וואָלט מען די דעזינפעקציע דורכגע־פירט ביי אונדז אין דער היים.

באַלד זענען אירע געדאַנקען געלאָפן צום קליינוואַרג וואָס איז גע־לעגן אין שפּיטאָל.

וואָס וועט זיין אויב מע וועט מיך ווידער נישט אַריינלאָזן? ווי קאָן מען איבערלאָזן קראַנקע קינדער איינזאַם, אָן אַ נאָענטן מענטש?

דעמאָלט האָט זי — אפשר דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן — זיך דערפילט שוצלאָז און צעבראָכן. זי וואָלט זיך פאַר קיין שום פּרייז אין

דעם נישט מודה געווען פאַר אַ פרעמדן. איר שוועסטער און אַדעלע האָבן אין די טעלעפאָנישע פרימאָרגן־ביולעטינען אַלע מאָל דערהאַלטן אַ פאַר־זיכערונג וועגן אַ גוט־דורכגעשלאָפענער נאַכט. אָבער מ׳האָט שוין ווידער צוגענומען אַ קינד אין שפּיטאָל אַריין...

יעדן טאָג אַרום איינס אַזייגער פלעגט זי אַליין אָנגיסן אין פלעש־לעך די אָפּגעקאָכטע יויך פאַר די קראַנקע קינדער און געלאָפן דערמיט אין שפּיטאָל פאַר אָנשטעקנדיקע קראַנקע אויף דער פּאָקאָרנע־גאַס. און יעדן טאָג פלעגן זיך אָפּשפּילן די זעלבע סצענעס.

דער וועכטער, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג, האָט איר נישט אַריינגעלאָזט און אַפילו נישט געוואָלט רופן די קראַנקנשוועסטער. סטעפע האָט זיך באַמיט אים איבערצוקויפן מיט געלט און מיט טרערן.

— איך האָב אַ בפירושן באַפעל נישט אַריינצולאָזן — האָט ער זיך פאַר איר פאַרענטפערט, און זי האָט ווידער געטראַכט ווי אַזוי וואָלט עס אַנדערש געווען ווען דער דאָקטאָר וואָלט זיך געפונען אויפן אָרט.

אָבער גערירט פון איר עקשנותדיקער צודרינגלעכקייט און פון דער פאַרצווייפלונג און פיין אין איר שטים, נישט זייענדיק חושד פאַר אַ מאָ־מענט, אַז אַזוי זיך בעטן צו זען איר קינד קאָן נאָר אַ מוטער, האָט ער אַרויסגערופן די דיזשורנע־שוועסטער פונעם זאַל.

— שלעכט, ס׳איז דאָ אַ קליינע האָפענונג צו דערהאַלטן ביים לעבן... אפשר מיט גאָטס הילף...

ווען אַ דאָקטאָר, אָדער אַ קראַנקנשוועסטער, האָט גערעדט וועגן גאָט, האָט זי שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט.

אַ נידערגעשלאָגענע איז זי צוריקגעגאַנגען אַהיים.

פאַר די קינדער האָט מען געמוזט ווייזן אַ צעשמייכלט פּנים.

דאָס מאָל האָט זי נישט געמוזט מאַכן קיין אָנשטעל.

אויף דער שוועל פונעם עסזאַל האָט זי געטראָפן אסתרל, וואָס האָט זיך איר געוואָרפן אויפן האַלדז. סטעפע האָט זיך אַלע מאָל באַמיט נישט צו מאַכן קיין שום אונטערשיד צווישן די קינדער, אָבער אסתרל האָט גע־האַט ספּעציעלע רעכט. זי איז געווען די ערשטע פון אירע וויכאָוואַנקעס

נאָך פון דער „שטיינערנער עפּאָכע״ פונעם הויז, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין עקזיסטענץ פון דער קינדערהיים אויף דער זשאַביע־גאַס.

אסתרל האָט זיך שוין נישט קוואַליפיצירט פאַר דער קינדערהיים. איז זי פאַרבליבן האַלב ווי אַן אַרויסהעלפערין און האַלב ווי אַ שילערין. צווישן דער היימלאָזער יתומה און דער דערציִערין האָט זיך אַנטוויקלט אַ באַציִונג פון געמיינזאַמער ליבשאַפט און פריינדשאַפט. אסתרל האָט באַטראַכט סטעפען ווי איר מוטער.

— באַזיצן אַן אייגן קינד געהערט צו לוקסוס — פלעגט זאָגן דער דאָקטאָר, צוואַרפנדיק אַ קריטישן בליק אויף סטעפען, וואָס האָט מיט ליבשאַפט געפלאָכטן אסתרלס לאַנגע צעפּ און זיי פאַרבינדן מיט קאָלירטע סטענגעס.

זי האָט באַדאַרפט איר האַרץ צעטיילן יושרדיק צווישן אַלע קינדער. איינס האָט נישט געטאָרט פאַרנעמען מער פּלאַץ ווי אַ צווייט קינד. זי האָט געוווּסט וועגן דעם און זיך שטאַרק באַמיט צו דערשטיקן אירע כמעט־מוטערלעכע געפילן פאַר דעם מיידל. זי האָט דאָך שוין געהאַט דערפאַרונג אין דערהרגענען די געפילן וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט קאָנטראָלירן.

ביסלעכווייז האָט זי מיטן גאַנצן באַוווּסטזיין דערשטיקט אין זיך דעם ווילן געפעלן צו ווערן, די שפּורן פון קאָקעטעריע, פון פרויען־חן און דערנאָך אויך דעם איינאונאיינציקן גרויסן נאָמענלאָזן פלאַם, מיט וועלכן מ׳האָט באַדאַרפט קעמפן טייל מאָל איבער די כוחות.

גוט, אַלזאָ, זי וועט בלייבן אַן אַלטע פריילין, אויב דאָס לעבן האָט עס פון איר געפאָדערט, אָבער ווי אַזוי קאָן מען אין זיך דערהרגענען די אויפגעברויזטע כוואַליע פון צערטלעכקייט?

לעבן איר האָט זיך געדרייט אַ קינד, וואָס האָט זי אַרומגענומען מיט פאַרליבטע אויגן; וואָס האָט אויפגעכאַפּט איר יעדע צערטלעכקייט; וואָס האָט דאָרשטיק געטרונקען יעדן ווייכן טאָן אין איר שטים; דאָס קליינע מיידעלע האָט זיך געטוליעט צו איר און זי אַרומגענומען, ווען זי האָט געזאָגט אַ גוטע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין, קושנדיק זי ווי קיינער האָט עס ביז איצט נישט געטון.

זי וואָלט דאָך געקאָנט האָבן אַ טעכטערל, איר אייגן קינד...

ווען אַנדערע פלעגן אַוועקגיין שבת צו זייערע קרובים, אָדער צו אַ טאַטן, צו אַ מאַמע און ווען סטעפע איז געבליבן אַליין, איז אָנגענעם געווען בסוד פאַרן דאָקטאָר צו דערציילן אַ מעשהלע נאָר פאַר אסתרל.

ווען אסתרל האָט געענדיקט פערצן יאָר, האָט זי באַדאַרפט פאַרלאָזן די יתומים־היים, ווייל אין סטאַטוט איז געווען בפירוש אונטערגעשטראָכן, אַז דאָרט האָבן זיך געמעגט געפינען קינדער פון זיבן ביז פערצן יאָר.

צעשיידן זיך און פאַרלירן פון די אויגן איר באַליבטע שילערין האָט זיך סטעפע אויסגעוויזן פאַר אַן אוממעגלעכע זאַך.

דער דאָקטאָר האָט פאַרשטאַנען אַז דאָ האַנדלט זיך נישט נאָר וועגן אסתרל.

די היים איז קיין מאָל נישט געווען קיין „דערציִונג־אַנשטאַלט" ווי אַנדערע אינטערנאַטן. ס'האָט געהייסן „היים", ווייל דאָס איז געווען אַ היים פאַר די קינדער.

איז ווי אַזוי האָט עס געקאָנט ווערן אויס היים אַ געוויסן טאָג, ווען אַ קינד איז געוואָרן פערצן יאָר אַלט? דער הער דאָקטאָר און די פריילין סטעפע — די „עלטערן" פון די קינדער — האָבן געקאָנט רעזיגנירן פון זייערע פערזענלעכע געפילן... אָבער נעכטן נאָך אַזוי טיף, אַזוי האַרציק איבערגענומען מיטן געזונט פון די קינדער, מיט זייערע דאגות, מיט זייער בילדונג — צי האָבן זיי געקאָנט פאַרלאָזן די קינדער, ווען זיי האָבן געענדיקט פערצן יאָר?

האָט מען באַשלאָסן צו שאַפן צוויי אַרבעט־וואַרשטאַטן און די דאָזיקע עלטערע קינדער, וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן די היים, אויסשולן פאַר דערציִער.

„זאָלן זיי אַ קוק טון מיט לעבעדיקע אויגן ווי אַזוי מע דאַרף און ווי אַזוי מע קאָן. זאָלן זיי אויספּרווון זייערע כוחות, זאָלן זיי פאַרשפּרייטן די גוטע ידיעה ווי אַזוי די קינדעררעכט זענען אָנערקענט געוואָרן" — אַזוי האָט געשריבן דער דאָקטאָר.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ קוואַרטיר פאַר די שילער. אַ דריי צימערדיקע, אַן ענגע און אָרעמע. מ'האָט געטרוימט צו בויען פאַר זיי אַ ספּעציעלן צענטער.

מיט אַזעלכע פֿאַנטאַסטישע חלומות האָט מען זיך אַרומגעטראָגן.

נישט נאָר וועלן 250 קינדער פֿאַרלאָזן די היים אַלע פֿינף יאָר, נאָר די קינדער, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, די ערשטע דערוואַקסענע, וואָס האָבן איבערגעלעבט „קאָרטשאַקס קינדעריאָרן״ — וועלן פֿאַרשפּרייטן איבער דער וועלט דעם מייסטערס לערע.

אַפּאָסטאָלן פֿון אַ נייעם גלויבן? אפֿשר.

דערווייל האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אסתרל און קיין פּלאַץ איז נישט געווען. מ׳האָט באַשלאָסן — דאָס איז געווען איין יאָר פֿאַרן קריג — זי אַרויסצושיקן קיין שווייץ שטודירן.

סטעפֿע האָט גאָרנישט געוווּסט וועגן דעם, אַז אין טאָג פֿון זיין אַרויס־פֿאָר האָט דער דאָקטאָר געשריבן אַ בריוו צו אסתרל, אַז זי זאָל גלייך צו־ריקקומען. ער האָט געוווּסט אַז סטעפֿע וועט בלייבן אַליין און אַז אין די שווערע מאָמענטן, וואָס וועלן זי באַפֿאַלן, וועט נאָר די אָנוועזנקייט פֿון איר באַליבטער „טאָכטער״ זיין בכוח זי גייסטיק אונטערצוהאַלטן.

ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז אסתרל איז געלונגען אין דער קריג־זאַ־ווערוכע אָנצוקומען קיין וואַרשע.

זי איז געקומען ווי דער מלאך־הגואל אינעם מאָמענט ווען סטעפֿע איז שוין געפֿאַלן פֿון די פֿיס און די פֿאַרצווייפֿלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינרייסן אין איר האַרץ — צי וועלן די קינדער און זי אַליין אויך — בייקומען דעם הונגער און די עפּידעמיעס.

פֿון יענעם טאָג אָן איז שוין נישט זי, נאָר אסתרל געלאָפֿן מיט יויך יעדן טאָג אין שפּיטאָל אַריין אויף דער פּאָקאָרנע־גאַס, ווו ס׳זענען שוין געלעגן צען קינדער — קראַנקע אויף טיפֿוס. זי פֿלעגט צוריקקומען אַ טריומפֿירנדיקע, דערציילנדיק מיט געלעכטער ווי אַזוי זי האָט אָפּגענאַרט דעם וועכטער, פֿאַרזיכערנדיק אים אַז דער דאָקטאָר האָט זי געשיקט.

מ׳האָט זי אַריינגעלאָזט אין זאַל אַריין און זי האָט געזען די קליינע פּאַציענטן. זייער צושטאַנד איז גאָרנישט אַזוי געפֿערלעך. וויפֿל פֿרייד האָבן די קראַנקע איבערגעלעבט ווען זיי האָבן דערזען אסתרל! זי האָט געמוזט איבערחזרן וואָרט ביי וואָרט פֿאַר סטעפֿען וואָס יעדער פֿון זיי האָט געזאָגט.

סטעפע האָט מיט אַ ציטערדיק האַרץ זיך צוגעהערט צו דער אויפגע־ברויזטער שטים פונעם מיידל.

מע וועט זי מער שוין נישט אַריינלאָזן — האָט זי אַ פּאַריאַגטע גע־טראַכט ביי זיך.

אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז אסתרל האָט רעגולער יעדן טאָג באַזוכט די קראַנקע קינדער.

איין מאָל ביינאַכט האָט זי געקריגן היץ.

אַכט אַזייגער אין דער פרי האָט זיך דערהערט דאָס טרומפּייטן פונעם סאַניטאַרן־קעטשל, וואָס האָט אסתרל צוגענומען אין שפּיטאָל אַריין. און די קינדער האָבן ווידער אַ מאָל געמוזט פאָרן אויף דעזינפעקציע.

סטעפע האָט שוין נישט געקאָנט מאַכן דעם אָנשטעל אַז זי שמייכלט. די פאַרשטייפטע פיס האָבן זי געטראָגן איבער די טרעפּ פון זאַל אין זאַל, פון קיך אין די שלאָפצימערן. אין דער נאַכט פלעגט זי אַריינפאַלן אין אַ שווערער פאַרשטאַרטקייט, וואַרטנדיק אויף די בייזע ידיעות וואָס דער פרימאָרגן וועט ברענגען.

זי האָט אויפגענומען די שרעקלעכע בשורה וועגן דעם טויט פון איר טאָכטער, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ מוטער פון אַ סך הונדערטער קינדער...

סטעפע האָט באַוויינט אסתרל איר גאַנץ לעבן.

קאַפּיטל זעכצן

# א י ל ו ז י ע ס...

דער דאָקטאָר איז צוריקגעקומען.

אין אַ געוויסן טאָג איז ער מיט אַלע צוזאַמען אַריין אין זאַל, אָפּגע־געסן מיטאָג, דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייבטיש אין דער קאַנצעלאַריע, ווי ער וואָלט קיין מאָל פון דאַנען נישט אַוועק, ווי ער וואָלט זיי קיין מאָל נישט איבערגעלאָזט דורך די פיר גרויזאַמע יאָרן פון דער שטורמישער צייט. ס׳איז אַפילו נישט געווען קיין צייט נאָכצוטראַכטן איבער דער פאַרגאַנגענהייט און אויסצוהערן די דערינערונגען. די קינדער־היים האָט געפאָדערט דאָס לעבן פון מער ווי צוויי מענטשן — האָט ער דאָך אַ מאָל געזאָגט. ער האָט, אַלזאָ, איצט געמוזט אָפּאַרבעטן פאַר זיינע פיר יאָר אָפּוועזנקייט. די קינדער האָבן זיך נישט געענדערט, זיי זענען נאָר אונטערגעוואַקסן. אַנדערע האָבן געוווינט אינעם צענטער. אָבער אַלע, אַפילו די נייאָנגעקומענע האָבן אים באַגריסט ווי אַן אַלטן פריינד, ווייל דער דאָקטאָר איז געווען אין דער היים אַפילו דעמאָלט ווען ער איז דאָרט נישט געווען.

אין דער צייט פון זיין אָפּוועזנקייט פלעגט מען זאָגן:

— דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אָדער: — דער דאָקטאָר האָט גע־הייסן... פונקט ווי ער וואָלט אַרויס אין שכנותדיקן צימער.

נאָר סטעפעס פנים האָט זיך פאַרענדערט מיט אַ קווערן טיפן קנייטש אויפן שטערן. זי האָט איצט געהאַט קורץ־אָפּגעשוירענע האָר ווי אַ מאַן — אַן איבערבלייב פון די טיפוס־צייטן. אַזוי האָט זי זיך שוין געקעמט ביז צום סוף פון אירע יאָרן.

זיצנדיק ביי זיך אין צימערל אויפן בוידעם האָט דער דאָקטאָר גע־שריבן:

„די אַנטשטייונג פון דער מדינה פוילן, אַלץ אַרום ווערט געענדערט, איין יאָר איז נישט ענלעך צום צווייטן. פונעם נאָענטסטן צו מערב־מזרח ווערן מיר דער צום ווייטסטן פאַררוקטער צום מזרח־מערב. אַן עטאַפּ. די אילוזיעס זענען פאַרשטאַרטע אין דערפאַרונג.

מיר נעמען די בלייפעדער און מיר מאַכן דעם חשבון. צי זענען נישט געווען קיין פאַרנאַכלעסיקונגען?

אויף וויפל האָט זיך די קינדער־פראַגע אַ רוק געטון פאָרויס? און נישט נאָר ביי אונדז? מיט וויפל זענען מיר הינטערשטעליק?"

אין די אָוונטן נאָך דער וועטשערע פלעגט ער פון צייט צו צייט צו־ריקקומען צו זיינע איבערלעבונגען אויפן פראָנט. ער איז פאַריאָגט גע־וואָרן אַזש ביז די באַלקאַנען.

ער האָט נישט געשאָלטן די מלחמה. אַ נידערגעשלאָגענער האָט ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד מיט מענטשן וואָס זענען געווען האָפענונגלאָז; וואָס האָבן נישט געגלייבט אין מאָרגן; וואָס זענען געזונקען אין פאַרשקלאַפונג — און געטראָפן האָט ער דעם באַגינען פון אַ נייער מדינה און די פריש־קייט פון דער אַטמאָספער ווי אין אַ פרימאָרגן נאָך אַ שטורמישער, לאַנ־גער, מאַטערנדיקער נאַכט.

די נאָך־מלחמהדיקע יאָרן האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער טעטי־קייט פון דער היים מיט עטלעכע וויכטיקע דאַטעס.

אין גאָצלאַוועק האָט מען געגרינדעט אַ נייע שטענדיקע זומער־און ווינטער־קאָלאָניע. מ'האָט זי אַ נאָמען געגעבן „רוזשיטשקאַ", אויפן פאַר־לאַנג פונעם מנדב. צוערשט האָבן די קינדער פאַרברענגט דעם זומער אין ברעזענטענע געצעלטן, דערנאָך האָט מען אויפגעשטעלט אַ הילצערנעם פאַוויליאָן. ווינטערצייט זענען אַרויסגעפאָרן קיין „רוזשיטשקאַ" פופציק קינדער — פון די שוואַכסטע פון אינטערנאַט.

דאָס אַנטשטיין פון דער קאָלאָניע האָט געצוווּנגען דער פאַרוואַלטונג צו פאַרפאַכטן צוואָנציק אַקער לאַנד וואָס איז געלעגן אומבאַאַרבעט. דאָרט האָט מען פאַרלייגט אַ פאַרעם, ווו ס'האָבן געאַרבעט די תלמידים פון דער היים. אינעם ראַפּאָרט פון דער פאַרעם האָט מען צווויסן געגעבן, אַז דער געביט איז מיט דער הילף פון שטאָטראַט געוואָרן ניוועלירט און מ'האָט

דאָרט פאַרזעצט 250 פּרוכטביימער און פאַרזייט פּופצן אַקער לאַנד. דער אינוועטאַר איז באַשטאַנען פון פינף קי און איין פערד.

אינעם אייגענעם דאָרף פאַרברענגען יעדעס יאָר די וואַקאַציעס אַן ערך 500 קינדער — אַ העלפט פרעמדע און אַ העלפט פון דער היים.

עס זענען רעאַליזירט געוואָרן די דרייסטע חלומות: אַ דאָרף פאַר די קליינע, היימלאָזע ייִדישע יתומים אויפגעקליבענע פון די נישט־ברוקירטע גאַסן און רינשטאָקן.

מע פלעגט דאָך זאָגן, אַז דאָס ייִדישע קינד האָט נישט ליב די נאַ־טור, האָט מורא פאַר וואַסער און אַז אין די ייִדישע היימען זענען נישטאָ קיין בלומענטעפּ אין די פענצטער.

די קינדער פון דער היים האָבן זיך געלערנט ליב צו האָבן און צו פאַרשטיין דאָס דאָרף. דער דאָקטאָר האָט זיי דערציילט פאַרן שלאָפנגיין אַ מעשה וועגן דאָרפס האַרץ:

„דאָס דאָרף האָט ליב די קינדער פון דער שטאָט. דאָס דאָרף ליבט, די לופט קושט און דער הימל שמייכלט מיט דער זון.

— ווי אַזוי קאָן אַ דאָרף ליב האָבן, ווען ס׳האָט נישט קיין האַרץ, ווי אַזוי קאָן אַ לופט קושן און ווי אַזוי קאָן אַ וואַלד מתפּלל זיין? — האָבן געפרעגט די קינדער.

— דאָס דאָרף האָט אַ האַרץ, דאָס דאָרף האָט מעכטיקע אָרעמס, מיט וועלכע עס טוליעט די שטאָט צו דער ברוסט ווי אַ גוטע ניאַניע. דאָס דאָרף האָט אַ ברייטע ברוסט, וועלכע וואַרעמט און דערנערט אונדז. דאָס דאָרף וואָס איז איינגעהויקערט און איינגעבויגן אין דער אַרבעט. אַזוי ווי די וואָרצלען פון אַן אַלטן בוים, אַזוי האָבן אויף זיינע שלייפן זיך אָנגעבלאָזן די אָדערן: יעדעס גרעזל אויפן פעלד, יעדעס קערנדל פון אַ זאַנג, הונדער־טער מאָל צעווייקטע פון מי און שווייס.

דאָס דאָרף האָט אויגן, וואָס זענען פאַרקוקט צום הימל, אָטעמט מיטן וואַלד, ווי מיט לונגען. ווען עס גיט אַ זיפץ, צעוויינט זיך דער ווינט; ווען עס צעוויינט זיך — פאַלט אַ גאַס רעגן. איז ווי אַזוי קאָן דאָס דאָרף נישט האָבן קיין האַרץ, ווי אַזוי וואָלט דער מילדער גיגאַנט געקאָנט לעבן אָן אַ

האָרץ, וואָס איז נייטיק אַפילו אַ שוואַלב, כדי ס׳זאָל קאָנען בויען אַ נעסט און דערנערן די קליינע שוועלבעלעך.״

מע דערציילט אין וואַרשע, מע דערציילט אין דער ברייט און אין דער לענג פון גאַנץ פוילן, מע רעדט אין די שולן, אין די אוניווערסיטעטן, אין די לערער־פאַראיינען, צווישן די לייענער, צווישן די פאַציענטן, אין די רעדאַקציעס פון צייטשריפטן — וועגן דער היים אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס; וועגן דעם איינציקן, אייגנאַרטיקן אינטערנאַט וואָס ווערט רעגירט דורך אייגענע, נייע רעכט, צונויפגעשטעלט אויסשליסלעך פאַר די קינדער. אַ סך מענטשן אָבער דרייען מיט די נעז.

— עקספּערימענטן — זאָגט איינער און אַ צווייטער, וועלכע קוקן זיך צו פון דער ווייטנס צו דער היים.

— ס׳קאָן זיין געפערלעך — שעפּטשען זיך אין די אויערן געוויסע אַפּיעקונעס — צו פיל פרייהייט, צו פיל רעפאָרמען...

דער דאָקטאָר האָט נאָך אַלץ אַ ווידערווילן צו די יערלעכע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. בכדי אָבער די מיטגלידער, וועלכע באַשטייערן זיך אויף אויסצוהאַלטן די היים, וואָס באַמיט זיך ווי ווייט מעגלעך צו פאַרזיכערן איר עקזיסטענץ אָן דער פּריוואַטער איניציאַטיוו, זאָלן זיך חלילה נישט באַליידיקן — באַווייזט ער זיך אויף די זיצונגען און ענטפערט די אומבאַרופענע קריטיקער אויף זייערע אויפגעבלאָזענע רייד, אַז:

— „ווען עס ווייזט זיך אויס, אַז אונדזער פּראָגראַם גרייכט צו הויך, זאָל זיך דערמאָנען אַז מע דאַרף זיך דערהייבן און אַרויספליִען אין די ווייטע הייכן, בכדי אַראָפּשטירצנדיק לאַנגזאַם, דורכמאַכן דאָך אַ גרויסן שטח.

ווען דער פּראָגראַם וועט זיך אפשר אויסווייזן פאַנטאַסטיש — זאָל אַ טראַכט טון, אַז ס׳איז נישט גענוג צו האָבן אַ מעטאַלענעם מאָטאָר, כדי צו פליִען אין די הייכן, נאָר מע דאַרף אויך האָבן פליגל.״

נאָך דער פאַרזאַמלונג הייסט דער דאָקטאָר גוט דורכלופטערן דעם זאַל פונעם ריח פון די פּאַרפומען און ציגאַרעטן. ער טוט גלייך אָן זיין גרינעם כאַלאַט און נעמט זיך צו דער אַרבעט.

חוץ די לויפנדיקע ענינים מוז ער אויך ענדלעך רעדאַגירן דעם סטאַ־

טוס פון דער היים, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע קריטיק אויף דער פאַרזאַמלונג פון די אַפּוטרופּסים. ס׳האַנדלט זיך אין דעם, אַז די געזעצן וועגן מאָראַל זאָלן ווערן געשריבענע געזעצן.

ער איז אין גאַנצן נישט ענלעך צו די סטאַטוטן פון אַנדערע וווּיל־טעטיקע אינסטיטוציעס. די וויכטיקסטע פּאַראַגראַפן זענען געווידמעט דעם אינערלעכן לעבן פון דער היים און זיי פאָרמירן אויף אַ געוויסן אופן אַן אייגענע קאָנסטיטוציע פון אַ קליינער מדינה, וואָס עס בויט דער דאָק־טאָר. מע דאַרף צונויפשטעלן אין פּאַראַגראַפן דאָס לעבן פון די קינדער פונעם ערשטן מאָמענט פון זייער באַקאַנטשאַפט מיט דער היים.

פּאַראַגראַף נומער איינס:

די מיטגלידער פונעם הילף־קאָמיטעט דאַרפן רעפערירן וועגן די רע־זולטאַטן פון זייער אונטערזוכונג און אינטערוויו פון די אַפּליקאַנטן אין זייערע היימען, דערביי וואַרפט מען אָפּ די אַפּליקאַציעס פון צוריקגע־שטאַנענע און קראַנקע קאַנדידאַטן.

— ווי אַזוי אָבער קאָן מען וויסן צי די קראַנקייטן וועלן זיך נישט באַווייזן שפּעטער? — טראַכט דער דאָקטאָר שטודירנדיק דעם פּאַראַגראַף.

אין משך פון איבער צען יאָר זענען געשטאָרבן ניינצן קינדער. צוויי זענען געווען עפּילעפּטיקער און זיבן האָט מען געמוזט אָפּגעבן אין אַ שול פאַר גייסטיק־צוריקגעשטאַנענע קינדער. אָבער וויפל נערוועזע, מיט אויס־שפּראַך־פעלערן, מיט געהער־פעלערן, וויפל שוואַכע? עס זענען שוין אויך געווען פיר גייסטיק־קראַנקע. דער יתום ווערט פאַרשידנאַרטיק באַלעס־טיקט.

דערפאַר מוז אַ קינד זיין אַרומגערינגלט מיט אַ ספּעציעלער זאָרג־פעליקייט — קאָנקלוזירט דער דאָקטאָר — און עס טאָר זיך נישט פילן פרעמד און פיינטלעך ווען עס קומט אָן אין דער קינדערהיים — גיט ער צו צום ערשטן אַ צווייטן פּאַראַגראַף:

דער נייגעקומענער באַקומט אַ באַשיצער פון צווישן די אַלט־איינגע־זעסענע. אָט די שוץ דויערט דריי חדשים. אויפן ווונטש פוןביידע צדדים קאָן עס ווערן פאַרלענגערט אָדער פאַרקירצט. די באַשיצער מעלדן זיך פון אייגענעם גוטן ווילן אויף די פאַרזאַמלונגען פון אַלע קינדער. די אַפּיעקו־

נעס פֿון ייִנגלעך דאַרפֿן זיין ייִנגלעך און די אָפּיעקונעס פֿון מיידלעך — מיידלעך. די קינדער אַליין באַשטימען ווער פֿון די וואָלונטירן פֿאַרדינט צו זיין אַ באַשיצער פֿונעם נייגעקומענעם, כּדי אים צו אינפֿאָרמירן, העלפֿן מיט אַן עצה און פֿאַרטיידיקן אין אַ נויט.

דער וואָלונטיר נאָטירט אין אַ העפֿט די וויכטיקסטע געשעענישן איינעם לעבן פֿונעם נייגעקומענעם. ביים פֿאַרענדיקן די אַרבעט שרייבט ער אויך איין די מעלות און חסרונות פֿונעם נייעם. די סיכסוכים צווישן נייגעקומענעם און באַשיצער ווערן געלייזט דורך אַ חברים־געריכט.

— דאָס איז דאָך קיין שום נייעס — טראַכט ווייטער דער דאָקטאָר. די אידייע איז שוין זינט יאָרהונדערטער איינגעפֿירט אין דער ענגלישער שול. ער דערמאָנט זיך דעם „אונטערשיד" — ווי לעבעדיק שווימען אויף פּאַר זיינע אויגן די שולסצענעס, ווו די עלטערע אָפּיעקונעס האָבן געפּייניקט די ייִנגערע און עקספּלאָאַטירט דעם נייגעקומענעם.

דער אַלטער ענגלישער מינהג וועט אויפֿן רעפֿאָרמירטן געביט פֿונעם וואַרשעווער אינטערנאַט אָננעמען אין גאַנצן אַנדערע פֿאָרמען. דאָ האָט זיך נאָך כּמעט קיין מאָל נישט געטראָפֿן קיין פֿאַל, אַז אַ קינד־באַשיצער זאָל איבערשטייגן די גרענעצן פֿון זיין קאָמפּעטענץ. די אַמביציע פֿונעם באַשיצער איז צוצוגרייטן דעם נייגעקומענעם, ער זאָל פֿאַרנעמען אַן אַנטשפּרעכנדיק ווירדיק אָרט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון דער היים.

נאָך איין חודש פֿונעם קינדס אָנקומען קומט פֿאָר דער אַזוי גערופֿענער פּלעביסציט.

יעדעס קינד דערהאַלט דריי קאַרטלעך. אויף איין קאַרטל איז דאָ אַ פּלוס, אויפֿן צווייטן — אַ מינוס און אויפֿן דריטן — אַ נול. פּלוס מיינט: כ'האָב אים גערן, ער איז מיר אָנגענעם און כ'בין צופֿרידן, אַז ער איז צו אונדז אָנגעקומען. מינוס הייסט: כ'האָב אים פֿיינט, כ'בין נישט צופֿרידן וואָס ער איז צו אונדז געקומען. נול: כ'קען אים נישט, ער איז מיר גלייכגילטיק.

ווער עס דערהאַלט אויפֿן פּלעביסציט אַ גרויסע צאָל פֿון מינוסן, ווערט אָנגערופֿן „דער צווייפֿלהאַפֿטער נייגעקומענער". מ'איז מודיע זיין משפּחה, אַז ס'דראָעט אים אויסגעשלאָסן צו ווערן.

מיט אַ יאָר שפּעטער קומט פאַר דער צווייטער פּלעביסציט.

דער נייער באַקומט שוין אַ שטענדיקן צונאָמען: נעגאַטיוו — אַ שווערער פּאַסאַזשיר, אַ גלייכגילטיקער בירגער, נייטראַל — (איינוווינער) אָדער פּאָזיטיוו — (אַ חבר).

די צונעמען ווערן אָנגעגעבן דורך דער קערפּערשאַפט פון די קינדער און ווערן יעדעס יאָר קאָנטראָלירט. בעת דער קאָנטראָל קומען פאָר דע־גראַדאַציעס און אַוואַנסירונגען.

דער „חבר" האָט די פולע רעכט צו פאַרבלייבן אינעם אינטערנאַט ביז ער פאַרענדיקט פערצן יאָר.

די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון די „איינוווינער" קאָנטראָלירט מען אַלע דריי יאָר. די מאַטעריעלע באַדינגונגען פון „גלייכגילטיקע" קאָנטראָ־לירט מען יעדעס יאָר מיטן ציל צוריקצוגעבן דאָס קינד צו זיין משפחה אויב עס דערלויבן אויף דעם די באַדינגונגען אין זיין אייגענער היים.

די אויבן דערמאָנטע פּאַראַגראַפן אין זייער אָריגינעלער פאָרעם זע־נען אַרויסגענומען פונעם אָפיציעלן רעגולאַמין פון דער היים. דער זייטי־קער מענטש וואָלט געמאַכט אַ טעות, ווען ער וואָלט געוואָלט באַטראַכטן דעם פּלעביסציט ווי אַ שפּיל.

דער רעספּעקט פאַר דער אַלגעמיינער מיינונג איז אַ פּרינציפּיעלער ענין אין לעבן פון יעדן קינד. פון אים אַליין איז אָפּהענגיק צי ער דאַרף בלייבן אַ בירגער, אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער קליינער וווּנדער־באַרער קינדער־מדינה, צי ער דאַרף צוריקגיין צו זיין אייגענער אָפּשטויסנ־דיקער היים אויף דער מילע, סטאַווקע, אָדער סמאָטשע־גאַס.

דאָס איז דער אולטימאַטום וואָס עס דערהאַלט יעדער צוקונפטיקער בירגער:

„אויב דו האָסט גענוג גוטן ווילן, חשק, שכל און אַנטשפּרעכנדיקע קוואַליפיקאַציעס, וועסטו ווערן אַ פולבאַרעכטיקטער בירגער פון אונדזער סביבה, אָדער דו מוזסט זיך עס פאַרדינען. אָן אַרבעט קומען נישט אַרויס קיין פּרוכטן. נישטאָ קיין ליכטיקער פּאַלאַץ, קיין ספּאָרטפעלד, קיין פאַר־בראַכטער זומער אין דאָרף, מעשות, ווייסע זעמל מיט מילך; נישטאָ קיין

טאָג אָן אַן עוולה — אויב דו וועסט נישט אַרויסווייזן, אַז דו ווילסט באמת פאַרבלייבן אין די נייע באַדינגונגען. אַ פאַרדינטע באַלוינונג."

וואָס פאַר אַ טיפער, אמתדיק מאָראַלישער, יושרדיקער און סטימו־לירנדיקער געדאַנק שטעקט טאַקע אין אַזאַ און נישט אין קיין אַנדערער לייזונג.

אין דער היים — ווי ס'האָבן שפּעטער דערציילט די קינדער אין זייע־רע דעריינערונגען — איז דאָס צום מערסטן איבערגעחזרטע וואָרט געווען: גערעכטיקייט. גערעכטיקייט איז דער איינציקער קריטעריום און די איינ־ציקע מאָס פון אַלע דערשיינונגען. די וועלט טיילט זיך נישט אויף גוט און שלעכט· נאָר גערעכט און אומגערעכט. צי באַצייכנט נישט טאַקע דער קריטעריום דעם יסוד פון עטיק פונעם ווייסן מענטשן?

אַזוי ווי אַלץ מוז זיך פירן יושרדיק — איז דער אויספיר־אָרגאַן — דאָס געריכט — געוואָרן איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס וואָס איז געווען טעטיק אויפן שטח פון דער קליינער מדינה.

לויטן רעגולאַמין, וואָס דער דאָקטאָר האָט צוזאַמענגעשטעלט און וואָס איז געווען אָפּגעהיטן אויף אַלע פּאָסטנס און אַלע פלעצער ווו זיין מאַכט האָט געגרייכט: אין דער היים, אויפן ספּאָרטפּלאַץ, אויפן הויף, אין אַלע זאַלן, אין דער קיך, אין דער קאַנצעלאַריע, אויף די זומער־קאָלאָניעס, אויף דער פּאַרעם — אומעטום האָט דער אויטאָריטעט פונעם געריכט אַרומגענומען אין דער זעלבער מאָס אַלעמען: די קינדער און די דערציִער.

פּונקט ווי עס וואָלט געקאָנט עקזיסטירן אין די אויגן פון דער גע־רעכטיקייט אַן אונטערשיד פון עלטער, פּאָזיציע, געבורט אָדער מין: זכר צי נקבה. די פונדאַמענטאַלסטע פאַראָרדענונגען פאַר דער קינדער־קאָנס־טיטוציע זענען:

א. פאַרנאַכלעסיקונג און סיכסוכים פון די קינדער און דעם פּערסאָ־נאַל רעגולירט דאָס חברים־געריכט. דער אורטייל ווערט אַרויסגעטראָגן לויטן געריכט־קאָדעקס. פאַראַן צען שטראָף־פּאַראַגראַפן: די העכסטע שטראָף איז — אויסשליסונג.

ב. די קינדער דאַרפן זיין געהאָרכזאַם צו די געזעצן, וואָס הערשן און נישט צו די פּערזאָנען פון פּערסאָנאַל. דאָס פּערסאָנאַל דאַרף קענען די געזעצן און צו זיי זיך צופּאַסן.

די זיצונגען פונעם חברים־געריכט קומען פאָר יעדע וואָך. פאַראַן פינף ריכטער פון צווישן די קינדער. ענינים פון אַ ספּעציעל־וויכטיקן ווערט ווערט אָפּגעגעבן צום געריכטראַט צו וועלכן ס׳געהערט איין דערצי̇ער און פיר קינדער.

דאָס געריכטבוך פונקט ווי דאָס וועכנטלעכע בוך פון דער היים, וואָס אַנטהאַלט אַפילו די קלענטסטע פּרטים פונעם לויפנדיקן לעבן, איז צוגענג־לעך פאַר אַלע, וואָס האָבן אַ פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיטן לעבן פונעם אינטערנאַט. די ביכער ווערן געפירט דורך די דערצי̇ער.

זייער אַ סך פּראָצעסן זענען פאָרגעקומען.

אויב מע וועט נעמען אין באַטראַכט אַז צוויי קינדער, וואָס שפּילן זיך אין אַ צימער, קאָנען אָפּט פינף מאָל זיך צעקריגן אין משך פון איין שעה, פאַרקלאָגן זיך פאַר דער מאַמען, ווידער זיך איבערבעטן און ווידער אַ מאָל צעקריגן — פלעגט זאָגן דער דאָקטאָר — איז נישטאָ וואָס זיך צו וווּנ־דערן, אַז ס׳זאַמלען זיך צונויף עטלעכע צענדליגג ענינים אין משך פון יעדער וואָך.

אינעם עסזאַל, ווו ס׳קאָנצענטרירט זיך כמעט דאָס גאַנצע געזעל־שאַפטלעכע לעבן פון דער היים, הענגט אַ טאָוול פון געריכט, אויף וועלכן ס׳באַווייזן זיך כסדר פאַרשידענע נעמען — דער וואָס טראָגט אַריין די אָנקלאַגע שרייבט אָן זיין נאָמען און דעם נאָמען פונעם אָנגעקלאָגטן. אָבער עס טרעפט אויך אָפט, אַז דער פאַרברעכער גיט אַליין איבער זיין ענין צו דער אַנטשיידונג פונעם געריכט.

לאַנג האָט זיך דער דאָקטאָר אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק איינצופירן דעם שטראָפקאָדעקס אינעם לעבן פון אינטערנאַט. ער האָט דערציילט, אַז ער איז צוריקגעקומען פונעם קריג מיט אַ פאַרטיקן קאָדעקס. ער האָט אים געשריבן אויפן שלאַכטפעלד אונטער אַ האָגל פון קוילן. די נויטווענדיקייט פון אַ געריכט האָט ער באַרעכטיקט אויף אַזאַ אופן:

„אויב עמעצער איז באַגאַנגען אַ שלעכטן טאַט, איז צום בעסטן אים מוחל צו זיין. אויב ער האָט דאָס שלעכטס אָפּגעטון ווייל ער האָט נישט געוווּסט, וועט ער שוין פון איצט אָן וויסן, ווייל דאָס געריכט האָט עס אים

דערקלערט. אויב ער האָט אָפּגעטון עפּעס שלעכטס מיט אַ כוונה וועט ער זיין אויף להבא פאָרזיכטיקער.

דאָס געריכט איז נישט קיין גערעכטיקייט, נאָר עס דאַרף שטרעבן צו גערעכטיקייט.

דאָס געריכט איז נישט דער אמת, נאָר עס פאַרלאַנגט דעם אמת. די ריכטער קאָנען מאַכן אַ טעות.

די ריכטער קאָנען באַשטראָפן פאַר מעשים, וועלכע זיי אַליין באַגייען, זיי קאָנען זאָגן, אַז ס׳איז שלעכט דאָס וואָס זיי אַליין טוען אויך.

אָבער ווען אַ ריכטער גיט באַוווסטזיניק אַרויס אַ פאַלשן אורטייל, ברענגט ער אויף זיך חרפה.״

איין מאָל אַ וואָך, נאָך מיטאָג, פאַרזאַמלען זיך די געוויילטע ריכטער אין עסזאַל ביי טישן, די עדות — קעגנאיבער און דאָס פובליקום — פון דער וייטנס. די וועכטער היטן אָפּ די אָרדענונג.

דער דאָקטאָר אָדער סטעפע זענען געווינטלעך דער פּראָקוראָר און דער פאַרטיידיקער, מיטן אויסנאַם פון די פאַלן ווען זיי אַליין זענען באַשולדיקט אין באַגיין עפּעס אַ זינד.

די געריכט־פאַרהאַנדלונג ווערט פאַרשריבן אין אַ העפט. נאָכן אויסהערן די צדדים גייען די ריכטער אויף אַ באַראַטונג און דאָס קלינגען פונעם גלאָק גיט צו וויסן ווען מע גייט פאַרעפנטלעכן דעם אורטייל.

עס קומען פאָר פאַרשידענע פּראָצעסן, אָפּהענגיק פון דער צייט פון יאָר.

זומערצייט ווערט אויף דער קאָלאָניע צום שטרענגסטן באַשטראָפט דאָס פייניקן חיות.

„דער פאַרמשפטער פאַרטיידיקט זיך אָפּט מיטן אַרגומענט, אַז ער האָט נישט געוווסט אַז דאָס פאַרשאַפט ווייטיק דער קאַץ, צי דער זשאַבע״, אָדער ער האָט געוואָלט זען „צי אַ זשאַבע פאַרמאָגט ווירקלעך אַ האַרץ, ווי ס׳האָט דערציילט דער לערער״. דער אורטייל איז ספּעציעל שטרענג, ווען אַזעלכע פאַרברעכנס חזרן זיך איבער, ווייל יינגלעך האָבן אַ נייגונג צו אַזאַ שפּיל. ס׳איז נישט לייכט אַרויסצוגעבן אַ יושרדיקן אורטייל.

דער דאָקטאָר באַשולדיקט:

„נעכטן ביינאַכט איז געווען אַ גערודער אין שלאָפזאַל. היינט, ווען יעדער איינער האָט אין אַ סדר זיך געשטעלט פאַרן געריכט, כדי צו ענט־פערן ווער ס׳האָט געשריגן, געקרייעט, געבילט, געמיאַוקעט און געפּאַטשט מיט די הענט — האָבן אַלע געלייקנט, נאָר צוויי האָבן זיך מודה געווען.״

מיטן פּלאַן פונעם שלאָפזאַל אין דער האַנט באַווייזט דער באַשולדי־קער, אַז דער גערודער איז אַנטשטאַנען אין פאַרשידענע פּונקטן פונעם זאַל; הייסט עס, אַז ס׳האָבן געמאַכט דעם טומל אַ סך יינגלעך. ער גיט אָן נעמען פון פאַרדעכטיקטע.

פאַרוואָס האָט מען נאָר צוויי געקאָנט כאַפּן? ווייל זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן; ווייל זיי זענען נישט קיין לאָבוזעס, אָדער זיי זענען קליינע, נישט־דערפאַרענע לאָבוזעס.

„צי האָבן מיר דאָס רעכט צו באַשטראָפן די ווייניק־שולדיקע, ווען די קליגערע און מער־שולדיקע וועלן אויסמיידן די שטראָף, ווייל זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פונעם געריכט? איך מאַך אַ פאָרשלאָג, אַז מע זאָל די צוויי, וואָס האָבן זיך מודה געווען פרייל׳אָזן און די פאַרדעכטיקטע באַ־שטראָפן.״

דאָס געריכט האָט זיך לאַנג מיישב געווען, ביז מ׳האָט אַרויסגעגעבן דעם פּסק:

„די בײדע באַשולדיקטע לאָזן פריי, די איבעריקע נישט באַשטראָפן, — ווייל מער וועט אַזאַ טומל זיך נישט איבערחזרן.״

און זיי האָבן געהאַלטן וואָרט.

ביי דער הויכער מדרגה פון מאָראַל אינעם פּראָבלעם פון „שולד און שטראָף״ איז דאָס באַשטעטיקן די שולד כמעט געגליכן צו אַ שטראָף.

דערפאַר זענען אין קאָדעקס פון דער היים פאַראַן ווייניק שטראָפן און אַ סך פּאַראַגראַפן. זיי דריקן אויס די מיינונג פונעם געריכט: דאָס באַפרייען אָדער פאַרמשפטן.

ס׳איז גענוג געווען אַז דאָס געריכט זאָל פּסקענען אַז אַ יינגל אָדער אַ מיידל האָבן שלעכט געהאַנדלט, אַז מ׳האָט אָנערקענט גערעכטיקייט אָדער אומגערעכטיקייט, און די שטים פון דער עפנטלעכער מיינונג, פער־

זאַניפּיצירט דורכן געריכט איז געווען אַנטשיידנדיק פאַרן געוויסן פונעם באַשולדיקטן אָדער פונעם באַשולדיקער.

דאָס חברים־געריכט איז גאָרנישט מילד, אָבער עס פאַרשטייט אַז די גערעכטיקייט ליגט נישט אַלע מאָל אויף איין אָדער אויף אַ צווייטן צד. מעסטנטייל ליגט זי אין דער מיט.

דאָס פאַרשפּעטיקן זיך געהערט צו די כראָנישע פאַלן.

שבת בייטאָג גייען די קינדער צו זייערע משפחות און זיי דאַרפן זיך אומקערן צו דער וועטשערע אַכט אַזייגער אין אָוונט. אַט די אָרדענונג טאָר נישט ווערן צעשטערט מיט דער אָפּוועזנקייט פון איין אָדער צוויי פערזאָנען. אויף דער לעצטער זיצונג פונעם געריכט איז טאַקע באַטראַכט געוואָרן דער ענין פון די פאַרשפּעטיקטע.

— אויב עמעצער וועט זיך פאַרקוקן ביי אַ שויפענצטער, אָדער זיך פאַררעדן מיט אַ חבר, מוז ער באַשטראָפט ווערן — הייבט אָן דער באַשולדיקער אין דער שטילקייט וואָס האָט באַהערשט דעם זאַל.

— אויף די פאַרשפּעטיקטע האָט מען געוואַרט מיט דער וועטשערע. די דיזשורנעס האָבן נישט געקאָנט אויפרוימען דעם זאַל און וואַשן ס׳געפעס אין דער קיך אין דער באַשטימטער שעה. זיי האָבן זיך געמוזט לייגן שפּעטער און זיי האָבן געקאָנט צומאָרגנס אויפשטיין מיט אַ קאָפּווייטיק און שלעכט ענטפערן אויף די לעקציעס אין קלאַס.

— וואָס קאָנט איר זאָגן אין אייער פאַרטיידיקונג? — פרעגט איינער פון די ריכטער.

— די קוזינע, צו וועלכער איך בין געגאַנגען, איז אַוועק פון דער היים און האָט איבערגעלאָזט דאָס פּיצל קינד אונטער מיין אויפזיכט. זי איז נישט צוריקגעקומען צו דער צייט — האָט זיך פאַרטיידיקט איין אָנגעקלאָגטער.

— מיין פאָטער איז קראַנק און ער האָט זיך ביי מיר געבעטן איך זאָל נאָך אַ ביסל מיט אים פאַרבלייבן — האָט געזאָגט אַ צווייטער.

דער פאַרטיידיקער וואָס איז גלייכצייטיק אויך דער באַשולדיקער, האָט דאָס וואָרט:

— נישט אינעם ערשטן און נישט אינעם צווייטן פאַל איז דאָ אַ

שלעכטער ווילן. מע קאָן נישט איבערלאָזן אַליין אַ פּיצל קינד און ס׳איז שווער אָפּצוזאָגן די בקשה פון אַ קראַנקן פּאָטער. מ׳האָט אָבער באַדאַרפט דערקלערן דעם פּאָטער פּאַרוואָס מע טאָר זיך נישט פּאַרשפּעטיקן און מ׳האָט באַדאַרפט וואָרענען די קוזינע, איידער זי איז אַוועק.

דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגן אַ באַפרייונג־אורטייל מיט דער באַמערקונג אַז מ׳איז דאָס לעצטע מאָל מוחל די פּאַרשפּעטיקטע.

די לעגענדע וועגן דער יושרדיקער מדינה אין אַ וועלט וואָס נעגירט די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט האָט זיך פּאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן. זי האָט אַפילו דערגרייכט צו די העכסטע אינסטאַנצן, אַפילו ביז צום בעל־ווערער, ווו דער מאַרשאַל פּילסודסקי, וועלכער איז נאָך געווען באַהויכט מיט די שטורמיש־יוגנטלעכע פּרינציפּן, האָט זיך געקאָכט פון צאָרן אין זיין הילפלאָזן כעס אויף די „באַשפּיגענע קאַרליקעס", וואָס רייסן זיך צו דער מאַכט.

זיין פּרוי — טריי צו די טראַדיציעס פון דער לעגיאָנערישער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט — האָט אין פּאַרשטענדיקונג מיטן מלוכה־שעף גע־רופן צו זיך יאַנוש קאָרטשאַק און אים פּאָרגעלייגט איבערצונעמען די אָנ־פירערשאַפט פון אַ ניי־אַנטשטאַנענעם ריזיקן אינטערנאַט פאַר קינדער פון די אַרבעטער אין פּרושקאָוו — אַן אינדוסטריעל שטעטל נישט ווייט פון דער הויפּטשטאָט.

דערהערנדיק וועגן דעם דאָקטאָרס וויזיט, זענען די צוויי טעכטער פון פּילסודסקי — יאַגודקאַ און וואַנדאַ — אַריינגעלאָפן אין סאַלאָן כדי זיך צו באַקענען מיטן מחבר פון „רום", „קייטוש־מכשף" און אַנדערע באַ־ליבטע ביכער.

דער דאָקטאָר איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אינעם פּאַלאַץ פון בעל־ווערע. די קינדער ווילן אים נישט אָפּלאָזן, אָבער ער מוז קאָנפערירן מיט דער פרוי פּילסודסקי וועגן דער אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער נייער היים. פון אָנהייב האָט ער גרויסע ספקות צי דער פּאַקט וואָס ער איז אַ ייִד וועט נישט האָבן קיין ווירקונג אויף דער אָנפירונג פון דער נייער אינסטיטוציע. די צייטן זענען טרויעריקע. דער קריג האָט אויסגעלאָדן די

בייזע אינסטינקטן... האָט איבערגעלאָזט אויף אַ ביטערקייט אין האַרץ מיט די דערינערונגען פונעם יאַבלאָנע־לאַגער און דער לעמבערגער פּאָגראָם.

אָבער ער וואַגט נישט מודה צו זיין זיך אין די דאָזיקע ספקות. פאַר אים איז אַ פּויליש קינד צי אַ ייִדיש קינד — נאָר אַ קינד.

„יאָסעק איז מיר פּונקט אַזוי נאָענט ווי יאַשעק" — האָט ער אַ סך שפּעטער געשריבן אין אַ בריוו צו אַ פריינד, אין דער צייט, ווען היטלער האָט שוין פאַרפּעסטיקט זיין מאַכט אין אייראָפּע. און ווייטער:

„דאָס פּראָבלעם פון מענטש פאַרשטעלט מיר נאָך אַלץ דאָס פּראָבלעם פון ייִד."

דאָס איז געווען אין יאָר 1937, ווען אין פּוילן איז שוין נישט לייכט געווען צו פאַרשטעלן דעם ייִדישן פּראָבלעם.

נישט אַלע אין זיין פּוילישער סביבה האָבן געוווּסט אַז ער איז אַ ייִד.

די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג פון דער פּרושקאָווער היים פאַר פּוילישע קינדער פלעגן פאָרקומען אינעם בנין פון דער „העכסטער מלוכה־קאָנטראָל־קאַמער" אויף דער שוכע־גאַס. אין דער פאַרוואַלטונג האָבן זיך געפונען חוץ דעם דאָקטאָר און פרוי פּילסודסקי פּערזאָנען, וואָס האָבן פאַרנומען די העכסטע פּאָזיציעס אין דער מלוכה.

די שטרענגע און ערנסטע דיגניטאַרן האָבן נישט זייער גוט פאַרשטאַנען וואָס עס וויל דער נייער דירעקטאָר, וועלכער קעמפט עפּעס וועגן רעכט פאַר קינדער און דערציילט עפּעס וועגן עוולות אין דער צייט ווען די קינדער האָבן געהאַט צו עסן און קליידער איבערגענוג.

געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס קעמפט דער דאָקטאָר.

נישט קוקנדיק אויף דעם איז די אָנערקענונג געוואַקסן.

יאַנוש קאָרטשאַקס ביכער, וואָס דאָס בילדונג־מיניסטעריום האָט רעקאָמענדירט פאַר די שולן ווי אַ גלענצנדיקע לעקטור, זענען זיך צעגאַנגען אין צענדלינגער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. מ'האָט געדאַרפט קעמפן כדי צו געווינען זיין נאָמען פאַר די אויפרופן צו דער געזעלשאַפטלעכקייט אין פאַרשידענע ענינים, וויסנדיק אַז דער קרעדיט פונעם „גרויסן דערציִער" און „גרעסטן פריינד פון די קינדער" האָט נישט קיין גרענעץ.

קאַפּיטל זיבעצן

# פאַר די וואַקאַציעס

**דער דאָקטאָר איז נישט גוט געשלאָפן די נאַכט.**

ווען ס׳איז אויסגעלאָשן געוואָרן די ליכט אין זאַל, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ קליין לעמפל לעבן שרייבטיש.

דורכן פענצטערל האָט מען געזען דעם שלאָפזאַל. אויפן שרייבטיש איז געווען פונאַנדערגעשפּרייט אַ הויפן מיט נאָטיצן.

ציפערן, ציפערן, ציפערן — כמעט אַ בוכהאַלטעריע פון פאַקטן. אויף די טאָוולען מיט קראַטן און ליניעס זענען זיי קרום געשפּרונגען מיט אַ קוים־מערקבאַרער כוואַליע אַרויף און אַראָפּ.

ווער וויפל מאָל איז אויפגעשטאַנען שפּעט; ווער וויפל מאָל האָט אי־בערגעלאָזט ס׳עסן; ווער האָט געבראַכט שלעכטע נאָטן; ווער מיט וועמען און וויפל מאָל האָט זיך געשלאָגן; ווער ס׳פרעגט אַ סך; ווער ס׳רעדט ווײ־ניק; ווער פאַרקילט זיך, ווער זאָגט ליגנס; ווער ס׳לויפט אַרום אַ סך; ווער ס׳זיצט אין אַ ווינקל; ווער ס׳צערייסט די הויזן; ווער ס׳שפּילט גוט אין באָל. — גאָט מיינער, וואָס איז דאָרט נישט געווען אויף די סטאַטיסטישע טאָוולען! צוערשט האָט מען געוויסנהאַפטיק אַלץ פאַרנאָטירט און דער־נאָך אָנגענומען באַשלוסן לויטן קינדס האַנדלונג און רעאַקציע.

ער איז צוריקגעקומען שפּעט, עלף אַזייגער, און ער איז געווען צו־געוווינט שוין צען אַזייגער זיך אַוועקצוזעצן צו דער אַרבעט.

ער איז געקומען פון אַ פאַרוויילונג, וואָס עס האָבן איינגעאָרדנט די שילערינס פונעם לערער־סעמינאַר ווו ער איז געווען אַ לעקטאָר. ס׳איז אַפילו שווער עס אָנצורופן — פאַרוויילונג.

מ׳האָט אים פאַרבעטן אויף ניין אַזייגער אין אָוונט. ער האָט זיך באַ־

וויזן פּינקטלעך צו דער מינוט, ווי תמיד, אָפּהיטנדיק פּעדאַנטיש די אָר־דענונג.

קיינער איז נישט געווען אין זאַל. פון אָנהייב איז ער געדולדיק געזעסן, דערנאָך האָט ער יעדן מאָמענט אַרויסגעצויגן דאָס זייגערל. ווען די סעקרעטאַרשע איז געקומען איז שוין געווען כמעט ניין מיט דרייסיק. נאָך איר זענען געקומען די שילערינס.

דער דאָקטאָר האָט זיך פּאַרקערעוועט צום אַרויסגאַנג.

צעטומלטע, נישט זיכערע, ווי אַלע מאָל אין זיין אָנוועזנקייט, זענען זיי אים נאָכגעלאָפן ביזן קאָרידאָר.

— אָבער, הער דאָקטאָר, — האָבן זיי גערעדט — דאָס איז נאָר אַ קליינע פאַרשפּעטיקונג — מיינענדיק אַז ער האָט זיך באַליידיקט.

— איך בין צוגעווינט זיך צו לייגן אין אַ באַשטימטער שעה — האָט ער געענטפערט — איך קאָן נישט וואַרטן ביז איר וועט אָנהייבן די פאַרוויילונג.

— בעטן מיר אייך איין מאָל אָפּצוטרעטן פון דעם פּרינציפּ.

— צי ווייסט איר ווי אַזוי דאָס וועט זיך ענדיקן? אויב איך וועל זיך לייגן שפּעטער ווי געוויינטלעך, וועל איך צומאָרגנס אויפשטיין אַ פאַר־שלאָפענער און אַן אויפגערעגטער. כ׳וועל מסתמא עמעצן געבן אַ נישט־פאַרדינטן פּאַטש. פאַרוואָס דאַרפן די קינדערליידן? צי דערפאַר וואָס איר הייבט אָן די פאַרוויילונג נישט פּינקטלעך?

זיי האָבן נישט געהאַט די דרייסטקייט אים צו פאַרהאַלטן.

זיי זענען אַוועקגעגאַנגען נישט נאָר פאַרשעמטע, נאָר אויך טיף־גע־רירטע פון זיין פּשוטער באַמערקונג.

זיי האָבן דערנאָך לאַנג געדענקט, אַז קלייניקייטן ברענגען דעם דער־ציִער צו נערוועזישקייט, וואָס שלאָגט זיך שפּעטער אָפּ אויף די קינדער.

דער דאָקטאָר איז שנעל געלאָפן אַהיים טראַכטנדיק נאָך אַלץ וועגן דער פּינקטלעכקייט, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך היינט מוז ער ענטפערן אויף די בריוו, וואָס ער האָט נאָך מיט אַ וואָך צוריק דערהאַלטן פון די קינדער פון ארץ־ישראל. ער וועט זיי טאַקע שרייבן וועגן פּינקט־לעכקייט.

דער אינהאַלט פונעם בריוו איז געווען:

„כ׳האָב געהערט, אַז אַ סך קינדער פאַרשפּעטיקן זיך אין דער שול און ס׳איז נישט פאַראַן דערויף קיין עצה.

איך מאַך אַ פאָרשלאָג, אַז אין דעם צימער זאָל וווינען אַ האָן, וואָס זאָל וועקן די קינדער.

אויב די קינדער וועלן זיך נישט אויפוועקן אויפן קרייען פונעם האָן, מאַך איך אַ פאָרשלאָג אַז אויפן הויף זאָל שטיין אַ האַרמאַט וואָס וועט געבן אַ שאָס און אויפוועקן די קינדער.

אויב די קינדער פאַרשפּעטיקן זיך, ווייל זיי גייען לאַנגזאַם אין דער שול, מאַך איך אַ פאָרשלאָג, מע זאָל אַרויסשיקן אייראָפּלאַנען וואָס זאָלן באַגיסן די קינדער מיט וואַסער, וועלן זיי לויפן שנעל.

ווען דאָס זאָל אויך נישט העלפן, וועט זיין צום בעסטן צו מעלדן אין די צייטונגען, וועלכע קינדער פאַרשפּעטיקן זיך.

— וואָס גייען אונדז אָן די צייטונגען — וועלן ענטפערן די קינדער — ווען די לייענערס קענען אונדז סיי ווי סיי נישט?

אויב אַזוי וועט מען אין די שולצייטונגען אויפגעבן די נעמען פון די וואָס פאַרשפּעטיקן זיך.

— דאָס האָט נישט קיין גרויסן ווערט — וועלן ענטפערן די קינדער — אין דער שול ווייסט מען סיי ווי ווער ס׳פאַרשפּעטיקט זיך.

דעמאָלט מאַך איך מיין לעצטן פאָרשלאָג און איך האָף אַז ער וועט ברענגען גוטע רעזולטאַטן:

זאָלן די דערוואַקסענע אויפשרייבן און אויפהענגען אַ מודעה אויף דער וואַנט, אַז זיי וועלן זיך קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקן און זיי בעטן אַז די קינדער זאָלן אַראָפּנעמען פון זיי אַ ביישפּיל.“

עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז סטעפע. דער טאָג האָט נישט געקלעקט כדי אַרומצורעדן אַלע לויפנדיקע ענינים.

מ׳האָט פּלאַנירט אַ געמיינזאַמען שפּאַציר אינעם זאָאָלאָגישן גאָרטן. דער דאָקטאָר האָט געבעטן, אַז מע זאָל אויסאַרבעטן אַ גענויעם פּלאַן פונעם שפּאַציר. צוערשט מוז מען אויפצייכענען דעם וועג, וואָס די קינדער

דאַרפֿן דורכמאַכן, מיט באַמערקונגען ווו די קינדער דאַרפֿן אַריבערגיין די גאַס; אַלע שויפֿענצטער פֿון די געשעפֿטן, וואָס קאָנען פֿאַראינטערעסירן די קינדער און אַלע שטערונגען, אויף וועלכע די קינדער קאָנען זיך אָנשטויסן.

ווייל אויב דער שפּאַציר וועט זיין שלעכט אָרגאַניזירט; אויב דער דערציִער וועט זיך בייזערן, אַז די קינדער פֿאַרקוקן זיך, אָדער זיי וועלן זיך איבערשרעקן ווען אַן אויטאָמאָביל וועט דורכפֿאָרן, דעמאָלט פֿאַרשווינדט דער שמייכל פֿונעם פּנים, דער איינציקער באַגלייטער וואָס מאַכט אַז אַזאַ שפּאַציר זאָל זיין אויף אַן אמת אָנגענעם.

— אָבער ס׳איז דאָך אוממעגלעך אויסצורעכענען און אויסצומעסטן יעדן טריט — האָט סטעפֿע אָפּאָנירט — דערצו נאָך אַז איך וויל מיט דיר ארומרעדן אַ ריי אַנדערע ענינים.

— מיר וועלן וועגן דעם רעדן רויִק, יעדן טריט און יעדע טעטיקייט וועלן מיר אויסמעסטן און אויסרעכענען און מיר וועלן קאָנסעקווענט דורכפֿירן דעם פּלאַן. ערשט דעמאָלט, ווען דאָס לעבן פֿון דער היים וועט זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ גרויסער וווּנדערבאַר־פֿונקציאָנירנדיקער מאַשין, וועט די אַרבעט ווערן אָרגאַניזירט לייכט און פּשוט. מיר וועלן זיך נישט מאַכן קיין פֿאָרוווּרפֿן, אַז מיר האָבן געהאַנדלט לייכטזיניק אָדער נישט פֿאָרזיכטיק. אונדזער דערפֿאַרונג וועט לייכטער מאַכן דאָס לעבן פֿון אַנדערע, פֿיל טויזנטער קינדער און דערציִער.

זי האָט נישט געהאַט קיין חשק אָנצוהייבן אַ דיסקוסיע וועגן דעם. ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן עטלעכע ספּעציעלע פֿאַלן, וואָס מ׳האָט באַדאַרפֿט אַרומרעדן פֿאַר די וואַקאַציעס. זיי האָבן זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין די ראַמען פֿון דער סטאַטיסטיק.

— העשל, משהל, סאַליע און אַנושע — האָט זי אָנגעהויבן — מאַכן נאָס די בעטן טראָץ די וואָרענונגען. צי וואָלט מען זיך נישט באַדאַרפֿט באַנוצן מיט געוויסע מעטאָדן — באַלוינונג אָדער שטראָף?

— איך האָב שוין נישט איין מאָל וועגן דעם געטראַכט, כ׳האָב אָפּט מיט דעם צו טון. טייל מאָל רעדט מען וועגן דעם מיט אַ דאָקטאָר, אָבער

אָפּט רעדט מען גאָרנישט, נאָר מע שלאָגט — האָט ער געזאָגט. און ווייטער:

— הער מיך אויס, לאָמיר פּרוּוון עפּעס אויסטערלישס. איך האָב דעם איינדרוק, אַז אָפּט באַנעצט זיך דאָס קינד אין בעט, ווייל ס'האָט מורא אַרויסצוגיין פון אונטער דער וואַרעמער קאָלדרע אין קאַלטן אָפּטריט אַריין, דערצו נאָך, אַז לרוב איז דאָרט פינצטער און שרעקעוודיק. וואָס פאַרע שווערע קאָמפּלעקסן קומען אַרויס פונעם ביינאַכטיקן באַנעצן זיך אין בעט: דאָס קינד איז פאַרשעמט, ס'ווערט געשלאָגן און באַליידיקט. עס עפּנט אין דער פרי די אויגן מיט אַ געפיל פון שרעק און פאַרלעגנהייט, וואָס באַגלייט אים שוין דעם גאַנצן טאָג, איבערגעצייגט אין זיין מינ־דערווערטיקייט און שוואַכקייט. וואָס ווּסטו אויף דעם זאָגן? איך האָב בדעה איינעם שלאָפזאַל אָפּטיילן אַ ווינקל פאַר דעם צוועק; באַלויכטן עס העל, מאַכן עס אַפילו צוציִענדיק. ס'גייט מיר יעדנפאַלס אין דעם, ס'זאָל זיין נאָענט, וואַרעם און נישט שרעקעוודיק... לאָמיר זען וואָס פאַרע רע־זולטאַטן דאָס וועט ברענגען.

זי איז פולשטענדיק מסכּים געווען מיט אים. ס'האָט זיך שוין דער־נענטערט האַלבע נאַכט. די אויגן האָבן זיך געקלעפּט צום שלאָף. זי האָט שוין נישט געהאַט קיין כּוח אַרומצורעדן אַנדערע ענינים. האָט זי נאָר ביים אַרויסגיין צוגעוואָרפן אַ פראַגע:

— ווער האָט מאָרגן די אויפזיכט ביים וואַשן די קינדער?

— מאָרגן איז פרייטיק. נאָך מיטאָג וועל איך אַליין וואַשן די קינ־דערס קעפּ.

— עס וועט דיר אַרויסהעלפן אונדזער וועשין, פרוי וואָלאַנאָווסקאַ. דו פאַרלירסט אומזיסט דיין צייט — האָט זי אומגעדולדיק צוגעגעבן.

— נישט אומזיסט. טאַקע דאָרט ווו מע שיקט געוויינטלעך די דינסט, דאָרט דאַרף איך זיין, איך, זייער דאָקטאָר און דערציִער. איך מוז וויסן ווער ס'האָט אַ געזונטן אָדער אַ קראַנקן מאָגן, ווי אַזוי ס'האַלט מיט דער ריינקייט פון זייערע אויערן און קעפּ.

ער האָט זיך פאַרטראַכט.

— ווי אַזוי ווּסטו פונאַנדערטיילן די דאָזיקע טעטיקייטן — האָט

ער צוגעגעבן — פונעם דערציִער פון דער נשמה און דעם דערציִער פונעם גוף, דעם פּעדאַגאָג און דעם רופא? דאָס זענען מיינע קינדער, איך בין זייער פאָטער.

— נישטאָ קיין סך אַזעלכע פאָטערס...

— נישט מיין שולד, וואָס אַבי ווער קאָן זיין אַ פאָטער.

זיבן אַזייגער אין דער פרי איז שוין דער דאָקטאָר געווען אויף זיין פּאָסטן. אינעם גרינעם פאַרטעך (דער גרינער קאָליר איז דער קאָליר פון קינדער, דער קאָליר פונעם וואַלד, וועלכן זיי האָבן אַזוי ליב) האָט ער זיך יעדע מינוט געוויזן אין אַן אַנדער אָרט.

ער האָט זיך געטאָפּלט, געדרייפּאַכיקט אין די אויגן: אַריינגעבליקט אינעם וואַשצימער, אַריינגעפאַלן אינעם צימער ווו מע פוצט די שיך, באַוויזן זיך אין דער גאַרדעראָבע ביז ער האָט זיך אַ מידער אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש אין עסצימער לעבן דער טיר.

צוויי פלעשער מיט טראָן זענען שוין געווען האַלב ליידיק. כמעט יעדעס קינד האָט פאַרן פרישטיק באַקומען פונעם דאָקטאָרס אייגענע הענט אַ לעפל, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, פונעם לעבן־אויפהאַלטנדיקן עליקסיר.

— באַשע האָט שוין ווידער געוויינט ביינאַכט — האָט זי אים געזאָגט דורכלויפנדיק פון עסצימער אין דער קיך.

— פאַרוואָס? — האָט ער זי פאַרהאַלטן פונקט ווי ער וואָלט געהערט עפּעס זייער וויכטיקס.

— כ׳ווייס נישט. זי איז געזונט, זי באַקלאָגט זיך נישט אויף קיין שום זאַך.

— נו, וואָס? האָט ער אַ שמייכל געטון — ס׳קאָן זיך טרעפן מיט יעדן איינעם. טייל מאָל רופן די עכאָס פון די קברים — האָט ער צוגעגעבן.

ער האָט באַדאַרפט אָפּהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיט די דערציִער. איידער די קינדער זענען געגאַנגען אין דער שול האָבן זיי געזאָגט די פרימאָרגן־תפילה. דער דאָקטאָר האָט אַלע מאָל בייגעוויינט די דאָזיקע צערעמאָניע.

דערצו נאָך האָט ער געהאַט אַ באַמערקונג אינעם נאָטיצביכל: קויפן קנעפלעך.

די נייטאָרין האָט זיך באַמיט אים איבערצוצייגן, אַז זי וועט זיך גאַנץ גוט אַן עצה געבן מיטן איינקויפן קנעפּלעך. דער דאָקטאָר אָבער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— איר פאַרשטייט גאָרנישט — האָט ער געזאָגט — אַ קנעפּל איז זייער אַ וויכטיקע זאַך. קנעפּלעך דאַרפן זיין שטאַרק, זייער שטאַרק, צי פאַרשטייט איר וואָס ס׳באַטייט אַ קנעפּל? אַ צעבראָכענער אָדער אַן אַראָפּ־געריסענער קנאָפּ קאָן צעשטערן דעם שענסטן טאָג אין לעבן. די מורא, אַז די הויזן קאָנען אַרונטערפאַלן און מע וועט זיי דאַרפן צוהאַלטן מיט דער האַנט — און שוין איז געענדיקט מיט אַלע פּלענער, נאָך דער גאַנצער שפּיל...

אין אַ זייטיקן צימער, ווו ס׳האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק האָבן די קינדער געוואַרט מיט דער תּפילה ביז דער דאָקטאָר וועט קומען.

מ׳האָט אָפּגעזאָגט מזכיר־נשמות, ווייל די קינדער זענען געווען גאַנ־צע אָדער האַלבע יתומים.

פון אָנהייב האָט זיך דער דאָקטאָר געפילט אומבאַקוועם. ער האָט אָבער שנעל געפונען בעת דער תּפילה אַן אינטערעסאַנטע באַשעפטיקונג פאַר זיך. ער האָט אָבסערווירט די קינדער.

אייניקע האָבן היציק געדאַוונט, אַנדערע האָבן נאָר מעכאַניש באַ־וועגט מיט די ליפּן. אייניקע האָבן אָנגעהויבן און נישט געענדיקט, אַנדע־רע האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי דאַוונען. ער האָט אַזוי אַרום זיך באַקענט מיטן כאַראַקטער פון די קינדער — זייער ענטוזיאַזם, אָדער אַפּאַ־טיע, אויפריכטיקייט אָדער פאַלשקייט...

די דערציִער פון סעמינאַר און די עלטערע קינדער פונעם צענטער האָבן דערשטוינטע געהויבן די ברעמען, זעענדיק אַז דער דאָקטאָר איז אָנ־ווענזנדיק ביי די תּפילות. זיי האָבן גוט געקענט זיין פאַרגאַנגענהייט און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַ תּפילה אין אַ שפּראַך, וואָס איז פאַר אים פרעמד, איז נישט געווען קיין אויסדרוק פון זיין פרומקייט. צי האָט ער געוואָלט איינוואָרצלען פרומקייט ביי די קינדער?

צוליב וואָס טוט ער דאָס? — האָט מען אים אַ מאָל אין אַ געשפּרעך געפרעגט.

— זיי קומען צו אונדז מערסטנטייל פונעם פאָלק, — האָט ער גע־ענטפערט, — פון היימען, ווו זיי האָבן געזען אַז זייער משפחה האָט גע־דאַוונט. זיי געדענקען ווי אַזוי ס׳האָבן געדאַוונט זייערע עלטערן. איך וואָלט נישט געוואָלט זיי מיט אַ מאָל אַריינפירן אין אַ פרעמדער סביבה, כ׳וואָלט אַפילו געזאָגט, אַ פיינטלעכע סביבה — קעגן דער וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייערע היימען. זיי קאָנען עס שלעכט פאַרשטיין, ס׳קאָן זיך ביי זיי אַנטוויקלען אַ חשד. מ׳האָט זיי אויסגעלערנט צו רעספּעקטירן און ערן די רעליגיע, ווייל איך, אַלזאָ, אַ ביסל פונעם קלימאַט פון זייערע היי־מען אַריבערטראָגן דאָ אַהער.

אינעם דאָקטאָרס פּראַקטיק האָבן טייל מאָל רעליגיעזע שטימונגען אים בעסער געהאָלפן צו דערקענען אַ קינד.

מ׳האָט געשיקט די יעניקע, וואָס האָבן באַגערט אויף אַ שבתדיקער פייערונג אין אַ רעליגיעזן יתומים־הויז. אַנדערע האָבן זיך גענייטיקט אין די שבתדיקע ליכט און שבתדיקע תפילות. אַ סך פון זיי האָבן ליב געהאַט יום־טובים. ער האָט ביי זיי נישט געוואָלט צונעמען דעם גלויבן.

ווען די עלטערע קינדער האָבן צווישן זיך דיסקוטירט וועגן זייער באַ־ציִונג צו רעליגיע — האָט דער דאָקטאָר גענומען אַ וואָרט אין דעם ענין:

— „איידער איר וועט באַשליסן צי און ווער דאַרף אום שבת גיין אין דער שול, ווייל איך, איר זאָלט וויסן אַז:

1) די שוועסטער פון משהל און שמעונס מוטער ווילן בעסער, אַז מע זאָל נישט גיין שבת אין דער שול.

2) יעדער פון אייך דאַרף טון אַזוי ווי ער אַליין האַלט פאַר נייטיק און דאַרף נישט יאָ אָדער נישט גיין דערפאַר וואָס אַנדערע גייען יאָ, אָדער גייען נישט.

3) אויב עמעצער גייט יאָ, דאַרף ער זאָגן, ווען דער לערער וועט אים פרעגן, אַז ער גייט שבת, ווייל ער וויל נישט פאַרלירן די לערע און נישט דערפאַר וואָס ער מאַכט זיך גאָרנישט פון שבת. פאַרקערט, ער וואָלט בעסער געוואָלט נישט באַזוכן די שול שבת, ווייל ס׳איז נישט אָנגענעם צו פאַרטוישן אַ יום־טוב־טאָג אויף אַ געוויינטלעכן.

ווער עס רעספּעקטירט נישט זיין רעליגיע, דעם וועלן נישט רעספּעק־טירן אַנשטענדיקע מענטשן."

עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פונעם שוליאָר.

די אָרגאַניזאַציע־מאַשין האָט ווירקזאַם געאַרבעט, נישט רעכענענדיק אַ פּאָר נישט־וויכטיקע און נישט־פּאָרויסגעזעענע פאַלן. מ׳האָט זיך היציק געגרייט צום אַרויספאָר אויף דער קאָלאָניע.

ס׳איז געווען אַ שטיקנדיקער יוני־טאָג. אינעם עסזאַל איז יעדער רגע אַריינגעפאַלן איינער נאָכן צווייטן — צעהיצט פון אויפרעגונג מיט אַן אויפגעפּראַלט העמד אויף דער ברוסט, האַלטנדיק די צענזורקע אין דער האַנט.

דער דאָקטאָר האָט נערוועזיש געריכערט פּאַפּיראָסן, אַראָפּטרייס־לענדיק ווי געוויינטלעך דעם אַש אין דער קליינער קעשענע פונעם פאַר־טעך. ער האָט דאָך נישט געקאָנט, אַרומדרייענדיק זיך צווישן די קינדער אינעם גאַנצן הויז, טראָגן מיט זיך אַן אַשבעכער. די פאַרטעכער מיט די אויסגעברענטע לעכער האָבן געוואַנדערט צום סטרוזש פון הויז. דערפאַר איז דער דאָקטאָר און דער סטרוזש זייער אָפט געווען אַלץ איינס אַנגעטון.

די בוצלעכע זייט פון זיין רויכערן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָס אויסגעברענטע שוועבעלע האָט דער דאָקטאָר באַהאַלטן אין אַ שאַכטל. דאָס שאַכטל האָט געוואַנדערט אין אַמבולאַטאָריע. דאָרט האָבן די שווע־בעלעך — אַרומגענומענע מיט וואַטע — געדינט צו יאָדינירן צעקראַצטע, צעדראַפּעטע און פאַרווונדעטע פלעצער. אַ טעטיקייט מיט וועלכער מ׳איז אָפט געווען באַשעפטיקט אין דער קינדערהיים.

נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט זיך געבונטעוועט קעגן דעם הערשנדיקן סיסטעם פון צענזורקעס — וואָס קאָן מען טון? מע מוז דאָך די קינדער שיקן אין די שולן, וואָס זענען פאַראַן — האָבן אים אַרומגענו־מען טיפע און וואַרעמע געפילן.

יעדע ראָלקע האָט ער פּאָרזיכטיק אויפגעוויקלט און די נאָטן האָט ער לאַנג און אויפמערקזאַם איבערגעקוקט. פאַרשטייט זיך, אַז קודם־כל האָבן זיך געשטופּט די יעניקע, וואָס האָבן געהאַט די בעסטע נאָטן.

— און וואָס וועלן מיר קריגן פאַר די גוטע נאָטן? — האָבן זיי זיך נאָכגעפרעגט, און געלעכטערס און שפּאַסן זענען דערביי געווען אָן אַ סוף.

דורכן דאָקטאָרס אָרעם האָט אַריינגעקוקט אין די אויפגעוויקלטע ראָלקעכ דער קליינער יאָסל. ער האָט געהאָט אָן אָפּגעגאָלטן קאָפּ. קיין איין מאָל האָט ער נישט קיין שמייכל געטון. שוין דעם צווייטן חודש איז ער איזאָלירט צוליבן פאַרך אויפן קאָפּ און ער איז, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען אין דער שול.

דער דאָקטאָר האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער זעט אים נישט.

ערשט ווען אַלע קינדער זענען טומלענדיק און שפּאַסנדיק אַרויסגעלאָפן אויפן הויף, האָט ער מיט דער האַנט פאַרהאַלטן יאָסלען, צוגעבויגן זיין קעפּל צו זיך און אים אַ קוש געטון.

— דיר קומט אויך אָן אויסצייכענונג פאַר צוויי חדשים ליידן — האָט ער געזאָגט.

אויפן פנים פונעם יינגל האָט זיך באַוויזן אַ צעשטראָלטער שמייכל.

קאַפּיטל אַכצן

# ווער איז שולדיק?

„וואָס איך מאַך? מאָנטיק — אַ פאַרהער פון די קינדער ביים אויספאָרשונג־ריכטער; דינסטיק, מיטוואָך — די ביבליאָטעק; דאָנערשטיק און פרייטיק — אונדזער הויז אין פּרושקאָוו; פרייטיק און שבת — יתומים־היים; זונטיק — שרייבן. צו דעם אַלעם: לעקציעס, זיצונגען און „פאַרשידענע" ענינים, צאָלרייכע און שווערע. די וואָכן לויפן ווי שעהען." (פּעברואַר 17 — 1935).

אָבער עס זענען געווען וואָכן נאָך מער באַלאָדן מיט אַרבעט ווי אַזאַ געוויינטלעכע וואָך מיט אַן איינגעשטעלטן פּראָגראַם.

צום גליק זענען די קינדער אַרויסגעפאָרן קיין גאָצלאַוועק מיט סטעפען און אַ קאַדרע פון יונגע סעמינאַריסטן. וועט ער, אַלזאָ, קאָנען ווידמען מער צייט פאַר אַ געוויסער פאַרטיידיקונג וואָס וואַרט אויף אים.

— נאָך איין הויפּט־וויכוח מיט די שונאים — האָט ער געמאָלדן אין דער פרי סטעפען, אויסטרינקענדיק דאָס טעפל מילך און פאַרענדיקנדיק די זעמל — אַ פרישטיק פאַר יעדן איינוווינער פון דער היים.

זי האָט באַמערקט, אַז זינט עטלעכע טעג איז ער עפּעס נישט מיט אַלעמען. איינגעזונקען אין זיך און מאָדנע בייז.

— וועגן וועמען האַנדלט זיך עס? — האָט זי געפרעגט.

זיי האָבן נישט געהאַט קיין סך צייט פאַר זיך און זיך צוגעוווינט צו־צוואַרפן לאַקאָנישע אָפּגעריסענע פראַזן. דער דאָקטאָר האָט זיך באַנוצט מיט אַ טעלעגראַפישן סטיל אַפילו אין שרייבן. ער איז געווען צו פיל פאַרנומען כדי צו פאַרשווענדן צייט פאַר אַדיעקטיוון און דעפיניטיוון. ער האָט אַלע מאָל איבערגעלאָזט פאַרן מיטשמועסער און לייענער אַז זיי זאָלן זיך אָנשטויסן, אַז זיי אַליין זאָלן צוזאָגן דאָס איבעריקע. ער האָט, אַגב, גע־

ווּסט, אַז די יעניקע צו וועלכע ער רעדט — קינדער און פּשוטע מענטשן — באַנוצן זיך נישט מיט קיין צוגעקליבענע ווערטער, זיי נוצן נישט קיין אָפּשטעלפּונקטן נאָר זיי רעדן קורץ און שאַרף.

— דער קליינער מערדער...

זי האָט שוין אַלץ געוווּסט.

ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ שילער פון פינפטן קלאַס, וואָס האָט געשאָסן צו אַ לערער. די צייטונגען האָבן זיך ברייט צעשריבן וועגן דעם פאַרברעכן, נישט זשאַלעווענדיק, פאַרשטייט זיך, קיין בילדערישע באַמערקונגען וועגן דער דעמאָראַליזאַציע פון דער היינטצייטיקער יוגנט. אין די קאַפע־הייזער האָט מען נישט גערעדט וועגן דעם יונגן מערדער, וועלכן מ'האָט באַשולדיקט אין משוגעת אָדער שלעכטער דערציִונג.

די עלטערע הערן האָבן זופנדיק די קאַווע מיט צופרידנקייט אונטערגעשטראָכן, אַז אין די אַלטע צייטן, ווען מ'האָט ביי די ייִנגלעך געשונדן די הויט, האָט אַזאַ פאַרברעכן נישט געקאָנט געשען.

אַ געוויסע צייטשריפט האָט אינעם אַריינפיר־אַרטיקל אונטערגעשטראָכן, אַז די איבערגעטריבענע ספּאָרט־טעטיקייטן — ספּעציעל פוטבאָל און באָקס — האָבן צוגעוווינט די יוגנט צו ברוטאַלקייט. ווען מע וואָלט מער געלייענט פּאָעזיע און ווייניקער רעקאָמענדירט ספּאָרטמעטשן, וואָלט קיין מאָל נישט געקומען צו אַזאַ ווילדקייט פון די זיטן.

דורכקוקנדיק אין דער קאַנצעלאַריע פונעם אויספאָרשונג־ריכטער די פּרעסע־אויסשניטן וועגן דעם פאַרברעכן האָט דער דאָקטאָר איראָניש געשמייכלט.

— ס'וועט קומען דערצו — האָט ער געזאָגט צו אַ ריכטער, אַ פרוי, וואָס האָט אים צוגעשטעלט די אויסשניטן — אַז מע וועט באַשולדיקן די גאַנצע יוגנט אין מערדערייען. און די לערער וועלן אויפהערן צו קומען אין דער שול מורא־האָבנדיק פאַר די שילער־גאַנגסטערס. דאָ איז דאָך נאָר איין פאַל... און ס'איז נישט באַוווּסט ווער ס'איז אין דעם שולדיק...

ער האָט זיך גענומען איבערבלעטערן די אַקטן, אָבער די אַרבעט האָט איבערגעריסן דער וועכטער, וואָס איז אַריינגעקומען.

— עפּעס אַ פרוי.

— כ'האָב נישט קיין צייט.

— זי וויינט. זי זאָגט, אַז זי איז די מוטער פונעם באַשולדיקטן.

— אַזוי, דאָס וועט זיין אינטערעסאַנט — האָט ער אַ טראַכט געטון און הויך צוגעגעבן — בעט זי גלייך אַריין.

זי איז אַריינגעקומען, אַנגעטון אין שוואַרצן מיט אַ בלאַס פּנים און געשוואָלענע רויטע אויגן. די גאַנצע פאַרנאַכלעסיקטע געשטאַלט איז געווען פול מיט אומבאַגרענעצטן יאוש. דער דאָקטאָר האָט אַזש אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן. ער האָט מורא געהאַט אַ קוק צו טון אין פּנים פון אומגליק.

— איר זענט, הייסט עס, די מוטער — האָט ער שטיל געפרעגט — איז וואָס ווילט איר זאָגן?

ווי אַן ענטפער האָט ער דערהערט אַ שלוכץ.

— איך ווייס נישט... איך ווייס באמת נישט ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט געשען. וולאַדעק איז אַלע מאָל געווען אַזאַ שטילער און מילדער. ער האָט אַפילו קיין פליג נישט געטשעפּעט...

— אָבער ער האָט דאָך געשאָסן... און דאָס מיט פּרעמעדיטאַציע... ער האָט זיך פאַרשאַפט אַ רעוואָלווער...

— הער דאָקטאָר, ראַטעוועט אים! יאָ, איך ווייס אַז ער האָט געשאָסן, אָבער דאָס איז אַ גוט יינגל. אַ ביסל נאָר אַ נערוועזשער, אַן איינציק קינד, אַ צעבאַלעוועטער און ער איז אַן... אַרטיסט.

— אַאַזוי?

— ער שפּילט הערלעך שיין אויף דער פּיאַנע... ער איז נישט שולדיק!

— האָט די מוטער געוויינט.

— איך מיין אויך אַזוי — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — אָבער דאָס איז אָפּהענגיק פון די ריכטער, נישט פון מיר. איך וועל זיך באַמיען אים צו פאַרטיידיקן, דערפאַר געפין איך זיך דאָ — האָט ער צוגעגעבן.

זי האָט אים געוואָלט אַ קוש טון אין דער האַנט. ער האָט זיך פאַררויטלט און אויסבאַהאַלטנדיק זיין פאַרלעגנהייט הינטער דער מאַסקע פון שטרענגקייט, האָט ער געזאָגט:

— אָן נאַרישקייטן. פאַרלירט נישט די האָפענונג.

— איך מוז אַ שמועס טון מיטן ייִנגל — האָט ער געזאָגט צו דער ריכטערין, נאָך דעם ווי די מוטער איז אַרויס.

אין אַ פערטל שעה אַרום האָט מען געבראַכט צו אים דאָס ייִנגל אונטער אַ וואַך.

אַ הויכער, אַ מאָגערער, אַ נערוועז אינטעליגענט פּנים מיט טונקעלע פאַנאַטישע אויגן. די נעגל — אָפּגעביסענע.

ער האָט אויסגעזען געפּייניקט און אַפּאַטיש.

— דיין מוטער איז דאָ געווען — האָט זיך מיט אים באַגריסט דער דאָקטאָר.

— מאַמאַ? — ער האָט זיך פאַררויטלט. די אויגן זענען אָנגעלאָפן מיט טרערן. דאָס וואָרט האָט אַזוי קינדיש אַ קלינג געטון.

ווי אַזוי זשע איז ער געוואָרן אַ מערדער? — האָט אַ טראַכט געטון דער דאָקטאָר.

ער האָט אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן. דאָס ייִנגל האָט אומגערן געענטפערט. יאָ, ער האָט געשאָסן. דעם רעוואָלווער האָט ער אַרויסגענומען פון זיין פאָטערס שרייבטיש.

— אָבער פאַרוואָס?

— ווייל ער האָט מיך פאַרפאָלגט. געהאַסט. פון סאַמע אָנהייב. ער איז מיר דערגאַנגען די יאָרן. געשטעלט מיר בלויז שלעכטע נאָטן, געטריבן פונעם קלאַס...

— נו, און?...

— איך — גאָרנישט. ס׳איז באַוווסט, יעדער לערער האָט זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. האָב איך עס פאַרטראָגן געדולדיק. אָבער שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן צו טשעפּען, אַז איך טראָג צו לאַנגע האָר. כ׳האָב געטראָגן, ווייל איך בין אַן אַרטיסט. כ׳וויל אַז אַלע זאָלן וויסן, און די מיידלעך אויך. געווען איינע... זי האָט מיך רעספּעקטירט, ווייל אַן אַרטיסט... און ער, הער אַלעקסאַנדער, האָט יעדן טאָג אויף דער לעקציע געשריגן: אָפּשערן! אָפּשערן! איין מאָל האָט ער מיך אַוועקגעשטעלט אין ווינקל צוליב די האָר, איין מאָל האָט ער מיך אַרויסגעוואָרפן פון קלאַס צוליב די האָר. דערנאָך אַהיימגעשיקט. ביז... ס׳איז געווען מיטוואָך. מיט־

וואָך האָט ער גערופן דעם דינער און אים געהייסן מיך אַוועקפירן צום פריזירער. „אָפּגאָלן אויף נול" — האָט ער נאָכגערופן און דער גאַנצער קלאַס האָט געלאַכט...

— מ׳האָט דיר אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ?

— יאָ, ביים פריזירער האָבן אויך אַלע געלאַכט. דער דינער האָט זיי אַלעמען דערציילט אַז דאָס איז אַזאַ שטראָף. ווען כ׳האָב זיך דערזען אין שפּיגל, האָב איך מיך אַזש צעוויינט. ניין, איך וועל מיך אין אַזאַ צושטאַנד נישט באַווייזן פאַר קיינעמען. צום בעסטן וועט שוין זיין גלייך אין דער ווייסל, אָבער פריִער מוז איך מיך נוקם זיין! קיינער איז נישט געווען אין דער היים. איך האָב געוווסט אַז דער פאָטער האָט אַ רעוואָלווער אינעם שופלאָד פון זיין שרייבטיש. כ׳האָב מיך אויסבאַהאַלטן, געלויערט אויף אים אין שולטויער... מיין שונא וועט דורך דאַנען אַדורכגיין. איך וועל אים דערהרגענען און אַליין זיך וואַרפן אין וואַסער אַריין. כ׳האָב געשאָסן...

דאָס ייִנגל איז געווען בלאַס. צי וועט מען מיך פאַרמשפּטן צום טויט?

— האָט ער שטיל געפרעגט, ציטערנדיק מיט זיין גאַנצן קערפּער — מיר איז שוין אַלץ איינס, איך וויל סיי־ווי שטאַרבן, אָבער די מאַמאַ... וועט מען מיך הענגען? — די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז.

— יוגנטלעכע קריגן נישט קיין טויטשטראָף — האָט אים געענטפערט דער דאָקטאָר.

ער איז געווען אַזוי צעטרייסלט צוליבן ייִנגלס ווידוי, אַז ער איז נישט אומשטאַנד געווען צו עסן מיטאָג. אַ טריבער איז ער געזעסן איבער אַ גלאָז שוואַרצע קאַווע ביז פיר אַזייגער קוקנדיק פאַר זיך. ווי גערן וואָלט ער אַליין דערשאָסן דעם לערער, וואָס האָט געקאָנט אַרויסרופן אין אַ קינד אַזאַ גוואַלדיק־גרויסן האַס, וואָס זאָל דערפירן צו אַ פאַרברעכן.

ער האָט אים געזען פאַר די אויגן — איינער פון די וואָס האָבן אויך אים, ז׳עם קליינעם הענריק פאַרפאָלגט אין דער רוסישער שול, די וואָס האָבן באַטריגעריש זיך באַמיט אים צו כאַפּן ביי אומאויפמערקזאַמקייט, די וועלכע האָבן אים אָן שום סיבה אַרומגערינגלט מיט אַנטיפּאַטיע.

ער האָט זיך דערמאָנט ווי מ׳האָט אין דער שול איינגעטיילט די קינ־

דער אויף „פּאַוואָריטן״ און „פּאַרהאַסטע״. קיין שום זאַך האָט זיך נישט געענדערט ביזן היינטיקן טאָג. די עקזיסטענץ פון דער שול איז ווייטער באַזירט אויף דער שטימונג פון „לערער־הערשער״, וואָס איז פון קיינעם נישט קאָנטראָלירט, ווי אַן אַלטערטימלעכער דעספּאָט איז ער נאָך ווייטער דער האַר פון לעבן און טויט פון די קליינע שקלאַפן.

אים געפעלן נישט די צו לאַנגע האָר פון אַ יינגל, אָדער דער אופן ווי ער רעדט — צי איז דען דאָס נישט קיין גענוגנדיקער מאָטיוו פאַר פאַרפאָלגונגען? דער הער אַלעקסאַנדער האָט זיך געוויס קיין מאָל נישט געגעבן די מי איבערצופרעגן ביי וואָלאַדעקן פאַרוואָס ער פלעגט זיינע שייַנע האָר. ער האָט זיך זיכער נישט באַמיט צו פאַרשטענדיקן מיטן יינגל. אַ לערער איז ווייטער דער דיקטאַטאָר, וואָס הערשט אומבאַשטראָפט אויפן שטח פון זיין מלוכה.

ער האָט פאַרבראָכן די הענט איבערן מצב פון דער היינטצייטיקער שול.

נאָטן, שטראָפן — וועגן אַלעם דעצידירט איין מענטש. צי קאָן ער נישט האָבן קיין טעות? פאַרוואָס זענען זיינע אורטיילן אָן אַן אַפּעלאַציע? פון וואַנען ווייסט ער צי דער שילער קען באמת דעם אָדער יענעם קעגנשטאַנד? אפשר קען ער נאָר איין ענטפער אויף איין צופעליקער פראַגע? פון וואַנען ווייסט ער, אַז אָט דער שילער האָט געמאַכט אַ טומל, אונטערגעזאָגט, געשריגן אָדער אָפּגעטון אַ שפּיצל — וועמען וועט ער באַשטראָפן? פון וואַנען איז באַוווּסט ווער ס׳איז היינט געווען אויפגערעגט, דער לערער, צי דער שילער?

צי וואָלט נישט געווען אַ סך קליגער און יושרדיקער, אַז די קלאַסחברים זאָלן שטעלן נאָטן, ווייל זיי ווייסן דאָך בעסער ווער ס׳קען די לעקציע און ווער נישט. דער קלאַס זאָל באַשליסן ווער ס׳איז שולדיק, ווייל עטלעכע צענדלינג קליינע שכנים זעען בעסער און הערן בעסער ווי איין דערוואַקסענער, וואָס זיצט פון דער ווייטנס אויף זיין קאַטעדרע.

דער דאָקטאָר האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצע ענערגיע צו פאַרטיידיקן דעם שילער וואָס האָט געשאָסן אויף אַ לערער. ער וועט זיך באַמיִען באַווייזן פאַרן הויכגעשעצטן געריכט אויף וועלכער זייט ס׳איז געווען דער

שלעכטער ווילן און די שולד און ווער ס׳טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן שאָס פונעם פערצניאָריקן „מוזיקער".

די שול, נאָר די שול, וואָס פאַרלאַנגט אַזוי פיל פונעם קינד און אַזוי ווייניק פונעם לערער.

אינעם טאָג, ווען ביי אַ געפּאַקטן זאַל מיט פובליקום איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער אורטייל, וואָס האָט באַפרייט וולאַדעקן, און ווען זיינע עלטערן, וואָס האָבן קניִענדיק פאַרן דאָקטאָר אים געבענטשט, האָט ער נאָכמיטאָג אויף זיין לעקציע אינעם לערער־סעמינאַר גערעדט וועגן דער אַליינקאָנטראָל פון די דערציִערס; איינע פון די סעמינאַריסטינס האָט פאַרנאָטירט וואָס ער האָט דערציילט:

„אַ געוויסן טאָג, אַרבעטנדיק אין דער קאַנצעלאַריע, האָב איך דערהערט אַ טומל, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם עסזאַל. דער טומל האָט אַ סך איבערגעשטיגן דעם גערויש וואָס הערשט געוויינטלעך אינעם עסזאַל פאַר אָדער נאָך די מאָלציימן.

אַן אויפגערעגטער, ווייל זיי האָבן מיר געשטערט אין דער אַרבעט, האָב איך מיך אָפּגעריסן פונעם שרייבטיש און כ׳בין אַריינגעלאָפן אין זאַל אַריין. כ׳האָב מיך אָנגעשטויסן אויף אַזאַ בילד:

אינעם עסזאַל, נאָכן אָוונטברויט, האָבן זיך די קינדער געשפּילט מיט די עמאַלירטע זופּ־שיסעלעך אויף אַזאַ אופן, אַז מ׳האָט זיי געוואָרפן איבערן טיש, כדי איין שיסעלע זאָל צודעקן דאָס צווייטע. דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע טראַוועסטאַציע־שפּיל אין בילדער, זייער אַ פּאָפּולערע שפּיל, וואָס איינס פון די קינדער האָט עס אויסגעטראַכט און אַלע האָבן עס לעבעדיק אויפגעכאַפּט.

שווער פאָרצושטעלן זיך וואָס דאָרט האָט זיך געטון — עטלעכע צענדלינג שיסעלעך זענען מיט אַ קנאַק געפאַלן איינס אויפן צווייטן ביי הילכיקע געלעכטערס און געשרייען פול מיט ענטוזיאַזם. איך בין געשטאַנען אויף דער שוועל פונעם זאַל צוקוקנדיק זיך צו דער טייוולאַנישער שפּיל און כ׳האָב געשריגן. כ׳בין געווויס געווען פּורפּור־רויט פון כעס. אָבער די קינדער האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף מיר. זיי האָבן גאָרנישט געזען. אינעם שרעקלעכן גערויש האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט דער־

הערן. פלוצלינג, דערהערנדיק מיין אייגענעם געשריי, האָב איך מיר אָפּ־געגעבן אַ חשבון ווי כ׳זע אויס, ווי האָפּענונגלאָז איז מיין כעס און ווי לעכערלעך ס׳קלינגט מיין שטים אינעם ליאַרעם. כ׳האָב מיך באַהערשט. כ׳בין צוגעגאַנגען צום טיש און זיך אָנגעהויבן רויִק צוקוקן צו דער שפּיל. כ׳האָב געבעטן מע זאָל מיר אַנטפּלעקן דעם סוד. איך האָב זיי דערנאָך דערקלערט ווי העכער ס׳איז די שפּיל מיט בילדער ווי מיט שיסעלעך, צו־געבנדיק זאָכלעך, אַז פון צעבראָכענע שיסעלעך וועט זיין אומאָנגענעם צו עסן. נאָך אַ ווײַלע האָבן עס די דיזשורנע צוזאַמענגעקליבן און דער טומל האָט זיך פאַרענדיקט. דער רעזולטאַט איז דערגרייכט געוואָרן.

וויפל מאָל איר וועט זיך לאָזן מיטרייסן מיט אַ שלעכטער שטימונג, אָדער מיט אָפּגעשוואַכטע נערוון — גיט פרוּוער אַ טראַכט ווי איר זעט אויס ווען איר בייזערט זיך און איך פאַרזיכער אייך אַז דער כעס וועט אַריבער.

ווייל דאָס ערשטע געבאָט פון אַ דערציִער איז זיך אַליין צו באַ־הערשן איידער מע וויל באַהערשן אַ מחנה קינדער.״

דער כעס איז אַ פאַרשידנאַרטיקער און ס׳איז בעסער גלייך זיך אָפּ־צורעדן מיט די קינדער:

„ווען איך וועל אַ געשריי טון אויף עמעצן פון אייך, זאָלט איר זען צי איך שריי נאָר מיטן מויל, מיט דער צונג און האַלדז; צי איך בייזער זיך נאָר מיט ווערטער, צי מיטן האַרץ.

יעדעס מאָל ווען כ׳וועל אַ געשריי טון אויף עמעצן פון אייך — זאָלט איר באַמערקן צי איך בייזער זיך אויף אַן אמת, צי איך מאַך נאָר בייזע אויגן און אַ בייזע נאָז, בייזע הענט און פיס. אָבער איך בייזער מיך נישט אויף אַן אמת, ווייל איך האָב אייך ליב. איך מוז שרייען כדי ס׳זאָל זיין אַן אָרדענונג, כדי מע זאָל נישט שטערן. כ׳וויל ס׳זאָל זיין פריילעך און די קינדער זאָלן נישט וויינען. ס׳איז מיר אומעטיק ווען קינדער וויינען, ווייל כ׳האָב אייך ליב. יאָ.

טייל מאָל אָבער שריי איך אויף אייך נישט דערפאַר, וואָס איר האָט עפּעס שלעכטס געטון, נאָר דערפאַר וואָס איך בין אומעטיק, אָדער ס׳טוט מיר עפּעס וויי. ווען כ׳וואָלט געווען אין דער היים אַליין, וואָלט איך,

אפשר, געוויינט, אָבער צווישן די טומלענדיקע קינדער קאָן איך נישט וויינען, ווייל ס'איז אַ חרפּה אַז אַ גרויסער דערוואַקסענער מענטש זאָל וויינען, אַז ס'טוט וויי — שריי איך אַלזאָ.

זייט נישט בייז אויף מיר אויב איר האָט מיך ליב און איך וועל אַ מאָל אַ געשריי טון, אָבער נאָר מיט די אויערן און ווערטער — נישט מיטן האַרץ. איך קאָן קיין מאָל זיך נישט בייזערן אויף אייך ווייל איך האָב אייך ליב. יאָ." (5טן פעברואַר 1939).

פּאַר קליינע קינדער קאָן מען נאַטירלעך זיך פּאַרענטפערן און זיי דערקלערן דעם אונטערשיד צווישן בייזערן זיך מיט ווערטער און ביי־זערן זיך מיטן האַרץ.

אָבער עלטערע שפּילן זיך נישט אין קיין סענטימענטן און פּאַרלאַנ־גען גערעכטיקייט. אויב דער דערציִער האָט זיך אויפגעקאָכט און געשריגן, הייסט עס, אַז ער האָט זיך פּאַרשולדיקט. און אויב ער האָט זיך פּאַר־שולדיקט, מוז ער ווערן באַשטראָפט.

יעדער פון די דערציִערס, פּונקט אַזוי ווי די קינדער, פּאַרשרייבט זיך אַליין צום געריכט, בעט מע זאָל זיין ענין אונטערזוכן און אורטיילן, אָדער ער ווערט אָנגעקלאָגט דורכן באַעוולטן.

דער דאָקטאָר און סטעפע, פּונקט ווי אַנדערע, געפינען זיך אָפט ווי אָנגעקלאָגטע. די אויפגאַבע פונעם געריכט איז צו רעגולירן די באַציִונגען נישט נאָר צווישן די קינדער, נייערט צווישן די קינדער מיט די דערציִערס.

„דאָס קאָן ווערן דער קערן פונעם קינדס גלייכבאַרעכטיקונג, פירן צו דער קאָנסטיטוציע, צווינגען צו פּאַרעפנטלעכן די רעכט פונעם קינד און קאָן אים מאַכן אומאָפּהענגיק פון אַ שלעכטער אָדער גוטער שטימונג פון די דערציִערס.

די אויפגאַבע פונעם געריכט איז צו פּאַרטיידיקן די שטילע, אַז די אַגרעסיווע און חוצפּהדיקע זאָלן זיי נישט באַעוולהן; די שוואַכע — בכדי די שטאַרקע זאָלן זיי נישט רודפן; די געוויסנהאַפטיקע און אַרבעטזאַמע — ס'זאָלן זיי נישט שטערן די נאָכלעסיקע און פוילע."

אין פּאַרשידענע ספערן האָט מען מיט אַ קרום אויג געקוקט אויף די רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען וואָס דער דאָקטאָר האָט אַריינגעפירט. זייער

ווערט אָבער האָט מען ערשט אָפּגעשאַצט אין אַ מאָמענט, ווען די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפטלעכקייט האָט צוגעצויגן אַ טראַגישער פאַל וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַן אַנדערן אינטערנאַט פון דער הויפּטשטאָט.

די אויסבעסערונג־הייזער פאַר קינדער זענען אַלע מאָל געווען באַ־רימט צוליב זייער גרויזאַמען רעזשים, וועלכן עס האָבן איינגעפירט דער־ציִערס באַוווסטע פון זייער אוממענטשלעכקייט.

דער אַנשטאַלט וואָס האָט פאַר אַ ציל, ווי ס׳זאָגט זיין נאָמען, אַרויפ־צופירן אויף אַ מאָראַלישן וועג די קינדער, וואָס דאָס געריכט האָט פאַר־משפּט פאַר געוויסע פאַרברעכנס, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּייני־קונג־נעסט, אין אַ טאָרטורן־קאַמער, אין אַן אַנשטאַלט, ווו די שלעכטע נייגונגען פון די יונגע פאַרברעכערס ווערן נאָך מער באַפעסטיקט.

פון אַזאַ אינסטיטוציע, וועגן וועלכער מ׳האָט אין דער שטיל גערעדט אין וואַרשע, אַז דאָס איז געווען דער פּראָטאָטיפּ פון די שפּעטערדיקע דייַ־טשישע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, איז אַ געוויסן טאָג אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן טויט פון צוויי קינדער.

ווען מ׳האָט די קערפּערס פון די צוויי קליינע איינוווינער געפּאַל־מעסט, האָט מען אויסגעפונען שפּורן פון מערדערלעכע קלעפּ. מ׳האָט פעסטגעשטעלט אַז דער טויט איז געקומען צוליב אינערלעכע באַשעדיקונ־גען וואָס זענען אַנטשטאַנען צוליב די קלעפּ.

ווער האָט דערשלאָגן צום טויט די קינדער פון סטודזשעניעץ?

די דערציִערס, די לערערס, די אָנפירערס פון דער אינסטיטוציע?

די פּראָקוראַטור פון דער עפנטלעכער באַשולדיקונג האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן דעם דירעקטאָר פונעם אַנשטאַלט און די אויספירער פו־נעם אומגעווייַנטלעכן און אומדערהערטן פאַרברעכן.

אינעם לויף פונעם פּראָצעס האָט זיך פון די עדות־דערקלערונגען אַנטפּלעקט אַ טייוולאָניש בילד פונעם לעבן אין סטודזשעניעץ.

דאָס איז געשען סך־הכל אַ פּאָר יאָר פאַר היטלערס הערשאַפט אין אייראָפּע; אין דער עפּאָכע, ווען דאָס לעבן פון אַ מענטש, ספּעציעל נאָך

דאָס לעבן פון אַ קינד, האָט געהאַט זיין ווערט פאַר דער מלוכה און פאַר דער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער דאָקטאָר איז געזעסן איבער אַ שטויס צייטונגען אין זיין קליין בוידעמשטיבל, וואָס איז געווען זיין אַרבעט־צימער און זיין האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן אַ צייטונג, האָט נערוועז געציטערט.

אויפן פונקט פון באַנוצן זיך מיט קערפּערלעכער שטראָף פאַר קינ־דער איז ער געווען ספּעציעל עמפּינדלעך, האַלטנדיק אַז דאָס איז דער העכסטער מיסברויך פונעם שטאַרקן איבערן שוואַכן, וואָס ס׳קען די מענטשלעכע עטיק.

אין דער היים האָט מען זיך נישט באַנוצט מיט קיין קערפּערלעכער שטראָף.

דער דאָקטאָר האָט זיך דאַקעגן מודה געווען אַז דריי מאָל אין זיין גאַנץ לעבן — אין דער צייט ווען ער האָט געהאַט צו טון נישט מיט קיין הונדערטער, נאָר מיט טויזנטער קינדער — איז ער געווען געצוווּנגען אויפצוהייבן אַ האַנט אויף אַ קינד.

נאָך יעדן פון די דריי פאַלן האָט ער טיף און מיט ווייטיק איבערגע־לעבט — פּשוט ווי אַ שטראָף פאַר זיך אַליין — דעם פאַקט וואָס האָט אים געצוווּנגען צו שלאָגן אַ קינד. ער האָט עס אָבער קיין מאָל נישט געטון צוליב כעס אָדער אויפרעגונג. אַלע מאָל נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, נאָך בעטן זיך, נאָכן וואָרענען דאָס קינד, אַז ס׳וועט ווערן אויף אַזאַ אופן באַ־שטראָפט, נאָכן באַטראַכטן ווען, ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר אַ קראַפט ער מוז עס שלאָגן.

ער איז איצט געזעסן און געלייענט די באַשרייבונג פון די שטראָפן וואָס מ׳האָט באַנוצט אין סטודזשעניעץ. די דורכגעטראַכטע אופנים פון טאָרטורן. לייענענדיק וועגן די קליינע, אין גאַנצן שוצלאָזע קרבנות, וואָס זענען געווען אויפן באַראָט פון בעסטיעס, — ווייל הינטער די מויערן פו־נעם אויסבעסערונג־הויז האָט נישט דערגרייכט קיין שום קאָנטראָל, צום ווייניקסטנס האָט מען געקאָנט דאָרט דערוואַרטן די קאָנטראָל פון אייגע־נעם האַרץ, — האָט ער זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן צוליב די דריי פאַלן פון „שלאָגן“ די קינדער צו וואָס ער האָט זיך אַליין געמוזט מודה זיין. ער

האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז מע טאָר נישט שאַפן קיין פּרעצעדענסן אין קיין שום פאַל, ווייל זיי קאָנען ווערן פאַלש קאָמענטירט.

עמעצער וואָס גיט, נישט נאָכטראַכטנדיק, אַ קלאַפּ אַ קינד וואָלט זיך נאָך געקאָנט אויף מיר פאַררופן — האָט ער נאָכגעדענקט.

סטעפע איז צוריקגעקומען פון טעאַטער. זעענדיק ליכט אויפן בוי־דעם אין דער שפּעטער שעה, האָט זי אַ קלאַפּ געטון אין טיר.

— דו שלאָפסט נאָך נישט? — האָט זי אַ פאַרוווּנדערטע געפרעגט און געוואָרפן אַ בליק אויפן שטויס צייטונגען. דער דאָקטאָר האָט אין אַלגעמיין נישט ליב געהאַט צו לייענען קיין צייטונגען. זי האָט דערפאַר געפרעגט מיט אַ שמייכל:

— דו אינטערעסירסט זיך אַזוי שטאַרק מיט פּאָליטיק?

ער האָט איר געוויזן די ריזיקע קעפּ פונעם פּראָצעס אין סטודזשע־ניעץ.

— כ׳ווייס — האָט זי געזאָגט — כ׳האָב עס געלייענטביים מיטאָג. די גאַנצע שטאָט רעדט דערפון. אַלע נעמען זיך דערמיט איבער. אָבער צי גלייבסטו אַז דאָס קאָן ווערן געענדערט? צו די שווערסטע קינדער שיקט מען געווײַנטלעך אַרויס די ערגסטע מענטשן. מע זאָגט אַז די גרעסטע טייל פון פּערסאָנאַל באַשטייט פון געוועזענע פאַרברעכערס. „זייער זיצן אין תפיסה יאָרנלאַנג איז אַ גאַראַנטיע פאַר דער דערפאַרונג״ וואָס זיי האָבן אין באַהאַנדלען די אַרעסטאַנטן.

— אָבער דער אָנפירער איז דאָך זיכער נישט קיין פאַרברעכער — האָט ער פּראָטעסטירט.

זיין שטים איז פון אויפרעגונג געוואָרן הייזעריק.

— כ׳האָב געזען די קינדער... מ׳האָט זיי געבראַכט צום געריכט ווי עדות. זיי האָבן קיין שום נייעס נישט צוגעגעבן צום ענין. זיי האָבן גע־ענטפערט אויף די פראַגעס פון פּראָקוראָר מיט אַ האַלב מויל. אָבער די אויגן, צעטומלטע פון שרעק, האָבן מיר אַלץ דערציילט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און אָנגעהויבן נערוועז צו שפּרייזן איבערן קליינעם צימערל.

— דאָס איז שרעקלעך! דאָס איז אַ סך ערגער ווי כ׳האָב מיר פאָרגע־

שטעלט... איך האָב אַזוי פיל געשריבן וועגן עוולות בנוגע קינדער, אָבער כ׳האָב ביז איצט גאָרנישט געוווּסט וועגן פאַרברעכנס, וואָס מע באַגייט לגבי זיי. גיב אַ טראַכט, — איז ער שטיין געבליבן און גערעדט צו איר גלייך אין פּנים אַריין, — נאָר אַ צופאַל האָט אַרויסגעבראַכט דעם ענין. די אכזריותדיקע טאָרטורן קומען דאָך דאָרט פאָר נאָך פון דעם טאָג אָן וואָס דער אַנשטאַלט עקזיסטירט.

ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט לעבן שרייבטיש, אונטערגעשפּאַרט זיין קאָפּ מיט די הענט און הויך געשעפּטשעט אַזוי ווי אין חלל אַריין:

— דורות געפּייניקטע קינדער גייען אַרויס פון סטודזשעניעץ אָדער בלייבן אויפן בית־עולם. זיי קומען אַרויס מיט צעבראָכענע ביינער, אָדער מיט אַ צעבראָכענעם גייסט. זיי ברענגען מיט אַ נקמה־געפיל צו מענטשן, צו דער געזעלשאַפטלעכקייט וואָס האָט אַזאַ אַנשטאַלט געשאַפן. צוזאָגנ־דיק זיך אַליין צו שלאָגן די שוואַכע פּונקט אַזוי ווי זיי זענען געקאַטעוועט געוואָרן ווען זיי זענען געווען שוואַך.

סטעפע האָט קיין מאָל נישט געזען אין זיינע אויגן אַזוי פיל בייז־קייט און האַס.

— דו ווערסט די וועלט נישט פאַרריכטן — האָט זי ביטער געזאָגט, צונעמענדיק די צייטונגען, וואָס האָבן זיך צעשפּרייט אויף דער פּאָדלאָגע.

— כ׳ווייס, אַז איך וועל די וועלט נישט פאַרריכטן. איז לכל־הפּחות נאָר אַזוי פיל אויף וויפל ס׳וועט זיך לאָזן. כ׳וועל דאָרט גיין — האָט ער צוגעגעבן נאָך אַ טיפן זיפץ.

— וווּהין? — האָט זי זיך אויסגעגלייכט און אַוועקגעוואָרפן די צייטונגען אויפן שרייבטיש.

ער האָט איר געוויזן אַ קאָנווערט אַדרעסירט צום יוסטיץ־מיניס־טעריום:

— דאָס איז מיין אָפּערטע פאַרן פּאָסטן אויפן דירעקטאָר פון סטו־דזשעניעץ.

זי האָט ברייט געעפנט די אויגן.

— כ׳גלייב אַז דו מיינסט עס נישט ערנסט? ווערסט אַוועק פון דעם יתומים־הויז, ווערסט פאַרלאָזן אונדזער היים?

— איך קאָן דאָך נישט אַנדערש. איך קאָן נישט לעבן מיטן באַ־וווּסטזיין, אַז ערגעץ נישט ווייט פון מיר פאַרפייניקט מען קינדער... איך וועל זיי שוין ווייזן — האָט ער געדראָעט און געפאָכעט מיט אַ געבייל־טער פויסט — ווי אַזוי מע קאָן זיך באַגיין אָן שלאָגן... כ׳וועל זיי באַ־ווייזן, אַז אַפילו פאַרברעכערישע קינדער האָבן אויך הערצער און כאַ־ראַקטערס.

סטעפע האָט זיך אויף אַן אמת איבערגעשראָקן.

זי האָט גוט געקענט דעם פאַנאַטישן פלאַם אין זיינע אויגן, און גע־ווּוּסט, אַז ווען ער וועט וועלן „ווייזן", וועט ער באַווייזן...

ער וועט זיך פאַרשליסן הינטער די מויערן פונעם אויסבעסערונג־הויז אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן, אפשר אַפילו אויפן גאַנצן לעבן. ער וועט אַוועק־געבן אַלע זיינע געדאַנקען און זיך אַליין אין גאַנצן צו די קליינע פאַר־ברעכערס, גנבים, באַנדיטן, קינדער פון אַלקאָהאָליקערס, עפּילעפּטיקערס... זי האָט געקענט זיין אומבאַגרענעצטע קרבנות־גרייטקייט פאַר אַן ענין, וועלכן ער האָט אונטערגענומען דורכצופירן. אָבער דאָס איז שוין געווען צו פיל אַפילו פאַר איר פאַרהאַרטעוועט האַרץ, וואָס איז שוין לאַנג באַ־רויבט פון ווייבלעכקייט, פון יעדן סענטימענט.

זי האָט קיין מאָל וועגן דעם נישט געקלערט, נישט געדענקט, זי האָט זיך באַמיט אינסטינקטיוו נישט נאָכצוטראַכטן אַפילו איבער דעם ווי אַזוי זייערע באַציִונגען האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט. ווי ווייט זענען שוין אַוועק די צייטן ווען מ׳האָט איר געדראָעט מיט אַ סקאַנדאַל פאַר וווינען אונטער איין דאַך מיט אַ פרעמדן מאַן.

די מלחמה און די שווערע פרוּוון, אויף וועלכע זי איז געווען אויסגע־שטעלט, די פאַראַנטוואָרטלעכע און אויסשעפּנדיקע אַרבעט האָבן נישט נאָר אַוועקגערוקט די פּראָבלעמען אויפן צווייטן פּלאַן, נאָר זיי פּשוט אי־בערגעשטראָכן.

זי האָט געטראָגן די האָר אָפּגעשוירן קורץ ווי אַ מאַן, אַ שוואַרצן פאַרטעך, פאַנטאָפל אויף נידעריקע אָבצאַסן. זי האָט אין איר צימער אַפי־לו נישט געהאַט קיין שפּיגעלע... זי איז אין די נעכט אויפגעשטאַנען צו די קראַנקע קינדער און אין די טעג אַרומגעלאָפן איבער דער היים, איבער

דער שטאָט... אַזוי פיל זאָרגן יעדן טאָג, קלענערע און גרעסערע, אַלגע־מיינע און פּערזענלעכע, אַז ערגעץ איז פאַרשווונדן די יוגנט, ערגעץ זע־נען פאַרלוירן געגאַנגען די אומקלאָרע באַגערן, אָפּגעשטאָרבן די פּלענער.

אַ ברויזנדיקע שווערע אַרבעט איז פאַרבליבן פון די צענדליגער יאָרן — נייע קינדער און אַמאָליקע איינוווינער פון דער היים, די וועלכע זע־נען אַוועקגעגאַנגען און די וועלכע זענען אָנגעקומען. וואַקאַציעס און דער אָנהייב פון אַ נייעם שוליאָר — אָט דאָס זענען געווען צוויי גרענעץ־סטאַ־ציעס פון וועלכע ס׳האָט זיך אָנגעהויבן און געענדיקט די יערלעכע נסיעה.

זי האָט נישט געוווּסט ווען זי איז אַלט געוואָרן און זי האָט נישט גע־וווּסט ווען דער דאָקטאָר איז אַלט געוואָרן.

גאָט מיינער, ווער האָט געהאַט צייט אַ בליק צו טון אויף זיך, ווער איז אַמאָל געווען אַליין מיט זיך, מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, מיט זיי־נע אייגענע געפילן?

ערשט איצט, ווען ער איז אַזוי געשטאַנען לעבן איר מיט די איינגע־בויגענע פּלייצעס — „נישט פון אַלטקייט, נאָר פון אָראָפּבייגן זיך כסדר איבער די קינדער" — ווי ער פלעגט זאָגן, און ער האָט געדראָעט, אַז ער וועט אַוועק פון דער היים — האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז זי וועט מסתמא אָן אים נישט קאָנען לעבן.

קיינער פון זיי האָט קיין מאָל הויך נישט אַרויסגעזאָגט וועגן זייערע געפילן. מיט לאַנגע יאָרן צוריק, ווען ער איז נאָך געווען גאַנץ יונג, האָט ער געזאָגט אַז ער האָט באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון זיין פּערזענלעכן לעבן. זי האָט געמיינט, אַז דער יוגנטלעכער ענטוזיאַזם מאַניפעסטירט זיך מיט אַזעלכע באַשלוסן; אַז אין משך פון די יאָרן וועט פאַרשווינדן די שאַרפ־קייט פון אַ יוגנטלעכן נדר. עקסטרעמקייט איז די פּריווילעגיע פונעם עטאַפּ פון פאַנאַטיזם און ענטוזיאַזם. די מיטעלע יאָרן פאַרמילדערן די אינטענצן און די עקסטרעמקייט ווערט פאַרוואַנדלט אין אָפּאָרטוניזם.

דעם דאָקטאָרס מוטער, וואָס האָט איר פון צייט צו צייט באַזוכט, האָט מיט פיל יאָרן צוריק איר געזאָגט, זיפצנדיק שווער:

— ס׳וועט זיך נאָך אין אים דערוועקן דער אינסטינקט פון אַן אמתן פאָטער. ער וועט זיך אומקוקן נאָך אַ ווייב...

די מוטער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. קיינער האָט גאָרנישט פאַר־שטאַנען אויב ער האָט נישט פאַרבראַכט כאָטש אַ חודש אין דער מלוכה פון דער יתומים־היים, ווו דאָס ראָד פון טאָג־טעגלעכן לעבן האָט אַריינ־געשלעפּט דעם מענטש ביז צום דנאָ פון פולשטענדיקער פאַרגעסנקייט וועגן זיך אַליין.

די קינדער. נאָר דאָס איז געווען וויכטיק.

מער גאָרנישט חוץ דעם. נישט פאַר אים און נישט פאַר איר.

קיין שום זאַך האָט נישט געקאָנט ענדערן די אָרדענונג, ווייל די קינ־דער זענען געוואַקסן, האָבן געפאָדערט שוץ; די וואָס האָבן פאַרלאָזט די היים פלעגן צוריקקומען נאָך עצות, צו דערפרישן דערינערונגען, נאָך אַ ביסל וואַרעמקייט... ווו איז געווען פּלאַץ פאַר אייגענע איבערלעבונגען?

— איך וועל נישט קאָנען אַליין! — דער אינסטינקט האָט איר דיק־טירט אַן אויסרייד — דאָס איז נישט אַ מאָל, איך האָב פּשוט נישט קיין כוח.

דער דאָקטאָר האָט זיין באַשלוס נישט צוריקגערופן.

וואָכן, חדשים זענען פאַרבייגעלאָפן און קיין שום ענטפער איז פונעם מיניסטעריום נישט געקומען.

אין סטודזשעניעץ האָט מען מורא געהאַט פאַרן דאָקטאָר. מ׳האָט מורא געהאַט פאַר זיינע רעפאָרמען.

זיין קאַנדידאַטור איז נישט געוואָרן אָנגענומען.

קאַפּיטל נײַנצן

# די שטים צעקלינגט זיך וואָס אַ מאָל שטאַרקער

נאָכן ערשטן טעלעפאָן פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון „נאַש פּשעגלאָנד" — איינע פֿון די צום מערסטן געלייענטע צייטונגען אין דער הויפּטשטאָט — האָט זיך דער דאָקטאָר אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אייגנטלעך האָבן אַלע פּלענער און פּראָיעקטן פֿון זיינע יינגסטע יאָרן זיך אָנגעהויבן צו רעאַליזירן.

מ'האָט אים פֿאָרגעלייגט צו גרינדן אַ צייטונג פֿאַר קינדער. זי וואָלט זיך גערופֿן „מאַלי פּשעגלאָנד" — אַ ספּעציעלע ביילאַגע פֿאַר קינדער, וואָס וואָלט זיך באַוויזן יעדן פֿרייטיק.

נאָך זיינע לאַנגיאָריקע אָבסערוואַציעס, איז ער געקומען צום אויספֿיר, אַז אַ פּרעסע־אָרגאַן, וואָס וועט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן און באַדערפֿענישן פֿון די קינדער, איז פּונקט אַזוי נויטווענדיק פֿאַר ז יי, ווי אַ צייטונג — פֿאַר דערוואַקסענע.

איןביידע אינטערנאַטן זענען דערשינען צייטונגען: דאָס זענען נישט געווען קיין צופעליקע אונטערהאַלטונג־שריפֿטן, אָדער אַ שפּילצייג פֿאַר קינדער, נאָר זיי זענען געווען אַ באַשטאַנדטייל פֿון איינעם פֿון די פּרינציפּיעלע עלעמענטן פֿונעם אינערלעכן לעבן פֿון די איינוווינער פֿון דער היים. מ'האָט זיי געקאָנט פֿאַרגלייכן צו ספּעציעלע צייטשריפֿטן אין געוויסע פֿאַראיינען, געווידמעט אויסשליסלעך דער טעמאַטיק וואָס האָט אינטערעסירט אַ קליינעם קרייז לייענער.

נאָך אין יאָר 1921, פֿאַרשטייענדיק די וויכטיקייט פֿון אַזאַ טריבונע, האָט דער דאָקטאָר פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרבעט וועגן דער שולצייטונג, אַרויסגעגעבן דורך דער ביבליאָטעק פֿונעם פּוילישן לערער־פֿאַראיין.

„איך גלייב שטאַרק אין דער באַדערפֿעניש פֿון אַ צייטשריפֿט פֿאַר

קינדער און יוגנטלעכע — האָט ער געשריבן — אָבער פון אַזעלכע שריפטן, פון וועלכע זיי אַליין וואָלטן געווען די מיטאַרבעטער; שריפטן, וועלכע וואָלטן באַרירט וויכטיקע און אינטערעסאַנטע טעמעס, נישט אַ וואָכנ־שריפט מיט בלויז מעשות און פּאָעזיעס. דאָס וואָס ס׳איז וויכטיק פאַר קינדער און יוגנטלעכע — מוזן זיי אַליין זאָגן אין זייערע צייטונגען.״

ווייטער קומט אַ גאַנצע ריי גענוי־באַאַרבעטע אָנווייזונגען ווי אַזוי צו רעדאַקטירן אַזאַ צייטונג.

דער פּלאַן איז אַלזאָ געווען פאַרטיק. מ׳האָט נאָר באַדאַרפט רעאַליזירן אַ פּונקט נאָך אַ פּונקט לויט די אָנווייזונגען אין דער בראָשור.

ער האָט אַפילו נישט געוואָלט זאָגן דעם רעדאַקטאָר ווי שטאַרק ער פרייט זיך מיטן דאָזיקן פאָרשלאָג.

עפּעס אַנדערש איז אַן עקזעמפּלאַר פון אַ וואַנטצייטונג אָדער אַפילו עטלעכע צענדליגג עקזעמפּלאַרן העקטאָגראַפירט אויף אַ שאַפּיראָגראַף. און גאָר עפּעס אַנדערש איז אַ נומער וואָס שמעקט מיט שוואַרצער דרוקפאַרב, אַרויסגעגעבן פון אַ ראָטאַציע־מאַשין אַזוי ווי ברויט פונעם אויוון, אין עטלעכע צענדליגג טויזנט עקזעמפּלאַרן, אַרומגעפירטע מיט אויטאָמאָבילן און באַנען איבערן לאַנד און מיט אייראָפּלאַנען קיין אויסלאַנד, אַן אמתע צייטונג פאַר קינדער, נאָך נישט קיין טעגלעכע, אָבער מיט אַ האָפענונג, אַז זי וועט אַמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טעגלעכער צייטונג.

אין דער רעדאַקציע האָט מען אים אויפגענומען מיט גרויס רעספּעקט. מ׳האָט אים גלייך געמאָלדן, אַז קיינער האָט נישט בדעה צו אָפּאָנירן קיין שום פון זיינע פאָרשלאָגן ווי אַזוי די צייטונג צו רעדאַקטירן. זיי איז גיכער געגאַנגען וועגן דער מאַגישער קראַפט פונעם דאָקטאָרס נאָמען, וואָס האָט אַזוי געווירקט אויף די לייענער. צו דעם אַלעמען האָט מען אָפּגעגעבן פיר צייטונג־שפּאַלטן צו זיין אויסשליסלעכער דיספּאָזיציע.

— איך מוז האָבן מיין אייגן צימער — האָט ער פאַרלאַנגט — ניין, צוויי צימערן — האָט ער פאַרבעסערט — און עטלעכע שרייבטישן פאַר די רעדאַקטאָרן.

דערנאָך איז ער אַריין אין דער זעצעריי. ער האָט באַקוקט גענוי אַלע

זאַצמאַשינען, געוויסנהאַפטיק צוגעקליבן דעם דרוקשריפט און לאַנג גע־שמועסט מיט די זעצערס.

אים האָט מער אינטערעסירט די טעכנישע זייט פון דער צייטונג, ווי די צייטונג אַליין, פון וועלכער ער האָט געוויכט. ער האָט מורא געהאַט פאַר פּאָליטיק און זיך געשראָקן, אַז ער קאָן נאָך ווערן אַריינגעצויגן אין עפּעס אַ פּאָליטישער שפּיל.

ג׳ויסמוטיק און גוטהאַרציק פאַר די מענטשלעכע שוואַכקייטן האָט ער קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַ נאָך מענטשן קעמפן אַזוי פאַנאַטיש, ביז בלוט, פאַר דער גערעכטיקייט פון זייער פּאָליטישן גלויבן אין דער צייט ווען מ׳האָט געקאָנט געפינען אין יעדן גלויבן אַ געוויסע טייל פון גערעכטיקייט. פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן האָט ער זיך געבונ־טעוועט קעגן דער צעטיילונג פון מענטשלעכן געדאַנק אויף קעמערלעך. מ׳האָט אים געשטעלט פראַגעס: ווער איז ער? אַ סאָציאַליסט? אַ ציי־ניסט? אַ ייִד, אַ פּאָלאַק? און אויב אַ סאָציאַליסט, איז וואָסערער? און אויב אַ ציוניסט — איז אויף וועלכן צד? דער פּשוטסטער ענטפער וועגן זיין גלויבן וואָלט געווען: איך בין אַ מענטש...

אָבער צום דאָזיקן טיטל האָט מען אין די איצטיקע צייטן געלייגט אַזוי ווייניק אַכט.

די ערשטע פאַרזאַמלונג פון רעדאַקציע־קאָמיטעט פון „מאַלי פּשע־גלאָנד“ — אַ טומלדיקע און אַ שטאַרק־באַזוכטע האָט אים איבערצייגט, אַז ס׳וועט גענוג זיין צו האָבן אַן אַנטשפּרעכנדיקע אָנפירונג, כדי די צייט־טונג זאָל זיך גלענצנדיק באַגיין אָן דער הילף פון עלטערע. מאַנגל אין צייט האָט אים נישט דערלויבט אָנצונעמען קיין נייע התחייבותן. נישט־קוקנדיק דערויף, וואָס די צייטונג איז דערשינען איין מאָל אַ וואָך, האָט די אַרבעט אַרום איר געפאָדערט אַ סך צייט, אַפילו מער צייט וויפל ס׳האָט אָפּגעגעבן דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג פאַר דערוואַקסענע.

דאָ האָט מען געהאַט צו טון נישט נאָר מיט דער באַגרענעצטער גרופּע מיטאַרבעטער, נאָר אויך מיט אַ נייע ענטוזיאַסטישע מחנה לייענערס, וואָס האָבן געהאַט אַ באַגער צו שרייבן. ווייל דאָס ערשטע מאָל איז דער־

לויבט געוואָרן די קינדער אַרויסצוזאָגן וואָס זיי פילן אויף אַן אמת, ווען וואָס זיי טראַכטן און ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף אַלע דערשיינונגען.

עטלעכע צענדליגג טויזנט ניי־אַנטשטאַנענע זשורנאַליסטן פלעגן פאַרפלייצן די רעדאַקציע מיט קאָרעספּאָנדענץ. די בריוו האָט מען גע־מוזט סעגרעגירן און ענטפערן אויף זיי. און נישט אַבי ווי, אַבי אָפּצו־פטרן, ווי מע טוט געוויינטלעך אין אַ ווינקל פון יעדער צייטונג. דער רע־דאַקטאָר האָט איבערגעלעבט כמעט יעדן ענין פון יעדן קינד, געגעבן עצות, דערמוטיקט, אינפאָרמירט — און אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען אַן אָפּ־טייל, דער וויכטיקסטער פאַר דער צייטונג: די קאָרעספּאָנדענץ.

דאָס דערהאַלטן אַ בריוו פון דער רעדאַקציע איז געוואָרן אַ וויכטיק געשעעניש אינעם לעבן פונעם יונגן לייענער. ער האָט געפאָדערט אַ ווייַ־טערדיקן קאָנטאַקט און נישט אויפגעגעבן די ניי־דערוואָרבענע באַקאַנט־שאַפטן און פריינד.

די קינדער האָבן אָנגעהויבן קומען אין רעדאַקציע צוערשט אינדיווי־דועל, נישט דרייסט, שפּעטער מיט דעלעגאַציעס, דערנאָך מחנותווייז. וויפל מאָל מ׳איז אַרויפגעגאַנגען אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג, זענען די טרעפּ פול געווען מיט קינדער־קאָרעספּאָנדענטן, מיטאַרבעטער, אָדער לייענער וואָס האָבן געוואַרט אויף פאַרזאַמלונגען, אויפן פאַרטייל פון אָנדענק־קאַרטלעך פאַר געווינענע קאָנקורסן, שאַראַדעס און פאַר לייע־נען פלייסיק.

די קאַרטלעך זענען אַרויס מחוץ די גרענעצן פון די אינטערנאַטן און דער דאָקטאָר האָט געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גוטע רעקלאַמע פאַר דער צייטונג, אַ דערמוטיקונג צו מיטאַרבעט און פלייסיקן לייענען.

די קאָרעספּאָנדענץ פון די לייענער, וועלכע זענען געווען פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און אַפילו איבער דער וועלט, האָט געבילדעט אַ וויכ־טיקע אָפּטיילונג. יעדע גרעסערע שטאָט און אַפילו יעדער קליינער ישוב האָט געהאַט זיין קאָרעספּאָנדענט אינעם „מאַלי פּשעגלאָנד“.

אין דער צייט האָבן אַ סך קינדער מיט זייערע עלטערן פאַרלאָזט פּוילן. די עלטערע עמיגראַנטן זענען געווען באַשעפטיקט מיט זוכן אַ נייע היים. די יינגערע — האָבן געשיקט בריוו פון דער רייזע און דערנאָך פונעם

פּונקט, ווו די עלטערן האָבן פאַרלייגט זייערע געצעלטן. צום מייניסטן האָט מען געשריבן פון ארץ־ישראל.

די אָפּטיילונגען פון טעאַטער, קינאָ און ספּאָרט־פאַרמעסטונגען פלעגן אַרויסשיקן זייערע קליינע קאָרעספּאָנדענטן. דער פּרעסטיזש פונעם רע־דאַקטאָר און דער רעספּעקט פאַר דער צייטונג האָבן גורם געווען, אַז די רעצענזענטן פון „מאַלי פּשעגלאָנד" פלעגן דערהאַלטן פון די טעאַטערס איינלאַדונגען צו יעדער פּרעמיערע.

די פּיפּיקע יונגע מיטאַרבעטערס האָבן געקעמפט פאַר אַן אינטערוויו מיט פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען געקומען צופאָרן קיין פּוילן: מיט אַק־טיאָרן, מיט די העלדן פונעם טאָג — פּונקט אַזוי ווי די דערוואַקסענע רע־פּאָרטערן. פּאָליטישע געשעענישן, ספּעציעל אינטערעסאַנטע געריכט־פּראָצעסן האָבן געהאַט אַ פּלאַץ אין דער זעלבער רובריק, ווו די ייִנגסטע האָבן געשריבן פון זייערע דאגות־משפּחה, פון קראַנקייטן, פון דער שול, פון זייערע שפּילצייגן און אייזגליטשן.

ווייל ס'זענען נישט געווען קיין ענינים פון אַ קלענערער אָדער גרע־סערער מאָס, און די פּינפּיערקע זענען קיין מאָל נישט געווען באַעוולט לטובת די פּופּצניערקע. ווען מ'האָט געלייענט דעם „מאַלי פּשעגלאָנד", — די ערשטע און די איינציקע צייטונג, וואָס איז געווען רעדאַקטירט און געשריבן דורך קינדער, — האָט מען טייל מאָל געהאַט דעם איינדרוק, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ נייע עפּאָכע: די הערשאַפט פון די קינדער אין זייער אייגענער וועלט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט פּאַראַלעל און רעכטמעסיק לעבן דער וועלט פון די דערוואַקסענע.

דער דאָקטאָר איז אַזוי אויסגעשעפּט פון אַרבעט אַז ער זעצט זיך אַוועק מיט גרויס מי לעבן זיין שרייבטיש, כדי צו פאַרענדיקן דאָס בוך „די אוטאָפּיע פון דער קינדערוועלט".

זייער הערשער הייסט: קעניג מאַטיוש דער ערשטער.

אַ געוויסן רעגנדיקן אָוונט האָט דער דאָקטאָר, אַראָפּגייענדיק פון דער רעדאַקציע, געטראָפן אין טויער אַ יונגן מענטש, אַ לאָמען, וואָס האָט ביי אים געבעטן אַ פּאָר גראָשן אויף אַ שטיקל ברויט.

קאָרטשאַק, וואָס האָט קיין מאָל נישט געלייגט קיין אַכט אויף קיין

פשוטע געשעענישן, דאַקעגן אָבער איז ער געווען זייער עמפּינדלעך פאַר זאַכן וואָס האָבן פאַרדינט מע זאָל זיך מיט זיי פאַראינטערעסירן, האָט זיך גלייך פאַרנומען מיטן אומבאַקאַנטן.

אַ טיפער, כמעט טראַגישער אויסדרוק פון די איינגעפאַלענע אויגן, די בלאַסקייט פון זיין אינטעליגענט פּנים און די מאָגערע, דעליקאַטע האַנט, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן נאָך אַ נדבה, האָבן געהאַט אין זיך אַ געוויסע סודותפולקייט. דער יונגערמאַן איז געווען אָן אַ מאַנטל און ער האָט געציטערט פון קעלט.

דער דאָקטאָר האָט אים דערלאַנגט די האַנט, האָט זיך פאַרגעשטעלט און אים פאַרבעטן אין אַ ווורשט־געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען קעגן־איבער. ביים העלן ליכט, אין דער וואַרעמקייט, נאָכן אָפּעסן דעם אָוונט־ברויט — האָט דער אומבאַקאַנטער זיך דערפילט פרייער און אָנגעהויבן דערציילן וועגן זיך. ער איז אַלט דרייסיק יאָר, שטאַמט פון רוסלאַנד פון אַן אַלטער, באַקאַנטער רוסישער משפחה. ער איז אַן עמיגראַנט — פול־שטענדיק איינזאַם און קראַנק.

— ס׳געלט האָט זיך אויסגעשעפּט — האָט ער דערציילט מיט אַראָפּ־געלאָזענע אויגן — און היות מיינע דאָקומענטן זענען נישט אין אָרדענונג, האָב איך מורא פאַר דער פּאָליציי. אין די באַדינגונגען וואָלט איך נישט געקאָנט קריגן קיין באַשעפטיקונג. אפשר ווי אַן אַרבעטער... אָבער מע וויל נישט ווייל איך בין אַ קאַליקע... און ער האָט זיך שטאַרק פאַרהוסט.

די הילפלאָזיקייט און האָפענונגלאָזיקייט פונעם אומבאַקאַנטן האָבן אים טיף גערירט.

— איר האָט דאָ קיינעם נישט, קיין נאָענטע, באַקאַנטע?

— קיינעם נישט.

ווי אויף אַן אומבאַוווּסטן אינדזל — דאָ אין דער גרויסער שטאָט — האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטון.

און ער האָט אים געהייסן קומען צו זיך צומאָרגנס.

ווי אַזוי קאָן מען אים העלפן? פונעם געשפּרעך האָט מען געקאָנט זען, אַז ער איז אינטעליגענט. ער האָט אַפילו גערעדט וועגן נישט פאַר־ענדיקטע שטודיומס אויף דער פּאָליטעכניק.

אין דער היים איז נישט געווען קיין פּלאַץ פּאַר דערוואַקסענע און דער דאָקטאָר האָט נישט געהאַט קיין אייגענע וווינונג.

פּלוצלינג איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: מע נייטיקט זיך גראָד אין אַ פאַרטרעטער פונעם רעדאַקטאָר, מע דאַרף האָבן אַ יונגן אינטעליגענטן מענטש...

קוואַליפיקאַציעס? בעסער איז וואָס ער איז נישט קיין זשורנאַליסט, ווייל אין דער צייטונג שרייבן נאָר קינדער. אים גייט גיכער וועגן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. די רעדאַקציע פאַרנעמט זיך נישט בלויז מיטן אַרויסגעבן די צייטונג. נאָר זי אָרדנט אויך איין קינאָ־פאָרשטעלונגען פאַר אירע לייענער, ווי אַ פּראָטעסט קעגן אַ סך קינאָס, וואָס ווייזן נאָר פילמען פאַר דערוואַקסענע, נישט קוקנדיק דערויף וואָס די קינדער שטעלן מיט זיך פאָר אַ דריטל פון דער באַפעלקערונג אין דער הויפּטשטאָט.

וויפל מאָל האָט דער דאָקטאָר געפאָדערט טעאַטערס און קינאָס פאַר קינדער, וואָס זאָלן פּראָצענטועל אַנטשפּרעכן זייער צאָל! אינעם קינאָ פון „מאַלי פשעגלאָנד" גיט מען אַלע מאָל ספּעציעלע פילמען פאַר קינדער און נישט פּראָגראַמען וואָס זענען „גרויסמוטיק" דערלויבט אויך פאַר יוגנט־לעכע. דער נייער פריינד זעט אויס צו זיין ענערגיש און ער וועט געוויס טיכטיק אָנפירן מיט דער גרויסער אינסטיטוציע, אין וועלכער די צייטונג האָט זיך פאַרוואַנדלט.

זענען דען נישט עלנט און נויט די בעסטע קוואַליפיקאַציעס פאַר עמעצן וואָס דאַרף מיטאַרבעטן מיט דער געזעלשאַפט פון באַעוולטע?

צומאָרגנס האָט יאַקובאָוו אַ דערשטוינטער דערהערט דעם דאָק־טאָרס פאָרשלאָג.

— צי וועל איך זיין אומשטאַנד?

— איר וועט מיר איינבערענגען צייט און אַרבעט. פון אָנהייב וועל איך אייך העלפן, איבעריקנס פריילין סטעפע פאַרנעמט זיך אויך מיט דער צייטונג. איר וועט קריגן, פאַרשטייט זיך, אַ געהאַלט.

דער דאָקטאָר האָט אים אָנגערופן די סומע — אַזאַ הויכע פאַר אַ קבצן, אַז ער איז אַזש רויט געוואָרן.

— איר מוזט זיך פיין באַקליידן און אָנהייבן אַ נאָרמאַל לעבן פון אַ

רעדאַקטאָר. איך בעט אייך צו געדענקען: אין „מאַלי פשעגלאָנד" איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר עקספּלאָאַטאַציע פון די אַרבעטער. אַלע אַרטיקלען ווערן באַצאָלט. איך קאָן נישט פאַרטראָגן ווען מע נוצט אויס אַ קינדס אַרבעט נאָר דערפאַר וואָס דאָס איז אַ קינד. פּונקט ווי דערוואַקסענע וואָלטן גאָרנישט געטון אומזיסט, אַזוי דאַרף מען אויך די קינדער באַצאָלן פאַר יעדער אַרבעט. די פּרינציפּן היט איך שטרענג אָפּ אין אונדזער היים. נישט אַלע מאָל צאָלט מען מיט געלט.

יאַקובאָוו האָט געוווּסט, אַז דער דאָקטאָר האָט נישט נאָר געצאָלט פאַר די אַרטיקלען, נאָר ער פלעגט אויך געבן האַנטגעלט די מיטאַרבע־טערס.

ווען איינער פון זיי איז אַ מאָל ווינטערצייט געקומען אין דער רע־דאַקציע אין לייוונטענע טעניס־שיך, האָט דער דאָקטאָר אָן אַ וואָרט אַרויס־צוזאָגן, אים אַריינגעשטעקט דאָס נייטיקע געלט אויף אַ פּאָר שיך, ווי אַ באַלוינונג פאַר די באַשטעלטע אַרטיקלען.

די האָנאָראַרן פאַר די מיטאַרבעטערס האָט ער געצאָלט פון דער באַ־לוינונג וואָס ער אַליין האָט געקריגן. פון דעם האָט זיך גענומען דער איי־ביקער דעפיציט אין זיין בודזשעט, כאָטש ער האָט געהאַט אין סך־הכל זייער גוטע פאַרדינסטן פון זיינע ביכער, פון דער רעדאַקציע, פון דער פּענסיע אין דער הויכשול און גאָר גוטבאַצאָלטע ראַדיאָ־געשפּרעכן.

דעמאָלט, ווען דעם „מאַלי פשעגלאָנד" האָבן געלייענט כמעט אויס־שליסלעך יידישע קינדער און נאָר זעלטן איז די צייטונג דערגאַנגען — אַ דאַנק אַ פּראָגרעסיוון לערער — צו די פּוילישע קינדער, האָבן זיינע ראַדיאָ־געשפּרעכן, וואָס די וואַרשעווער פּוילישע ראַדיאָ־סטאַציע האָט איינגעפירט, געהערט אַלע קינדער פון גאַנץ פּוילן.

מיט גרויס אומגעדולד האָט מען אין דער ראַדיאָ־סטאַציע אַלע מאָל געוואַרט אויפן אָנקומען פון דאָקטאָר. פּונקט אַזוי אומגעדולדיק האָבן מי־ליאָנען ראַדיאָ־צוהערער געוואַרט אויפן וועכנטלעכן שמועס פונעם „אַלטן דאָקטאָר". דעם גרויסן אַפּאַראַט פון די ראַדיאָ־פּראָגראַמען האָט מען איינ־געשטעלט אויף אַזאַ אופן, אַז דער דאָקטאָר האָט דיקטירט ווען און ווי

לאַנג ער האָט בדעה צו רעדן. די ראַדיאָ־פּעליעטאָנען האָט מען איבער־
געדרוקט אינעם פּילגעלייענטן וואָכנבלאַט „אַנטענאַ".

אין יענער צייט האָבן צוויי טיילן פונעם בוך „קרול מאַטיוש און זיין
מלוכה" ווו ס'האָבן געהערשט קינדער — זיך פאַרשפּרייט איבער פּוילן
אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן, אַרויסרופנדיק אַן אומגעהייערן ענטוזיאַזם ביי
די יונגע לייענער. די רעאַליזאַציע פונעם לאַנגיאָריקן טרוים פונעם דאָק־
טאָר: אַ מלוכה וואָס איז אונטער דער הערשאַפט פון קינדער און וואָס
נעמט אין אָנבאַטראַכט אַלע פאָדערונגען און באַדערפענישן פון די קינדער.

די דערוואַקסענע האָבן זיך געוויצלט, אַז די קינדער, אונטערגעהעצ־
טע דורכן דאָקטאָר, וועלן מאַכן אַן אויפשטאַנד און וועלן פאָדערן רעכט
כדי צו בויען אַ ניי לאַנד, אַ נייע וועלט, אַ סך אַ בעסערע און ערלעכערע
פון דער דערוואַקסענער וועלט, ווייל אין „קעניג מאַטיוש" זענען די היינט־
צייטיקע רעגירונגען געוואָרן גאַנץ שאַרף קריטיקירט.

די אידייע, דאָס גלייבן אַז די קינדער וועלן ענדערן די וועלט, האָבן
אויסגעדריקט דעם דאָקטאָרס פּראָטעסט קעגן דער היינטיקער ווירקלעכקייט.

אייראָפּע האָט דאָך דעמאָלט איבערגעלעבט אירע ערגסטע צום
מערסטן קאָמפּראָמיטירנדיקע יאָרן. אונטערן טעראָר פון די דיקטאַטאָרי־
שע רעזשימען איז פאַרשוויגן געוואָרן די אָנשטענדיקע שטים און דער
פרייער געדאַנק. טעראָריזירטע דורך דראָונגען האָבן זיך אַפילו די בעסטע
אויסבאַהאַלטן אין די מייזנלעכער.

פּוילן, וועמענס ווידערגעבורט מ'האָט — נאָך יאָרן פון קנעכטשאַפט
און אונטערדריקונג — באַגריסט מיט די האָפענונגען פון גלייכבאַרעכטי־
קונג און פרייהייט — האָט געבראַכט אַן אַנטוישונג אין דער נאָך־מאַי־
רעגירונג און הכנהדיקייט קעגן די דייטשישע איינפלוסן.

דער דאָקטאָר האָט זיך באַמיט צו פאַרמאַכן די אויגן פאַרן אמת. ער
איז געווען דער דירעקטאָר פון דער היים פאַר קינדער פון די פּוילישע
אַרבעטער, אַ פּראָפעסאָר פון אַ פּוילישער הויכשול. ער האָט גערעדט יע־
דע וואָך דורכן פּוילישן ראַדיאָ צו אַלע קינדער פון לאַנד...

אָבער די צייטונגען האָבן געבראַכט ידיעות פון באָיקאָטן און געפער־
לעכער נויט פון די ייִדן וואָס ווערן אַרויסגעוואָרפן פון אַלע פּאָזיציעס.

אוניווערסיטעטן און פּאָליטעכניקומס זענען אין יעדער שטאָט, אין האַרבסט, געוואָרן אַ געביט פון ברידערלעכע קאַמפן. פון דער פּראָווינץ זענען גע־קומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען, רויב און פּלינדערונגען — דאָס ייִדישע פּראָבלעם, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון די צייטונגען צו אַן ענין פון דער העכסטער וויכטיקייט פאַר דער רעגירונג, האָט אַלץ פאַרשטעלט.

— בלינדע! בלינדע! — האָט ער געוואָלט שרייען שטייענדיק ביים מיקראָפאָן.

עס האָט אים געלאָקט דער געדאַנק אויסצונוצן די מעגלעכקייט פון זיין מאַכט אויפן דאָזיקן געביט און זאָגן הויך, דייטלעך צו די פאַרבלענד־טע און באַטויבטע דורך דער בייזוויליקער פּראָפּאַגאַנדע, אַז אַ מענטש קאָן, אויב ער וויל נאָר, אַלע מאָל געפינען דעם וועג צו אַ מענטש...

אָבער פינף פאַרנאַכט האָבן זיך צו אים צוגעהערט קינדער. און די קינדער, וואָס האָבן געוואַרט אין זייערע וווינונגען ביי די ראַדיאָ־אַפּאַ־ראַטן, האָבן נישט געטאָרט וויסן וועגן דער בייזער, אַליין זיך אויפּפרעסנ־דיקער וועלט. די קינדער האָבן געהאַט זייערע אייגענע ענינים און מ'האָט נישט געטאָרט פאַרסמען זייער קינדהייט. צי האָט ער דען נישט אַליין אַלע מאָל פּראָפּאַגירט דעם געדאַנק?

נישט־קוקנדיק אויף זיין דערשלאָגנקייט און צער האָט ער אַרויסגע־רופן אויף זיינע ליפּן זיין געוויינטלעכן גוטן שמייכל און קוקנדיק פאַר זיך מיט נישט זעעוודיקע אויגן האָט ער גערעדט צו צענדלינגער טויזנטער:

„היינט וועל איך אייך דערציילן וועגן דער טאַנטע קאַטאַפּולטשע, וואָס קומט צוויי מאָל אַ וואָך אין יעדן הויז, אַן אויסגעפּוצטע און אָנגע־מאַליעוועטע. די טאַנטע מוז מען קושן אין דער האַנט, געדולדיק זיך לאָזן אַליין באַקושן און אויסקניפּן און ערשט דעמאָלט וועט זי אַ פרעג טון: וועמען האָסטו בעסער ליב די מאַמאַ צי דעם פּאַפּאַ?“

ער האָט שוין כמעט געהערט דאָס פּלאַצן פון געלעכטער, וואָס האָט באַגלייט דער שילדערונג פון דער קלאַסישער מומע, דעם אָנשרעק פון די קינדער, די אומשטערבלעכע מומע, אַן אומפאַרמיידלעכער באַשטאַנדטייל פון די קינדעריאָרן.

אָדער ער האָט גערעדט צו די עלטערע ברידער, אַז זיי זאָלן נישט מאַטערן זייערע קליינע ברידערלעך:

„דו וועסט אים אַ קלאַפּ טון און דו ווייסט נישט מיט וואָס פּאַר אַ כוח דו קאָנסט אים אַ קלאַפּ טון. צי נישט צו שטאַרק, צי וועסטו אים נישט ווי טון, ווייל דו האָסט דאָך ליב דיין ברודער.“

אַזוי פלעגט דער דאָקטאָר אַנטלויפן פון זיין אייגענער וועלט, פון דער באַטריבטער פאַרמלחמהדיקערווירקלעכקייט.

אָבער ווי לאַנג קאָן מען פאַרבלייבן בלינד און טויב?

די קינדער פון דער היים זענען טייל מאָל צוריקגעקומען פון דער שול פאַרבלוטיקטע מיט ברוין־און־בלאָע פלעקן — קרבנות פון גאַס־אָנפאַלן.

שבת האָט מען שוין נישט געוואַגט צו שפּאַצירן אין די אַלייען. מ׳האָט געמוזט אויפגעבן די הינטערשטאָטישע עקסקורסיעס, ווייל מ׳האָט געוואָרפן שטיינער אויף די ייִדישע קינדער. אַפילו אויף דער קאָלאָניע איז שוין געוואָרן געפערלעך.

דער דאָקטאָר האָט זיך מיט אימה אַרומגעקוקט אַרום זיך.

ער האָט נישט געקאָנט דערקענען זיין שטאָט, זיינע פריינד. ער האָט נישט דערקענט זיין פּויליש דאָרף.

שבת נאָך מיטאָג פלעגן די קינדער באַזוכן זייערע קרובים.

דער מינהג איז איינגעפירט געוואָרן פון סאַמע אָנהייב, נישט קוקנדיק אויפן ווידערשפּרוך פון די אַפּוטרופּסים, וואָס האָבן אַרגומענטירט, אַז דער קאָנטאַקט מיט דער משפחה איז אַ המשך פון די שלעכטע איינפלוסן פון זייערע היימען, נישט רעדנדיק שוין דערפון וואָס די קינדער ברענגען מיט זיך זייערע משפחה־זאָרגן, לייז און פליי.

די מיטווירקונג פונעם קינדס משפחה ביי דער דערציִונג, ווי מאָנטעססאָרי האָט עס אויך אונטערגעשטראָכן, איז געוואָרן אַ פּרינציפּיעלער דערציִונג־עלעמענט אין דער היים.

אַפילו די ערגסטע משפחה, די סאַמע דעמאָראַליזירטע, טרוימט וועגן אַ ליכטיקערער צוקונפט פאַר זייער קינד — פלעגט זאָגן דער דאָקטאָר.

ער האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר פּאָרוווּרפן, וואָס האָבן נישט געפעלט פון סאַמע אָנהייב.

איז קודם־כל, אַז אַ „פּאַלאַץ" שטייט אין אַן עקסטרעמען קעגנזאַץ מיט דער וווינונג אין וועלכער דער „וויכאָוואַנעק" וועט פאַרברענגען ז'י רעשט פון זיין לעבן; אַז דאָס שאַפן פון אַ „גן־עדן און אָאַזיס" וועט נישט בכוח זיין אין דער צוקונפט צו פאַרהאַרטעווען דעם מענטש קעגן די אומ־באַקוועמלעכקייטן. ס'וועלן פאַרניכטעט און צעבראָכן ווערן די לוקסוס־איינריכטונגען נאָכן ערשטן יאָר פון די קינדערס לעבן אין דער היים.

געשען איז אָבער אַנדערש.

„די טרעפּ זענען צעטראָטן דורכן מאַרש פון דורות, אָבער נישט פאַר־ניכטעט. אונדזער ווייסע היים איז געוואָרן אַ פּרעכטיקע דערנידערונג פון די קינדעריאָרן. זי האָט אויסגעגלייכט די אָראָפּגעלאָזענע פּלייצעס. די גלענצנדיקע היגיענישע באַדינגונגען און אויך דאָס נאָרהאַפטיקע עסן האָבן באַשאָנקען מיט געזונט און קראַפט — דעם איינציקן קאַפּיטאַל פאַר די וועלכע גייען דורכן לעבן אָן ירושה־גוטס, נאָר מיט אייגענע כוחות."

פינף דורות קינדער האָבן שוין פאַרלאָזט די יתומים־היים, אַ באַטיי־טיק־וויכטיקע צעשפּרייטונג.

עס פלעגן שוין אָנקומען בריוו און פאָטאָגראַפיעס פון די משפחות פון די אַמאָליקע אייניוווינער און פון זייערע קינדער. בריוו מיט אַן אומ־פאַרגעסלעכן אינהאַלט.

פאַרשידן איז זיי געגאַנגען. ס'לאָזט זיך נישט באַנעמען מיט ציפערן אָדער פאַרמאַכן אין רובריקן. נאָר דער וואָס האָט עס איבערגעלעבט וועט פאַרשטיין.

„אַ האַרט לעבן און אַ גרויזאַמס פאַר די שוואַכע. עס לערנט אויס אָפּצושאַצן דעם קינדס געלעכטער, דעם אויסרוף פון פרייד און די ליכטי־קע יאָרן וועלכע האָבן אויסגעגליכן. אַ בינטל דערינערונגען צו וועלכע מע קערט זיך אום מיט אַ זיפץ פון בענקשאַפט."

אין יאָר 1932 איז די איינוווינער־משפחה באַשטאַנען פון אַ האַלבן טויזנט מענטשן. פון זיי האָבן 36 פאַרבראַכט נאָר איין יאָר. זיי זענען אַוועק פאַרגעסענע. 38 — האָבן אפשר פאַרגעסן, אפשר זיך געשעמט, אַז

זיי זענען נישט געווען בכוח עפּעס אויפצוטון, און אפשר איז דער גורל צו זיי גינסטיק געווען, ווילן זיי נישט געדענקען. געשטאָרבן זענען — ניינצן. דער עלטסטער דור איז דער וואָס איז איצט אַלט דרייסיק יאָר און די ייִנגסטע זענען נאָך אין דער שול, אָדער זיי זוכן אַרבעט.

קיין אַמעריקע האָבן עמיגרירט 26, קיין בעלגיע — זעקס, קיין פראַנקרייך — פינף, קיין ארץ־ישראל און ענגלאַנד — צו פיר. אַפילו קיין אינדיע. עס קומען אָן דאָלאַרן — אַ פּרווו פון אָפּצאָל. ס׳קומען אָן בריוו באַרויִקנדיקע, טרויעריקע, און מיט צרות און דאגות...

צוגעשווומען צום פּאָרט אָדער מע קעמפט מיטן גורל. חתונה־געהאַט האָבן: 2 ייִנגלעך און 31 מיידלעך.

די מיידלעך פאַרדינען אויף לעבן ווי נייטאָרינס, ביוראָ־אַרבעטערינס, עקספּעדיענטקעס, פּרעבלשול־לערערינס, פריזירקעס, גאָרסעטן־מאַכערינס, באַלעבאָסטעס, קראַנקנשוועסטערס, טריקאָטאַזש־אַרבעטאָרינס, דינסטמיידלעך און דערציִערינס אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

די ייִנגלעך אַרבעטן ווי ביוראַליסטן, דרוקערס, עקספּעדיענטן, עלעקטראָטעכניקערס, פריזירערס, שיק־ייִנגלעך, שניידערס, ליטאָגראַפן, גערטנערס, בעקערס, שלאָסערס, פּודלע־מאַכערס, גאַסנפּאַרקויפערס, סטאָליאַרעס, שוסטערס, טאַפּיצירערס, שאָפערן, דענטיסטישע טעכניקערס, טרעגערס, טריקאָט־אַרבעטערס.

די איבעריקע: אַ היטל־מאַכער, אַ דראָשקאַזש, אַ פאָטאָגראַפיסט, מוזיקער, אַפּטייקער, פּאַסקעס־אַרבעטער, אַ קצב, אַ טאַנצלערער. עס באַשליסט די משפּחה, דער אַרבעטמאַרק, אָדער אַ צופאַל. קיין איין שטאָטישער אָדער רעגירונג־באַאַמטער, קיין איין טראַמוויי־קאָנדוקטאָר, זייער ווייניק פאַבריק־אַרבעטער.

פון 455 — צוויי בעטלערס, צוויי גאַסנמיידלעך, דריי געמשפּט פאַר גניבה. נאָר דער וואָס האָט איבערגעלעבט וועט פאַרשטיין.

אויסערלעך אַ גאַנץ פיינע רובריק. פיר פּאָרלעך האָבן חתונה־געהאַט. זיך ליב באַקומען נאָך אין די קינדעריאָרן און ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן האָבן זיי חתונה־געהאַט. אָט איז בקיצור די געשיכטע פון איין פון די פיר פּאָרלעך:

איר משפּחה האָט עמיגרירט און זי מיטגענומען מיט זיך. ער איז פאַרבליבן. געגאַנגען אַרבעטן ווי אַ שיק־ייִנגל, דערנאָך ווי אַן אינקאַסענט. ס׳גייט פאַרביי אַ יאָר נאָך אַ יאָר... אין אַ מאָמענט האָט ער צוגענומען אַזוי פיל ווי פל ער האָט באַדאַרפט אויף רייזע־הוצאות. ער האָט נישט צו־געגנבעט. ער האָט אָנגעגעבן זיין אַדרעס פון אויסלאַנד. ער וועט דאָס געלט אָפּגעבן. שטעקבריוו און תפיסה. מע לאָזט איר נישט חתונה־האָבן מיט אַ קרימינאַליסט. נאָך פיל יאָרן רעהאַביליטירט ער זיך ווי אַ קוילנ־גרעבער. ער גיט אָפּ דאָס געלט און מ׳איז אים מוחל.

אַזוי האָט וועגן דעם גורל פון די איינוווינער איבערגעגעבן אַ ראַ־פּאָרט ביים 25סטן יובל פון דער אינסטיטוציע.

דער דאָקטאָר האָט אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט דעם גורל פון זיינע שילער. ווי אַזוי זעען אויס די מענטשן, וועלכע ער האָט דערצויגן לויט זיין מעטאָד?

דאָס לעבן האָט געפאָדערט קאָמפּראָמיסן און דער הויפּטפּרינציפּ פון דערציִונג אין דער היים איז געוועזן קאָמפּראָמיסלאָזיקייט. פון דער צייט זענען ווידער פאַרביי פיר יאָר, האַרטע יאָרן, שווערערע ווי די פריִערדי־קע פינפאונצוואָנציק.

די משפּחה איז געוואַקסן. די סטאַטיסטיק האָט געוויזן טרויעריקע פאַקטן: די שילער האָבן נישט געקאָנט געפינען קיין אַרבעט.

דערפאַר טאַקע — אין אַ געוויסן שבת פאַרנאַכט, ווען די היים איז געווען ליידיק און ס׳זענען פאַרבליבן דאָרט בלויז דער דאָקטאָר, סטעפע, יאַקובאָוו, וואָס האָט שוין חתונה־געהאַט מיט באַשען, אַן אויפגעהאָדע־וועטע אין דער קינדערהיים, — האָבן זיי ביי אַ גלעזל טיי מיט אַ פּאָר סעמינאַריסטן אָנגעהויבן אַ שמועס. אַ שמועס וועגן דעם וואָס עס קאָן געטון ווערן פאַר די קינדער, וועלכע קומען צוריק, וואָס אַ מאָל אָפּטער נאָכן פאַרלאָזן די היים, נאָך עצות, בעטנדיק שוץ און הילף ביים פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

— איך האָב באַקומען אַ בריוו פון ארץ־ישׂראל פון פייגען מיט אַן איינלאַדונג צו קומען אַהין — האָט געזאָגט סטעפע — כ׳האָב שוין אַזוי פיל מאָל צוגעזאָגט, אַז איך וועל זיי באַזוכן, אַזוי פיל אונדזעריקע וווינען דאָרט...

די ידיעות וואָס פלעגן אָנקומען פון ארץ־ישראל, דער ענטוזיאַזם, וועלכן ער האָט געפונען צווישן די אונטערוואַקסנדיקע יִנגלעך און מיידלעך פאַר ארץ, האָבן נישט געלאָזט דעם דאָקטאָר רוען. ער האָט געגלייבט אינעם אינסטינקט פון די קינדער.

נישט געהערנדיק אַליין צו קיין שום פּאַרטיי, האָט ער דאָך נישט פאַרווערט זיינע קינדער אָנטייל צו נעמען אינעם פּאָליטישן לעבן, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אינעם לאַנד. ער האָט קיין מאָל נישט געפרעגט ביי די קינדער וועגן זייערע פּאָליטישע אָנשויונגען.

ער האָט זיך צוגעהערט, אָבער ביז איצט האָט ער נאָך קיין שום וואָרט נישט גענומען אין דער פראַגע.

אייניקע פלעגן ברענגען פון די שולן פלוגבלעטלעך און בראָשורן, וואָס זיי האָבן זאָרגפעליק אויסבאַהאַלטן. די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט זיך באַמיט צו זיין פאַרקאָנספּירירט, מורא־האָבנדיק פאַר פאַרראַט און אַנטפּלעקונג פונעם פּלאַץ אָדער נעמען פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, וואָס ס׳האָט געקאָנט דראָען מיט דער ליקווידאַציע פון זייער טעטיקייט.

די ציוניסטן דאַקעגן האָבן אָנגעפירט די אַגיטאַציע מיט אַן אָנגעזעענער ליבשאַפט פאַר רעקלאַמע. די יִנגלעך און מיידלעך האָבן אויך געהערט צו סקויט־אָרגאַניזאַציעס, געטראָגן עמבלעמען און אַ סך גערעדט וועגן פענער.

דער דאָקטאָר האָט ביז יענער צייט געקענט נאָר איין פאָן — די וואָס האָט געפלאַטערט אויפן פּאַלאַץ פון קעניג מאַטיוש, די אינטערנאַציאָנאַלע גרינע פאָן פון די קינדער...

דעם אַרויספאָר פון סטעפען קיין ארץ־ישראל האָט ער באַהאַנדלט ווי אַן אויסשפּיר־עקסקורסיע. דערצו האָט זי זיך דאָרט געקליבן אויף די וואַקאַציעס. וועט סיי ווי די אָרדענונג נישט ווערן צעשטערט. אויף דער קאָלאָניע וועט סטעפען פאַרטרעטן אַ דערציִער.

ער האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט אַז סטעפעס אַרויספאָר וועט אַזוי ערנסט באַווירקן זייערע אָנשויונגען.

דערווייל האָט ער אויפמערקזאַם געלייענט וואָס עס האָבן געשריבן די קינדער פון ארץ־ישראל. זיינע קינדער האָבן נישט געזאָגט קיין ליגנס.

ס'האָבן אויך קיין ליגנס נישט געקענט זיינע דערציִערינס, וואָס האָבן זייער פּעדאַגאָגישע בילדונג באַקומען אינעם דאָקטאָרס „שול פון אמת".

ערשט ווען דער באָדן הייבט אָן ברענען אונטער די פיס אין פוילן. און אים, דעם גלויביקן ביזן לעצטן מאָמענט, וואַרפט מען שטיינער אונ־טער די פיס — צעפלאַקערט זיך אין אים אַ פּראָטעסט.

עמיגרירן? אַנטלויפן? צי וואָלט ער געקאָנט אַנטלויפן?

זיינע בריוו, צופעליק צוזאַמענגעקליבענע, אַנטהאַלטן אַ גאַנצע ריי געדאַנקען און געפילן כאַראַקטעריסטישע פאַרן שווערן עטאַפּ, וועלכן ס'איז אים דעמאָלט אויסגעקומען דורכצומאַכן.

בריוו צו פריינד און שילער. אָט איז איינער פון זיי.

27סטער יאַנואַר, 1928:

געערטע פרוי אסתר,

אייער לעצטער בריוו איז פאַר מיר אַ וויכטיקער דאָקומענט, וועלכער באַשטעטיקט דאָס וואָס איך האָב געטראַכט וועגן ארץ־ישראל און וועגן דער אַרבעט דאָרט.

אַ סך נאַיִווע חלומות און יוגנטלעכע אילוזיעס, דערמיט אַלזאָ אויך אַ סך אַנטוישונגען, בינדן זיך מיט ארץ־ישראל. ווען ס'וועט אָוועקגענו־מען ווערן די עקזאַלטאַציע, דעקלאַמאַציע און אומרו, וועלן בלייבן פאַקטן ניכטערע און קאַלטע.

מיר האָבן זיך אַקלימאַטיזירט אויף דער ערד פון סאָסנע־ביימער, שניי און גלות: פיזיש און מאָראַליש. דער עקספּערימענט פון פאַרבינדן צוויי עקן פאָדעם, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, איז אַ שווערער ענין. ס'וועט אָבער געלינגען, ווייל די געשיכטע פאָדערט עס. אָבער וויפל מי און פיין!

אייערע קינדער זענען נערוועזיש דערפאַר, וואָס איר גיט זיי נישט קיין וואַסער. זיי מוזן זיך פיזיש איבערבייטן, פיזיש פאַרשטיין און באַ־גרייפן צי וואַסער איז זיי נויטווענדיק צי ניין. ווי קאָן מען זאָגן צו אַ לעבעדיק באַשעפעניש: — אָטעם נישט! זאָל דיין האַרץ שנעלער אָדער לאַנגזאַמער קלאַפּן! איך האָב מורא אַז אין אַ סך זאַכן באַציט איר זיך אומקריטיש צו דעם וואָס ס'איז געווען „דאָרט".

ווי וויטיקדיק, פאַרשטענדלעך און אמתדיק איז דאָס אַז איר ווילט אויף אָפּרו קומען קיין פּוילן. אַז אַ בריוו אָדער אַ צייטונג פון „דאָרט" איז אַ יום־טוב. די גאַנצע בענקשאַפט, די נישט־ייִדישע, נאָר מענטשלעכע פּליסט קיין ארץ־ישראל, דער גאַנצער אומרו און גייסטיקע אויפרודערונג. אויב איר וועט פאַר זיך אַליין לייקענען, וועט איר זיך דעם ענין שווערער מאַכן. נאָר דרייסטע עקשנות, אַנטשלאָסנקייט פאַרן קיום.

צום לייכטסטן איז צו שטאַרבן פאַר אַן אידייע. אַזאַ שיינעם פילם: ער פאַלט מיט אַ דורכגעשאָסענער ברוסט, אַ שטראָם פון בלוט אויפן זאַמד — און אַ קבר באַצירט מיט בלומען. צום שווערסטן איז צו לעבן פאַר אַן אידיי אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ יאָר נאָך אַ יאָר.

זייער אַ סך אינטערעסאַנטס און וויכטיקס האָט ארץ־ישראל צו דער־ציילן דער וועלט, אָבער צי איז נישט צופיל עקספּערימענטן שוין איצט, אַזוי פּלוצלינג?

מיר איז אַזוי ווייניק פאַרבליבן צו לעבן, כדי איך זאָל קאָנען צען יאָר ווידמען פאַר פיזישער און גייסטיקער אַסימילאַציע, מיט נייע באַדינ־גונגען פון אָטעמען, פאַרדייען און קוקן. אַפילו אַן אויג מוז זיך צופּאַסן צום שיין, אפשר אַפילו צום שטויב. דערווייל פיל איך נאָך נישט קיין באַדערפעניש צו זען דאָס אַלץ אויפן פּלאַץ. פאַר מיר איז גענוג וואָס איך לייען, איך בין מיך משער און איך זע מיט מיין פאַנטאַזיע.

איבעריקנס, דאָס אַלגעמיינע פּראָבלעם — מענטש — זיין פאַרגאַנ־גענהייט און זיין צוקונפט אויף דער ערד פאַרשטעלט מיר אַ ביסל דעם נאָענטן פּראָבלעם — ייִד.

ווי דעם אָביעקט פון מיין אַרבעט, האָב איך אויסגעקליבן דאָס קינד. מיך קאָנען נישט פאַרפירן די פראַזעס וועגן די אויסערגעוויינטלעכע באַדינגונגען פאַרן קינד אין ארץ־ישראל. ניין. דאָרט איז אים אויך שלעכט, ווייל אויך דאָרט פאַרשטייען אים נישט די דערוואַקסענע, די „פרעמדע".

איך בעט איבער פאַר די צו לאַנגע אויספירונגען.

איך דריק אייער האַנט און גריס אייך —

ק א ר ט ש אַ ק.

קאַפּיטל צוואַנציק

# צוואַנציק טעג אין עין־חרוד

דער אויטאָבוס האָט זיי אַרונטערגעלאָזט אויפן שאָסיי.

אויפן וועג איז געווען אַ שטיקל עגמת־נפש מיטן רענצל, ווייל שימחוני האָט געלאָמט אויף אַ פוס און נישט באַוויזן צו כאַפּן דעם גנב. אין דער צייט ווען זיי האָבן געטראַכט וואָס צו טון, האָט אַ יינגל אין אַ בלאָ העמד אַראָפּגענומען דאָס רענצל פון דאַך. דער אויטאָבוס איז אַוועקגעפאָרן און זיי זענען פאַרבליבן אַליין.

דעמאָלט האָט דער דאָקטאָר זיך אַרומגעקוקט.

דעם האָריזאָנט האָבן פון ביידע זייטן וועג פאַרשטעלט די געפאַלדעוועטע העלפאַנט־גופים פון די גלבוע־בערג. שוין בלויז דער נאָמען פון די בערג האָט אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ.

דער פּאַטאָס פון די קעניגלעכע ספרים האָט געשוועבט אין דער צעוואַרעמטער לופט און איז אַראָפּגעשווומען אין אַ טיפער קלאָרער בלאָקייט. פון די בערג האָט אַ בלאָז געטון אַ בריִענדיק ווינטל.

— ווו איז עין־חרוד — האָט ער זיך פּלוצלינג ווי אויפגעכאַפּט און געפרעגט מיט פאַרטריקנטע ליפּן.

זיינע עמפינדלעכע, קורצזיכטיקע אויגן האָט ער אַזש געמוזט פאַרזשמורען צוליבן שיין.

— צי האָט איר פאַר מיר געקויפט טונקעלע ברילן? — האָט ער געפרעגט ביי שימחוני.

אָבער שימחוני האָט געענטפערט אויף דער ערשטער פראַגע.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ וועגווייזער אויפן ראַנד פונעם שאָסיי, אויסגעצויגן דעם שטעקן, מיט וועלכן ער האָט זיך קיין מאָל נישט צעשיידט, אין איין זייט און די האַנט געשטרעקט אין דער צווייטער זייט.

— דאָ ליגט דער נייער עין־חרוד און אויף דער אַנדערער זייט, לינקס — דער אַלטער.

דער דאָקטאָר האָט ביז איצט גאָרנישט געהערט וועגן צוויי עין־חרודס. דערפאַר האָט ער נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף שימחוניס דערקלע־רונגען. פון נעכטן אָן, ווי נאָר ער איז אַראָפּ פון דער שיף אין חיפה, האָט יעדער איינער, וועמען ער האָט באַגעגנט, זייער שטאַרק געלויבט ביז צו די הימלען זיין היים און זיין לאַנד...

ער האָט זיך באַמיט צו ברענגען אין אָרדענונג די נייע איינדרוקן.

ער האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן באַהערשן דורך דער אומקאָנטראָ־לירטער, וואַקסנדיקער כוואַליע פון אַנטציקונג. ער האָט זיך קיין מאָל נישט פאָרגעשטעלט אַז אַזוי פּרעכטיק שיין קאָן זיין דער טאָל יזרעאל, וואָס מ׳האָט אים נישט געקאָנט זען דורך די פענצטער פון אויטאָבוס, נאָר טאַקע ווען מע שטייט אַליין ביים פוס פונעם באַרג. ער האָט דאָך אַזוי פיל גע־לייענט, האָט זיך אַזוי פלייסיק געגרייט צום אַרויספאָר, מיט אַזאַ אויפ־מערקזאַמקייט זיך צוגעהערט וואָס עס האָבן דערציילט די וואָס זענען צוריקגעקומען קיין פּוילן.

דער תנך האָט נישט געגעבן קיין גענוגנדיקע פאָרשטעלונג וועגן דער דורכזיכטיקייט פון דער לופט — אפשר איז די ביבל עפּעס נישט פולקאָם אין דער פּוילישער שפּראַך, אין דער איבערזעצונג פון אַ קאַטוילישן גייסט־לעכן...

ווי גוט האָט ער געטון וואָס ער איז געקומען צופאָרן! ער האָט זיך אַזוי לאַנג נישט געקאָנט אַנטשליסן. צום שטאַרקסטן האָבן אויף אים געווירקט סטעפּעס בריוו און אירע פּערזענלעכע דערציילונגען. דערנאָך האָבן אים צוגערעדט וויינגאַרטען און זרובבל, זיין יונגער פריינד פון אַ קיבוץ, וועלכן מ׳האָט געמוזט גיכער טרעפן אין פּוילן, ווי פאַרשטיין. אָבער דאָס וויכטיקסטע: ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגן אויפן פּלאַץ צי איז ווירקלעך דאָ פאַראַן אַ צוקונפט פאַר זיינע שילער, ווען אַזאַ צוקונפט איז שוין פאַר זיי אין אייראָפּע נישט געווען.

ער האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און זיך איצט צוגעהערט ווי שימחוני

דערציילט, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן דער געשיכטע פונעם קיבוץ.

זיי האָבן געוווינט אַכט יאָר אין באַראַקן ביים הר עיבל, לעבן דעם קוואַל גידעון, ווו גרויסע מאָסקיטן האָבן יעדע נאַכט זיי דערקלערט קריג. ווען זיי האָבן זיך נאָך אַכט יאָר אַריבערגעטראָגן צו די פיס פון אַן אַנדערן טרוקענעם, פרוכטבאַרן באַרג, האָבן זיי געוווינט פון צער נאָכן פאַרלאָזן דעם מאַלאַרישן ישוב און דעם ראָמאַנטישן אייקאַליפּטוס־וועלדל. שימחוני האָט כסדר גערעדט ווען זיי זענען געגאַנגען באַרגאַרויף דורך אַ האַלבשטיי־נערנעם און אַ האַלבזאַמדיקן וועג. אין די אויערן האָבן געקלונגען ווער־טער: קללה, גידעון, עין־חרוד, מקור־הפחד, כמעט ווי אין אַ העלדישער מעשה.

ווער האָט אויף וועמען געוואָרפן אַ קללה אויף דעם מילדן באַרג־שפּיץ? מיט וועמען האָט זיך געשלאָגן גידעון? ווי אַזוי האָבן אויסגעזען די עמלקים און פאַרוואָס הייסט דער קוואַל מקור־הפחד?

ער האָט זיך געפילט ווי אַ קינד וואָס איז אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ נייער, אומבאַקאַנטער, אומרעאַלער וועלט.

די היץ האָט אויפגעהערט צו פייניקן. באַלד וועט ער זיך נעמען צו געשיכטע. ער האָט דאָך מיט זיך גרעצן און דעם תנך. אינטערעסאַנט, אַז ביז איצט האָט קיינער נישט געשריבן קיין מעשות אויף ביבלישע מאָטיוון. מע באַנוצט זיך געוויינטלעך מיט די עלעמענטן פון צפון, אָדער מזרח־זאַגעס, פערסישע.

— ס׳וואָלט כדאַי געווען אָנצושרייבן אַ בוך פאַר קינדער וועגן דוויד המלך — האָט ער נישט דרייסט געזאָגט צו שימחוני.

צום גליק האָט קיינער אויף זיי נישט געוואַרט.

דער דאָקטאָר האָט מורא געהאַט, ס׳זאָלן נישט זיין קיין באַגריסונ־גען, רעדעס, אויף וועלכע מע וואָלט באַדאַרפט, גאָט באַהיט, ענטפערן. ער האָט מיט זיין גאַנצער נשמה געהאַסט אָפיציעלע פייערונגען. דאָ, אין דאָרף וואָלטן זיי אים שוין פולשטענדיק דערשלאָגן.

דער אַריינגאַנג האָט געפירט צו אַ פאַרצאַמטן אָרט.

אויפן פוסטן פלאַץ, באַדעקט מיט רעשטלעך שטרוי, זענען געלעגן

טיילן פון מאַשינען, באַשטימטע צו פאַרריכטן„ ס'איז קיינעם נישט געלעגן אין זינען אַז דער קיבוץ זאָל אויפן ערשטן בליק מאַכן אַ גוטן איינדרוק. פאַרשידענע מענטשן האָבן זיך געדרייט אין פאַרשידענע ריכטונגען. דער פּלאַץ האָט זיך פאַרשמעלערט אין אַן אַלייע וואָס איז געווען פון איין זייט פאַרפלאַנצט מיט ציטרוסביימער. אויף אַ שטיין אין שאָטן זענען געזעסן עטלעכע בחורים, זיי האָבן גערוט. קיינער האָט נישט געלייגט קיין שום אַכט אויף די אָנקומענדיקע. שימחוני האָט זיי באַגריסט מיט שלום.

אונטערן שאָטן פון צווייגן זענען זיי געגאַנגען אין דער ריכטונג פון די גרויסע געביידעס. דער דאָקטאָר איז שטיין־געבליבן, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם און אָפּווישן דעם שווייס.

יעדע געביידע איז געווען אַן אַנדערע. אַ גרויס צווייישטאָקיק הויז, דערלעבן אַן איינשטאָקיקע הייזקע, קעגנאיבער הילצערנע באַראַקן, און ווייטער אַ דרוק־קראַפט־טורעם, ווי אַ בייכיקע ציסטערנע. ניין, דאָס איז נישט געווען שיין אָדער האַרמאָניש געבויט. ס'האָט אויך נישט דערמאָנט קיין דאָרף, וואָס ער האָט געקענט פון אייראָפּע. אין אוודאי האָט עס נישט אויסגעזען ווי קיין מאַגנאַטיש גוט מיט אַ פּאַרק און אַ פּאַלאַץ — וואָס זאָל זיך וואַרפן אין די אויגן.

ער האָט זיך געוואָלט דערמאָנען צו וואָס דאָס איז ענלעך, אָבער ער האָט נישט געקאָנט, ווייל דאָס איז צו גאָרנישט געווען ענלעך. פּלוצלינג, אומבאַוווּסט פון וואַנען, איז אים אויפגעשווומען אין זיינע געדאַנקען עפּעס אַ בילד וואָס ער האָט געזען אין די קינדעריאָרן, אַן איילפאַרבדרוק, ס'האָט געהייסן „די נביאים וואָס וואַנדערן אויף דער הייליקער ערד“.

ער האָט פון דער זייט אַ בליק געטון אויף זיין באַגלייטער: שימחוני האָט געהאַט אַ פריידיק־קלינגעדיקן נאָמען, אַ העלע טשופּרינע און אַ ברייטן שמייכל. ער איז אין גאַנצן נישט געווען ענלעך צו קיין נביא. און דער דאָקטאָר אַליין — אָנגעטון אין אַ שווערן טונקעלן וואַרשעווער אַנצוג מיט אַ הויכן, שטייפן קראַגן מיטן ברייט פאַרבונדענעם שניפּס, אַ נידעריקער מיט אַ בערדל און אַ פּליך — האָט אויך נישט געהאַט קיין פּאָעטישן אויסזען.

ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן.

— אפשר וועט די זון מיר שטעכן אין די טונקעלע ברילן — איז ער צוריקגעקומען צו די טעגלעכע קלייניקייטן, וואָס האָבן אים אַלע מאָל באַלעסטיקט.

— אַלץ איז דאָ ניי — האָט ער געזאָגט, ווען זיי זענען שטיין געבליבן ביים אַלגעמיינעם עסזאַל.

שימחוני האָט מיט אַ זשעסט פון אַ באַלעבאָס געעפנט פאַר אים די טירן:

— ניי און יונג — האָט ער געענטפערט.

ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ געפּילדער פון קולות און אַ קלאַפּעריי פון עמאַלירטע כלים. די פאַרבלענדטע אויגן האָבן נישט געקאָנט אונטערשיידן קיין געשטאַלטן. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ ריזיקן זשומענדיקן בינשטאָק.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט דעם דאָקטאָר אויפגעוועקט די שאַרפע, שמעקעדיקע לופט.

איידער ער האָט געהערט דעם גאָנג, וואָס רופט די מענטשן צו דער אַרבעט האָט אים אויפגעוועקט דאָס געזאַנג פון די פייגל. קיינער איז נישט געווען אין צימער. ער האָט נישט געוווסט ווו ס׳געפינען זיך שימחוני און זיין ווייב, וואָס האָט אים נעכטן אָפּגעטראָמן ס׳בעט.

נישט קוקנדיק דערויף וואָס זיי האָבן געשמועסט ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט דער דאָקטאָר זיך געפילט פריש און מונטער. ער האָט זיך אָנגעטון און איז אַרויס אויף דער וועראַנדע.

איןביידע זייטן זענען געשטאַנען אין אַ ריי ווייסע, געמויערטע הייזקעס, שטילע און פאַרלאָזטע. אַלע איינוווינער זענען שוין אַוועק צו דער אַרבעט. ער האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרלירן קיין מינוט און זיך איינשפּאַנען אינעם ריזיקן וואָגן, וואָס אַלע האָבן דאָ געשלעפּט.

עס האָט געלאָקט צו מאַכן אַן איינזאַמען שפּאַציר. באַגינען זענען אויף די סטעזשקעס פון די בערג געלעגן די פיאָלעט־קילע שאָטנס. פאַר דער הייזקע, הינטער דער צאַם פון קוסטעס, איז געווען אַ לאָנקע באַדעקט מיט הויכן, פוכיקן גראָז און צוויי, דורכן פרימאָרגנווינט צעוויגטע

סאָסנעס מיט ברייטע צווייגן און זאַפּטיקע נאָדלען. ער האָט באַגריסט די ביימער, ווי מע באַגריסט אַ משפּחה.

אויף דער צווייטער זייט פון דער הייזקע האָבן זיך געצויגן געלע, אָפּגעשניטענע פעלדער, גרינע רייען פון פּאַראַקערט גרינצייג, אַרומגענו־מענע מיט די שטאַכעטן פון ציפּריס־ביימער.

ווי אָנגענעם וואָלט עס געווען זיך אַוועקצולייגן אויפן גראָז, צוהערן זיך צום מערקווירדיקן געררויש פון די ישראלדיקע סאָסנעס, פאַרטראַכטן זיך איבער די מענטשן און טאַקע איבער זיך אַליין אויך.

אָבער ווו זענען די קינדער?

שימחוני האָט געזאָגט אַז אין קיבוץ זענען פאַראַן איבער הונדערט קינדער. פאַרוואָס זעט מען זיי נישט? פאַרוואָס שפּילן זיי זיך נישט? פאַרוואָס לאָזן זיי נישט פליִען קיין פּאַפּירענע שלאַנגען?

שוין נעכטן האָט ער געטראַכט וועגן דעם וואָס פאַר אַ הערלעכן ווינט זיי האָבן אין ארץ־ישראל — פון ים און באַרג — און ווי נישט אויסגע־נוצט ער איז. מע דאַרף אויסלערנען אַלע קינדער ווי אַזוי מע מאַכט פּאַ־פּירענע שלאַנגען און מע לאָזט זיי פליִען. מע דאַרף זיי באַקענען מיטן נייעם עלעמענט, וואָס מ׳האָט באַזיגט. ביז איצט די יבשה און דעם ים און איצט — די לופט. לויט די פּאַפּירענע פליִערס קאָן מען דערקענען די רעכט און די קאַפּריזן פון דער לופט. נאָכשפּירנדיק אַזאַ פּאַפּירענעם שלאַנג קאָן מען זיך באַקענען מיט נייע לאַנדשאַפטן פון די וואָלקנס און דעם הימל. אַ שטיקל טעקטור אָדער דיקטע און אַ שטריקל — און זיי פליִען גלייך. מע קאָן זיי באַפּוצן מיט קאָלירטע פּאַפּירלעך, אָדער בלומען און בלעטער. ווו האָט ער נעכטן געזען דיקטע? לעבן סטאָליער־וואַרשטאַט. ער איז שנעל געגאַנגען אין יענער ריכטונג. פאַרן סטאָליער־באַראַק זענען געלעגן הויפנס געהובלעוועטע שטיקלעך האָלץ.

דער דאָקטאָר האָט פאַרגעסן אין די פליִענדיקע שלאַנגען. ער האָט אָנגעפילט זיינע קעשענעס מיט הילצערנע קלעצלעך. ער וועט גיין צו די קינדער און זיי אַוועקטראָגן מתנות. ער איז אַלע מאָל געווען אַ קעגנער פון פאַרפּוצטע שפּילצייגן. ער האָט בעסער ליב געהאַט נישט קאָסטבאַרע און פּשוטע.

אויף דער לינקער זייט פון עסזאַל שטייט אַ גרויסע צווייששטאָקיקע געביידע, אפשר די הערלעכסטע אין דער קאָלאָניע.

— אויב דאָס איז די שענסטע געביידע — האָט ער געטראַכט — איז זי מסתמא באַשטימט פאַר די קינדער.

אַ ביסל אַ נערוועזער, דאָס היטל מיטן דאַשיק אַראָפּגערוקט אויף די אויגן, איז ער געגאַנגען פאַר זיך. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער באַגעגעניש מיט די קינדער פון עין־חרוד. אין פוילן האָבן אַלע קינדער געשמייכלט, ווען זיי האָבן אים דערזען, דערוואַרטנדיק צוקערלעך, עפּעס אַן איינפאַל פאַר אַ שפּיל אָדער אַ שפּאַס.

דאָ אָבער איז ער אַ שטומער, דאָ וועט קיין שום קינד צו אים נישט קיין שמייכל טון. ער איז אַריין אין הויז אין אַ געדריקטער שטימונג.

פון דער פייכטער שטיינערנער פּאָדלאָגע האָט אַ בלאָז געטון דער ריח פון ריינקייט. דער קליינער קאָרידאָר איז געווען ליידיק. די גרינע ווענט האָבן געאָטעמט מיט אַ קילקייט. ער האָט אַ בליק געטון אויף לינקס: אָפּטריטן. די נידעריקע קלאָזעט־שיסלען זענען געשטאַנען אין אַ ריי. אַ שמייכל האָט באַשטראַלט זיין פּנים. ענדלעך — האָט ער געטראַכט — זאָרגט מען וועגן קינדס באַקוועמלעכקייטן.

עס איז אים געוואָרן פריידיקער אויף דער נשמה. ער האָט זיך דערפילט עפּעס פרייער אין אַן אַטמאָספער ווי דער קאַמף, וואָס ער האָט אַזוי פיל יאָרן געפירט, פאַר דער פאַרשטענדעניש פונעם קינדס באַדערפענישן, איז געווען אַ געווונענער. ער איז געשפּרונגען איבער עטלעכע טרעפּ וואָס האָבן געפירט אַרויף. ער האָט אַריינגעקוקט אינעם ליידיקן שלאָפצימער.

— גלענצנדיק! — האָט ער כמעט הויך געזאָגט. ס'האָבן זיך אין אים דערוועקט דער דאָקטאָר און דער אינספּעקטאָר פון דערציִונג־אַנשטאַלטן.

אין קאָרידאָר האָט געהערשט אַ שטילקייט.

אַ זייטיקע טיר האָט זיך געעפנט און אַ יונגע פרוי איז אַרויסגעקומען כדי אים צו באַגריסן. ער האָט דערזען באָרוועסע זויבערע פיס. פאַר אים איז געשטאַנען אַ פּשוטע געשטאַלט אין אַ בלאָען כאַלאַט מיט האָר פאַרקעמט אין צוויי צעפּ. ער האָט נישט געקאָנט דערקענען ווי אַלט זי

איז. דאָס איז געווען פייגע. ער האָט זי גיכער געקענט פון סטעפּעס דער־ציילונגען, ווי ער האָט זי געדענקט. פייגע האָט געאַרבעט אין זיין יתומים־היים אין משך פון צוויי יאָר. פריִער איז זי געווען זיין שילערין אינעם תרבות־סעמינאַר אין וואַרשע. אָבער דער דאָקטאָר האָט געהאַט אַ שלעכטן זכרון פאַר מענטשלעכע פּנימער.

— גענוג אַז אַ נאָענטע פּערזאָן — פלעגט ער זיך פאַרענטפערן — זאָל ענדערן דעם הוט און איך דערקען זי שוין נישט.

— איך בין געווען פאַר אייך איינע פון אַ סך. וויפל דערציִערינס זענען פאַרבייגעגאַנגען פון יענער צייט אָן דורך דער קראָכמאַלנע־גאַס. איר אָבער זענט געווען אַן איין־און־איינציקער...

זיי זענען גלייך אַריבער אויפן געשפּרעך וועגן קינדער.

— איך האָב געבראַכט שפּילצייג פאַר די קינדער — האָט ער גע־זאָגט — און מיך וווּנדערט וואָס איר נוצט נישט אויס דעם מאַטעריאַל.

זיי האָבן זיך געפונען אין שפּילזאַל, וואָס איז געווען אָפּגעטיילט פונעם עסזאַל מיט אַ גלעזערנער וואַנט.

ליכט איז אַריינגעפאַלן דורך די שפּאַרעס און לאָדנס. דאָ איז געווען קיל און ריין. לעבן די קליינע טישן זענען געשטאַנען קליינע שטולן. לעבן די ווענט אַרום זענען געשטאַנען קאָלירטע וויגפערדלעך מיט ברייטע באַ־קוועמע זאָטלען. אויף די ווענט — פאַרשידענע מאָזאַיִקס, אויסגעשניטענע פון פּאַפּיר, און עטלעכע רעפּראָדוקציעס. עס האָבן אויך נישט געפעלט קייִ בלומענטעפּ מיט אַספּאַראַגוס־פּלאַנצן. אין אַ ווינקל איז געלעגן אַ שטרויענע מאַטע און אַ קאַסטן מיט קאָלירטע, לאַקירטע פּירעקיקע קלעצלעך.

דאָ איז געווען אָנגעזאַמלט אַלץ וואָס מ׳האָט געקאָנט פאַרלאַנגען אין אַ שפּילזאַל פאַר קינדער. איינגעאָרדנט איז עס געווען נישט דורך אַר־בעטער, נאָר דורך די עלטערן. די פערדלעך האָט אויסגעשניטן און גע־מאָלן אַ פאָטער, די מאַטע האָט אויסגעפלאָכטן אַ מוטער. דאָס צימער איז געווען איינגעאָרדנט מיט ליבשאַפט.

נישט געווען וואָס צוצוגעבן. ער האָט געזען ווי זיין פּראָגראַם איז

רעאַליזירט געוואָרן, און זיך דערפילט ווי אַן איבעריקער... דער נעגער קאָן אַוועקגיין...

נישט־ווילנדיק האָט ער אַרויסגעצויגן די הילצערנע קלעצלעך פון טאַש:

— כ׳האָב געמיינט, אַז זיי וועלן זיך דערפרייען — האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר פייגען.

— אין דעם צימער, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער דרויסנדיקער זייט און פון דער זון — האָט דערקלערט די דערציִערין — מוזן די קלעצלעך זיין לאַקירט, לייכט צו וואַשן.

ער האָט געזען ווי גערעכט זי איז און נאָך אַ גרעסערע שרעק האָט אים אַרומגענומען פאַרן טרעפן זיך מיט די קינדער פון קיבוץ.

דאָס זענען געווען קינדער נישט קיין באַעוולטע נאָר דערצויגענע כמעט אין אַן אַטמאָספער פון לאָגישן לוקסוס. מ׳האָט זיי אַוועקגעגעבן אַלץ פונעם בעסטן, זיי האָבן אַלע מאָל געהאַט עסן צו דער זאַט אויסגעמאָסטן לויטן סכום פון קאַלאָריעס און סאָרט פון וויטאַמינען. זיי זענען געשלאָפן אין לופטיקע זאַלן, אין ריינע בעטן, געזעסן ביי קליינע טישן אויף נידעריקע שטולן און האָבן זיך געשפּילט צווישן די גראָזן און סאָסנעביימער פון עין־חרוד. עס זענען זיי אומבאַקאַנט געווען די שטיקעניש פון דער שטאָט און די ברוטאַלע רעכט פון דער גאַס.

אין אַ סך קיבוצים האָבן זיך די דערציִערינס באַנוצט מיט די פּעדאַגאָגישע מעטאָדן פונעם דאָקטאָר און גענאָסן פון זיינע אָנווייזונגען. די קיבוץ־קינדער האָבן געלייענט זיינע ביכער אין דער העברעיִשער איבערזעצונג. וועגן אַזאַ קינדהייט האָט ער דאָך געטרוימט זיין גאַנץ לעבן. זענען זיי געווען גליקלעך? — ווי אַזוי וועל איך זיי וועגן דעם פרעגן — האָט ער אַ זאָג געטון מיט צער.

און אפשר האָט ער גאָר מורא געהאַט וועגן דעם צו פרעגן...

ער האָט זיך דערפילט ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ הויכער מויער. פון איין זייט זענען געווען די קינדער, פון דער צווייטער זייט — ער.

— איך וועל גיין — האָט ער געזאָגט. — איך קאָן סיי ווי סיי מיט זיי נישט רעדן.

— ווּהין? רוט אײַך אויס! קוקט אײַך צו זיי צו פון דער ווײַטנס.

— אַפילו מיט זייגקינדער דאַרף מען רעדן — האָט ער זיך באַקלאָגט. ווּעל איך מיר שוין גיין דאָרטן ווּ מע וועט מיך פאַרשטיין.

עס איז געווען צוועלף אַזייגער מיטן טאָג ווען דער דאָקטאָר האָט פאַרענדיקט דאָס שיילן די קאַרטאָפל. ער האָט געהאַט זיין אייגן מעסערל און פאָרזיכטיק געשאָבן די בולבעס. צוויי אַלטיטשקע מיט איבערגעבונדענע טיכלעך אונטער דער גאָמבע האָבן לאַנגזאַם און מיט ווירדע געטון דאָס זעלבע וואָס ער.

זיי זענען געזעסן איינעם שאָטן פון מויער, אָפּגעטיילט פון דער רעשט וועלט, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט זון. מ׳האָט געקאָנט אַ סך טראַכטן און ווייניק רעדן.

די אַלטיטשקע פרויען האָבן געזיפצט פון צייט צו צייט. נישט ווייל זיי איז דאָ, חלילה, שלעכט, נאָר זיי האָבן זיך עפּעס מאָדנע נישט געקאָנט צוגעוווינען. דערוואַקסענע טעכטער — מאַמעס פון קינדער — טראָגן הויזן. די אייניקלעך רעדן מיט אַ פרעמדן לשון, אין דער קיך פאַרען זיך אַרום מענער...

— מיין שכנטע האָט זיך נעכטן אַליין געמאַכט אַ פאָר פאַנטאָפל — האָט אַ זיפץ געטון איינע, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ צוליבן מערקווירדיקן סדר אויף דער וועלט.

— מ׳עסט דאָ רויע געריבענע מייערן — האָט דערציילט די צווייטע.

— איר בענקט נאָך פוילן? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר.

—כ׳האָב שוין פאַרגעסן. נאָר טייל מאָל כאַפּט מיך אַרום אַזאַ בענקעניש אַז איך זאָל כאָטש נאָך איין מאָל אין לעבן פאַרזוכן פאָווידלעס פון רויטע און שוואַרצע יאַגדעס...

— איר וועט פאַרזוכן, איך וועל אייך שיקן, ווען כ׳וועל צוריקפאָרן — האָט ער געענטפערט. ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן.

ער איז געווען בייז אויף זיך וואָס ער רעאַגירט אויפן לעבן אין קיבוץ פונקט אַזוי ווי די צוויי אַלטיטשקע, מיט פאַרגלייכונגען און דערינערונגען. ער האָט זיך געפילט זעלבסטדערנידעריקט, אַז דאָרט, צווישן די

יונגע און געזונטע אין פעלד און גאָרטן האָט ער נישט געפונען פאַר זיך קיין אָרט.

— ווען איך וואָלט דאָ אַהערגעקומען מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק — האָט ער אַ טראַכט געטון.

אַן אויסערגעוויינטלעך לאַנד מיט זעלטענע מענטשן. ער האָט אויף אַ ווייל פאַרמאַכט די אויגן. די בילדערישע בלאָקייט האָט אים פאַרגאַסן, פאַרפלייצט. ער האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן די שיינקייט פון כינרת.

אַ לאַנד וואָס זוכט גאָט.

— לאָמיר נאָך אַ מאָל פאָרן צום כינרת — האָט ער געבעטן שימחוני ביים מיטאָג.

די רייזעס אין עמק געהערן נישט צו די שווערע זאַכן.

מע שטעלט זיך פשוט אַוועק אויפן שאָסיי און מ׳הייבט אויף אַ האַנט אין דער ריכטונג פונעם אָנקומענדיקן וואָגן: אַ מאָל איז עס אַ פּריוואַטער אויטאָמאָביל, אַ מאָל אַ פּאָליציי־שער טענדער, אַ מאָל אַ לאַסטוואָגן פון „תנובה" און אָפט גאָר אַ וואָגן מיט באַמיסטיקונג פאַר די פעלדער.

עסן און שלאָפן איז אויך נישט קיין פּראָבלעם. אינעם ירדן־טאָל זענען אַלע פאַר קילאָמעטער פאַראַן אויפגעשטעלטע געצעלטן, באַראַקן און דרוק־קראָפט־טורעמס פון קיבוצים. דורכן אָפענעם טויער קאָן יעדער איינער אַרייַנגיין און, אַ נישט־געפרעגטער דורך קיינעם, זיך אַוועקזעצן אין עסצימער ביים טיש כדי אָפּצועסן אַ מאָלצייט צוגלייך מיט אַלעמען. באַצאָלן קאָן מען נאָר מיט... אַ דערשטוינונג, ווייל ס׳איז אַפילו נישטאָ צו וועמען אַ שמייכל צו טון און וועמען צו באַדאַנקען, נישט רעדנדיק דערפון וואָס דאָ איז אומבאַקאַנט אַ באַלוינונג פאַר שלאָפן און עסן.

זיי האָבן אָנגעהויבן די רייזע אויף אַ פריילעכן אופן. דער דאָקטאָר איז ווי געוויינטלעך געקומען אין אַ רעקל, הויזן מיט שעלקעס און אַ פּאַסיק. ער האָט געמוזט אויסטון דאָס רעקל, ווייל ס׳איז געווען אַ היץ.

— ביי אונדז אין עמק — האָט שימחוני געשפּאַסט — טיילן זיך די מענטשן איין אויף פּעסימיסטן און אָפּטימיסטן. נאָר פּעסימיסטן טראָגן הויזן־האַלטערס.

דער דאָקטאָר האָט זיך פאַררויטלט און באַלד אויפן פוסטן שאָסיי

אָפּגעטשעפּעט די שעלקעס, אַרויפגעשלעפּט העכער זיינע הויזן און צוגע־געבן מיט געלעכטער:

— כ׳וואָלט נישט געוואָלט אַז עמעצער זאָל וועגן מיר אַזוי טראַכטן.

אַ לאַסטוואָגן האָט זיי מיטגענומען קיין נצרת. דער לאָמער שימחוני האָט קוים אָנגעהאַלטן שריט מיטן דאָקטאָר, וואָס האָט זיך געאיילט צום קלויסטער ווו ער האָט געהאַט אַ באַקאַנטן מאָנאַך. שימחוני האָט זיך דערווייל אָפּגערוט אינעם שאָטן פונעם קלויסטער־גאָרטן. ער האָט זיך אַפילו נישט אָנגעשטויסן וועגן וואָס דער דאָקטאָר האָט געשמועסט מיטן מאָנאַך.

— איך האָב אים דערציילט וואָס ס׳טוט זיך אויף דער וועלט און ביי אונדז אין פוילן — האָט ער גערעדט אַן אויפגערייצטער, ווען ער איז אַרויס פון קלויסטער — ער האָט נישט געוואָלט גלייבן... איך קען אים שוין לאַנג, נאָך פון דער שולבאַנק, ווייל איז דעם וואָס האָט זיך אויס־באַהאַלטן הינטער די מויערן און ציפּרעס־ביימער. ווייל איז דעם וואָס גלייבט... — האָט ער געמערקט, גייענדיק דורך די שמאָלע געסלעך פון דער שטאָט אין דער ריכטונג פון שאָסיי.

וואַרטנדיק אויף אַן אויטאָבוס אין טבריה האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט ביים ברעג פון דער אָזיערע לעבן אַ טישל אין אַן אַראַבישן קאָפעהויז.

דער רויך פון נאַרגילעס, דער ריח פון געפּרעגלטע קאַבאַקן, דער טומל פון די אַראַבישע יינגלעך האָבן זיי פאַרהאַלטן ביים ברעג פון וואַ־סער. די אָזיערע האָט אַלע מאָל אויסגעזען ווי פאַראייניזאַמט.

פאַרנאַכט האָבן זיך די פעלדזן אָפּגעשלאָגן אינעם וואַסער מיט אַ ראָזער קאָליר. עפּעס אַ מיסטישע רויקייט האָט געשוועבט פון דער שיינענ־דיקער גלאַטער אויבערפלאַך.

— איר קאָנט זיך נישט באַפרייען פון דעם צויבער — האָט שימחוני געזאָגט — אַזוי רעאַגירן אַלע ווען זיי זעען דעם כינרת.

— איצט פאַרשטיי איך פאַרוואָס דאָ איז דאָס פאָטערלאַנד פון נסים און פאַרוואָס ס׳זענען דאָ אין דער געגנט אַנטשטאַנען די ערשטע קיבוצים, וואָס לעבן מיט די טראַדיציעס פון ואהבת לרעך כמוך.

ער האָט אַרויסגענומען פון טאַש זיין פוילישע ביבל, אויפגעבלעטערט

די זייטן פון דער עוואַנגעליע און אָנגעהויבן צו לייענען וועגן ישו, וואָס האָט דערזען צוויי ברידער, וואָס פאַרוואַרפן אַ נעץ אין ים אַריין. דאָס זענען געווען די פישערלייט פיטער און פאַול ¹.

„געבענטשט זענען די וועלכע ליידן פון גזירות צוליב גערעכטיקייט״ — האָט ער געלייענט הויך. — דאָס זענען מיר, יידן, וואָס ליידן — האָט ער צוגעגעבן.

אויפן וועג האָט ער געשוויגן.

ווען זיי זענען אויסגעשטיגן פון אויטאָבוס האָט די ערשטע פערטל לבנה, אַזוי ווי אַן אָפּענער קלאַמער, זיך באַוויזן אויפן הימל.

— איך וועל גיין צו זיך אין צימער — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — כ׳וואָלט נישט געוואָלט היינט זען קיין סך מענטשן.

אָבער ער איז נישט אַוועק צו זיך: ער האָט דערזען ליכט אין שוס־טער־וואַרשטאַט. גור־אריה איז געזעסן אויף אַ טאַבורעט ביי דער אַרבעט. ער האָט באַדאַרפט פאַרענדיקן פאַר עמעצן אַ פּאָר זוילן אויף שבת.

ווי געוויינטלעך האָט ער באַגריסט דעם דאָקטאָר מיט גרויס פרייד.

— דער דאָקטאָר איז געקומען צו מיר, צו אַ פּראָסטן מענטש — האָט ער געזאָגט — אַלע אין קיבוץ זענען מיך מקנא, אַז איר האָט דווקא מיך אויסגעקליבן פאַר אַ פריינד. פאַרוואָס מיך? דערפאַר וואָס כ׳בין אַ שוסטער? דער וואָס איז צום וויניקסטנס געלערנט אין קיבוץ?

דער דאָקטאָר האָט איבערגעריסן דעם שטראָם פון זיינע רייד:

— איר האָט מיר צוגעזאָגט אַז ווען די לבנה וועט זיך באַווייזן וועלן מיר גיין אויפן אַלטן בית־עולם. איז די לבנה טאַקע היינט אינעם ערשטן פערטל.

— אויפן בית־עולם? אין מיטן דער נאַכט?

ער האָט אים געוואָלט אָפּרעדן דערפון, אָבער ווען ער האָט אַ בליק געטון אויפן דאָקטאָר און זיין ליידנדיק פּנים האָט ער געזאָגט:

---

[1] שמעון ושאול.

— גוט. כ׳וועל פאַרמאַכן דעם וואַרשטאַט, כ׳וועל מיך אַרומוואַשן און מיר וועלן גיין.

— אָבער קיינער דאַרף דערפון נישט וויסן. מיר וועלן גיין אַליין.

גור־אריה איז געווען אַ ריז. ער האָט געהאַט געדיכטע שוואַרצע וואָנסעס, פריילעכע שוואַרצע אויגן און גרויסע, שווערע הענט. ער האָט געשטאַמט פון זשיטאָמיר, געדינט אין מיליטער ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן און שפּעטער איז ער אַנטלאָפן פון רוסלאַנד און אַריין אין אַ קיבוץ. פאַרוואָס?

אינעם קיבוץ פלעגט מען דערציילן מיט געלעכטער אַז ער האָט געדינט אין דער ווייסער אַרמיי. גור־אריה האָט אויסגעמיטן די דאָזיקע טעמע.

— איך בין געווען אין וואַרשע — האָט ער געזאָגט, אויסמיידנדיק דעם פאַר אים אומאָנגענעמען פּעריאָד — כ׳בין דורכגעגאַנגען פוילן צופוס.

ער האָט נישט גערן גערעדט רוסיש.

— דאָס איז אַ צו פריילעכע שפּראַך פאַר מיר — האָט ער צוגעגעבן. דאָ אין ארץ־ישראל וויל איך נישט מיין דאָרפישן לשון.

גור־אריה האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער אוקראַינישער פויער, מיט אַ קאַרטאָפל־נאָז וואָס איז געווען אַ ביסל אַ רויטלעכע. ער איז געווען אַ מאָדנע־ יונג, פול מיט קאָנטראַסטן.

ער איז אַנטלאָפן פאַר די באָלשעוויקעס, כדי אַריינצוטרעטן אין אַ קיבוץ. געווען אינעם קיבוץ אָבער ער האָט געדאַוונט און געבראַכט ראיות פון דער משנה.

דער דאָקטאָר האָט אים געפּאָרשט און נאָכגעשפּירט, זיך צו אים צוגעבונדן און ליב געהאַט צו הערן די אַנעקדאָטן פונעם אויסטערלישן מענטש וואָס איז אַזוי נישט ענלעך צו אַלע אַנדערע ייִדן.

גור־אריה האָט גערעדט אַ סך און פּאַמפּאַטיש.

זיי זענען געגאַנגען לעבן דעם קוואַל פון גידעון, וועמענס וואַסערן האָבן געגלאַנצט אין שיין פון דער לבנה.

— איצט רעדט נישט — האָט געבעטן דער דאָקטאָר.

דער זייגער איז שוין געווען צוועלף ביינאַכט, און אפשר האָט זיך

אַזוי נאָר אויסגעוויזן דעם מידן און איבערגעשראָקענעם גור־אריה, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו קלעטערן אויף דער שאַרפער סטעזשקע באַרגאַרויף. הינטערן אַלטן ישוב, ווו ס׳זענען איצט פאַרבליבן נאָר עטלעכע פּוסטע באַ־ראַקן; הינטער די וויינפעלדער, וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט מיט ציפּריסן און סאָסנע־ביימער — איז געלעגן דער בית־עלמין פון קיבוץ.

דער דאָקטאָר האָט געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ צאָל איז געשטאָרבן? פון וואָס? ווי אַלט איז געווען דוד? ווי אַלט איז געווען אבראָם? צי זענען פאַרבליבן קינדער?

ערשט ווען זיי זענען אַריין דורכן טירל פון דער פאַרצאַמונג איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

פון הינטן האָט זיך דערטראָגן אַ דורכדרינגענדיקער געוויין פון אַ שאַקאַל. די ווייסע מצבות האָבן אויסגעזען אין שיין פון דער לבנה נאָך ווייסער ווי געוויינטלעך...

— אָט דאָ זענען אונדזערע חברים — האָט געזאָגט דער שוסטער.

ער האָט באַמערקט אַז דער דאָקטאָר ציטערט.

— מיר וועלן זיי שוין מער נישט לעבעדיק מאַכן — האָט ער גע־זאָגט ווי מע וויל געוויינטלעך עמעצן טרייסטן.

— לאָז מיר זיך אַ ביסל אָפּרוען, מיין פריינד — האָט זיך אָפּגערופן דער דאָקטאָר.

ער האָט זיך פלוצלינג צעוויינט.

גור־אריה האָט שפּעטער דערציילט, אַז ער האָט נישט געוווּסט צי אין דעם געוויין האָט זיך אַנטפּלעקט די שוואַכקייט צי די שטאַרקייט פו־נעם מענטש.

— זאָגט מיט מיר אָפּ די תפילה נאָך געשטאָרבענע — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט.

גור־אריה האָט זייער שיין געקענט אָפּריכטן מזכיר־נשמות, כמעט ווי אַ חזן.

— וואָס קאָן איך פון דאַנען מיטנעמען ווי אַן אָנדענק — האָט ער

געפרעגט ביים שוסטער. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל און עס אָנגעפילט מיט ערד פון דעם פּיאָנערן־בית־עולם אין עין־חרוד.

— איך האָב אַ מאָל אָנגעשריבן אַ בוך מיט תפילות — האָט ער גע־זאָגט — איך וועל עס דיר צושיקן.

ער האָט שנעל אָנגעהויבן קלעטערן באַרגאַראָפּ ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין און פאַרן געוויינטלעכן טאָג, וואָס האָט זיך אָנגע־געהויבן פון נצרת און פאַרענדיקט אויפן יידישן בית־עולם אויפן באַרג גילבוע.

קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

# אַ בינטל בריוו

נאָך דעם ווי דער דאָקטאָר האָט פאַרבראַכט צוואַנציק טעג אין עין־חרוד האָט ער פאַרלאָזט ארץ־ישראל. אין צווישנצייט איז ער געווען אין ירושלים, תל־אביב אָבער האָט ער נישט געזען, אָפּלייגנדיק עס אויף להבא, ווייל ער האָט געגלייבט, אַז ער וועט אין גיכן צוריקקומען.

די אָנגעבינדענע פעדעם פון פריינדשאַפט מיט אַ סך נאָענטע מענטשן האָט ער אָנגעהאַלטן דורך קאָרעספּאָנדענץ.

די בריוו זענען געווען אויפריכטיקע, אָפט טרויעריקע, טייל מאָל אַפילו האַרצרייסנדיקע.

דורך די בריוו האָט גערעדט נישט נאָר די ביטערקייט פון אַן אַנטוישטן מענטש, נאָר די פאַרצווייפלונג פון אַן אַנטוישטער גענעראַציע, וואָס פילט ווי זי פאַרלירט דעם באָדן אונטער די פיס.

„כ׳בין קיין מאָל נישט געווען צו נאָענט פאַרבונדן מיטן לעבן — האָט ער געשריבן אין אַ בריוו פון 9טן דעצעמבער 1936 צו איינער פון זיינע שילערינס, אַ דערציִערין אין עין־חרוד — ס׳איז געפלאָסן אַזוי ווי פאַרביי מיר. פון דער פריסטער יוגנט אָן האָב איך מיך געפילט גראָ און אומגייטיק. וואָס איז עס פאַר אַ ווונדער, אַז איצט איז דאָס געפיל געוואָרן נאָך מער פאַרשטאַרקט. איך צייל נישט די טעג נאָר די איבערגעלעבטע שעהען. דער אַרויספאָר קיין ארץ־ישראל איז געווען פאַר מיר מסתמא שוין מיין לעצטע אָנשטרענגונג. און איצט — גאָרנישט.

איך גלייב אין דער צוקונפט פון דער מענטשהייט. ווען איך וואָלט אויפגעהאַלטן דעם נאַציזם באַגריף פון גאָט, וואָלט איך מסתמא געבעטן צוצואיילן די מינוטן פון אויסלייזונג, ווייל די וועלט ליידט און קודם־כל ליידן די קינדער.

איך בין נעכטן געווען — ס׳ערשטע מאָל נאָכן צוריקקומען — אויף אַ הערלעכן פילם: „דער קליינער לאָרד“. דאָס קינד וועט שפּילן די הויפּט־ראָל אין דער גייסטיקער אויפלעבונג פונעם מענטש. איך בין זיכער אין דעם.

איך האָב געוואָלט, אָבער כ׳בין נישט געווען בכוח אַנטייל צו נעמען אין דער וויכטיקסטער אויפגאַבע פונעם לעבן. אַ פּיינלעכער בילאַנס פון אייגענע אַנשטרענגונגען.

האַרציקע גרוסן פאַר אַלע.

קאַרטשאַק.״

•

אַ בריוו פון 30סטן מערץ, 1937.

ליבע מיינע, אויב עפּעס נישט פאָרויסגעזעענס וועט מיר נישט צע־שטערן די פּלענער, וועל איך אין מײַ זיין אין ארץ־ישראל, דאָס מאָל אויף אַ גאַנץ יאָר. און אויב נישט דאָס, אָדער עפּעס אַנדערש, וועל איך וווינען אין ירושלים.

מיר איז שווער געווען זיך צו אַנטשליסן.

מיין לעבן איז נאָר אויף אַזוי פיל ווערט, וויפל איך קאָן ברענגען נוצן. ליידער, זייענדיק אין פּוילן, גלייב איך נישט אַז איך זאָל נאָך קאָנען מיט עפּעס נוצלעך זיין, און באַקוועם לעבן בין איך נישט בכוח.

איך שעם זיך, אַז איך האָב וואָס צו עסן, בעת איך ווייס אַז ס׳זענען פאַראַן הונגעריקע קינדער. מיך עקלט ווען מע דאַרף געבן אַ שמייכל, ווען איך זע אַזוי פיל פאַרפייניקטע יונגע פּנימער.

איך האָב גערופן צו רעספּעקטירן דאָס קינד. גערעכט איז יענער גע־ווען וואָס האָט געפרעגט: ווער רעספּעקטירט דען היינט דעם מענטש?

איך רעד מיר אפשר איין אַז ס׳וועט מיר זיין לייכטער טאָקע פון ארץ־ישראל צו רופן און פאָדערן גערעכטיקייט און אַפילו — רחמנות.

כינע, אַביסיניע און שפּאַניע — אָט זענען די עטאַפּן פון מיין פּלאָג. און רוסלאַנד און דייטשלאַנד? און וואָס וועט נאָך קומען אין דער גאַנ־צער צוקונפט? איר, יונגע האָט אַ גרויסע צוקונפט. איך גלייב אין דעם וואָס וועט אַנקומען, אין אַ נייער אויפלעבונג.

אויב נישט דאָס און עפּעס אַנדערש, אויב איך וועל באַווייזן, אויב איך וועל טיף אָפּעטעמען — וועלן מיר אַ שמועס טון. דאָס וועט דאַרפֿן זיין אַ לאַנגער שמועס, וואָס אין רעזולטאַט זאָל ער קאָנען געבן — גלייב איך — דעם איינציקן סינטעז:

„אויב עפּעס איז ווערט מי, אָנשטרענגונג און ליידן — איז נאָר: די פיזישע אומשטערבלעכקייט אין אייגן קינד און די מאָראַלישע — אין עמאַנירן די אידייע וועגן אַ פרייער ברידערלעכקייט נישט נאָר מיט מענטשן, נאָר גראָזן און שטערן — מיט גאָט".

אינעם זוכעניש פון אַ פשוט און מאַגיש וואָרט האָב איך באַשלאָסן — אויב איך וועל באַווייזן — עולה־רגל צו זיין צום דריטן מאָל.

אַ האַרציקער האַנטדרוק פון גאָלדשמידט.

דעם 30סטן מערץ, 1937.

צו די נאָענטע מיינע אין עין־חרוד.

אייגנטלעך האָב איך נישט געענדערט דעם פּלאַן: איך האָב צוגע־זאָגט, אַז כ׳וועל קומען אין צוויי יאָר אַרום, אויב איך וועל זיין אומשטאַנד מער־ווייניק זיך צו פאַרשטענדיקן אויף העברעיִש.

בדעה האָבנדיק שוין איצט אַרויסצופאָרן קיין ירושלים, מאַך איך מיר לייכטער די אויפגאַבע: אַ יאָר אין ארץ־ישראל וועט מיך צווינגען צו עפּעס אַ פרימיטיווער באַקאַנטשאַפט מיט דער שפּראַך. די צווייטע סיבה איז די אַז מע דאַרף, קודם־כל, איינאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט, אויס־גלייכן די ביינער, צוריקגעווינען דאָס רעכט צו שמייכלען.

אפשר וועט מען דעמאָלט האָבן אַ רעכט זיך צו באַווייזן אין דאָרף. כ׳האָב אָנגעשריבן וועגן „פּלאַן" — כ׳האָב שיער נישט אָנגעשריבן וועגן דעם „באַשלוס". ס׳זעט אויס אַ ביסל קאָמיש, פּונקט ווי ס׳וואָלט נאָר פון מיר אַליין אָפּהענגיק געווען די רעאַליזירונג פון אַזאַ געוואַגטן שריט. צי איז נישט גענוג אַן אינערלעכער באַשלוס, אומאָפּהענגיק צי מע וועט אים באַווייזן צו פאַרווירקלעכן?

עס וועט זיין נישט אין גאַנצן פאַרשטענדלעך, אָבער — כ׳גלייב — אַז אויב איך וואָלט נישט געקומען ווי אַ גראָער, מידער, פאַרפייניקטער,

כדי זיך צו טיילן מיט אייך מיט דעם וואָס איז מיר איבערגעבליבן, וועל איך קומען צו אייך ווי אַ קינד, וואָס הייבט אָן אויף ס׳ניי זיין וואַנדערן דורכן לעבן.

אַ מעטאַפיזישע רעינקאַרנאַציע?

ניין. פאַר מיר עקזיסטירן רעאַלע אמתן, וועלכע ס׳האָבן באַקרעפ־טיקט פאַרשידענע אָוונטן אין ארץ־ישראל — אַ לאַנד וואָס זוכט גאָט. וועט עמעצער אפשר זאָגן: — און אינדיע, און כינע? ס׳קאָן זיין.

אָבער דאָ, אין דער בענקשאַפט, אין דערנידערונג, אין שאַנד און שפּאָט, האָט זיך פאַרהאַרטעוועט — נישט ווילן, נישט באַגער, נאָר די באַדערפעניש צו געפינען די וועזנטלעכקייט און דעם ציל פון דאָ־זיין. אייער אומרו און געפיל פון נישט געזעטיקטקייט זענען טאַקע די זוכענישן.

אַנטשולדיקט מיר וואָס איך טייל מיך מיט נישט קיין רייפע געדאַנ־קען.

רעאַל גענומען שטעלט זיך דער ענין אַזוי פאַר: איך וויל, איך מוז אַפילו, אָנקומען קיין ירושלים אין מײַ. דאָרט וועל איך מסתמא דורכליידן די צייט אויף אַ סטודענטישן אופן. דערנאָך וועל איך ערשט, מיין איך, פאָרן וווהין מע וועט מיך רופן, און טון, וואָס מע וועט פון מיר פאַר־לאַנגען.

די איינציקע און לעצטע פרייד אין לעבן — נאָך די יאָרן פון שווע־רע קאַמפן און דערפאַרונגען; האַרטע איבערלעבונגען און נאָכטראַכטע־נישן — ווי אַזוי פון מעל צו מאַכן ברויט פאַר מענטשן...

איך דערוואַרט נישט קיין ענטפער אויף דעם בריוו. איך שרייב צו אַנדערע, האַלט איך פאַר מיין חוב אָנצושרייבן צו די, וועמענס הענט איך האָב פריער געדריקט אינעם אויסערגעוויינטלעכן לאַנד מיטן אויסערגעוויינטלעכן פאָלק.

איך גרוס, שלום —

קאָרטשאַק.

פון אַ בריוו צו אַ דערציִער אין ארץ־ישראל:

ליבער הער יעקב — דאָס קעפּל פון בריוו אַנטשפּרעכט מיין ווירק־לעכע באַציִונג צו אייך: איר זענט מיר געווען אַ נאָענטער מענטש און

דער איינציקער דערציִער, וועלכן איך האָב מיט דער גאַנצער רויִקייט און צוטרוי (אין די געדאַנקען) אָנפאַרטרויט די ייִנגלעך פון יתומים־הויז...

אַז איר האָט נישט פאַרראָטן דעם אינטערנאַט פאַר דער שול — איז גוט. די היינטיקע שול איז פול מיט ליגנס — ס׳איז אַ שאָד פאַר איר די מי פון ערלעכע מענטשן.

ארץ־ישראל קאָן זיך, ליידער, נישט באַפרייען פון די איינפלוסן וואָס קומען פון דער שקרדיקער אייראָפּע. מ׳האָט געבעטן, האָב איך אָנגעשריבן וואָס איך טראַכט וועגן לערער־סעמינאַר פאַר די שולן אין דאָרף. כ׳בין אָבער נישט זיכער צי מע וועט מיך פאַרשטיין.

אויפריכטיקע, נישט קיין געפעלשטע, אַן סנאָביזם, אָן די געדאַנקען וועגן אַ קאַריערע, אָן אַמביציעלעך, — פאַראינטערעסירונגען פון די קינ־דער, אָנטפּלעקן, דערמוטיקן און פלאַנירן... איבעריקנס צו וואָס זיך צע־שרייבן וועגן אילוזיעס.

ס׳וואָלט אייך געווען ענג און שטיקנדיק אין אַן איבערגעזעצטער אויף העברעיִש דייטשישער אָדער אַמעריקאַנער שול. בלייבט אַלזאָ אַן אינטערנאַט. אָבער וואָס פאַר אַ קינדערהיים? אפשר טאַקע אַזאַ, צום אָנ־הייב, פאַר צוריקגעשטאַנענע קינדער, „שווערע צום דערציִען", וואָס איר האָט — אפשר צוליב אומבאַוווסטזיניקע מאָטיוון — אויסגעקליבן. דאָס איז אייער ערשטע אַרבעט ביים בויען וועג — אַ שוואַרצע אַרבעט, אַ שווע־רע אָבער אַן אַרבעט וואָס פאַרהאַרטעוועט.

אָ, ווי ס׳איז מיר אַ שאָד די פאַרטאַכליעוועטע ענערגיע! אָבער אפשר האָט מען אויף אַזאַ אופן געמוזט אין דער יוגנט? יאָ, איך גלייב נישט אַז איר וואָלט דאָ לענגער געאַרבעט. קיין גרינטלעכע רעזולטאַטן וועט איר דאָ נישט דערגרייכן, און די נויטווענדיקייט פון אַ קאָמפּראָמיס און פאַר־הוילונג וועט זיין פאַר אייך אַ לאַסט. ס׳איז אַ שאָד ארץ־ישראל, ווו פאַר שרעק קעגן די יסורים פון סטודזשעניעץ וועלן די לייבן מאַכן אַן אָנשטעל פון לעמעלעך. אין בעסטן פאַל די „שקיד־רעפּובליק" און דאָס נאָר אין די ראַפּאָרטן צו דער מאַכט...

— — — איך שטיק אין זיך די אמתן, וואָס מע קאָן נישט הויך אַרויסזאָגן, סיידן אין ארץ־ישראל, וואָס איז פאַר מיר דאָס צוגעזאָגטע

לאַנד. ס'פעלן נאָר, ליידער, די פערציק יאָר, וואָס מע דאַרף פאַרברענגען אין מידבר.

ווײַגן יתומים־היים און וועגן זיך אַליין וויל איך בעסער נישט שרייבן. ס'איז נישט פריילעך. אפשר האָב איך צופיל געגלייבט אין מיינע כוחות און אפשר האָבן אַמביציעס און פאַנטאַזיעס אַוועקגעפירט... אָבער דער בילאַנס פון לעבן האָט אַנטוישט, אויב נישט אַ פולשטענדיקער באַנקראָט — איז אַ נישטיקער איבערפלוס אויף דער זייט פון דערגרייכונגען.

דעם 14טן סעפּטעמבער, 1937.

— — — תל־אביב איז נישט ארץ־ישראל. דערצו נאָך דאָס אויסגע־טרוימטע. אַ שטאָט, אַ קאָלאָניע מיט אַ מזרח, מיט אַ דרום.

אַ נישט געזונטע שטאָט, אין וועלכער ס'האָבן געמוזט זיגן די אַמ־ביציעזע און געשיקטע — דאָס ערגערט: אַ שטאָט אין וועלכער נאָך אַ גוטער קאָניוקטור האָט געמוזט פאַרבלייבן דער בייגעשמאַק פון די אַנ־טוישטע און פון די רייכגעוואָרענע — איז צוויי; אַ שטאָט וואָס האָט זיך געמוזט זאָרגן וועגן רעקלאַמע און אויסזען — איז דריי.

וואָס שרייעוודיקער ס'זענען די לאָזונגען מיט אָדער אָן גלויבן — אַלץ גרויזאַמער איז די געפאַלנקייט.

און איצט די קינדער: אויטאָכטאָנען — אַריסטאָקראַציע, אַ געמיש פון אייראָפּעיִשע אָבערגלויבנס און פּראַזעאָלאָגיע מיט נישט פלאַנירנדי־קע און פון תאוהדיקער ליבע פאַרפירטע, בענקענדיקע און דעזאָריענטיר־טע עלטערן.

— — — איך האָב נישט בדעה צו דערנידעריקן די שטאָט כדי זיך צו בוקן פאַרן דאָרף. די קיבוצים האָבן אַנדערע, אָבער נישט קיין קלענערע שוועריקייטן — אין דער ערשטער ריי די עלטערן, זייערע אַמביציעס, פאַר־אורטיילן, איינגעוואָרצלטער געדאַנקענגאַנג און עמאָציעס. ארץ־ישראל איז נישט לייכט פאַר באַזעצן זיך. די זון מוז איבערברענען, דער ווינט פונעם ים דאַרף איבערלופטערן, די היץ — פאַרשטילן, דער זאַמד — מאַט מאַכן די פּרעכטיקייט פון קאָלירן.

— — — אויב איך האָב געוואָלט און איך וויל קומען קיין ארץ־

ישראל איז נישט ווייל איך האָב אילוזיעס. נאָר מע דאַרף די מענטשן זאָגן אַז נאָר גאָט (אָבער דער נייער, נישט דער פון פאַר צוויי טויזנט יאָר צו־ריק) איז דער, וואָס וועט ארץ־ישראל געבן דאָס רעכט פאַר קיום און די האָפענונג צו געפינען דעם וועג. נישט דער גאָט פון הימל, נאָר פון דער ערד; נישט קיין אידעאַל, נאָר אַ מענטשלעכער, אַ דערגרייכבאַרער. ס׳וואָלט געווען צו פיל צו שרייבן וועגן דעם וואָס כ׳ווייס און כ׳שטויס זיך אָן און כ׳וואָלט באַגערט צו אַנטוויקלען.

איך גלייב אַז דער געזונטער אינסטינקט פון עגאָיזם וועט אייך אָפּ־קערן פון אומפאָרזיכטיקע שריט, צונויפגעמישטע מיט דער אַמביציע פון גוטן ווילן. איר זענט יונג און איר וועט באַווייזן צו געווינען אויטאָריטעט. כ׳ווייס ווי שווער ס׳איז צו וואַרטן. ס׳לאָזט זיך, ליידער, נישט אַנדערש. דער אמת איז איינער: יעדעס לעבעדיק באַשעפעניש באַגערט פריינדלעכ־קייט אַפילו פאַר זיינע פעלערן און אָפּווייכונגען, ווער שמועסט נאָך אַ קינד.

---

דאָס ישראלדיקע דאָרף וועט אָדער האָבן הצלחה אָדער ס׳וועט זיין אַ צייטווייליקע סטאַציע פאַר דער גרויסער עמיגראַציע, צום וואָרשיינלעכסטן נישט קיין כינע אָדער אינדיע. ס׳וועט בלייבן דער אוניווערסיטעט, דער יידישער וואַטיקאַן. און אָט טאַקע דעם דאָזיקן ארץ־ישראל — דעם וועג־זוכער פאַר דער מאָראַלישער אויפלעבונג פון דער מענטשהייט, אָן שקר — וואָלט איך געוואָלט ווידמען די רעשט פון מיינע יאָרן.

פאַראַן אָבער, ליידער, אַ סך שטערונגען. דעם אמת זאָגנדיק, נישט קיין סך. דער עיקר בלויז: מאַנגל אין געלט. ווען איך וואָלט געהאַט אַזוי פיל וויפל מע דאַרף, וואָלט איך געמאַכט דעם פרווו. ווען כ׳וואָלט געהאַט אַ סך געלט, וואָלט איך אונטערגענומען אַ גרויסע אַרבעט פאַר אַ לענגע־רער צייט. דערווייל שטעל איך אַ טעאָרעטישע פראגע: צי איז דאָ אַ מעג־לעכקייט, און פאַר וויפל פונט אַ חודש, וואָלט איך געקאָנט אין דעם אינ־טערנאַט באַקומען אַ קליין צימערל מיט באַשפייזונג אויף אַ חודש אָדער צוויי.

מיין גורל וועגט זיך שוין דאָ עטלעכע חדשים. אָט, ס׳איז מיר געקו־

מען אין קאָפּ אַריין, שרייב איך. כ׳ווייס אַז איר וואָלט געוואָלט וויסן וואָס כ׳הערט זיך אין דער יתומים־היים. גאָרנישט קיין נייעס זינט פרייִלין סטעפע איז אָפּגעפאָרן. מאָרגן פאָרן די קינדער קיין גאָצלאַוועק. ס׳דאַרף פאָרקומען אַן ענדערונג, אַ נישט־געוווּנטשענע, פון דער אָנפירערין.

דער האָריזאָנט איז אַ פאַרכמאַרעטער, ס׳פעלט געלט. די קינדער האָבן באַלייגט די עקזאַמענס ווי אַלע מאָל. זיי האָבן זיך טאַקטפול צוגע־פאַסט צו די נייע באַדינגונגען, נישט פרווונדיק אויסנוצן די ענדערונג. כ׳בין מכלומרשט צוריק אין ראַדיאָ; כ׳דאַרף מכלומרשט שרייבן אַ לערנ־בוך פאַר די שולן, אָבער כ׳גלייב נישט אין דער דויערהאַפטיקייט און אי־נעם ווערט פון דער אַרבעט.

סיי ווי אָבער, בכדי דאָס צו ענדערן (אַזוי שפּעט!) איז נייטיק גלויבן. אפשר וואָלט אינטערעסאַנט געווען אָנצוהייבן ווי די קינדער פון „באַבאַ, דאַדאַ״, אָבער צי אויף לאַנג?

דעם 23סטן מײַ, 1937.

דער בריוו איז אַן ענטפער אויף אייערע דריי בריוו פון עין־חרוד. אַרויספאָרנדיק פאַראַיאָרן האָב איך געזאָגט: „ביים דריטן צוריקקומען מוז איך אַזוי פיל רעדן העברעיִש, אַז איך זאָל זיך קאָנען פאַרשטענדיקן״. איז אַלזאָ אין צוויי יאָר אַרום?

איז שוין אַוועק אַ יאָר. איך האָב גאָרנישט געטון. איז דאָס צווייטע יאָר — אין ירושלים און נאָר אַ העברעיִש לערנבוך, אַ צייטונג און אַ ווער־טערבוך. אויב ס׳וועט נישט געלינגען, וועט קיינער דערפון נישט ליידן, נאָר איך אַליין.

— — — איך נייטיק זיך זייער אין אייערע שטערן און אין אייערע קינדער. יעדעס ווינקל אויף דער ערד האָט זיינע דריי טויזנט יאָר, אָבער די געשיכטע פון ישראל איז אַנדערש פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. איך וויל איר זאָלט גלייבן, אַז איך וויל קומען, אָבער איך טאָר נישט כדי צו זיין אַ לאַסט. איר האָט גענוג שטיינער אויף די פעלדער פון אייער אַרבעט און לעבן. איך דאַנק האַרציק פאַר די פריינד־לעכקייט און צוטרוי. דערפאַר מוז טאַקע זיין נאָך גרעסער די פאָרזיכטי־

קייט. אפשר וועל איך פאָרן אין די קליינע ישובים ווי פּאַראַיאָרן ווען איך האָב באַזוכט די קיבוצים. ס׳וועט זיין אַ טרויעריקע רייזע אָבער מע דאַרף דאָך זען ווי זיי לעבן. אפשר וועט געלינגען צו זאָגן עפּעס וואָס וועט ברענגען אַ לינדערונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז אַזש אַ וווּנדער ווי מע קאָן זיך באַרייכערן אין אַזעלכע קורצע צוואָנציק טעג! וויפל מע קאָן לערנען, פאַרשטיין, געניסן — אויף לאַנג און אויף אייביק.

נו, און וואָס וועל איך טון ביי אייך, ווען איך וועל ווידער קומען, ווען די מאַשין האָט מיר אַוועקגענומען די אַרבעט פון שיילן קאַרטאָפל און מעלקן די קו לאָזט איר נישט אַבי וועמען און כ׳ווייס נישט צי בין איך שוין נישט צו אַלט פאַר דער אַרבעט אין פעלד.

## אַ בריוו צו מיאַ, שמחונים טאָכטער

וואַרשע, דעם 5טן דעצעמבער, 1937.

ליבע מיאַ — דיין מאַמאַ שרייבט נישט צו מיר אין גאַנצן און איך ווייס גישט וואָס ס׳טוט זיך ביי אייך. די עלטערן האָבן מסתמא נישט קיין צייט, שרייב איך, אַלזאָ, צו דיר. כ׳וויל דיר צו וויסן געבן אַז כ׳בין צוריקגעקומען קיין וואַרשע און כ׳האָב דערציילט אַז ס׳איז מיר געווען אין ארץ־ישראל זייער פריילעך און אָנגענעם, נאָר נישט גוט איז געווען וואָס איך האָב נישט געקאָנט מיט דיר און נישט מיט די חברטעס רעדן עברית. יאַקוב האָט מיר געגעבן אַ בוך, כ׳זאָל מיך אויסלערנען, אָבער כ׳האָב נאָך נישט אָנגעהויבן. ווייל כ׳האָב אַ סך אַרבעט. מע דאַרף כסדר עפּעס שרייבן; אָדער ס׳זענען דאָ אַ סך פאַרזאַמלונגען, אָדער כ׳לערן אַנדערע, אַזוי אַז איך האָב שוין נישט ווען מיך אַליין צו לערנען. איצט האָב איך טאַקע אַרויפגעלייגט אויפן טיש מיין ארץ־ישראלדיקע פאָטאָגראַפיע און כ׳האָב זיך דערמאָנט אַלץ ווי ס׳איז געווען.

היינט איז מיטוואָך און מאָרגן פאָר איך צו די פּוילישע קינדער אויפן גאַנצן טאָג. דאָרט זענען דאָ 75 קליינע קינדער און פּופּציק יינגלעך מיט פופציק מיידלעך אַזעלכע ווי דו.

דערנאָך, פּרייטיק, וועל איך זיין מיט ייִדישע קינדער, ווו ס׳געפינט זיך פריילין סטעפע ווילטשינסקאַ מיט 51 ייִנגלעך און 56 מיידלעך אַזעל־כע ווי דו.

היינט איז חנוכה. די ייִנגלעך האָבן געמאַכט פון האָלץ לייכטער און עס ברענען ליכטלעך אויף יעדן טיש. דערנאָך וועט זיין פייערווערק — דאָס איז אויף דראָט און ווען מע צינדט אָן — שפּרינגען שטערנס אַרום דעם דראָט.

ווען ס׳וועט זיך ענדיקן חנוכה, וועט ווידער זיין אַ יום־טוב פאַר די פּוילישע קינדער. דאָרט וועט זיין אַ ווייַנאַכטבוים. וואָס דאָס איז, וועט דיר דיין מאַמאַ דערקלערן.

שרייבט מיר צי האָט איר עלעקטריע און וואָס הערט זיך איבער־הויפּט? צי זענען דאָ פריילעכע נייעס? צי ס׳האָט גערעגנט און טאַקע אַזוי ווי מ׳האָט באַדאַרפט? ווייל ביי אונדז רעגנט איצט אָפט און ס׳איז אַ בלאָטע. ס׳איז נאָך נישט גאָר קאַלט, נאָר די זון באַווייזט זיך זעלטן, ווייל מע זעט בלויז וואָלקנס און וואָלקנס.

גריס האַרציק די מאַמאַ און דעם פּאַפּאַ און אַלע וועמען דו ווילסט, דו זאָלסט אָבער צוליב די גרוסן נישט האָבן צופיל אַרבעט.

זיי געזונט, ליבע מיאַ.

## דער לעצטער בריוו קיין ארץ־ישראל

געערטע מאַדאַם,

איך ווענד מיך מיט אַן עקזאָטישער בקשה. כ׳קען קיינעם נישט אין ירושלים — אפשר נאָר דעם אַדרעס פון דער פּערזאָן, וואָס האָט מיר גע־קאָנט און געוואָלט דעם ענין פאַרלייכטערן.

אויב איך וועל מיר שאַפן דאָס געלט, וואָלט איך סעפּטעמבער גע־וואָלט באַזוכן ארץ־ישראל, צו ווינטערצייט, אויף פיר חדשים, ביז יאַנואַר.

איך וואָלט אָנגעהויבן פון אַלט־ירושלים — אפשר אַ קעמערל, אָדער

אַ ווינקל אין אַן אַלטן חדר — איך האָב געזען אַזאַ, כ׳געדענק נישט אויף וועלכער גאַס. צי מעג מען דאָרט, צי וועט מען אַריינלאָזן, צי וווינט דאָרט אַן אָרעמער סטודענט?

וויפל דאַרף קאָסטן — וווינען און באַשפּייזונג, וואָס ס׳זאָל נישט זיין.

ווען דאָס זאָל נישט געלונגען, צי וואָלט מעגלעך געווען אַ פּלאַץ אין אַ בית־מדרש לעבן טבריה?

ווען דאָרט וואָלט זיך געפונען עפּעס אַ שילער פון פּוילן וואָס קען די פּוילישע שפּראַך, און ווידער — וויפל וואָלט עס געדאַרפט קאָסטן אַ חודש?

איך האָב מורא פאַר וואַנצן, איבעריקנס וואָלט איך געוואָלט וויסן, אויב זיי זענען פאַראַן — אין וואָסערער צאָל. כ׳קען זיי פון דער מלחמה (לייז אויך) — מע קאָן זיך צוגעוווינען. ס׳זאָלן נישט זיין קיין סיורפּריזן. ערגער איז מיט טראַכאָמע. כ׳האָב זייער עמפּינדלעכע אויגן — און מיט פייכטקייט, מיט רעוומאַטיזם. איך קען זיך — איין חודש וועל איך נאָר אויסהאַלטן.

עס איז מיר נייטיק, אפשר אַפילו נויטווענדיק. דערנאָך ערשט קיבו־צים, צום סוף — תל־אביב, וועלכע כ׳קען אין גאַנצן נישט און ס׳איז דאָך כדאַי זי צו קענען.

— — — עטלעכע ווערטער וועגן זיך: דעם יולי־אורלויב האָט איך פאַרבראַכט מיט די קינדער אין גאָצלאַוועק. ס׳איז געווען באַצויבערנדיק און הייס. אַ סך קאָפּווייטיק און נישט־גוטסקייט, ממש ישראלדיקע היצן. דאָס גראָז איז דורכגעברענט און דורכגעבראָטן.

כ׳האָב זיך ווידער באַפוילן צו זיין יונג. דער דערפאָלג איז אַ רעלאַ־טיווער און די מידקייט — גרויס. כ׳האָב זיך נאָך נישט אויסגעשלאָפן און איך מאָנטיר שוין אַ נייע אימפּרעזע, ווו כ׳קאָן ברעכן האַלדז און נאַקן. מע דאַרף זיך צואיילן, מע ריזיקירט נישט קיין סך — שוין נישט פאַר־בליבן קיין סך יאָרן.

איר, יונגע ציילט אין גאַנצן אומנייטיק די יאָרן. איר טאָרט זיך נישט איילן.

מאָדנע זעט מיר איצט אויס מיין שטיל צימערל פון וועלכן קיינער רופט מיך נישט אַרויס, כ׳זאָל העלפן עמעצן, וואָס האָט זיך אַריינגענו־מען אַ שטיקל האָלץ אין פוס, אָדער עמעצן וואָס אַ פליג איז אים אַריין אין אויג, אָדער אַ וועספּע האָט אָ ביס געטון, צי מ׳האָט צוגענומען דעם באָל, מע לאָזט נישט שפּילן...

ס׳איז שטיל, פּוסט, אָרעם און אַזוי ווי היימלאָז.

האַרציקע גרוסן און אַנטשולדיקונגען פאַרן אָנגריף.

קאָרטשאַק.

קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# אין דער קהילה

אינעם גרויסן האָל פון דער געביידע, וווּ ס׳האָט זיך געפונען די קהילה אויף דער גזשיבאָווסקע־גאַס אין וואַרשע, האָט אין אַ ווינקל גע־ברענט אַ קליין נאַכטלעמפּל, וואָס האָט געגעבן אַזוי פיל ליכט, כדי צו קאָנען אונטערשיידן בענק און טישן פון די מענטשלעכע געשטאַלטן. דער ריח פון קאַרבאָל און שווייס איז ממש געהאָנגען אין דער געדיכטער, נעפּל־דיקער לופט.

דער דאָקטאָר האָט זיך געזעגנט אויף דער גאַס מיט לעאָנען און האָט אַ שטופּ געטון די טיר וואָס איז דורך קיינעם נישט געווען באַוואַכט.

די „קליענטן" פון דער קהילה, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יודענראַט, האָבן דורכן טאָג זיך פאַרזאַמלט אין די רייען פאַר די פענצ־טערלעך, וווּ מ׳האָט אַרויסגעגעבן באָנעס אויף שפּייז, באַקליידונג, קוויט־לעך אין שפּיטאָל, אַרבעט־קאַרטן, וווינונג־צוטיילונגען, מעלדונג־פּאַפּירן, — איצט אין דער נאַכט האָבן זיי באַלאַגערט די גאַנצע שטיינערנע פּאָד־לאָגע.

איינגעהילט אין שמאַטעס, צוזאַמענגעדריקט אין משפּחה־גרופּעס האָבן די אַריבערגעקומענע פון די דערבייִקע שטעטלעך, אָדער היימלאָזע, וואָס מ׳האָט זיי אַרויסגעוואָרפן פון די דירות, גענאָסן פון דער גאַסט־פריינדלעכקייט פון דער קהילה נישט־פילנדיק פאַרויס, אַז די פריינדלעכע ווענט װעלן שוין אין די נאָענטסטע טעג ווערן פאַר זיי אַן אומגליק, ווייל כ׳גרייט זיך אַן אויסזידלונג פון דער הויפּטשטאָט.

דורכשפּרינגענדיק ממש איבער די שלאָפנדיקע מענטשן — איז דער דאָקטאָר אַרויף אויף די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום קאַבינעט פונעם פּרעזעס.

ער האָט אַפילו נישט געדאַרפט אָנקלאַפּן, ווייל ער האָט געפונען די טיר האַלב אָפן.

ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז נאָך ערשט נישט לאַנג האָט מען זיך באַדאַרפט מעלדן צו יעדן וואָס האָט אַמטירט ביים שרייבטיש אין פאַר־מאַכטן צימער און דערנאָך לאַנג וואַרטן אויף אַן אוידיענץ. די מאַכט אָבער פונעם פּרעזעס פון דער קהילה — די העכסטע אינסטאַנץ אין געטאָ, וואָס האָט אַרומגענומען די פולשטענדיקע קאָנטראָל איבער אַ האַלבן מיליאָן יידן — איז שוין קענטיק געווען נאָר אַ נאָמינעלע, נישט קיין פאַקטישע, אויב דער צוטריט צו איר פאָרשטייער איז געווען אַזאַ לייכטער.

דער פּרעזעס האָט געוווסט אַז ער קאָן נישט העלפן די מענטשן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט ביי זיי צונעמען דעם גלויבן; יעדער איינער האָט געקאָנט אַריינגיין און בעטן עפּעס און אויב ער האָט גאָרנישט באַקומען חוץ אַ גוט וואָרט — האָט דאָס אויך געהאַט אַ גרויסן באַטייט אין די שווערע צייטן.

אין טשערניאַקאָווס קאַבינעט איז שוין געווען אַ ביסל ליכטיקער צו־ליבן לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפן שרייבטיש און האָט געוואָרפן אַ מילדן, געלן שיין אויפן פּנים פונעם מאַן וואָס איז געזעסן אַריבערגעבויגן איבער אַ שטויס פּאַפּירן.

דערהערנדיק טריט, האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן פון שרייבטיש.

ער האָט זיך געטראָפן מיטן אומרויִקן בליק פונעם דאָקטאָר.

דאָס אויסגעמאָגערטע פּנים פונעם פּרעזעס האָט אָנגענומען אַן אויס־דרוק פון פלוצימדיקער שרעק.

ער איז אויפגעשטאַנען פון אָרט. מיט דער האַנט האָט ער זיך פאַר־בעסערט זיינע גראָע האָר, וואָס זענען נאָך ביז נישט לאַנג געווען שוואַרץ און ער איז אַרויס פון הינטערן שרייבטיש אויסציִענדיק צום גאַסט זיינע ביידע הענט.

ס'איז נישט געווען אין דער באַגריסונג קיין פרייד: עלף אַזייגער אין דער נאַכט איז אין געטאָ נישט קיין צייט אָפּצושטאַטן אַ וויזיט. דערפאַר האָט אַ לייכטער אומרו, אָנשטאָט אַ פראַגע זיך באַוויזן אויף די שטומע ליפּן פונעם פּרעזעס.

זינט צוויי וואָכן האָבן די דייטשן געפּאָדערט צו פּאַרקלענערן די ייִדישע באַפעלקערונג, פּאַרענטפערנדיק זיך מיט דער עפּידעמיע, וואָס האָט געבושעוועט אין וואַרשע. זינט צוויי וואָכן זענען געפירט געוואָרן אונטערהאַנדלונגען מיט דער געשטאַפּאָ, געשטיצט מיט כאַבאַר, כדי צו פּאַרלענגערן דעם טערמין פון דער אויסזידלונג פון דער ערשטער גרופּע ייִדן, וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון „באַלעסטיקנדיקע" בירגער, דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער קהילה.

דער פּרעזעס האָט די גאַנצע צייט מורא געהאַט, אַז די אונטערהאַנדלונגען וועלן איבערגעריסן ווערן; אַז ס'וועט אויסגעשעפּט ווערן דער רעזערוו פון געלט און צירונג, וואָס געפינט זיך אין דער קאַסע פון יודענראַט, באַשטימט פאַר די געשטאַפּאָ־באַאַמטע.

דערווייל האָט די אויסזידלונג געהאַט בדעה אַרומצונעמען נישט נאָר די אָרעמקייט נאָר אויך די אַרעסטירטע, וואָס זענען געזעסן אין דער ייִדישער תפיסה אין געטאָ, פאַר די קלענסטע אַדמיניסטראַטיווע פאַרברעכנס.

די לאַגע האָט נישט אויסגעוויזן צו זיין גרויזאַם, ווייל מ'האָט פאַרזיכערט, אַז די אויסגעזידלטע וועלן געפינען אַ ווינאָרט און אַרבעט אין די שטעט און דערפער פון די מזרח־געביטן וואָס מ'האָט אַוועקגענומען פון די רוסן. טשערניאַקאָוו האָט אין דעם נישט געגלייבט.

— ביטע, זיצט — ער האָט דערלאַנגט דעם דאָקטאָר אַ שטול — איך שטויס מיך אָן, אַז עפּעס וויכטיקס ברענגט אייך צו מיר.

דעם דאָקטאָר האָט מען שטענדיק אַרויסגעוויזן דרך־ארץ און כבוד.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אָטעמדיק שווער. ס'האָט אים פאַרמאַטערט דער דורכגעמאַכטער וועג פון דער קראָכמאַלנע־גאַס ביז דער גזשיבאָווסקע. נישט ווייל ס'איז געווען ווייט, נאָר ווייל ביינאַכט אין דער צייט איז עס געווען פאַרבונדן מיט לעבן־געפאַר. ער האָט געוווּסט, אַז נישט קוקנדיק אויף די דאָקומענטן פון אַ דאָקטאָר קאָן ער יעדע רגע דערשאָסן ווערן דורכן ערשטן בעסטן דייטש... אַזוי איז דאָך געווען מיטן דאָקטאָר ק. אויף דער סאָלנע־גאַס. ווען ער איז געגאַנגען צו אַ פּאַציענט האָט מען אים אָן שום סיבה דערהרגעט.

— מ׳האָט אונדז באַפוילן מאָרגן צו פאַרלאָזן די היים — האָט ער געזאָגט.

דער פּרעזעס האָט זיך איבערגעבויגן מיט זיין הויכער געשטאַלט איבערן ד׳אָקטאָר.

— פאַרלאָזן? איר דאַרפט אַוועקפאָרן? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, נאָר מיר מוזן זיך אַריבערציִען טיף אין געטאָ אַריין און מיר ווייסן נישט ווו...

טשערניאַקאָוו האָט לייכטער אָפּגעעטעמט. אַלזאָ נישט דאָס ערגסטע, נישט דאָס פאַר וואָס ער האָט זיך געשראָקן...

— ס׳איז זייער אַ שווערער ענין, אָבער נישט קיין האָפענונגלאָזער...

— האָט ער געזאָגט — אָבער פאַרוואָס אייגנטלעך? קראָכמאַלנע־גאַס געפינט זיך דאָך אויפן שטח פון געטאָ.

— פאַרוואָס? — האָט אויסגעשריגן דער דאָקטאָר — איר שטעלט נאָך פראַגן?

— יאָ, אמת, כ׳האָב פאַרגעסן, אַז מע טאָר נישט פרעגן... מע דאַרף נישט פאַרטייטשן... באַפעלן זענען ווי אַ שיקזאַל...

— נו, נישט אין גאַנצן... איר קענט דאָך די קונץ פון אָפּהאַלטן זייערע פאַראָרדענונגען.

— איך פרווו... — ער האָט מיט דער האַנט אַ רייב געטון זיין פּנים, און דערפילט אונטער דער האַנט דעם שראַם...

יעדער ייִד אין געטאָ האָט געוווּסט פון וואַנען דער שראַם איז אים געקומען. אין דער צייט פון אַ געוויסן וויזיט אין דער קהילה פון העכערע געשטאַפּאָ־באַאַמטע, איז ביי איינעם פון זיי אַראָפּגעפאַלן די הענטשקע אויף דער פאָדלאָגע. ער האָט אַ קוק געטון אויפן פּרעזעס און אים געהייסן ער זאָל זי אויפהייבן. ווען דער פּרעזעס פון דער קהילה האָט נישט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל, האָט ער אים דערלאַנגט מיט דער נאַגייקע איבערן פּנים ביז דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטון.

דאָס האָט געהייסן, אַז די דייטשן האָבן דרך־ארץ פאַר אַן איינציקער פּערזאָן אין געטאָ און נאָר מיט דעם איינעם רעכענען זיי זיך: מיטן פּרע־

זעס פון יודענראַט, טשערניאַקאָוו. משמעות אַז מ׳האָט אים טאַקע צו־מאָרגנס איבערגעבעטן.

— האָט איר געפּרוווט מיט זיי אונטערהאַנדלען? — האָט געפרעגט טשערניאַקאָוו.

— דער ענין איז אַ פאַרשפּילטער, פּונקט ווי אַנדערע ענינים — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט אַ באַטריבטער. — אָבער דאָס איז נאָך נישט דאָס ערגסטע. אויף דעם אָרט, צי אויף אַן אַנדער, אַבי נאָר צו האָבן געגוג ברויט...

— טאַקע אין דעם גייט עס. זיי דראָען, אַז זיי גייען פאַרקלענערן די פּאָרציע פון 25 דעקאָ אויף צען דעקאַגראַם אַ טאָג.

— דאָס מיינט נאָך עטלעכע הונדערט טיפוס־פאַלן אַ טאָג...

— איך האָב זיי דערקלערט אַז אויף אַזאַ אופן וועלן זיי נישט באַ־קעמפן די עפּידעמיע. אָבער זיי קעמפן נישט מיט דער עפּידעמיע, נאָר מיט אונדז...

— און וואָס איז מיטן שמוגל? יעדן טאָג קומט אָן פון יענער זייט מויער ברויט, קאַרטאָפל און אַפילו פלייש... מע זאָגט אַז מענטשן ווערן רייך פון דעם.

— אַלע געטאָ־געלטער וועלן פריִער צי שפּעטער דערטריקען ווערן אין די טיפע טאַשן פון דער געשטאַפּאָ — האָט דער פּרעזעס געענטפערט. — איר קאָנט אייך אַפילו נישט פאָרשטעלן ווי גייציק זיי זענען אויף ציי־רונג און דאָלאַרן. טייל מאָל ווען איך דערלאַנג זיי ראָלקעס מיט געלט און פּעקלעך מיט צירונג האָב איך דעם איינדרוק, אַז איך האָב צו טון מיט אַ הונגעריקן שאַקאַל, וואָס מע קאָן אים קיין מאָל נישט אָנזעטיקן. אונ־דזער געלט וועט זיך אַ געוויסן טאָג אויסלאָזן — און וואָס דעמאָלט?

— דאָס אַלץ וועט זיך דאָך אויך אַ געוויסן טאָג ענדיקן — האָט דער דאָקטאָר, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט, געענטפערט. — ס׳וועט זיך ענ־דיקן שנעלער ווי איר מיינט. האָט איר געהערט וועגן די מיליטערישע צו־גרייטונגען פון אַמעריקע? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— כ׳האָב געלייענט. מ׳האָט מיר געבראַכט אַ ביולעטין און פּוילישע

צייטונגען... אייער לעאָן ברענגט עס מיר יעדן פּרימאָרגן — האָט ער צוגעגעבן.

דער דאָקטאָר האָט אַ שמייכל געטון.

— אַ בריה אַ יונג — האָט ער געזאָגט — ער ווייסט נישט וואָס ס'הייסט מורא... ער האָט מיך דאָ אַהערגעפירט און איצט איז ער שוין מסתמא ערגעץ ווייט...

— ער איז נישט דער איינציקער. ווען נישט די קינדער וואָלט דער געטאָ אַ סך מער געהונגערט. מע שיקט אַרויס הינטערן מויער די קלענס־טע, זיי זאָלן ברענגען אַ ביסל פּראָוויאַנט.

— איך שיק נישט מיינע — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — איך קען די סטאַטיסטיק פון די דערשאָסענע...

— איז דען נישט אַלץ איינס ווו מע געפינט דעם טויט?

ביים דאָקטאָר האָט ס'בלוט אַ זעץ געטון אין פּנים.

— איר, ווי דער פּרעזעס פונעם ראַט טאָרט נישט איבערחזרן דאָס, וואָס ס'רעדן די שוואַכסטע אין געטאָ. דער גורל... פון דעם איז נאָר איין טריט צו קידוש־השם... צי ווייסט איר אַז ס'מערן זיך די אורטיילן פאַר דאַווענען בציבור? זיי ווילן אומקומען פאַרן גלויבן, ווען מע דאַרף פאַרן גלויבן לעבן.

טשערניאַקאָוו האָט אַ שמייכל געטון מיט ווייטיק.

— גיט אַ קוק אויף מיר — האָט ער געזאָגט — נאָך ביז נישט לאַנג זענען מיר אַזעלכע געדאַנקען נישט געקומען אין קאָפּ אַריין. כ'האָב ליב געהאַט זיך צו פאַרווײַלן... כ'האָב ליב געהאַט די גאַסן־באַוועגונג פון דער געגנט און די ריזיקע פון האַנדל ווי אין אַ קאָרטנשפּיל... כ'האָב ליב גע־האַט דאָס לעבן. אויב זיי האָבן געקאָנט פון מיר מאַכן אַ מאַרטירער...

— אַ מאַרטירער, פון אייך? איז עס נישט גיכער אַ קעמפער מיט בטחון צו געווינען? ס'איז דאָך נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן.

טשערניאַקאָוו האָט שפּרייזנדיק איבערן צימער גערעדט שטיל:

— איר קענט נישט די נייעסטע פאַראָרדענונגען... גאָרנישט, גאָר־נישט צו עסן. נישט קיין פעטס, נישט קיין צוקער, פּרוכט אָדער אויבסט. איר זענט דאָך אַ דאָקטאָר. דאָס וועט נישט זיין קיין געוויינטלעכער טויט.

צי האָט איר געלייענט הימלערס באַפעל? מע דערציילט עס אויפן אויער: „די ייִדן, לויטן באַפעל פונעם פירער, דאַרפן אין אייראָפּע נישט נאָר אומ־קומען, נאָר זיי דאַרפן פאַרניכטעט ווערן מיט אַ לאַנגזאַמען טויט פול מיט יסורים".

— משוגענע באַפעלן. מלחמה איז מלחמה. מע דאַרף עס איבערטראָגן און געווינען.

— געווינען? מ'האָט אונדז געשראָקן מיט אַ ביאָלאָגישן קריג, אָבער דאָס וואָס קומט אָן איז אַ סך ערגער. איך וועל אייך ווייזן אַ בריוו אין דער „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ". אַ בריוו פון אַ מוטער צו אַ זון.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאָר דינע שטיקלעך שוואַרץ ברויט און אַוועקלייגנדיק עס אויפן טיש האָט ער געזאָגט — כ'האָב פאַרגעסן אייך מבכּד צו זיין, כ'בין פּריווילעגירט — האָט ער צוגעגעבן — כ'האָב אַ ביסל ברויט.

דער דאָקטאָר האָט, נישט וואַרטנדיק אויף אַ צווייטער איינלאַדונג, זשעדנע אַ כאַפּ געטון עטלעכע שטיקלעך ברויט און זיי אַריינגערוקט אין טאַש אַריין.

— כ'וואָלט אייך געוועזן זייער דאַנקבאַר פאַר אַ ביסל צוקערלעך.

דער פּרעזעס האָט אים אָן אַ וואָרט דערלאַנגט צוזאַמען מיט דער צייטונג אַ קליין פּעקעלע, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפינען צוקערלעך. ער האָט געוווּסט אַז דער דאָקטאָר קאָן זיך אין דעם נייטיקן אין געוויסע שווערע מאָמענטן.

דער דאָקטאָר האָט שנעל איבערגעבליקט דאָס פאַרהאַסטע בלעטל. מ'האָט עס געדרוקט אין קראָקע אונטער דער דייטשישער בייטש. מ'האָט דאָרט געמעגט שרייבן נאָר דאָס וואָס מ'האָט געהייסן. דאָס בלאַט האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַ נאָרמאַלער צייטונג, באַמיִענדיק זיך צו קאָ־פּירן די פאַרמאַכטע דורך די דייטשן פּרעסע־אָרגאַנען, און אַפילו איינ־געפירט אַ „רובריק פאַר קינדער".

די קליינע קאָרעספּאָנדענטן האָבן געשריבן פון זייערע דאגות און זאָרגן. טראַגישע פּאָעמעס און אַרטיקלען פון די היימלאָזע און דעזאָריענ־

טירטע. ס׳האָבן זיך אים געשטעלט פאַר די אויגן זייערע פּנימער: אין געטאָ זענען נישט געווען קיין קינדער...

אַפילו די פּיריאַריקע האָבן געהאַט אַ מידן אויסזען און פאַרקנייטש־טע, געשוואָלענע פּנימלעך. אַזוי ווי פאַרעלטערטע פון פּיין.

ער האָט געלייענט אַ פּאָעמע פון אַ צעניאַריק מיידעלע.

„איך מוז זיין זייער שפּאָרזאַם
דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן געלט.
די כוחות מיינע מוז איך שפּאָרן
זיי זאָלן מיר נישט אויסגיין שנעל.
מיינע געדאַנקען מוז איך היטן
און די געפילן פון מיין האַרץ.
און שפּאָרן מוז איך טרערן
אַז זיי זאָלן קלעקן לאַנג.
איך דאַרף האָבן אַ סך געדולד
אין די באַטריבטע צייטן פול מיט לויער.
ווען דער שטורעם בושעוועט איבער אונדז,
ווען ס׳זענען אָנגעקומען טעג פון טרויער“.

— ניין, נישט דאָס האָב איך געהאַט אין זינען — האָט געזאָגט דער פּרעזעס און צוגענומען ביי אים די צייטונג. — אָט וואָס עס באַאומרויִקט מיך — האָט ער אָנגעוויזן מיטן פינגער.

מיט די קורצזיכטיקע אויגן האָט דער דאָקטאָר געקוקט אויפן צייטונג־שפּאַלט, וואָס דער פּרעזעס האָט אים אָנגעוויזן. ער האָט אויסגעשפּרייט די צייטונג אויפן טיש. דאָס קעפּל פון אַרטיקל האָט געהייסן: אַ בריוו פון אַ מוטער.

„זונעלע מיין טייערסטער, דיין בריוו האָט מיר פאַרשאַפט אַזוי פיל פרייד. כ׳האָב שוין לאַנג נישט געהאַט קיין שום לעבן־צייכן פון דיר. און איצט האָסטו צו מיר געשריבן און אַזוי פיל, איך פאַרשטיי דיך אַזוי גוט און איך באַגער אַזוי צו שטאַרקן דיין געמיט.

דו שרייבסט אַז דו ביסט געקומען צום אויספיר, אַז דו ביסט הילפ־לאָז און דערפאַר ביסטו זיך מיאש. דו הערסט כסדר אויף דער גאַס און דו חזרסט איבער נאָך אַנדערע, אַז דיין פאָלק איז פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג, ווייל די געשיכטע פון דער מענטשהייט לערנט אונדז, אַז עס האָט נישט געגעבן דער וועלט קיין שום מאַטעריעלע גוטס און האָט נישט געשאַפן קיין שום גייסטיקע ווערטן. דו מאַכסט אַ טעות, זונעלע, די געשיכטע לערנט אונדז גאָר עפּעס אַנדערש: אַז אַ סך פעלקער דערפילן פאַרשידענע צייטווייליקע פונקציעס לטובת דער מענטשהייט, שאַפן ווערטן, וואָס זענען אַ נויטווענדיקייט פאַר געוויסע צילן, דערנאָך ענדיקט זיך זייער ראָל און זיי ווערן פאַרשווונדן פון דער אויבערפלאַך. דיין פאָלק איז פאַרבליבן, פאַרוואָס?

אַ סך פון דעם, וואָס די פעלקער האָבן געשאַפן, איז פאַרשווונדן פונעם זכרון פון דער וועלט. ס'איז אָבער פאַראַן עפּעס, וואָס קיין שום קראַפט אויף דער וועלט וועט עס נישט אויסמעקן, און דאָס איז דאָס געוויסן פון דער וועלט. באַשעפענישן, וואָס זענען באַרויבט פון געוויסן, זענען נאָר גולמס. אַ מענטש אָן אַ געוויסן איז נאָר אַ שטיק ליים.

אָט דאָס געוויסן — די נשמה פון דער וועלט — האָט פאַרשטאַנען דיין פאָלק און האָט אים אַריינגענומען אין דער פעלקער־משפחה. און דיין פאָלק האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר אַ דאַנק זיין זעל קאָן מען דערווערבן גליק און אומשטערבלעכקייט. דיין פאָלק איז דאָס געוויסן פון דער וועלט צווישן אַנדערע פעלקער. דאָס איז זיין מיסיע, זיין שליחות, די סיבה פון זיין האַפּטיקייט אויף דער וועלט. ייִדישקייט, מיין קינד, איז אַ קאַמף כדי אַראָפּצובּרענגען גאָט אויף דער ערד; איז אַ קאַמף פאַר דער ריינקייט און הייליקייט פונעם מענטשלעכן האַרץ. אָט דעם קאַמף פירט דיין פאָלק נישט מיטן פיזישן כוח, נאָר מיטן כוח־הנפש, מיט ערלעכקייט, האַרציקע תפילות און מיט דער אייביקער שטרעבונג, אַז ס'זאָל הערשן יושר און גערעכטיקייט.

פאַרשטייסטו איצט, מיין קינד, פאַרוואָס מיר רוקן זיך אָפּ פון אַנדערע און וווּ עס שטעקט די סיבה פון אונדזער אומשטערבלעכקייט אויף דער ערד?

ווען ס׳ווערט דיר שווער אויפן האַרצן, זאָג נישט אַז דו ווערסט נישט זיין בכוח איבערצוטראָגן דיין גורל. דו מוזסט, מיין זון. דאָס איז דער העכסטער באַפעל וואָס דו האָסט באַקומען פון אויבן. דאָס איז דיין מי־סיע, דיין אַרבעט אויף דער ערד.

אין דער פיזישער אַרבעט וועט דיך פאַרטרעטן אַן אַנדערער, אָבער קיינער וועט נישט נעמען אויף זיך די אויפגאַבע כדי אַראָפּצובורעגען גאָט אויף דער ערד.

דו וועסט גיין אַרבעטן צווישן אַנדערע פעלקער... און דו וועסט זיי לערנען וועגן ברידערלעכקייט פון דער מענטשהייט... וועגן באַהעפטונג מיט גאָט.

ווי אַזוי דו דאַרפסט מיט זיי רעדן, מיין קינד?

וועסט זיי זאָגן:

דו וועסט נישט הרגענען,

נישט גנבענען,

ואהבת לרעך כמוך...

וועסט אויסדויערן, מיין זון, און וועסט ווערן אויסגעלייזט...״

דער דאָקטאָר איז געזעסן איינגעבויגן איבערן נומער פון „גאַזעטאַ זשידאָווסקאַ״.

דאָס האָט נישט געשריבן איין מוטער צו איין זון, דאָס איז געווען די שטים פון געטאָ. דער געטאָ האָט געפילט דעם סוף וואָס דערנענטערט זיך און האָט געוואָלט שטאַרבן פאַר עפּעס.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און אַ קוק געטון אויפן גראָען פּנים פון טשערניאַקאָוו. ער האָט דערפילט אַז אויך ער, דער בראַ־ווער, ענערגישער, דויערהאַפטיקער, דער וואָס האָט צום ווייניקסטן גע־האַט צו טון מיט דער אידייע פון שליחות, איז אין דעם מאָמענט מיט־געריסן געוואָרן מיט די ווערטער פון דער אַנאָנימער מוטער.

— דאָס אונטערוואַרפן זיך — האָט ער אַ געשריי געטון — די רע־זיגנאַציע פון רעכט צו לעבן, דאָס אַראָפּבייגן דעם קאָפּ אונטערן יאָך. כ׳קען עס, כ׳קען עס גוט פון דער געשיכטע... האָט איר געלייענט קאָס־

סעין? איין געשיכטע פון ייִדן. און אַלע מאָל אין די מאָמענטן פון קאַ־טאַסטראָפע — די משיח־אידייע... אָדער אַ פאַלשער משיח.

— דאָס איז נישט אמת — האָט ער אויסגערופן — אַז דער שיקזאַל האָט אונדז באַשטימט צו זיין די קרבנות. צי האָט איר געזען די יוגנט אין דער קיך אויף דער דזשיקע, אויף דער סאָלנע, אויף דער סמאָטשע־גאַס? נאָכן אַרויסגעבן אָוונטברויט און וואַשן די קעסלען, שטודירן זיי געאָגראַפיע, געשיכטע און די ענגלישע שפּראַך... זיי לערנען, לערנען אָן אַ סוף. איר אַליין האָט דאָך אָרגאַניזירט האַנטווערקער־קורסן. יעדער דערוואַקסענער אין געטאָ קען שוין עפּעס אַ מלאכה. זיי ווילן לעבן מיט אַן ערדיש רעכטצייטיק לעבן. זיי האָבן די זעלבע רעכט ווי אַנדערע — אויב נישט אויף דער ערד, איז אויף אַן אַנדערער... אויף דער ארץ־ישראל־דיקער — האָט ער צוגעגעבן.

— כ׳האָב געלערנט, פאַרלייגט קורסן, געגלייבט — האָט טשערניאַ־קאָוו אַ זיפץ געטון.

— איז וואָס? איז ווי אַזוי זשע? פאַרוואָס האָט איר אויפגעהערט צו גלייבן? די שוידערלעכע געשעענישן מוזן זיך דאָך פאַרענדיקן אַ געוויסן טאָג. די גאַנצע וועלט האָט אונדז נישט פאַראורטיילט צו פאַרניכטונג. מע טאָר נישט פון אַזעלכע זאַכן טראַכטן. מע טאָר נישט אַזעלכע זאַכן דרוקן. איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר האָבן נישט נאָר גאָט אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד; דער האַס צו אונדז איז אויסגעוואַקסן צוליב אונדזערע ערדישע דערגרייכונגען: קאַפּיטאַלן, דערפינדונגען, איינפלוסן אין האַנדל, אין דער פרעסע, אין דער קונסט...

דער פרעזעס האָט זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט איראָניש אויסגעקרומט דאָס מויל.

— איר רעדט וועגן איינפלוסן — האָט ער געזאָגט. ווו זענען די איינפלוסן אַנטרינען ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אונדז? ווו איז די „גוטע" הומאַניטאַרע וועלט, ווען ס׳גייט וועגן אונדז ייִדן? איר הערט ווי שטיל ס׳איז, איר זעט ווי פינצטער ס׳איז אַרום און אַרום — דאָס איז נישט די נאַכט שולדיק. פאַר אונדז הערשט איצט אייביקע נאַכט, אונדז הערט קיינער נישט. פאַר אונדז איז כסדר אַלץ טויב און שטום...

מיר האָבן נישט געפּרוּווט אינטערווענירן — האָט אַ שעפּטשע געטון דער דאָקטאָר — מיר האָבן נישט געפּרוּווט צו קעמפן.

— אינטערווענירן? ביי וועמען? קאַמף? מיט וואָס? מיט שטיינער? די שטיינער וועלן דאָך אַרויספאַלן פון די אויסגעמאָגערטע הענט! ווייסט איר פאַר וואָס איך האָב צום מערסטן מורא?

דער דאָקטאָר האָט געשוויגן בייסנדיק די ליפּן.

— אַ געוויסן טאָג וועט זיך דערוועקן צווישן אונדז אַן אויסגעהונגערטע חיה... די סקעלעטן וועלן קעמפן צווישן זיך פאַר אַ שטיקל ברויט. איר ווייסט, אַז שוין היינט איז נישט שווער צו קויפן אַ ייִדן פאַרן פּרייז פון זיין, אָדער זיין קינדס לעבן. פאַר אַ שטיקל ברויט וועט ער פאַרקויפן מיך, אייך און אונדז אַלע... הלוואַי זאָל איך נישט דערלעבן דעם מאָמענט, ווען געפאַלנקייט וועט אַרומנעמען דעם געטאָ — האָט ער אויסגעשריגן. כ׳וועל פריִער שטאַרבן איידער כ׳וועל זען אַזאַ סוף פון מיין שטאָט.

דער דאָקטאָר האָט טרויעריק פאַרצויגן די ברעמען. ער האָט נישט געוואָלט פאַר קיין שום זאַך אויף דער וועלט צוגעבן אַז דער פּרעזעס איז גערעכט. ער וועט פאַר קיין שום פּרייז זיך נישט אונטערגעבן אַזעלכע שטימונגען, וואָס האָבן שוין באַהערשט די גאַנצע אינטעליגענץ.

— ניין — האָט ער געזאָגט נאָך אַ פּאָר רגעס, באַהערשנדיק זיך אין גאַנצן — איר קענט נישט אונדזערע וויטאַלע כוחות. איר אַלע, האָט ער ווייטער גערעדט, וועט אפשר מאָראַליש נישט אויסהאַלטן. אָבער ס׳זענען פאַראַן קינדער... ס׳איז דאָ אַ יוגנט... זיי האָבן צום גליק גאָרנישט געהערט וועגן דער משיח־אידייע. זיי ווילן לעבן, ווייל זיי האָבן דאָס רעכט דערצו. גיט אונדז נאָר עפּעס אַ לאָקאַל — האָט ער זיך אומגעקערט צו קאָנקרעטע ענינים.

— און וואָס וועט זיין מיט פּראָוויאַנט? ווי אַזוי וועט איר באַשפּייזן אייערע קינדער?

— כ׳ווייס נישט. כ׳וועל טון אַלץ כדי זיי צו באַשפּייזן. די קינדער וועלן ראַטעווען דעם געטאָ. די קינדער זענען געשיקט, קלוג און האָבן פאַר גאָרנישט קיין מורא. ווו וועלן מיר וווינען?

דער פּרעזעס האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט.

צומאָרגנס אין דער פרי האָט דאָס הויז פאַר היימלאָזע בעטלער און קאַליקעס, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער דזשעלנע־גאַס, געמוזט זיין אויסגעליידיקט דורכן יודנראַט. די איינוואוינער האָט מען אַרויסגעפירט... זיי האָבן גאָרנישט געוווּסט דערפון. נאָר דער פּרעזעס האָט וועגן דעם געוווּסט. דערפאַר האָט ער יענע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. ער האָט געמוזט אַרויסגעבן מענטשן אין די הענט פון תלינים. ער האָט גע־מיינט אַז עס וועט אים געלינגען זיי צו ראַטעווען...

אָט דעם עיפּושדיקן לאָקאַל, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי שטובן האָט דער פּרעזעס אַוועקגעגעבן פאַרן דאָקטאָרס יתומים־היים.

נישט געווען קיין ברירה. דער דאָקטאָר האָט באַדאַרפט צומאָרגנס קומען נאָך די שליסלען פון דער וווינונג. ער איז אַרויסגעלאָפן פון צימער.

טשערניאַקאָוו האָט אים געזעגנט מיט אַ פאַרנעפּלטן בליק, אַזוי ווי מע געזעגנט זיך מיט עמעצן אויף אייביק.

דער דאָקטאָר האָט אים שוין מער קיין מאָל נישט געזען.

ער האָט נאָר געהערט, אַז ווען די דייטשן האָבן אין עטלעכע טעג אַרום געפאָדערט פון אים אַ נייע רשימה פון דער געטאָ־באַפעלקערונג פאַר אויסזידלונג — האָט טשערניאַקאָוו ווי אַ פּראָטעסט־געשריי אַראָפּגע־שלונגען דריי טאַבלעטן פון ציאַנקאַלי, וואָס זענען געלעגן אינעם שופלאָד פון זיין שרייבטיש.

ער האָט משמעות געוווּסט אַ סך מער ווי די איבעריקע געטאָ־איינ־וווינער האָבן געוווּסט און געאַנט.

קאַפּיטל דרייאונצוואַנציק

# די קינדער אַרבעטן

אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ גרויסע באַוועגונג. ס'האָט אויסגע־זען ווי די גאַנצע באַפעלקערונג וואָלט אַרויס אויף דער גאַס אין דערוואַר־טונג פון עפּעס אַ געשעעניש. מ'האָט גערן פאַרלאָזט די אָנגעפּאַקטע צימערן אין וועלכע ס'איז אוממעגלעך געווען זיך צו באַוועגן צוליב דער ענגשאַפט פון די מענטשן וואָס זענען דאָרט געווען צוזאַמענגעקוועטשט אויף אַ קליינעם קוואַדראַט פון דער פּאָדלאָגע.

די זון איז געשטאַנען הויך אויפן הימל און אירע שטראַלן האָבן גוטהאַרציק געוואַרעמט די אויסגעמאָגערטע קערפּערס פון די מענטשן וואָס זענען געזעסן אויפן טראָטואַר באַדעקטע מיט צעריסענע שמאַטעס. דער פרימאָרגן האָט מיט גאָרנישט דערמאָנט דעם אַמאָליקן פרימאָרגן אין דער הויפּטשטאָט. דער געטאָ האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין אַ טייל פון דער גרויסער שטאָט.

די אויסגעשטאַרצטע איינשטאָקיקע געטאָ־מויערן פאַרזעצטע מיט צע־ברעקלטן גלאָז, הייזער מיט צעשמעטערטע פאָדערשטע טיילן וואָס האָבן געוויזן קאָלירטע ווענט פון עפּעס, וואָס איז אַמאָל געווען אַ צימער, אַ טייל פון אַ וווינונג; בלינדע פענצטער אָן שויבן, טויערן אָן טירן, דער אַראָפּפאַלנדיקער טינק פון די שמוציקע גראָע ווענט — האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קאָשמאַרער קאַריקאַטור פון דער שטאָט.

די גאַסן מיט די טראָטואַרן זענען געוואָרן גלייכבאַרעכטיקט, ווייל קיין שום טראַמווייען אָדער דראָשקעס זענען שוין נישט געפאָרן. אָפט האָט מען געהערט דאָס קלאַפּן פון אַ האַנטוועגעלע, וואָס יידן האָבן גע־צויגן. די וועגעלעך האָבן געדינט פאַר לוויה־קעטשלעך.

יעדן פרימאָרגן זענען זיי אַרומגעפאָרן איבערן געטאָ כדי צו זאַמלען

די טויטע קערפּערס, וואָס מ׳האָט אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן, אָדער פון די וואָס זענען געשטאָרבן אין גאַס. פאַר די הייזער פלעגט מען געפינען קערפּערס באַדעקטע מיט אַלטע צייטונגען, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין שום געוואַנד כדי צוצודעקן דעם מת. אַלע, וואָס זענען געשטאָרבן פון הונגער און טיפוס, האָט מען באַגראָבן אין אַ געמיינזאַמען קבר — עט־לעכע הונדערט יעדן טאָג.

אָבער די לעבעדיקע — האָבן געלעבט.

אָפיציעל האָט מען באַקומען צוויי קילאָגראַם ברויט אַ חודש, 250 גראַם ערזאַץ־מאַרמעלאַד, צען דעקאָ צוקער און איין שטיקל זייף. אָבער פאַקטיש האָט מען אַ חוץ ליימיקן ברויט גאָרנישט געקאָנט קריגן.

נישט קוקנדיק אויף דעם האָבן די מענטשן אין געטאָ געגעסן. געוויסע האָבן אַפילו גוט פאַרדינט, אַנדערע האָבן געגנאָסן פון דער רעשט פון פאַרמעגן, וואָס איז זיי פאַרבליבן פון פאַר דער מלחמה.

מ׳האָט פאַרדינט ביים מסחר. מ׳האָט אַלץ פאַרקויפט און געקויפט יעדע זאַך וואָס האָט אויסגעזען צו זיין נוצלעך. לעבן די מויערן איז אָנגעגאַנגען אַן אייביקער האַנדל אין די שעהען אין וועלכע ס׳איז געווען דערלויבט צו זיין אויף דער גאַס. אַ שטיקל שטריק וואָס מ׳האָט געניצט אָנשטאָט אַ שוכבענדל האָט טייל מאָל דערגרייכט אַ הויכן פּרייז, פּונקט ווי אַ שמאַטע וואָס איז אַמאָל געווען אַ ליילעך און מ׳האָט עס געקאָנט איבערמאַכן אויף אַ העמד.

פון צייט צו צייט איז אויף די פאַרזאַמלטע ייִדן אַרויפגעפאָרן אַ דייטשישער אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער ריכטונג פון פּאַוויאַק, אָדער פון ערגעץ אַנדערשוווּ. אָפט האָט ער מיטגעבראַכט קאָרעס־פּאָנדענטן פון צייטונגען און פאָטאָגראַפיסטן. דער שאָפער איז אַריינגע־פאָרן אינעם המון און איידער עמעצער האָט זיך געקאָנט אַרומזען, אַז מע דאַרף אַנטלויפן, אָ׳ער געפינען אין דער ענגשאַפט אַ פּלאַץ צו אַנטלויפן — זענען שוין עטלעכע צעשמעטערטע קערפּערס געלעגן אויף דער ערד.

קיינער האָט נישט געוויינט נאָך די פאַרשטאָרבענע. מ׳איז זיי נאָר מקנא געווען מיט זייער פּלוצימדיקן טויט.

---

די קינדער פון יתומים־היים האָבן אין זייער נייער וווינונג געקריגן, נישט געקוקט אויף אַלץ, איין מאָל אַ טאָג אַ פּאָרציע הייסע זופּ און אַ שטיקל ליימיקן ברויט.

דער יודנראַט האָט נאָך אַלץ אויסגעהאַלטן עטלעכע הונדערט ביליקע קיכן, אַרויסגעריסן פון צייט צו צייט עפּעס אַ צוטיילונג און זיך פאַר־זאָרגט מיט פּראָדוקטן, געשמוגלטע אויפן שוואַרצן מאַרק.

אָבער ס׳זענען געווען טעג — און וואָס אַמאָל זענען זיי געוואָרן אָפטער, ווען יאָסל און אַהרן זענען צוריקגעקומען פון דער קיך מיט ליי־דיקע קעסלען.

דעמאָלט האָט סטעפּע געמוזט גרייטן אַ מאָלצייט פון די זאַפּאַסן. מ׳האָט געקאָכט קאַשע אויף וואַסער, צוגעגעבן אַ ציבעלע וואָס די קינ־דער האָבן פלייסיק געהאָדעוועט אין די בלומענטעפּ און אין הילצערנע קעסטלעך. דער דאָקטאָר האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון אַז ער וועט זיך נישט קאָנען קיין עצה געבן מיט באַשפּייזונג פאַר זיינע קינדער.

האָט ער אָנגעווענדט אַלע באַמיִונגען צו פאַרזאָרגן די מערהייט פון זיינע קינדער מיט רויטע אַרבעט־קאַרטן. בעת דער אַרבעט האָט מען גע־קריגן אַ טעלער זופּ.

ווען ער האָט דערהאַלטן אַן אויפפאָדערונג אַז ער זאָל זיך שטעלן פּונקט אַכט אַזייגער אין דער פרי אין דער געביידע פון דער געשטאַפּאָ אויף דער שוכע־גאַס, איז דער דאָקטאָר נישט געוואָרן איבערגעראַשט און נישט דערשראָקן, ווייל דער באַפעל האָט געטראָגן דעם אונטערשריפט פון פאַיגט.

קיינער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַלטן אַזאַ וויזיט פאַר קיין אָנגענעמע זאַך, אָבער דער דאָקטאָר האָט נישט געגלייבט אַז ס׳דראָעט אים פּערזענלעך אַ געפאַר.

האַלטנדיק די אויפפאָדערונג הויך אין דער אויפגעהויבענער האַנט, ווי אַ דאָקומענט, איז ער רויִק דורכגעגאַנגען לעבן די וועכטער פונעם געטאָ־טויער. אויף דער ייִדישער זייט האָבן אים באַגריסט צוויי באַקאַנטע ייִדישע פּאָליציאַנטן. אויף דער קריסטלעכער זייט האָט אים באַגלייט אַ

מיטפילנדיקער בליק פון אַ פּוילישן פּאָליציאַנט און אַ גלייכגילטיקער — פון אַ דייטש.

די גאַסן זענען געווען פּוסט. קיינער האָט אים נישט פאַרטשעפּעט. די צופעליק־באַגעגנטע דורכגייערס האָבן ברייט געעפנט די אויגן דער־זעענדיק דעם יידישן אָרעמבאַנד.

זיינע הילצערנע פּאָדעשוועס האָבן הויך געקלאַפּט אויפן ברוק.

ווי פערדישע קאָפּיטעס — האָט געטראַכט דער דאָקטאָר גייענדיק איבערן ברוק, ווייל יידן האָבן נישט געטאָרט גיין אויף די טראָטואַרן.

ס'איז אים פאַרגעשטאַנען אַ לאַנגער שפּאַציר צופוס. ער האָט זיך אָבער נישט געשראָקן פאַר קיין מידקייט, כאָטש ער האָט שווער געאָטעמט. ס'האָט אים געפרייט צו זען וואַרשע און דעם בלאָען הימל, וואָס זעט אויס, ווי ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַ סך לייכטער און העלער ווי דער זעלבער הימל איבערן געטאָ.

מיט נייגעריקייט האָט ער זיך צוגעקוקט צו דער מיאַדאָווע־גאַס. ווען ער איז אַריין אויף קראַקאָווער־פאָרשטאָט זענען נאָך די געשעפטן געווען פאַרמאַכט.

די שטאָט האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נאָך נישט אויפגעוועק־טער פונעם שלאָף. די פאַרבייגייער האָבן אויך געמאַכט דעם זעלביקן איינדרוק. זיי האָבן זיך שנעל פאַרבייגעשאַרט לעבן די הייזער.

ער איז אין דער ריכטיקער צייט אָפּגעשפּרונגען פון אַן אָנפאָרנדיקן אויטאָבאָביל.

ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון אַז דאָס גיין איבערן ברוק איז פאַר־בונדן מיט געפאַר און ער האָט צוגעאיילט זיינע טריט.

— כ'וועל מיך נישט לאָזן צעטומלען — האָט ער געטראַכט. מע טאָר זיך נישט לאָזן רייטן איבערן קאָפּ. וואָס קאָנען זיי מיר טון? פּאַיגט איז דאָך אַ דאָקטאָר — האָט ער גערעדט צו זיך אַליין און ער האָט באַמיט זיך פאַרצושטעלן פּאַיגטן ווי אַ סטודענט.

אַ קליין דייטשיש שטעטל — אפשר היידעלבערג — מיט אַלטע טראַ־דיציעס. אמת, ער האָט פאַר זיי קיין מאָל נישט געהאַט קיין האַרץ, צו די

דייטשישע בורשן, אָבער ווי ס'זאָל נישט זיין, זענען דאָס געווען קולטו־
רעלע מענטשן, וואָס האָבן באַלייגט אַ שבועה...

עס האָבן זיך אין זיינע אויערן צעקלונגען די ווערטער פון דער שבועה. זיי האָבן אים דערמוטיקט, צוגעגעבן קוראַזש און שטאָלץ. ער האָט זיך דאָך באַטייליקט נישט אין איין קריג, איין מאָל אויפן פערד, איין מאָל אונטערן פערד... ער וואָלט אַ מאָל געוואָלט כאַפּן אַ שמועס מיט פּאָיגטן אויף פיר אויגן... ער וואָלט אים שוין געזאָגט...

פאַר דער געביידע אין דער אַלייע־שוכע האָט ער געטראָפן צוויי ייִדן, אָן די אָרעמבענדער וואָלט ער אויך דערקענט, אַז זיי זענען געקומען פון געטאָ. מ'האָט עס געזען לויט זייער דאַרקייט, לויט די גראָע פּנימער. דעם דאָקטאָר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער קען זיי.

מסתמא באַאַמטע פון יודנראַט, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעפאָדערט כדי אָפּצוגעבן דערקלערונגען — האָט ער אַ טראַכט געטון. זיי האָבן אים באַגריסט און אַ קוק געטון אויף אים מיט אַזוי פיל מיטגעפיל, פונקט ווי זיי וואָלטן געקוקט אויף אַ פאַרמשפּטן.

ער האָט אַ שמייכל געטון.

נאָר נאָך אינסטרוקציעס — האָט ער געזאָגט פאַרבייגייענדיק לעבן זיי.

גענוג געווען צו עפענען די אייזערנע געשמידטע טירן און זיך גע־פינען אינעם ריזיקן האָל פון דער געשטאַפּאָ, כדי אַלע פריִער־צוגעגרייטע פּלענער צו „כאַפּן אַ שמועס" מיט פּאָיגטן זאָלן זיך אַרויסווייזן פאַר נישט רעאַל. ער האָט דערפילט ווי אַ קאַלטער שווייס באַדעקט זיין שטערן. — פון דאַנען קומט שוין אַ ייִד קיין מאָל נישט אַרויס קיין לעבעדיקער — האָט ער זיך דערמאָנט וואָס מ'האָט אים געזאָגט אין געטאָ.

ער האָט זיך פאַרשעמט. שרעקן זיך?

ניין. אַזאַ כבוד וועט זיי דער דאָקטאָר נישט פאַרשאַפן.

מיט אַ פאַרשטיינערטער געלאַסנקייט האָט ער אָנגענומען דעם שטויס פונעם מונדירטן שומר, וואָס האָט אים באַפוילן צו וואַרטן אין אַ ספּעציעל־אָפּגעצוימטן פּלאַץ פאַר ייִדן. דאָרט זענען אַפילו נישט געווען קיין בענק.

אַ פערטל שעה וואַרטן שטייעדיקערהייט האָט נאָך מער אָפּגעשוואַכט

די מידע פיס נאָך דעם מאַרש פון עטלעכע מייל איבער די גאַסן. כאָטש דער קאָפּ האָט אים ווײ געטון און ער איז געווען דאָרשטיק, האָט ער נישט פאַרלוירן די רויִקייט.

— כ׳וועל אָנהייבן פון דערינערונגען, — האָט ער געטראַכט, — כ׳וועל אים פרעגן ווו ער האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. ווער ווייסט, אפשר האָבן מיר זיך געטראָפן אַ מאָל אויף עפּעס אַ מעדיצינישער קאָנ־פערענץ, אפשר אין אַ שפּיטאָל? ווי אַזוי זעט ער אויס אין אַ ווייסן כאַ־לאַט? ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַ דייטש אָן אַ מונדיר מיט אַ סוואַסטיקע.

מיט שוועריקייטן האָט ער אַרויפגעקלעטערט איבער די טרעפּ. אַ סך טרעפּ זענען געווען און מיט יעדן שטאַפּל ווערט אַלץ מער אוממעגלעך פאַר אים אָנצוהייבן דאָס געשפּרעך ווי ער האָט עס געהאַט בדעה.

ווען ער האָט זיך געפינען אויפן שוועל פון אַ גרויסן זאַל מיט אַ צענדלינג פענצטער, ווו ביים סאַמע סוף איז געשטאַנען אַן איינזאַמער שרייבטיש, האָט ער זיך פּלוצלינג דערפילט אַזוי קליין און נישטיק, אַז ער האָט גיכער געוואָלט איינגעזונקען ווערן אין דער ערד.

די באַגילדטע זשיראַנדאָלן האָבן געגלאַנצט, די פּאָדלאָגע האָט גע־שיינט ווי אַ שפּיגל. דאָס גלאָזוואַרג אויפן שרייבטיש האָט אָפּגעשטראַלט אין דער זון. די לאַטעס אויף די עלנבויגנס פון זיין אָנצוג האָבן זיך איצט מער אָנגעזען. ס׳האָבן זיך אַפילו אויסגעטיילט די שוואַרצע פעדעם פון די שטעך אויפן אָפּגעבלאַקעוועטן קאָליר פונעם געוועב.

— איך זע אויס ווי אַ שלעפּער ,אַ וואַגאַבונד, אַ בעטלער — האָט ער אַ טראַכט געטון.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די שנירלעך, אָנשטאָט בענדלעך, און די פאַרפלעקטע שיך האָבן אַרויסגערופן אַ ביטערן שמייכל אויף זיין פּנים. ער האָט קיין מאָל נישט געטראַכט אַז שיך קאָנען זיין אַזוי אָפּ־געניצט.

ער איז געגאַנגען שטעלנדיק די פיס שטייף און לאַנגזאַם, ווייל די הילצערנע פּאָדעשוועס האָבן זיך נישט־זיכער געהאַלטן אויף דער גליטשי־קער פּאָדלאָגע. ער איז שטיין געבליבן פאַרן שרייבטיש און אַ קוק געטון

אויף פּאַיגטן וואַרטנדיק אויף באַפעלן. אין זיין בליק האָט זיך מסתמא געמוזט אָפּשפּיגלען דער גאַנצער ווייטיק פון דער וועלט וואָס איז פאַר־פייניקט דורכן קריג.

נישט באַוווסט צי דער נעבעכדיקער אויסזען פונעם גאַסט צי דער פאַרפייניקטער בליק האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויפן דייטש. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַציִען צום דאָקטאָר אויף דעם אופן ווי מ׳האָט זיך באַצויגן צו אַלע אַנדערע ייִדן.

אָבער ס׳האָט אויך נישט געהאַט קיין שום ווירקונג דער פאַקט, וואָס ס׳איז פאַר אים געשטאַנען אַ קאָלעגע פון פאַך און ספּעציאַליסט. ער האָט שוין נישט איין מאָל געזען ווי מ׳האָט באַגלייט מיט קאָלבעס ייִדישע דאָק־טוירים פאַר די מינדסטע זינד און ס׳איז אים קיין מאָל נישט איינגע־פאַלן אינטערוועניִרן.

רחמנות איז נישט קיין ווירדיק געפיל פאַר אַ דייטש און פאַר אַ דייטשישן דאָקטאָר — האָט ער דעמאָלט געטראַכט און שנעל פאַרלאָזט דעם שטראָפּפּלאַץ, מאַכנדיק זיך אַליין פאָרווורפן, אַז ער האָט זיך נישט גענוג איבערגענומען מיטן אופן פון דענקען וואָס האָט פאַרפליכטעט אַלע דייטשן.

— נישט מיר זענען שולדיק — האָט ער דיסקוטירט טייל מאָל אין דער געזעלשאַפט פון זיינע קאָלעגן — וואָס מיר האָבן באַקומען די פאַר־שאָלטענע הומאַניטאַרע דערציִונג. מיין זון וועט נישט אַנטלויפן ווען ער וועט זען ווי מע קאַטעוועט אַ ייִד — האָט ער צוגעגעבן.

דער געדאַנק וועגן זיין קליינעם צעניאַריקן זונעלע, וואָס האָט מיט שטיינער צעהאַקט די קעפּ ביי קעץ, דער געדאַנק וועגן געזונטן, אָפּגע־ברענטן קינד —אַ דערצויגענעם אָן סענטימענטן — האָט אים אין דעם מאָמענט גערירט ביז טרערן.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ דערציִער. אַפילו אַ רעפאָרמאַטאָר, ווי מ׳האָט דערציילט, אַ באַשאַפער פון נייע פּעדאַגאָגישע סיסטעמען. ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט צו רעדן וועגן זיין זון, דערוויסן זיך וואָס עס טראַכט אַ ספּעציאַליסט וועגן די נייע מעטאָדן.

פּאַיגט האָט דערלאַנגט די האַנט דעם דאָקטאָר און אים געבעטן זיך

אַוועקזעצן, ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס פון אַ גאָלד־גראַווירט סיי־גאַרעט־שאַכטל און מכבד געווען דעם דאָקטאָר.

צוגעראַבעוועט ביי ייִדן — האָט קאָרטשאַק אַ טראַכט געטון.

דאָך האָט ער גענומען אַ פּאַפּיראָס און מיט פאַרגעניגן אַריינגעצויגן דעם שמעקעדיקן רויך. ער האָט שוין לאַנג נישט געריכערט קיין גוטן סיגאַרעט.

— שמעקט? — האָט געפרעגט דער דייטש.

— זייער גוט. — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר.

— איר וואָלט געקאָנט אָפטער רויכערן אַזעלכע — האָט פאָיגט געזאָגט.

דער דאָקטאָר האָט אין אַ שטומער דערשטוינונג אויפגעהויבן די ברעמען.

— מיר איז געלונגען — האָט פאָיגט געזאָגט — אַ דאַנק אייערע פאַרדינסטן און דער פאַראינטערעסירונג וואָס ס׳האָבן אַרויסגערופן אייע־רע דערציִערישע טעאָריעס, צו דערהאַלטן אַ דערלויבעניש פון דער רעגי־רונג, איך מוז צוגעבן, ס׳האָבן זיך וועגן דעם באַמיט פאַרשידענע מענטשן אויך פון דער פוילישער זייט, אַז איר זאָלט אָנגענומען ווערן אין מילי־טערישן שפּיטאָל... צוערשט קאָנט איר אַרבעטן אין שפּיטאָל פאַר קריג־געפאַנגענע — האָט ער צוגעגעבן — דערנאָך וועלן מיר זען, אפשר וועט זיך געפינען אַ מעגלעכקייט אייך אַריבערצוטראָגן אין שפּיטאָל פאַר קינ־דער, לויט אייער ספּעציאַליטעט.

דער פאָרשלאָג האָט אים געטראָפן ווי אַ דונער.

אָבער צו באַלייגן אַ ביטע צו די דייטשן וועגן אַרבעט אין שפּיטאָל האָבן שוין אין זיינער צייט געהאַט גערעדט פריִער טשערניאַקאָוו און דער־נאָך איגנאַץ.

מ׳האָט זיך געבייטיקט אין דאָקטוירים.

ער האָט נישט לאַנג געטראַכט מיטן ענטפער.

— איך בין פונקט אַזוי נייטיק פאַר די קינדער אין געטאָ ווי ערגעץ אַנדערש — האָט ער געענטפערט — און אפשר נאָך אַ סך מער.

פאָיגט האָט אויף אים אַ קוק געטון מיט מיטלייד.

— איך האָב אייך געוואָלט העלפן, דאָקטאָר — האָט ער געזאָגט — איך ראַט אייך נישט אָפּצוּוואַרפן אונדזער פּאָרשלאָג. עס וואַרט אויף אייך נאָך פיל אַרבעט. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַן אָנהענגער פון אַן אַבסאָלוטער קינדער־זעלבסטשטענדיקייט. אַזאַ אומאָפּהענגיקייט אַנטוויקלט אַ שטאַרקייט פון כאַראַקטער. דאָס געפעלט אונדז.

— אָבער עס אַנטוויקלט נישט קיין דיסציפּלין — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— מיר קימערן זיך נישט וועגן דעם. דאָס דאַרף מען אונדז נישט לערנען. דאָס ליגט אין כאַראַקטער פון יעדן דייטש: סיי ביים דערוואַקסענעם, סיי ביים קינד. איבערגעטריבענע דיסציפּלין זאָגט עדות וועגן אַ שוואַכן כאַראַקטער. אונדז זענען גייטיק שטאַרקע כאַראַקטערס. מיר ווילן דערציִען אונדזערע קינדער — איר זאָלט זיך נישט וווּנדערן — אויף ווילדע הינט. ביי אייך וואָלט אַזאַ אויסדרוק באַטייט אַ באַליידיקונג...

— און איר מיינט, אַז איר וועט געפינען הילף אין מיינע דערציִערישע סיסטעמען? — האָט דער דאָקטאָר מיט אַ לייכטער איראָניע געפרעגט.

— מיך אינטערעסירט עפּעס אַנדערש. איר האָט, ווי מע זאָגט, פּראָפּאַגירט אַ קאָנטראָל איבער די לערער — דאָס איז זייער וויכטיק פאַר אונדז. אַ געריכט איבער אַ לערער, דאָס געפעלט מיר. ווען מע וועט צונעמען דעם אויטאָריטעט פונעם לערער, וועט אויך פאַלן דער אויטאָריטעט פון דער וויסנשאַפט.

דער דאָקטאָר האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— וויסנשאַפט — האָט פאָיגט פאַרגעזעצט — איז אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן יונגן מענטש. איך ציטיר היטלערן. מיר קימערן זיך נישט אַפילו אין אַ קליינער מאָס וועגן דעם. לייענט איבער פּראָפעסאָר וואָלפּס „מיר האָבן געשטירצט די אינטערנאַציאָנאַלע לערע, אונדזער אויפגאַבע איז צו באַקעמפן דעם וויסנשאַפטלעכן אמת“.

— וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך מיט דעם? איבעריקנס, איר האָט פאַרגעסן, אַז איך טאָר נישט לייענען אָדער אַפילו פאַרמאָגן קיין ביכער.

— זעט איר, איך לייג אייך פאָר דעם צוריקקער צו דער מענטשהייט.

— צו אַזאַ ווי איר האָט פּאַר אַ ווײַלע געהערט, מיט דער שטירצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער וויסנשאַפט און דערציִונג אויף ווילדע הינט?

— פאַרגעסט אײַך נישט, דאָקטאָר. ס׳איז נישט דערלויבט צו קרי־טיקירן דעם אויטאָריטעט. דאָס איז נישט די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, וואָס גיסט בעתן קריג עמערס שמוץ אויפן הויפּט פון דער רעגירונג. — כ׳האָב געהערט אַז איר האָט עפּעס אַן אייגנאַרטיקן צוגאַנג צו קינדער, עפּעס אַן אויטאָריטעט אין זיך וואָס באַווירקט, אַז מ׳הערט אײַך און מ׳האָט אײַך ליב... איר וועט אונדז אַנטפּלעקן דעם סוד.

— יאָ, איך קאָן מיך פאַרשטענדיקן מיט ייִדישע און פּוילישע קינ־דער, מיט קינדער פון דער גאַנצער וועלט, אָבער כ׳ווייס נישט, כ׳פאַר־שטיי נישט, כ׳וואָלט נישט געקאָנט רעדן מיט אייערע קינדער.

— ווער וואָלט עס אײַך דען דערלויבט? זיי אַליין, ווען זיי וואָלטן זיך דערוווּסט, אַז איר זענט אַ ייִד, וואָלטן זיי אײַך באַוואַרפן מיט שטיי־נער, אָדער גאָר דערמאָרדעט מיט זייערע הוילע הענט. אונדזערע קינדער, אונדזער יוגנט — דאָס זענען אמתע אידעאַליסטן: אַלץ, וואָס איז זיי איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון, איז אַריינגעוואַקסן אין זייער גוף און וועט רעאַליזירט ווערן אַפילו פאַרן פּרייז פון זייער לעבן.

— נישט אומזיסט גיבן מיר זיי צו מוט צו פּייניקן חיות — האָט פאַיגט, אַן אַנגעצונדענער, ווייטער גערעדט — אַלע קינדער פון דער וועלט האָבן דערצו נייגונגען, אָבער די אומזיניקע דעמאָקראַטישע דערציִונג האָט געקעמפט מיט די נאַטירלעכע מענטשלעכע אינסטינקטן אינעם נאָמען פון די איינגעבילדעטע ייִדישע אידעאַלן פון באַרעמהאַרציקייט. זאָלן זיי זיך אויסלערנען דערהרגענען אָן אַ פינטל צו טון מיטן אויג; זאָלן זיי קעמפן צווישן זיך אַליין; זאָלן זיי שלאָגן די שוואַכערע; זיי ווייסן פון קינדווייז אָן, אַז דער האַר איז דער, וואָס איז שטאַרק. און זיי זענען, זיי מוזן זיין די שטאַרקסטע, ווײַל זיי זענען די בעסטע פונעם מענטשלעכן קאַליבער, זיי זענען די בלום פון דער דייטשישער געזעלשאַפט, וואָס איז די בלום פון די פעלקער. דאָס זענען אַלע, די צוקונפטיקע זעלנער, ווײַל מיליטער איז די איינציקע פּראָפעסיע, וואָס איז ווירדיק פאַרן אמתדיקן מאַן. איר

האָט אין אייערע קאָלאָניעס, ווי ס׳איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, אָר־גאַניזירט און געשטיצט מלחמה־שפּילן צווישן די קינדער.

דער דאָקטאָר האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ קוק געטון פון אויבן אַראָפּ מיט אַן אומבאַשרייבלעכן רחמנות אויף דעם דייטש דעם צעהיצטן מיט זיינע אייגענע רייד. די ראָלן האָבן זיך געענדערט. יענער האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין קליין און נישטיק. אויף דער שפּיץ צונג האָט ער געהאַט אַ פראַגע:

— אָבער דו, מעדיקער מיט אוניווערסיטעט־בילדונג, ווו האָסטו זיך אויסגעלערנט דאָס אַלץ? ווער האָט עס דיר געקאָנט איינקריצן דעם משו־גענעם גלויבן?

אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט.

— אַלזאָ, וואָס? — האָט געפרעגט פאָיגט.

— מ׳האָט אייך פאַלש אינפאָרמירט וועגן מיינע רעפאָרמען — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — אין גאַנצן פאַלש.

— זענט איר מסכים צו אַרבעטן אין שפּיטאָל?

דער דאָקטאָר האָט אַ ווייל באַטראַכט ווי אַזוי צו מאָטיווירן דעם אָפּזאָג, כדי נישט אַרויסצורופן קיין כעס און גאָט באַהיט קיין נקמה מצד דעם דייטש.

— כ׳בין אַלט — האָט ער געזאָגט — אַלט און אויסגעשעפּט. איך צווייפל צי איך וועל מיט עפּעס צוניץ קומען אין שפּיטאָל. איבעריקנס — האָט ער צוגעגעבן — איז מיר שווער אין אַזאַ וויכטיקן ענין זיך צו אַנט־שליסן גלייך אויפן אָרט. דאָס מוז ווערן גוט דורכגעטראַכט.

— איר איילט זיך — האָט דער דייטש שפּאָטנדיק אַרויסגעשיפּעט ווי אַ שלאַנג — איר יאָגט זיך אין געטאָ אַריין. נו, גוט. וויל איך אַלזאָ אייך נאָך געבן אַ גוטע עצה, ווי אַ באַווייז פון פריינדלעכקייט: צום מערסטן קינדער זאָלט איר באַשעפטיקן ביי אַרבעט פאַרן מיליטער. מיר פאַרטראָגן נישט קיין יידישע פּאַראַזיטן — האָט ער בייז צוגעגעבן.

דער דאָקטאָר האָט זיך טיף פאַרנייגט.

דער דייטש איז געווען בייז. ער האָט אים די האַנט נישט דערלאַנגט. אייגנטלעך האָט ער אין גאַנצן אומגייטיק זיך צעשמועסט מיט דעם ייד,

ער האָט זיך נאָך אַ מאָל איבערגעצייגט, אַז אַן אמתער נאַצי קאָן נישט האָבן קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט קיין ייִד.

דאָס זענען פרעמדע, עקלהאַפטע בריאות, איינגעשפּאַרטע און פאַר־עקשנטע — האָט ער געטראַכט — קוקנדיק אויף דער אַוועקגייענדיקער איינגעהויקערטער געשטאַלט פונעם דאָקטאָר.

---

אויף דער לעשנע־גאַס האָט זיך געפונען שולצס שאָפּ, ווו מ׳האָט אויסגעאַרבעט דאַמינעס צום געברויך פונעם דייטשישן מיליטער. אין דעם שאָפּ האָט מען באַשעפטיקט קינדער נאָר פון ניין ביז פערצן יאָר. ס׳האָט געהייסן אַז זיי אַרבעטן פאַר מיליטערישע באַדערפענישן.

שולץ האָט געהאַט העלע האָר אַפילו אויפן רויטן קאַרק און קליינע חזירישע טיף־אַריינגעזעצטע אויגן, וואָס האָבן קיין גוטס נישט פאָרויסגע־זאָגט. דער גראָבער בויך האָט נאָר פונדערווייטנס אים געמאַכט אויסזען גוטמוטיק, אָבער די גרויסע לאַפּעס מיט די קורצע פעטע פינגער האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געווען באַשאַפן צו שטיקן. שולץ האָט אויסגע־זען ווי אַ קאַריקאַטור.

ווען דער דאָקטאָר האָט זיך פאַר אים באַוויזן, האָט ער אים אויפ־גענומען מיט זיין געוויינטלעכער גרינגשעצונג. ער האָט אים „געדוצט", אויף וואָס דער דאָקטאָר פאַיגט האָט זיך נישט דערלויבט.

— וואָס איז? — האָט ער צוגעוואָרפן אויף דייטש די פראַגע, נישט בעטנדיק דעם דאָקטאָר אַריינצוגיין.

— צי נייטיקט איר זיך נישט אין נייע הענט צו אַרבעט? — האָט דער דאָקטאָר העפלעך געפרעגט.

— מע דאַרף נישט. ווער האָט דיך דאָ אַהערגעשיקט, דו פערפלוכ־טע יודע? — האָט ער אַ כאַרקע געטון מיט זיין הייזעריקער שטים.

— דאָקטאָר פאַיגט — האָט קאָרטשאַק ליגן געזאָגט נישט געבנדיק קיין פינטל מיטן אויג.

דער נאָמען האָט געווירקט. מ׳האָט אים אַריינגעלאָזט אין אַ קליין צימערל, וואָס האָט געדינט ווי אַ קאַנצעלאַריע. אויף דער וואַנט איז גע־האָנגען אַ נאַגייקע — דאָס איז געווען די ערשטע זאַך וואָס ס׳האָט זיך

געוואָרפן דעם דאָקטאָר אין די אויגן און האָט גלייכצייטיק פאַרהאַלטן דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ.

— כ׳וואָלט געוואָלט זען די אַרבעט־באַדינגונגען — האָט ער דרייסט און הויך צוגעגעבן, וועלנדיק אויסבאַהאַלטן דעם איינדרוק וואָס ס׳האָט אויף אים געמאַכט שולץ, די נאַגייקע און די קאַנצעלאַריע.

די ייִדישע דרייסטקייט האָט שולצן דערשטוינט. ער האָט אַ טראַכט געטון, אַז דער דאָקטאָר האָט, ווייזט אויס, אַ גרויסע פּראָטעקציע. ער איז געווען צוגעוווינט צו אַ שטילן רעדן און אַראָפּגעבויגענע ייִדישע קעפּ.

— זאָל ער זען — האָט שולץ געענטפערט, נישט קאָנענדיק זיך אַנט־שליסן צי ער דאַרף דעם געקומענעם באַהאַנדלען בעסער צי ערגער פון אַנדערע.

דער דאָקטאָר איז אַריין אין אַ גרויסן צימער, וווּ ס׳זענען אין דער מיט געשטאַנען טישן, אויסגעשטעלטע אין דער פאָרעם פון אַ פּאָדקאָווע. אין איין ווינקל פון צימער האָט ער דערזען עטלעכע עלטערע ייִנגלעך, וואָס זענען געווען פאַרנומען מיט אויסשניידן פּירעקיקע קלעצלעך האָלץ. דערלעבן אויף אַ קליינער טאָקער־מאַשין האָט מען אויסגעשניצט לעכער אינעם האָלץ.

אַרום די טישן זענען געזעסן קליינע, שטומע, בלייכע קינדער. די עלטערע האָבן געשמירט מיט שוואַרצער פאַרב די אויסגעשניטענע קלעצ־לעך, די ייִנגערע האָבן מיט קליינע פּענזלען אַרויפגעלייגט ווייסע אָדער רויטע פאַרב.

דאָס אַריינקומען פון אַ פרעמדן האָט אַלעמען ווי עלעקטריזירט. נישט אויפהייבנדיק די אויגן האָבן זיי אָנגעהויבן שנעלער צו אַרבעטן.

— דאָס בין איך — האָט ער מיט אַ האַלבער שטים געזאָגט, באַ־גריסנדיק זיך מיט אַלע. — איר דערקענט מיך נישט? דאָקטאָר קאָרטשאַק!

ער האָט דערזען פאַר זיך צעקנייטשטע פּנימער אויסגעקרומטע מיט אַ שמייכל. איינער פון זיי האָט געוואָלט צו אים צולויפן.

— זיץ רויִק. שולץ גייט — האָט אַ צווייטער אַ שעפּטשע געטון.

עס האָבן זיך דערהערט שווערע טריט.

— נו, וואָס? ס׳געפעלט? — האָט אַ גראָבע שטים אַ רוף געטון לעבן די טויבע אויערן פונעם דאָקטאָר.

ער האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט. ער האָט גאָרנישט געענטפערט.

— צו מיטאָג קריגן זיי אַ זופּ מיט ברויט — האָט זיך יער דייטש באַרימט.

— און וויפל פאַר דער אַרבעט?

— וואָס נאָך? אַ מאָלצייט און אַ רויט קאַרטל איז נישט גענוג? — האָט ער אַ בורטשע געטון. — אָבער ווער עס אַרבעט נישט אויס וויפל מע דאַרף, ווער עס מאַכט קאַליע אַ דאָמינע, ווער עס איז פויל, ווער עס פאַרשפעטיקט זיך — דער קריגט גאָרנישט, נאָר שמיץ — האָט ער צו־געגעבן לאַכנדיק הויך.

עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, איבערגעריסן מיטן גרילצן פון דער זעג. נישט געווען וואָס מער צו פרעגן. דער דאָקטאָר האָט זיך דערמאָנט וועגן דאַוויד קופּערפילד און אָליווער טוויסט. דאָרט איז געווען אַ גן־עדן — האָט ער געטראַכט.

אַרויסגייענדיק האָט ער נאָכגעטראַכט ווי אַזוי ער וועט וואַגן דאָ אַהערצושיקן זיינע קינדער. די קינדער פון „ווייסן פּאַלאַץ" פון יתומים־היים. אַ בושה האָט אים אַרומגענומען. צו וואָס האָט ער זיי אַזוי פיל דערציילט וועגן אַ גוטער וועלט, וועגן גערעכטיקייט, וועגן רעכט פאַר קינדער? צו וואָס האָט ער ליגן געזאָגט? צו וואָס האָט ער געשאַפן אי־לוזיעס?

פאַרוואָס האָט ער באַשווינדלט די קינדער? און צי וועלן זיי נישט ליידן מער ווי אַנדערע?

אַן אומגליק איז געווען מיט די מיידלעך. שולץ האָט אָנגענומען צו דער אַרבעט בלויז ייִנגלעך. אין די שעפּער אינעם געטאָ און אין די פאַ־בריקן וואָס האָבן זיך געפונען אויסערהאַלב דעם געטאָ — האָט מען צו־גענומען נאָר ייִנגלעך. מיידלעך האָבן געקאָנט געפינען אַרבעט אין די דייטשישע הייזער ווי דינסטמיידלעך, ווו מ׳האָט זיי גראָב באַהאַנדלט און ווו זיי זענען יעדן אויגנבליק געווען אויסגעשטעלט אויף די משוגענע קאַפּריזן פון בעסטיאַלישע אָרדינאַנסן אָדער אונטערוועלט־יונגען.

אָבער דאָרקע האָט אים באַגעגנט מיט אַ פֿריידיקער בשׂורה ווען ער איז צוריקגעקומען. זי האָט געפֿונען אַרבעט פֿאַר זיך און פֿאַר נאָך עט־לעכע מיידלעך ביי באַשען יאַקובאָווס ווייב.

באַשע איז אַ מאָל געווען אַ שילערין פֿון יתומים־הויז.

— מיר וועלן נייען ייִדישע אָרעמבענדער — האָט דאָרקע אַן אויפֿ־געריי־צטע דערציילט. באַשע האָט באַקומען די דערלויבעניש צו עפֿענען אַ ניי־וואַרשטאַט. דער יודנראַט וועט איר געבן לייוונט און ביינוול, איך וועל צייכענען די מגן־דווידס... מע וועט דאַרפֿן עס אויסנייען מיט בלאָע בענדער און דעם אָרעמבאַנד אַרומנייען...

ער האָט זיך דערפֿרייט מיט דער ידיעה אַז די מיידלעך וועלן נישט גיין אַרבעטן צו די דייטשן.

— און איך וועל נאָך עפּעס בסוד דערציילן — האָט זי שטיל גע־זאָגט — דאָרט וועט אויך זיין אַ שול.

— וואָס? — האָט ער ברייט געעפֿנט די אויגן.

— ששש... — האָט זי אַרויפֿגעלייגט אַ פֿינגער אויף די ליפּן.

שוין צומאָרגנס האָבן די קינדער, גייענדיק צו באַשען אויף אַרבעט, געטראָגן שולהעפֿטן באַהאַלטן אונטער דער וועש.

אין אָוונט זענען זיי געזעסן אויף די בעטן, ווו אויף די שעניקעס זענען געשלאָפֿן עטלעכע קינדער צוזאַמען.

— מיר זענען דאָרט דריי דערוואַקסענע — האָט באַשע דערציילט, אַלע דערצויגענע אינעם צענטער. אַלע מאָל שטייט עמעצער אויף דער וואַך. אויף די טישן ליגן אַלץ וואָס מיר דאַרפֿן צו דער אַרבעט: לייוונט, ביינוול, נאָדלען... די קינדער ציִען אַרויס די העפֿטן. איך האָב באַקומען אַ לערנבוך — האָט זי ווייטער גערעדט — אַן איבערגעשריבענעם אויף דער מאַשין. צום מערסטן האָב איך מורא, אַז דאָס זאָל בעת אַ רעוויזיע נישט אַריינפֿאַלן אין זייערע הענט...

דער דאָקטאָר האָט זיך דערמאָנט די מומע מאַניע און די אומלעגאַלע קורסן אין די צאַרישע צייטן — הכּול היה... — האָט ער אַ טראַכט געטון.

— באַשע — האָט סטעפֿע אָפּגעזיפֿצט — צי ווייסטו מיט וואָס דאָס דראָעט?

— לאָז צורו — האָט באַשע געענטפערט — איז דען טויט איבער־הויפט אַ שטראָף?

דער דאָקטאָר האָט דאָס געהערט יעדן טאָג אַ סך, אַ סך מאָל. מ׳האָט גרינג געשעצט די דייטשישע סטראַשונקעס.

איז טויט אַ שטראָף?

דאָס זעלבע האָט אים געזאָגט שמואליקס מוטער, ווען ער האָט גע־פרעגט ווי אַזוי זי האָט געקאָנט שטעלן אין געפאַר דעם יינגלס לעבן.

— איך האָב געמיינט, אַז איר האָט אים מער ליב — האָט ער צו איר געזאָגט.

זי האָט אויף אים געקוקט, ווי זי וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט.

— איר מאַכט חוזק, הער דאָקטאָר? ווער וואָלט דען שמואליקן ליב געהאַט מער ווי איך?

— איז ווי אַזוי האָט איר געקאָנט?

זי האָט געטון וואָס אַלע שכנים האָבן געטון.

הער נאַטאַן, דער אייגנטימער פון אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף דער גענשע־גאַס, אַן ערנסטער און ענערגישער מענטש, וואָס איז, ווי מע זאָגט, פאַרן קריג געווען אַ פּרעזעס פון עפּעס אַן אָרגאַניזאַציע, דער וואָס האָט אַלע מאָל געוועקט רעספּעקט מצד זיינע שכנים מיט זיין סאָציאַלער פּאָ־זיציע און מאַטעריעלער לאַגע און דערצו נאָך מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ סאָלידן סוחר, וואָס האָט קיין מאָל נישט באַנקראָטירט, — איז צו איר געקומען אַ געוויסן טאָג און ער האָט איר פאָרגעלייגט זי זאָל אים אויס־באָרגן איר זון. שמואליק האָט זיך דערצויגן אין דער יתומים־היים און איז געווען אַ האַלבער יתום, וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאָטער נאָך איידער ער איז געבוירן געוואָרן.

ווען מ׳האָט די קינדער אַריבערגעפירט פון דער קראָכמאַלנע אויף דער דזשעלנע־גאַס און שמואליקס ברידער און שוועסטער זענען געשטאָרבן אויף טיפוס, האָט זיך זיין מוטער באַוויזן ביי סטעפען:

— איך בין אַליין — האָט זי געזאָגט — קיינער איז מיר נישט פאַר־בליבן. זאָל דאָס יינגל גיין וווינען מיט מיר.

דאָס איז דאָך נישט געווען קיין פּשוט יינגל. ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר און ער האָט אויסגעזען אויף זיבן. האָט ער געהאַט שכל פון אַ דערוואַקסענעם און אַ גוף אַ קליינעם, דאַרן. דאָס איז געווען ממש אַן אוצר אין געטאָ. שמואליק האָט זיך געקאָנט אויסבאַהאַלטן, שנעל לויפן, ער האָט געוווּסט ווי אַזוי צו וועקן רחמנות, ער איז נישט אַנטלאָפן פון קיין אַרבעט. ער האָט אַלע מאָל געברענגט דער מאַמען עפּעס צו עסן.

אַפילו דער דאָקטאָר האָט נישט געוואַגט צו שטעלן זיין שילער די דאָזיקע פראַגע. ס'האָט זיך דאָך געהאַנדלט מע זאָל פאַר יעדן פּרייז געפינען עסן.

האָט אַלזאָ הער נאַטאַן אויסגעבאָרגט שמואליקן. די מאַמע האָט אַפילו נישט געפרעגט צו אַ וואָסערע אַרבעט, ס'יינגל פלעגט צוריקקומען פאַרטאָג, אָפט פאַרבלאָטיקט, אָפט אַ צעדראַפּעטער, מיט ווונדן אויף די קני, אָבער אַלע מאָל מיט טאַשן אָנגעפּולטע מיט ברויט.

איין מאָל האָט ער אַפילו געברענגט אַ ביין באַדעקט מיט פלייש און ער האָט זיך באַרימט אַז ער האָט עס אויסגענאַרט פון אַ הונט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט הער נאַטאַן געברענגט שמואליקן אויף די פּלייצעס, ווי אַ זעקל מיט קאַרטאָפל, ווייל ס'יינגל האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פוס און נישט געקאָנט גיין — די מוטער האָט זיך דערוווּסט דעם אמת. מ'האָט גערופן דעם דאָקטאָר.

— פּופּצן יינגלעך זענען מיר וואָס אַרבעטן צוזאַמען — האָט זיך שמואליק מודה געווען קרעכצנדיק פון ווייטיק. די יסורים האָבן אים אויפגעבונדן די צונג און אים באַפרייט פון דער פליכט צו האַלטן דעם סוד.

— זעסטו מאַמע — האָט ער געקרעכצט — אויף דער נאָוויניאַרסקע־גאַס איז דאָ אַ לאָך אין מויער. מ'האָט אַרויסגענומען צוויי ציגל און אונטערגעקאָפּעט די ערד. בייטאָג, פאַרשטייט זיך, זעט מען גאָרנישט אָן, אָבער אין דער זייט שטייט הער נאַטאַן אויף יענעם אָרט און מיר, יינגלעך קריכן אַריבער, נאָכן אַרויסנעמען די ציגל, אויף דער צווייטער זייט פון מויער. די עפענונג באַלאַנגט צום הער נאַטאַן. אויף דער צווייטער זייט פאָרן טראַמווייען אין גאַנצן ליידיקע, ווייל דאָס איז די לעצטע סטאַציע, די געטאָ־גרענעץ. דער קאָנדוקטאָר און דער מאָטאָר־פירער גייען געווינט־

לעך אַרויס און רוען זיך אָפּ אויף דער באַנק לעבן דער סטאַציע. איך גנבע מיך אַריין, ווען קיינער איז דאָרט נישטאָ. און באַהאַלט מיך אויס אונטער דער באַנק פונעם טראַמוויי. זיי זעען נישט... נאָר מיר דאַכט זיך אַז איי־נער האָט מיך יאָ געזען, אָבער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער זעט מיך נישט. איין מאָל האָב איך געפונען אונטער דער באַנק אַ שטיקל ברויט. איך פאָר אָפּ אַ צוויי אָדער דריי סטאַציעס און ווען דער טראַמוויי ווערט איבערגעפולט, גנבע איך מיך אַרויס. ווי שיין דאָרט איז, מאַמע — האָט ער דערציילט.

אויף דער מיאָדאָווע־גאַס און אויפן טעאַטער־פּלאַץ, אויף דער סענאַ־טאָרסקע וווינען דייטשן אין גרויסע הייזער און אין די גרויסע שויפענצ־טער פון די געשעפטן ליגן עפּל און געוועגדזלטע פיש, טאַקע אַזעלכע ווי פאַר דער מלחמה ביי הירשפעלדן.

גיי איך מ׳ר אַזוי איבער די גאַסן, אָבער נישט דורכן ברוק, ווייל דאָרט פאָרן אויטאָמאָבילן און טראַמווייען, נאָר איבערן טראָטואַר. איך אייל מיך נישט, ס׳זאָל אויף מיר נישט פאַלן קיין חשד. כ׳גיי מיר פאָרויס ווייטער און ווייטער ביז איך קום צו צו דער כלאָדנע־גאַס און וואָליע. איך פאַרהאַלט מיך קיין מאָל נישט אין צענטער פון דער שטאָט. ווייל זעסטו, הער נאַטאַן, האָט אונדז געלערנט מיר זאָלן אויסמיידן די דאָרטיקע מענטשן. ס׳איז קיין מאָל נישט באַוווּסט מיט וועמען מ׳האָט צו טון. אויף דער וואָליע איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָרט וווינען אַרבעטער. איך קוק אַריין דורך דער שויב אין אַ וווינונג. אין דער צייט עסט מען טאַקע גע־וויינטלעך וועטשערע. איך קלאַפּ אָן אין טיר, זיי געבן מיר אַלע מאָל עפּעס: אַ פּאָר גראָשן, עפּעס אָפּצועסן, אָדער אַ שטיקל ברויט. דאָס געלט געבן מיר אוועק דעם הער נאַטאַן און דאָס פרישע ברויט אויך. אָבער די האַרטע שטיקלעך ברויט דערלויבט ער צו פאַרהאַלטן פאַר זיך.

— האָסט נישט מורא, שמואליק? — דער דאָקטאָר האָט אים אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ.

— פון אָנהייב האָב איך מורא געהאַט, ס׳האָט געטראָפן פאַרשידן. איין מאָל האָט מיך געיאָגט עפּעס אַ שגץ און געשריגן: — „זשיד, זשיד!“ כ׳האָב אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, געדענקסט, מאַמע, כ׳בין דעמאָלט צוריק־

געקומען מיט אַ צעהאַקטער קני. אָבער כ׳האָב מיך צוגעווױנט, אַלע ייִנג־לען טוען דאָס זעלבע. כ׳וויל שוין ליבערשט דאָס טון, ווי אַראָפּציִען שיך פון די מתים אויף די גאַסן, אָדער בעטלען ביי די וואָס קומען פון דער אַרבעט.

יעדן טאָג פינף אַזייגער אין אָוונט פלעגן אַכט טויזנט מענער און פרויען צוריקקומען צום געטאָ־טויער פון זייער צוואַנג־אַרבעט. דאָס זע־נען געווען ייִדישע אַרבעטער, וואָס דער יודנראַט האָט — לויט אַ באַ־שטימטן קאָנטינגענט — געמוזט צושטעלן צו די דייטשן. אַן אַרבעט וואָס האָט געדויערט פון באַגינען ביזן אָוונט, אַ שווערע אַרבעט, באַגלייט מיט אַ שענדלעכער באַהאַנדלונג, אַן אַרבעט אַ נישט־באַצאָלטע, חוץ אַ טעלער הייסע זופּ. זי האָט אָבער געהאַט די איינציקע מעלה וואָס זי האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגיין פון געטאָ און אַריינצוברענגען אַ ביסל פּראָ־וויאַנט.

אויף די הויפן פון די פאַבריקן ווו די ייִדן האָבן געאַרבעט, פלעגן קומען צו פאָרן פּויערישע וואָגנס. פאַר אַ פּאָר שיך, פאַר אַ רעקל, וואָס מ׳האָט פון זיך אַראָפּגעצויגן, פאַר אַ העמד, אַ טישטעך — האָט מען געקאָנט קריגן אַ ביסל גרינס, ברויט, פלייש און טייל מאָל אַפילו אַ פלעשל שנאַפּס. די פּראָדוקטן וואָס מ׳האָט אַריינגעפּירט אין געטאָ, האָבן געביל־דעט דעם שוואַרצן מאַרק. ווען נישט דער שמוגל, וואָלט דער געטאָ שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פון הונגער.

יעדן פאַרנאַכט, פינף אַזייגער, האָבן ביי דער אינעווייניקסטער זייט פון טויער זיך פאַרזאַמלט מחנות קינדער וואָס האָבן געוואַרט אויפן צו־ריקקער פון די אַרבעטער. אַ טייל קינדער האָט דאָרט געהאַט די עלטערן אָדער קרובים. זיי האָבן זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן אויפן עסן. אַנדערע האָבן געהאָפט צו וועקן רחמנות ביי די צוריקגעקומענע. זיי האָבן אַרויס־געשטעלט זייערע נאַקעטע אויסגעדאַרטע קערפּערס, האָבן אויסגעצויגן די הענט, געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זיי חלשן אַוועק — און דאָ און דאָרט איז געפאַלן אַ פּיצל ברויט, אָדער אַ קאַרטאָפל...

אין דער מחנה בעטלערס האָבן זיך נישט געפונען די קינדער פון דער יתומים־היים.

שמואליק האָט זיך דערצויגן אין דעם אַנשטאַלט, האָט ער אויסגע־
קליבן דעם שמוגל, ווי לאַנג ער האָט געמוזט העלפן זיין מוטער. די אַר־
בעט אין געטאָ וואָלט אים אַזאַ מעגלעכקייט נישט געגעבן.

— און צי ווייסט איר, אַז מ׳האָט מיט אַ וואָך צוריק געמאַכט אַ
פלוצימדיקן איבערפאַל און געכאַפּט עטלעכע קליינע שמוגלערס? — האָט
דער דאָקטאָר געפרעגט ביי דער מוטער און גלייך באַדויערט וואָס ער האָט
עס איר געזאָגט. וועלנדיק פאַרגלעטן דעם איינדרוק פון די ווערטער האָט
ער צוגעגעבן: ווער ווייסט, אפשר וועט שמואליק אַ מאָל פאַרבלייבן אויף
יענער זייט...

— זאָל אים גאָט העלפן. — האָט זי געענטפערט.

דאָס יינגל האָט זיך כמעט צעוויינט.

— איך וועל קיין מאָל נישט איבערלאָזן די מאַמע — האָט ער גע־
זאָגט — און נישט דעם דאָקטאָר, און נישט פריילין סטעפע און נישט די
קינדער... — האָט ער צוגעגעבן.

# אויסגעצויגענע הענט

דאָס יאָר 1942 האָט געבראַכט מיט זיך איינעם פון די שווערסטע ווינטער'ס מיט פרעסט און שנייען וואָס דער דאָקטאָר האָט ווען ס'איז איבערגעלעבט.

נאָך קיין מאָל האָט דער פראָסט אַזוי נישט געברענט אין די אויערן און דער שניי האָט נאָך קיין מאָל אַזוי נישט געשמיסן אין פּנים און געשניטן ווי איצט. דער דאָקטאָר האָט כסדר געהאַט דורכגענעצטע פיס. ער האָט זיך נאָר געוווּנדערט וואָס נישט קוקנדיק אויף זיין אָפּגעטראָגענעם מיליטערישן מונדיר, דעם איינציקן מלבוש וואָס ער האָט איצט פאַרמאָגט, און דער שמאַטע, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ שאַל אויפן האַלדז — איז ער נאָך ביז איצט נישט געלעגן אין בעט קראַנק אויף קיין גריפּע אָדער אויף אַ לונגען־אָנצינדונג.

זעלטן ווער פון זיין סביבה איז געווען געזונט. סטעפע האָט שוין זינט אַ פּאָר וואָכן געהוסט און באַשע האָט כסדר מיט געהעכערטער טעמפּעראַטור ווייטער אָנגעפירט מיט איר ניי־וואַרשטאַט. דאָרקע איז ממש אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, דער דיפטעריט האָט אַוועקגעלייגט פינף פון די יינגסטע קינדער.

לעאָן האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט ברענגען סערום פון אַ פּוילישן שפּיטאָל. ער האָט דערהאַלטן פונעם דאָקטאָר אַ בריוו מיט אַ ווענדונג צו זיינע קאָלעגן פון דער צווייטער זייט צו באַזאָרגן אים מיט געוויסע רפואות. אָבער ווי מע דערציילט האָט שוין אין פּוילישן שפּיטאָל אויך אויסגעפעלט סערום... די טיפוס־עפּידעמיע איז צוליב די פרעסט, אַ ביסל קלענער געוואָרן.

אין דער מיט צימער, אין איינעם פון די צוויי, אין וועלכע דער אַנ־

שטאָלט האָט זיך געפינען — איז געשטאַנען אַ קליין אייזערן אייוועלע, וואָס מ׳האָט באַהייצט איין מאָל אַ טאָג אויף צוויי שעה: עס האָט דער־מאָלט אויך געדינט ווי אַ קיך. טייל מאָל האָבן די קינדער געברענגט אין די טאַשן עטלעכע שטיקלעך קוילן פון דער גאַס, גרויס ווי אַ וועלשענע נוס. מערסטנטייל אָבער האָט מען געהייצט מיט האָלץ. נאָך די שטולן און דעם טיש איז געקומען די ריי אויף די פּאָרענטשעס פון די טרעפּ.

אָבער נישט אינעם גאַנצן געטאָ האָט געהערשט די זעלביקע נויט. מ׳האָט געוווּסט וועגן היימען ווו מ׳האָט וואָס אַן אמת נישט געגעסן קיין פליייש און גרינסן, אָבער ברויט איז געווען צו דער זעט. פון די גרויסע אָנגעזאַמלטע קאָנסערוון־זאַפּאַסן זענען נאָך געבליבן די רעשטלעך, אָבער ביי זיי איז שוין גאָרנישט געווען.

די קהילה, וואָס האָט שוין נישט געהאַט קיין צופלוס פון אַמעריקאַ־נער געלט, האָט געמוזט פאַרשליסן די ביליקע קיכן. מ׳האָט געמוזט לעבן לויט די אייגענע מעגלעכקייטן.

סטעפע איז געזעסן לעבן די קראַנקע קינדער. דער דאָקטאָר האָט זיך געגרייט צו זיינע פּאַרמיטאָגדיקע באַזוכן. דאָס זענען נישט געווען קיין דאָקטאָרישע וויזיטן.

נאָך מיט אַ יאָר צוריק, אין דער היים אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס, האָט דער דאָקטאָר טיפּאָגראַפירט עטלעכע טויזנט אויפרופן מ׳ט אָט דעם אינהאַלט:

„די יתומים־היים איז ניצול געוואָרן. צוויי פאַרזוכן פון פּאָגראָמען און דריי פּרוּוון פון רויבערייי האָבן מיר אָפּגעשטויסן מיט אייגענע כוחות. מיר קאָנען נישט אומקומען. איך קאָן לייענען די בלעטער פון געשיכטע. איך האָב איבערגעלעבט דריי רעוואָלוציעס און די פערטע מלחמה לעב איך איצט איבער. נאָר שוואַכע און נישטיקע מענטשן ברעכן זיך איין און פאַלן אַריין אין פאַרצווייפלונג. אונדזער פּאַטראָנאַט עקזיסטירט נישט מער. אייניקע זענען דערהרגעט געוואָרן, טייל — רויִנירט, אַנדערע טראַכטן עגאָיִסטיש נאָר וועגן זיך אַליין. געמיינע נאַראָנים וואָס מיינען אַז אינעם שטורעם וועלן זיי זיך אַליין ראַטעווען. קינדער — דאָס איז אונדזער צוקונפט. איך פאָדער אַ באַשטייערונג פון הונדערט זלאָטעס פאַרן

פֿאָנד פֿון דער יתומים־היים. איך בעט נישט, נאָר איך פֿאָדער. נאָכן געלט וועל איך אַליין קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום. איך בעט מע זאָל מיר נישט אָפּזאָגן, ווייל איך וועל נישט פֿאַרטראָגן קיין אָפּזאָג".

ער האָט געוואַרט אויף שמואליקן. ס'ייזגל האָט אין דער נאַכט גע־אַרבעט ווי אַ שמוגלער, אָבער בייטאָג האָט ער געהאָלפֿן דעם דאָקטאָר.

דער זייגער איז געווען נאָענט צו עלף, ווען שמואליק האָט זיך באַוויזן מיט קאָנווערטן אין דער האַנט. ער האָט אויסגעזען בעסער ווי אַנדערע קינדער אין געטאָ. זיין פּנים איז געווען ווייניקער געל און די ספּריט־נע שוואַרצע אויגן — לעבעדיקער. זיינע געדיכטע האָר זענען געווען גלאַטיק פֿאַרקעמט אויף אַרויף. דער דאָקטאָר האָט א״ם אַ גלעט געטון איבערן קאָפּ. ער האָט דערפֿילט ד׳ ווייכקייט פֿון די זיידענע קינדערישע האָר. זיינע קינדערס האָר, וואָס זענען אַ מאָל געווען געדיכט און פּוכקע, זענען איצט פּוכשטענדיק אָפּגעגאָלט געוואָרן, צוליב דער מורא פֿאַר לייז. דאָס איז בעסער ווי פּליכן נאָך אַרויסגעפֿאַלענע האָר.

שמואליק איז געווען פּריווילעגירט. ער האָט געהאַט שטאַרקע פּיס, ווייל ער האָט געגעסן ברויט און ער האָט געטראָגן גאַנצע שיך, וואָס ער האָט אויסגעבעטלט אויף דער צווייטער זייט מויער.

— איך האָב פֿונאַנדערגעטיילט אַלע אויפֿרופֿן, אָבער די מענטשן — האָט ער דערלאַנגט די איבערגעבליבענע קאָנווערטן — האָב איך נישט געקאָנט געפֿינען. אָדער זיי זענען געשטאָרבן, אָדער זיי האָבן זיך איבער־געקליבן אויף אַן אַנדערן אַדרעס.

זיי האָבן אָנגעהויבן קאָנטראָלירן די רשימה.

— איך האָב היינט צען באַזוכן — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — מיר וועלן זיי פֿונאַנדערטיילן לויט די גאַסן.

— דאָ איז אַ בריוו צום הער דאָקטאָר — האָט שמואליק געזאָגט, אַרויסשלעפּנדיק פֿון דער קעשענע פֿונעם רעקל אַ פֿאַרקלעפּטן קאָנווערט. לעאָן האָט אים מיר געגעבן און געזאָגט, אַז ער וועט קומען פֿינף אַזייגער נאָך אַן ענטפֿער.

דער דאָקטאָר האָט אויפֿגעריסן דעם קאָנווערט און אַ קוק געטון אויפֿן

אונטערשריפט: איגנאַצי וו. ס'האָט אים גאָרנישט געזאָגט סיי דער ערש־טער, סיי דער צווייטער נאָמען.

דער בריוו איז געווען קורץ, סודותפול. ער איז געקומען פון דער צווייטער זייט מויער. מ'האָט אים געפרעגט צי ער וואָלט געוואָלט אַר־בעטן דאָרט אין אַ שפּיטאָל.

ער האָט זיך אָנגעשטויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אין געטאָ זענען שוין די שפּיטאָלן געווען געשלאָסן צוליבן מאַנגל אין מעדיקאַמענטן, באַהייצונג און באַשפּייזונג. דער בריוו איז אַ פאָרשלאָג צו אַנטלויפן.

ער האָט אים לאַנגזאַם צונויפגעלייגט אין פירן און באַהאַלטן אין אַ זייטיקער קעשענע. איצט איז געווען די צייט פאַר באַזוכן.

ער איז אַרויס מיט שמואליקן אויף דער דזשעלנע־גאַס.

דער שנײ האָט אין דער פרי אויפגעהערט צו פאַלן און די דעצעמ־בער־בלאָטע האָט אַרומגעקלעפּט די אָפּגעריבענע לעדער פון די שיך און דורך די צעריסענע זוילן האָט זי זיך אַרייַנבאַקומען אינעווייניק.

די גאַס איז ווי אַלע מאָל טומלדיק צוליב דער קלאַפּעריי פון די הילצערנע פּאָדעשוועס און דעם געשריי פון די הענדלערס.

— דאָ איז דער פּלאַץ וווּ מיר טרעפן זיך — האָט שמואליק געזאָגט ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ געוויס הויז.

— פון וויפל באַשטייט אייער גרופּע ווען איר קומט זיך צונויף? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— מיר זענען געווען פופציק — האָט ער געענטפערט — פון דער גראָכאָווער פאַרעם און פון פאַרשידענע שטעטלעך. עטלעכע זענען אין מיין עלטער. אין די אָוונטן לערנען זיך די עלטערע קינדער העברעיִש און ענגליש. מיר וועלן קריגן ארץ־ישראלדיקע וויזעס און מיר וועלן אַוועק־פאָרן.

דער דאָקטאָר האָט מיט אַ געפיל פון רחמנות אַ קוק געטון אויף אים. ער האָט נישט געוואָלט צונעמען ביים קינד די האָפענונג כאָטש ער האָט נישט געגלייבט אין אַזאַ מעגלעכקייט... צי וואָלטן דען די דייטשן אין דער צייט דערלויבט וועמען צו פאַרלאָזן דעם געטאָ?

— טאָ גיב אָפּ פון מיר אַ גרוס אין ענגליש דעם הער טשערטשיל,

ווען דו ווערסט אים זען — האָט ער געזאָגט און ער האָט גלייך חרטה געקריגן פֿאַר דעם שפּאַס.

— וואַרט נישט אויף מיר — האָט ער צוגעגעבן — איך וועל איצט אין דעם הויז פֿאַרברענגען מסתמא אַ שעה צייט. איך האָב דאָ עטלעכע קליענטן.

דאָס דריישטאָקיקע הויז מיט אַ גאַנצן, נישט צעשטערטן פֿראָנט האָט זיך געפֿינען אויף דער לעשנע־גאַס. אויף די טרעפּ און די פֿאָרענ־טשעס זענען געווען. מ׳האָט זיי נאָך נישט אויסגענוצט פֿאַר באַהייצונג. האָבן דאָ, הייסט עס, געוווינט פֿאַרמעגלעכע מענטשן.

דער דאָקטאָר איז שטיין געבליבן פֿאַר דער טיר אויפֿן ערשטן שטאָק. ער האָט איבערגעלייענט די וויזיט־קאַרטע פֿונעם באַלעבאָס. זיך אָנגע־לענט אָן דער טיר. פֿאַרשידענע איבערראַשונגען האָבן אויף אים געקאָנט וואַרטן אין דער וווינונג. טייל מאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער, ביי וועמען ער האָט געבעטן אַ נדבה, האָט אַליין גאַרנישט געגעסן פֿון אין דער פֿרי אָן.

ער האָט צונויפֿגעצויגן די ברעמען, זיך צוגעגעבן מוט און אַ שטרענ־גער, נישט־נאָכגעבנדיקער, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

דריי אַזייגער איז ער אָן אויסגעשעפּטער — נאָכן באַזוכן אַ צענדלינג דירות — אָבער מיט מזומן אין טאַש, צוריקגעגאַנגען אין דער יתומים־היים.

עס וועט קלעקן אויף צוויי טעג פֿאַר מיטאָגן פֿאַר די קינדער און אויף איין פֿלאַש טראַן וואָס לעאָן וועט איינקויפֿן אויף דער צווייטער זייט מויער.

לעאָן איז יעדן פֿרימאָרגן צוזאַמען מיט אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער אַרויסגעגאַנגען פֿון געטאָ, איילנדיק זיך ווי אַלע אַנדערע אין דער פֿאַב־ריק אַריין.

ער פֿלעגט זיך שפּעטער אַרויסגנבענען פֿון דער פֿאַבריק־געביידע און זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ שכנותדיק הויז.

ווען ער האָט זעקס פֿאַרטאָגס, לויט אַ באַשטימטן צייכן, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פֿון אַ פּאַרטער־וווינונג — איז די צייטונג געווען פֿאַרטיק.

דער רעדאַקטאָר — אַן אַלטער גראָער זשורנאַליסט, וואָס האָט גע־קענט דעם קאָנספּיראַטיוון אופן פון אַרויסגעבן אַ צייטונג נאָך פאַרן יאָר 1905 — האָט טאַקע פאַרענדיקט זיין אַריינפיר־אַרטיקל.

די זעצעריי האָט זיך געפינען אין צווייטן צימער. נאָך דער פאַרענ־דיקטער אַרבעט האָט מען דאָס שאַכטל מיט דער דרוקשריפט פאַרבאַ־האַלטן אין דער שאַנק. דאָס צימער האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ גע־וויינטלעכע וווינשטוב. לעאָן פלעגט מאַכן די קאָרעקטור, איבערגעבן רוי־טערס טעלעגראַמעס וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט דורכן ראַדיאָ אין קעלער. בוועלף בייטאָג, פאַרבאַהאַלטנדיק די צייטונגען הינטערן העמד אויף דער ברוסט און אויף די פּלייצעס, איז ער געגאַנגען אין דער ביליקער קיך פון וואַנען מ׳האָט געבראַכט זופּ פאַר די יידישע אַרבעטער אין דער פאַבריק.

דאָרט האָט מען אים געקענט ווי אַ קריסט, אַ פּאָלאַק. ער האָט גע־וואַרט ביז מ׳האָט אָנגעפילט דעם קעסל און צוזאַמען מיט אַ צווייט ייִנגל, האַלטנדיק דעם קעסל מיט קאָכעדיקער זופּ פאַרביידע הענטלעך — זענען זיי געגאַנגען אין דער פאַבריק.

אָבער צוריקגעטראָגן דעם ליידיקן קעסל האָט נאָר איין ייִנגל, ווייל לעאָן איז פאַרבליבן אין דער פאַבריק. נאָך מיטאָג איז ער געשטאַנען אין די רייען צום אַפּעל און פינף אַזייגער איז ער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע צוריקגעגאַנגען — אין געטאָ. ער פלעגט מיט זיך מיטברענגען צייטונגען, זאַכן פאַרן דאָקטאָר וואָס ער האָט איינגעקויפט אין אַן אַפּטייק און אָפט אויך ברויט.

ס׳איז שוין געווען נאָענט צו זעקס אַזייגער, אָבער לעאָן האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַוויזן. אין דער צייט האָט ער תמיד — נאָכן איבערגעבן די צייטונגען — געקרוט אויפן בעט. די אַנדערע ייִנגלעך האָבן די צייטונגען פונאַנדערגעטראָגן לויט די אָנגעוויזענע אַדרעסן.

דער דאָקטאָר האָט זיך אומגעדולדיק אַרומגעדרייט איבערן צימער. ער האָט היינט געהאַט אַ שווערן טאָג.

ער האָט געוואַרט אויפן סערום, וואָס מ׳האָט באַדאַרפט גלייך איינ־שפּריצן די קראַנקע קינדער. סטעפע האָט פון אין דער פרי אָן נישט פאַר־לאָזט דאָס קראַנקנצימער. דער דאָקטאָר האָט מורא געהאַט, אַז די גרעס־

טע טייל פון די געזאַמלטע געלטער וועט מען מוזן אויסגעבן אויף מעדי־קאַמענטן.

ער האָט פלוצלינג דערהערט זיין נאָמען, וואָס איז אַרויסגעזאָגט גע־וואָרן אין דרויסן מיט אַ פרעמדער, נידעריקער שטים. ער איז שנעל צוגע־גאַנגען צו דער טיר און זי געעפנט. ער האָט דערזען פאַר זיך אַ גראַנאַ־טענעם מונדיר פון אַ פוילישן פּאָליציאַנט.

עפּעס אַ פאַרברעכן, מ׳האָט געכאַפּט אַ קינד ביי אַ גנבה, ס׳וועלן זיין אומאָנגענעמלעכקייטן — איז אים דורך אַ געדאַנק אין קאָפּ.

דער פּאָליציאַנט איז אַריין און דערזעענדיק דעם דאָקטאָר האָט ער צו אים אויסגעצויגן די האַנט.

— דער הער דאָקטאָר דערקענט מיך נישט — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטילן קול — דאָס בין איך, איגנאַצי.

דער דאָקטאָר האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט היינט אין דער פרי באַקומען אַ בריוו, אונטערגעשריבן טאַקע מיט דעם נאָמען.

מע דאַרף זיין פאָרזיכטיק, האָט ער אַ טראַכט געטון, די גאַס איז פול מיט פּראָוואָקאַטאָרן.

אין צימער איז קיינער נישט געווען. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט, ווייל די שטולן און טישן זענען שוין לאַנג געווען פאַרנוצט פאַר באַהייצונג.

— איר האָט נישט קיין צוטרוי צו מיר — האָט אָנגעהויבן דער פּאָליציאַנט — איר געדענקט נישט איגנאַצי ווילטשעק פון סאָלעץ?

דער דאָקטאָר האָט זיך אַ וויש געטון מיט דער האַנט דעם שטערן.

איגנאַץ... איגנאַץ... דער עלטסטער זון פון דער ווילטשקאָווע... דאָס לאָבוסל פון הויף... און דערנאָך האָט ער זיך דערמאָנט די אַלטיטשקע ווילטשקאָווע ווי זי האָט אים דערציילט, אַז ער איז געזעסן אין די צאַ־רישע תפיסות פאַר שמוגלען קאָנספּיראַטיווע ליטעראַטור.

ער האָט אַ קוק געטון אויף די העלע אויגן פונעם פּאָליציאַנט און אויף זיין ברייטן שמייכל.

— דער מונדיר — האָט געזאָגט איגנאַץ —איז נאָר כדי מע זאָל

מיך נישט דערקענען, כדי איך זאָל מיך קאָנען צו אייך אַריינקריגן אין געטאָ...

איגנאַץ קאָן נישט זאָגן קיין ליגן — האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטון — און פאַרוואָס וואָלט ער מיך באַדאַרפט אָפּנאַרן?

— איך האָב אייך געלערנט לייענען — האָט ער געזאָגט — איך געדענק אייער מוטער, פאָטער, די קליינע מאַנקאַ...

— איך געדענק אייך אויך, איך האָב אייך קיין מאָל נישט פאַרגעסן

— האָט דער גאַסט געענטפערט — זעט איר, האָט ער צוגעגעבן, איך געהער צו דער אָרגאַניזאַציע, מ׳האָט אַ מאָל דערציילט אויף אַ פאַרזאַמלונג, אַז איר געפינט זיך אין געטאָ און אַז מע דאַרף אייך העלפן. איך האָב געשיקט אַ בריוו דורך לעאָנען. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך דערצויגן אין אייער יתומים־היים.

— כ׳האָב נאָך נישט באַוויזן זיך צו באַקענען מיט דעם אינהאַלט פונעם בריוו.

— איר וועט מיר נישט קאָנען שיקן קיין ענטפער דורך לעאָנען, דערפאַר בין איך געקומען אַליין...

— ווו איז לעאָן? — האָט דער דאָקטאָר אַ באַאומרויִקטער געפרעגט.

דער גאַסט איז געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט.

— מע דאַרף זיך שטאַרקן... היינט אין דער פרי איז די רעדאַקציע אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די דייטשן. אַ דענונציאַציע. מע זאָגט, אַז אַ ייִנגל פון דער ביליקער קיך... פאַר פינף הונדערט זלאָטעס האָט ער אויסשפּיאָנירט און אַרויסגעגעבן... ס׳איז געווען אַ שיסעריי... לעאָן איז אַנטלאָפן, אָבער מ׳האָט אים אויפן וועג דערשאָסן.

— דערהרגעט?

ווילטשעק האָט געשוויגן.

— איך מוז עס אויסבאַהאַלטן פון סטעפען — האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטון. זי איז צו אים געווען אזוי צוגעבונדן... דאָס איז געווען אונדזער פעיִקסטער שילער — האָט ער געזאָגט מיט אַ דערשטיקטער שטים.

— מיר האָבן פאַרלוירן דריי אומפאַרטרעטלעכע זשורנאַליסטן — האָט איגנאַץ געזאָגט.

— איז צוליב וואָס זענט איר געקומען? כ׳האָב נישט דערהערט, כ׳בין אַזוי צעמישט...

— איך וויל מיט אייך איבעררעדן וועגן אַנטלויפן. די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אייך אַרויסצושלעפּן פון געטאָ און אויסבאַהאַלטן... מע וועט אייך געבן די נייטיקע פּאַפּירן. מיר דאַרפן האָבן דאָקטוירים... ס׳זע־נען אונדז נייטיק אַזעלכע מענטשן ווי איר...

— די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן, דאָס איז גוט. און צי וועט די אָרגאַניזאַציע אַהערשיקן עמעצן וואָס זאָל מיך פאַרטרעטן אין געטאָ? דאָ איז פאַראַן נאָך אַ גרעסערער מאַנגל אין דאָקטוירים.

— דאָקטאָר, איר וועט אומקומען אין דעם גיהנום...

— דאָס איז נישט דאָס וויכטיקסטע. אַנדערע האָבן שוין לאַנג גע־פּרוווט מיך ראַטעווען. איך האָב געקריגן מיט אַ יאָר צוריק אַ סערטיפי־קאַט פון ארץ־ישראל און אַ מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד...

— און איר האָט עס נישט אויסגענוצט.

— ווען מע וואָלט מיר געשיקט 250 סערטיפיקאַטן פאַר אַלע מיינע קינדער איז ווער ווייסט... אפשר וואָלט איך מיט זיי געפאָרן.

— אָבער דאָ וועט איר זיין נאָר מיט אַ מויער אָפּגעטיילט פון די קינדער. איר וועט זיי גיכער קאָנען העלפן.

דער דאָקטאָר האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט:

— איך האָב אַזוי מורא געהאַט אַרויסצולאָזן לעאָנען — האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין — ווען ער וואָלט געבליבן מיט אונדז, וואָלט ער איצט געלעבט...

ער איז אומגעקומען ווי אַ העלד — האָט אים איגנאַץ געטרייסט.

— צופיל העלדן — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — מיליאָנען העלדן, אַ גענעראַציע פון העלדן.

זיי האָבן פאַרשטעלט די פענצטער. דער דאָקטאָר האָט אָנגעצינדן אַ לעמפּל. ווילטשעק איז געזעסן אויף שעניק און געקוקט פאַר זיך. ער האָט שוין נישט געפּרוווט אַרגומענטירן. ער האָט געפילט, אַז ער וועט

נישט איבערצייגן דעם דאָקטאָר. ער האָט אין זײַנע אויגן געזען אָנט־שלאָסנקייט און עקשנות.

— אפשר דאַרפט איר האָבן געלט?

— אָ, יאָ, אַלע מאָל — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט

— איך וועל מיך באַמיִען צו שיקן — האָט ער געזאָגט, דערלאַנגענדיק די האַנט צום געזעגענען — און אויך אַרישע פּאַפּירן פאַר אייך, אויף יעדן פאַל.

דער דאָקטאָר האָט געשוויגן.

ער האָט טיף איבערגעלעבט לעאָנס טויט. לעאָן איז אַלט געווען פופצן יאָר...

# קאָנצערטן פאַר די קינדער אין געטאָ

מע האָט געזאָגט אַז דאָס יאָר וועט נישט זיין קיין פרילינג אין געטאָ.

די לעצטע שווינדזוכטיקע ביימער, וואָס זענען נאָך דאָ און דאָרט געוואַקסן אין די פאַרבליבענע עטלעכע־מעטערדיקע גערטנדלעך אין די הויפן און סקווערן זענען אויסגעהאַקט געוואָרן אויף באַהייצונג. דעם איינציקן גישט־גרויסן קראַשינסקי־גאָרטן, וואָס האָט זיך געפונען אין דער ייִדישער געגנט, האָבן די דייטשן אַריינגענומען אין דער אַרישער זייט, וועלנדיק מיטן גאַנצן באַוווּסטזיין און שנאה באַרויבן די ייִדן אַפילו פון אַ ביסל פרישע לופט און ביימער.

דאָס פרילינג־ווינטל, וואָס האָט געשמעקט מיט פייכטער ערד האָט זיך דערטראָגן געוויינטלעך פון די ווייטע פעלדער און גערטנער. די פרילינגדיקע קילקייט און נעפּלדיקייט, וואָס ברענגען דער שטאָט אַן אָנזאָג פון בעסערע טעג — זענען אַהער נישט דערגאַנגען. זיי זענען פאַרבליבן הינטערן מויער. עס האָבן זיי פאַרהאַלטן די ריחות פון דער צוזאַמענגעפּרעסטער מענטשלעכער מאַסע, און דער געשטאַנק פון קאַרבאָל מיט ליזאָל וואָס האָט זיך דערטראָגן אין דער לופט.

מע האָט אויפגעהויבן די קעפּ: נאָר פונעם בלענדיקן העלן הימל, וואָס איז געווען אין קאָנטראַסט מיט די שמוציקע מויערן, האָט מען געקאָנט דערגייך, אַז דער ווינטער ענדיקט זיך שוין.

די קינדער אָבער האָבן באַמערקט דעם פרילינג שוין פריִער. צווישן די חורבות פון די באָמבאַרדירטע הייזער, אויף די ליידיקע פלעצער, טייל מאָל אויף אַ האַלבן שטאָק פון אַ צעשמעטערטער וואַנט — זענען געוואַקסן געלע פוסט־בלימעלעך און גישטיקע, שיטערע, שווינדזוכטיקע גרעזלעך.

אַרומגייענדיק איבערן געטאָ האָט דער דאָקטאָר געטראָפן קליינע

קינדער וואָס האָבן זיך געשפּילט צווישן די חורבות. זיי האָבן נישט גע־ווּסט פון קיין טומלדיקע שפּילן און שוין לאַנג אויפגעגעבן דאָס שפּילן זיך אין יאָגעלעך. די שוואַכע פיסלעך האָבן זיך געוועדט קעגן אַרומלויפן. איז מען געזעסן גרופּעסווייז און געוואָרפן שטיינדלעך, אָדער עפּעס גע־צייכנט מיט פיצלעך קוילן אויפן מויער, מיט שטיקלעך האָלץ אויף דער ערד, אָדער מיט קרייד אויפן טראָטואַר.

פאַר אַ קינד איז אָפּטימיזם אַזוי נייטיק ווי לופט. ווי לאַנג עס לעבט, איז דער געדאַנק וועגן טויט אָדער אומגליק פּשוט נישט צולאָזיק. דאָס קינד פאַרטיידיקט זיך קעגן דעם מיט עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם אינסטינקט; באַנוצט זיך מיט פאַנטאַזיע אַבי נאָר צו האַלטן פון דער ווייטנס דאָס אַלץ וועגן וואָס עס האָבן גערעדט לעצטנס די עלטערן אַזוי אומפּאָרזיכטיק, אַזוי נישט רעכענענדיק זיך מיט דער אָנוועזנהייט פונעם קליינוואַרג.

צוויי דערציִונג־ריכטונגען צעשפּרייטן זיך איבערן געטאָ. אייניקע האַלטן אַז ס׳איז צום בעסטן צוגרייטן די קינדער צו דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט. אַנדערע, ווי דער דאָקטאָר און סטעפע — אַלע מאָל טריי זייערע פּרינציפּן — ווילן פאַרשפּאָרן זייערע קינדער די מורא און ווילן זיי האַלטן ווי צום לענגסטן אינעם אומבאַוווּסטזיין פון אמת.

פון דערפאַרונג האָבן זיי געוווּסט, אַז דאָס קינד וועט סייווי נישט גלייבן דעם אמת. זיי האָבן קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרטראָגן אַ טרויע־ריקן סוף פון אַ מעשה. „דאָס שלומפּערל" האָט געמוזט באַלוינט ווערן חתונה־האָבנדיק מיטן יונגן פּרינץ. און דער וואָלף האָט געמוזט דערהרגעט ווערן אין „רויטן מיצעלע", דעמאָלט ווען די אויפגעגעסענע באָבע און דאָס „רויטע מיצעלע" גייען אַרויס גאַנץ פון דער געשעעניש. די קינדער שאַפן זיך די אילוזיע פון גליק ביי וואָס זיי האַלטן זיך מיט אַלע כוחות.

אַזוי האָט געטראַכט דער דאָקטאָר אַהיימגייענדיק אין יתומים־הויז. ער האָט זיך לעצטנס אויסגעלערנט פון די קינדער צו פאַרמאַכן די אויגן אויף געוויסע פאַקטן. פּאָליטישע דיסקוסיעס מיט די דערוואַקסענע און גע־וויסע נביאות, האָט ער געהאַלטן פאַר צייטפאַרלוסט. ער האָט נישט גע־וואָלט וויסן צו פיל.

ער האָט פאַרלאַנגזאַמט די טריט און איז שטיין געבליבן לעבן אַ

גרופּע קינדער, וואָס זענען געזעסן אויפן ברוק קוקנדיק אַפּאַטיש פאַר זיך. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו זיי און געזאָגט:

— קומט היינט פינף אַזייגער אויפן הויף... ס׳וועט זיין אַ קאָנצערט.

— צי מעג איך מיטברענגען מיין שוועסטערל?

— איר קאָנט מיטברענגען וועמען איר ווילט.

דאָס איז געווען נישט דער ערשטער קאָנצערט אויף וועלכן דער דאָק־טאָר האָט איינגעלאַדן די קינדער פון געטאָ.

איידער דאָס פּובליקום האָט זיך אויפגעזאַמלט און זיך אויסגעזעצט אַרום דעם ליידיקן קוואַדראַט, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן מיט קרייד ווי דאָס אָרט פון די אויפטריטן, האָט זיך דער דאָקטאָר אַרומגעדרייט צווישן די קינדער.

דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער און אַ טרוקענער. מ׳איז געזעסן אין הויף אויף דער ערד, איינגעבויגן די פיס אונטער זיך, גאַנץ באַקוועם. דער דאָקטאָר האָט אַריינגעקוקט אין די פּנימער.

חוץ זיינע אייגענע, האָבן זיך פאַרזאַמלט אַן ערך פון צווייהונדערט קינדער פון דער גאַנצער געגנט. מ׳האָט זיי נישט באַדאַרפט באַרויקן: שווייגעוודיקע, שטילע האָבן זיי געהאָרכזאַם געוואַרט אויפן אָנהייב פון דער שפּיל.

ער איז צוגעגאַנגען צו די, וואָס האָבן זיך אים אויסגעוויזן צו זיין שוין צופיל רויִק און אַפּאַטיש. ער האָט זיי באַטאַפּט דעם פּולס און גע־קוקט אין די אויגן. צווישן הויט און ביינער איז אים מיט שוועריקייט גע־לונגען צו געפינען דעם קלאַפּנדיקן פּולס.

ער האָט אַרויסגעצויגן פון טאַש אַ צוקערל, אָדער אַ שטיקל ברויט:

— נעם, עס אויף שנעל... נאָך דער פאָרשטעלונג קום צו מיר... כ׳וועל דיר געבן אַ לעפל טראָן.

געוויסע קינדער האָבן אים הכנעהדיק געקוקט מיט זייערע בליקן.

— און דו וואָס? אויך — אַ צוקערל? כ׳האָב נישט פאַר אַלע... — האָט ער געענטפערט אין אַ פאַרלעגנהייט. ווערסט מאָרגן קריגן, קום צו מיר — און ער האָט אַן אומרויִקער געטראַכט פון וואָנען ער וועט מאָרגן

נעמען צוקערלעך און וואָס וועט ער טון ווען די לעצטע פלאַש מיט טראָן וועט זיך אויסשעפּן.

כ׳וועל אַליין גיין אין אַ פּוילישער אַפּטייק, כ׳וועל מיך ווענדן צו באַ־קאַנטע — האָט ער געמאַכט פּלענער.

ער האָט סטעפּען דערציילט, אַז ער האָט בדעה אַרויסצוגיין פון געטאָ אויף איין טאָג.

— איך האָב דאָך אַרישע פּאַפּירן און פריינט — האָט ער איר דער־קלערט — כ׳וועל שאַפן אַ ביסל מעדיקאַמענטן און געלט.

זי האָט נישט געוואָלט וועגן דעם הערן.

— צופיל מענטשן קענען דיך אויף יענער זייט מויער — האָט זי גע־ענטפערט — זיי זענען גרייט צו מסרן.

ער האָט שוין געהערט פון אַ סך מענטשן וועגן אַזעלכע פאַלן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט אַזאַ געדאַנק: מסרן האָט געהייסן אויסשטעלן עמעצן אויף טויט... דער דאָקטאָר האָט נאָך אַלץ נישט אויפ־געהערט צו גלייבן אינעם מענטש.

— דער געטאָ האָט זיינע גוטע זייטן — האָט ער פאַרן אָנהייב פונעם קאָנצערט געזאָגט צו באַשען — פריִער זענען מיר געווען אויסגעשטעלט אויף אַן אָנגריף פון די דייטשישע זעלנער און דעם המון. איצט וועט אין דער פאַרפעסטעטער געגנט קיינער נישט קומען. מיר זענען אַליין.

די קינדער האָבן געקלאַפּט אין די הענטלעך. זיי זענען געוואָרן אומ־געדולדיק. מ׳האָט געוואָרט אויפן אָרקעסטער.

דער קאָנצערט האָט זיך זעלבפאַרשטענדלעך אָנגעהויבן פון מוזיק. מ׳האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע אינסטרומענטן חוץ אַ מויל־האַרמאָני־קע. ער האָט אָנגעהויבן מיט מעלאָדיעס, וואָס האָבן אַריינגעפירט אַ פריי־לעכע שטימונג: אַ קראַקאָוויאַק און קויאַוויאַק [1].

די האַרמאָניקע איז געווען אַלט און יוסף האָט אויך נישט געהאַט קיין סך כוח, אָבער די אַמביציע און ליידנשאַפט פון אַן אַרטיסט האָבן אים געהאָלפן צו פאַרגעסן די מידקייט. אַ פאַררויטלטער, זשיפּענדיק קוים, האָט

---

[1] פאָלקלאָריסטישע פּוילישע טאַנצמאַטיוון.

ער געשפּילט אָן אויפהער. דערנאָך האָט דאָרקע געזונגען אַ וויגליד, וואָס זי אַליין האָט פאַרפאַסט וועגן אַ פאָטער וואָס איז אומגעקומען אין קריג און אַ מוטער וואָס האָט געמוזט שווער אַרבעטן. די קינדער האָבן איבער־געחזרט דעם רעפריין: „לולו, לולו, קינדעלע דו מיינס"...

די גרעסטע אָבער אַטראַקציע פון פּראָגראַם איז געווען דער אויפ־טריט פונעם דאָקטאָר.

ער האָט זיך דערצו צוגעגרייט און זיך באַמיט צונויפשטעלן אַ מעשה פון אַזעלכע עלעמענטן וואָס האָבן באַדאַרפט ווירקן באַרויִקנדיק אויף די קינדערס נשמות.

„דער פאָטער פון דער משפחה האָט געשפּילט אויף אַ קאַטערינקע איבער וועלכער עס האָט אַרומגערודערט אַ קליינע מאַלפּע, אַ בלאַס מיי־דעלע אין אַ שמוציק טיולן קליידל, מיט אָנגעמאַליעוועטע באַקן האָט גע־טאַנצט אויף די שפּיץ־פינצער און דער יינגסטער פון דער משפחה האָט געזאַמלט די גראָשנס איינגעוויקלטע אין צייטונג־פּאַפּיר, וואָס מ׳האָט אַראָפּגעוואָרפן פון די פענצטער".

דער דאָקטאָר האָט זיך אַרומגעקוקט: אין די פענצטער פון דעם הויף זענען געשטאַנען דערוואַקסענע, וואָס האָבן געשמייכלט האַלב נייגעריק, האַלב איראָניש טאַקע ווי דעמאָלט ווען ס׳זענען פאָרגעקומען די אויפ־טריטן פון די הויף־צירק־אַרטיסטן. ער האָט זיך פאַרשעמט. יענע האָבן זיך כאָטש געקימערט וועגן אַן אויסערלעכן אויסזען. דער צירק־אַרטיסט האָט געטראָגן שיינע טריקאָטן, דאָס מיידעלע האָט געהאַט אירע האָר פאַר־דרייט אין לאָקן, און ער?

צעפליקטע הויזן און צעריסענע טשאַפּלין־שיך. וואָס פאַר אַ הולך!... ער האָט געוואָלט אין דעם מאָמענט ממש איינגעזונקען ווערן אין דער ערד. אָבער די קינדער האָבן גערופן:

— אַ מעשה! אַ מעשה! — און מיט קולות אָפּגעשוואַכטע פון הונ־גער האָבן זיי געבעטלט אַ מעשה.

— וועגן וואָס זאָל איך אייך דערציילן? — האָט ער געפרעגט.

— וועגן מאַטיוש — האָבן זיי געשריגן.

— וועגן קייטוש — האָט ער דערהערט — ס׳זאָל זיין קאָמיש.

ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן.

אַ ווייסער וואָלקן, אַ דעליקאַטער, כמעט ווי פון שפּיצן געמאַכט, איז געהאָנגען איבערן הימל, ער האָט אַ שמייכל געטון צו אים, אַ שמייכל גע־טון צו די קינדער... אַליין וועגן אַלעם פאַרגעסן און... ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן קייטוש:

— „קייטוש האָט ליב געהאַט זיך צו וועטן, — האָט דער דערציילט ציטירנדיק פון אויסנווייניק אַ קאַפּיטל פון זיין בוך, וואָס איז אַזוי באַ־ליבט געווען ביי די קינדער, — האָט ער זיך געוועט, אַז ער װעט אַריינ־גיין אין צוועלף געשעפטן און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער וויל עפּעס קויפן, כאָטש ער האָט ביי זיך נישט געהאַט קיין גראָשן.״

די קינדער לאַכן. די מערהייט האָט שוין געהערט וועגן קייטוש און לאַכט פון פאָרויס. זיי לאַכן פונעם קאָמישן און בראַוון יינגל און פון זיינע שטיק. און אויך פון דעם וואָס אין קאָרטשאַקס דערציילונג זענען ווידער פאַראַן די פריילעכע גאַסן אין שטאָט, ווי אַ מאָל, מיט געוועלבער, ווו קליינע יינגלעך קאָנען אַריינגיין עפּעס קויפן, אָדער נישט קויפן... ווי איי־נער וויל.

— „גייט אַלזאָ קייטוש אַריין אין אַן אַפּטייק און ער בעט צוויי שול־העפטן. איינעם — אין קראַטן, אַ צווייטן — צום צייכענען.

— מיר האָבן נישט אין דער אַפּטייק קיין העפטן צום צייכענען — האָט זיך דער אַפּטייקער געווי׳צלט — נאָר העפטן אין קראַטן.

קייטוש אַנטשולדיקט זיך. דער אַפּטייקער האָט רחמנות אויפן יינגל:

— גיי רעכטס. דאָרט וועסטו קריגן.

קייטוש גייט אַרויס און דערציילט זיין חבר ווי אַזוי ס׳איז געווען. לעבן דער אַפּטייק איז פאַראַן אַ געשעפט מיט שול־און שרייב־מאַטעריאַלן. קייטוש גייט אַריין.

— ביטע, גיט מיר אַ שמאַנדקוכן.

— דו ווייסט נישט ווו מע קויפט קוכנס? — שרייען זיי אויף אים. און קייטוש ענטפערט:

— כ׳ווייס נישט, מ׳האָט אונדז נאָך וועגן דעם נישט געלערנט.

אין שפּייזגעוועלבל בעט קייטוש צען דעקאַגראַם מאַרינירטן וואַל־

פּיש. ביים שוסטער וויל ער קויפן שמאַנדקעז און ביים פריזירער בעט ער אַ מעדיצין ס׳זאָלן אויסוואַקסן קעניגלעכע וואָנצעס, ווייל ער דאַרף שפּילן אַ קעניג אין דער שול־פאָרשטעלונג. אין אַ בלומענגעשעפט האָט ער פאַר־לאַנגט אַ קאַקאָס־פּאַלמע און ער האָט צוגעגעבן, אַז די שול־לערערין האָט אים דאָס געהייסן קויפן. אין אַ סאָדע־וואַסער געשעפט האָט ער געוואָלט קויפן נאָר דעם גאַז פון וואַסער. ביים פאָטאָגראַפיסט האָט ער געבעטן אַ האַלב טוץ קאַבינעט־טויבן און אין פּאַפּיראָסן־געשעפט האָט ער פאַרלאַנגט פּאַפּיראָסן וואָס הייסן „הינטישער פּיסק״. דערנאָך איז ער אַריין אין אַ וועשעריי און ער האָט געפרעגט צי מע נעמט דאָ אָן געפּייגערטע קעץ צו פּרעסן.

קייטוש האָט דעם געוועט געוווּנען, ער האָט באַזוכט צוועלף געשעפטן און גאָרנישט געקויפט.״

ווי אַ זעץ פון אַ ווייטן דונער, אַזוי טראָגט זיך דורכן הויף דער היל־כיקער קינדערישער געלעכטער.

און דער דאָקטאָר דערציילט ווייטער. מ׳האָט אים דערלאַנגט עפּעס אַ קאַסטן, ער האָט זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט און דערציילט ווי אַזוי קיי־טוש איז געוואָרן אַ כישוף־מאַכער.

„ווייל דאָס שאַרפזיניקע יינגל האָט נישט געקאָנט גלייבן, אַז ס׳עק־זיסטירט נישט קיין כישוף אויב אַ סאָראָקע און אַ פּאָפּוגיי קאָנען רעדן. גאָלדענע פישעלעך שווימען אַרום אין אַ סלאָי און אַ כישוף־מאַכער אין צירק לאָזט אַרויס פון זיין הוט לעבעדיקע טייבעלעך...

ווי שווער ס׳איז אונטערצושיידן וואָס איז אמת און וואָס איז ליגן. קייטוש באַשליסט צו ווערן אַ כישוף־מאַכער און זיינע ערשטע פּרוּוון האָבן אַ גלענצנדיקן דערפאָלג.

פאַרן פעלד פון זיינע ערשטע עקספּערימענטן קלייבט ער אויס די שול. ווען קייטוש וויל אַז עפּעס זאָל געשען און ער שטרענגט אָן זיין ווילנ־קראַפט, ווערט זיין ווונטש פאַרווירקלעכט. אין זיינע געדאַנקען חזרט ער כסדר איבער, אַז דאָס גלעקל זאָל קלינגען און דאָס גלעקל קלינגט באמת. און ווען ער וויל, אַז אַ פליג זאָל זיך זעצן דעם לערער אויף דער נאָז, לויפט אַדורך אַ פליג און זי זעצט זיך אַוועק.

ווען ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז ער פאַרמאָגט דעם כוח פון כי־שוף, ווייזט קייטוש אַרויס וואָס אַ מאָל דרייסטערע פאַרלאַנגען. ער איבט זיך איין אין דער מאַגישער קונסט און אין קינצנמאַכעריי.

ס׳יִנגל כישופט אין דער היים און אין דער שול, פירט דורך אַוואַנ־טורעס וואָס די וועלט האָט עס נישט געזען. לויט זיין באַפעל הייבן צוויי פרויען אָן צו גיין אויף דער גאַס צוריקוועגס, די בריקן שטעלן זיך קאַ־פויער, די וויסל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ים, אויפן ים באַווייזט זיך אַן אינדזל און אויפן אינדזל — אַ פּאַלאַץ. קייטושס כישוף־מאַכעריי רופט אַרויס אַ פּאַניק און צערודערונג אין שטאָט: אין אַ באַנק הייסט קייטוש פאַרקויפן פרוכטן און אין יוּוועליר־געשעפט — בלומען. די שטאָט זעט אויס ווי אַ משוגעים־הויז און די באַאומרוּיִקטע פּאָליציי זוכט דעם שול־דיקן פון דער צעמישעניש.״

דאָס געלעכטער האָט זיך איינגעשטילט. די קינדער פּאָלגן נאָך די באַוועגונגען פונעם דאָקטאָרס ליפּן. זיי האָבן זיך שוין אַריבערגעטראָגן מיט זייער פאַנטאַזיע אין אַן אַנדערער וועלט. זיי האָבן שוין פאַרגעסן וועגן הויף און געטאָ.

און ער רעדט אַרויס לאַנגזאַם יעדעס וואָרט און שפּרייט פונאַנדער פאַר זיי די קאָלירפולע סטעזשקעס פון קייטושס פאַרכישופטע נסיעות. אָט איז דאָס אומזעבאַרע היטעלע און דער פליִענדיקער טעפּיך...

ווי אַזוי איז דאָס?

נאָר וואָס איז קייטוש געווען אין דער שול, פּונקט אַזאַ יִינגל ווי אַלע אַנדערע, אַ נאָרמאַל קינד, אָבער אַ וויצלער און אַ שפּאַסן־טרייבער. פּלוצ־לינג באַקומט ער דעם כוח פון כישוף, וועגן וועלכן ס׳טרוימט יעדער מענטש, דערצו נאָך אַ קינד אין געטאָ...

„קייטוש איז נישט פאַרזיכטיק באַגאַנגען שלעכטס און ווי אַ באַ־שטראָפטער קרייזלט ער אַרום דעם גיהנום זיבן מאָל. דער פליִענדיקער טעפּיך פירט אים צום צפון־פּאָל פונעם ערדקויל וווּ ס׳לעבן רעניפערן, פּינגווינען, ווייסע בערן, וואַלפיש, ים־הינט און עסקימאָסן.״

די עסקימאָסן וווינען טאַקע אויף אַן אמת אויפן צפון־פּאָל, אָבער דער פליִענדיקער טעפּיך...

וואָס איז אמת און וואָס איז אויסטראַכטעניש? קיינער ווייסט נישט. אפשר ווייסט שוין איצט אויך נישט דער דאָקטאָר אַליין ווו עס איז פאַנטאַזיע און ווו עס איז דאָס רעאַלע לעבן.

„קייטוש גייט איבער שניישטורעמס און דערזעט צעשמעטערטע שליטנס. די דראָבנע אייזיקע נאָדלען שניידן ווי מאָסקיטן.

יעדעס קינד געדענקט ווי ס׳שטעכן ווינטערצייט די שניינאָדלען.

ער דערזעט אַן איינזאַם בערגל, אויפן בערגל צוויי שטיינער — אַן אָפּגעבלאַקירטע פאָן, אַ שטאַנדאַר, און דעם קבר פונעם אומדער־שראָקענעם.

קייטוש איז שטיין געבליבן. ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און דערהערט שטילע ווערטער:

— גיב אַכטונג! זיי געהאָרכזאַם! זיי בראַוו!

קייטוש האָט געענטפערט שעפּטשענדיק, אויפהייבנדיק זיין האַנט:

— איך שווער.״

דער דאָקטאָר האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און מיט קייטושס ווער־טער הויך אויסגערופן:

— איך שווער!

ס׳איז געווען אַזוי שטיל, אַז ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, ער הערט דעם עכאָ פון זיינע ווערטער.

און אפשר האָבן גאָר די קינדער איבערגעחזרט נאָך אים — איך שווער.

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען לאַנגזאַם, אָן חשק, עפּעס שלעפּע־ריקע אַזוי ווי האַלב באַטויבט. דער צויבער פון דער מעשה וועט שטאַרקן זייער שלאָף.

און אין דער פרי האָבן זיי איבערגעחזרט נאָך קייטוש די שבועה צום אומדערשראָקענעם.

קאַפּיטל זעקסאונצוואַנציק

# אין שפּיטאָל

כאָטש סטעפע האָט נישט געענדיקט מעדיצין, האָט יעדער איינער פון דער היים געוווסט שוין פון לאַנג, אַז זי איז פונקט אַזאַ דאָקטאָר ווי קאָר־טשאַק.

נאָך פאַרן קריג, ווען ער איז געקומען נאָך אַ טאָג אָפּוועזנקייט, צו אַ קראַנק קינד און געפונען אַלץ דורכגעפירט אין אָרדענונג, — די געהע־ריקע מעדיקאַמענטן זענען באַנוצט געוואָרן, דער דיאַגנאָז ריכטיק גע־שטעלט, — פלעגט ער זאָגן:

— אייגנטלעך איז סטעפע דער דאָקטאָר און איך — דער דערציִער.

זי פלעגט זיך אָפּט פאַרטיידיקן קעגן פאָרוווּרף אַז זי טרעט אַריין אין זיין קאָמפּעטענץ. אָבער פון דער צייט אָן, ווען זיי האָבן געוווינט אויף דער דזשעלנע־גאַס, האָט זי אַליין צוגעגעבן אַז די קינדער נייטיקן זיך אין נאָך עטלעכע דאָקטוירים און פלעגערינס און זיי וואָלטן זיך גאַנץ גוט אַן עצה געגעבן אָן דערציִער.

אַ דערציִער אין געטאָ — דאָס קלינגט ממש איראָניש.

האָט זי טאַקע איבערגעביטן איר שוואַרצן פאַרטעך, מיט וועלכן זי האָט זיך נישט צעשיידט דורך דרייסיק יאָר, אויף אַ ווייסן כאַלאַט פון אַ סאַניטאָר.

די געזונטע קינדער פלעגן אַרויסגיין פון דער היים כמעט אויפן גאַנצן טאָג און צוריקקומען ערשט אין אָוונט. ס׳זענען פאַרבליבן בלויז די קראַנ־קע. און ס׳זענען נאָך כסדר צוגעקומען פרישע. דער דאָקטאָר האָט נישט דערלויבט זיי צו האַלטן אינעם אַלגעמיינעם צימער, אַפילו ווען די קראַנ־קייט איז געווען נישט־אַנשטעקנדיק.

ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ פּלוצימדיקער, אומדערוואַרטער רעוויזיע.
די דייטשן האָבן געשאָסן צו די קראַנקע, דערהרגענדיק זיי אויפן אָרט.

האָט מען אַלזאָ די קינדער אַראָפּגעטראָגן אין קעלער אַריין, וואָס האָט זיך געפונען אינעם זעלביקן הויז.

די קעלערס פון די וואַרשעווער הייזער זענען אין סעפּטעמבער, בעת דער פאַרטיידיקונג, צוגעגרייט געוואָרן אויף וווינונגען אין אַ נויטפאַל.

מע האָט באַדעקט מיט טינק די ווענט, אויסגעגליכן די ערד, אויסגערייניקט די ווינקלען און אַוועקגעשטעלט בעטן.

דורך די קליינע פענצטערלעך, וואָס זענען תמיד געווען באַדעקט מיט קראַטן, צוליב די קעץ, איז אַריין זייער ווייניק ליכט. דערפאַר האָט אַ קעלער אויסגעזען ווי אַ תפיסה. אָבער ס׳האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווערע זייט לגבי די דירות אויף די העכערע שטאָקן, ווייל ס׳איז דאָ געווען שטיל און מ׳האָט נישט אַזוי מורא געהאַט פאַר אומגעבעטענע געסט.

די קינדער האָבן נישט געהאַט קיין בעטגעוואַנד. מע דאַרף דאַנקען גאָט פאַר אַ שעניק.

צום ערגסטן האָט אָבער אויסגעזען די לאַגע צוליבן מאַנגל פון מעדיקאַמענטן. די דערפאַרונג האָט אויסגעלערנט סטעפען צו היילן אָן אַנגינע, שווענקענדיק דעם האַלדז מיט געזאַלצן וואַסער. אַנשטאָט אַ קאָמפּרעס האָט זי געניצט וואַרעם זאַמד אין אַ זאַק. אַ נאָדל פאַר איינשפּריצונגען איז געבליבן דער איינציקער מעדיצינישער „אינסטרומענט". זי האָט די נאָדל אַלע מאָל געהאַט מיט זיך. פון צייט צו צייט פלעגט זי קריגן אַ סערום, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט איינצושפּריצן אין אַ פּלוצימדיקן פאַל פון געפאַר און ווען דער דאָקטאָר איז געווען אָפּוועזנדיק. זי האָט זיך געוויצלט, אַז ווען מע וואָלט אַפילו באַדאַרפט דורכפירן אַ כירורגישע אָפּעראַציע, וואָלט זי זיך אויך געמוזט אַן עצה געבן. דערווייל אָבער האָט זי, חוץ באַנדאַזשירן ווונדן און אויסקוועטשן בלאָטערס, נישט געהאַט קיין געלעגנהייט אויסצונוצן אירע פעיִקייטן.

אין שפּיטאָלכל איז נישט געווען קיין אַפּטייק־שענקל. מ׳האָט דערייבער נישט פאַרשלאָסן פאַר די קינדער דעם געפערלעכן סם וואָס האָט זיך

פינען אין די פלעשלעך מיטן טויטנקאָפּ. אין געטאָ האָט שוין לאַנג, אַ חוץ די געציילטע גבירים, קיינער נישט געהאַט קיין סם.

אויפן דנאָ פונעם גרויסן שוואַרצן בײַטל מיט וועלכן סטעפע האָט זיך קיין מאָל נישט צעשיידט, איז געלעגן די איינציקע אַמפּולקע מיט מאָרפין, וואָס זי האָט ביי סאַמע אָנהייב פון קריג באַקומען פונעם דאָקטאָר.

זי האָט עס אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט אירע פּערזענלעכע דאָקו־מענטן, מיט אַ געלטבייטעלע, מיט עטלעכע נאָדלען און שפּילקעס, וואָס זענען איצט געוואָרן ווערטפולע חפצים, עטלעכע פאָטאָגראַפיעס און אַ נאָזטיכל — זאַכן וואָס מע געפינט געוויינטלעך אין יעדן בייטל.

אַמאָל פלעגן די שליסלען זיין איר באַלאַסט. היינט איז נישט געווען וואָס צו פאַרשליסן. זי האָט אַלע אירע שליסלען אַרויסגעוואָרפן פאַרן אי־בערציִען זיך אין יענער אומפאַרגעסלעכער נאַכט. פריִער אָבער האָט זי פאַרשלאָסן אין אַ גרויסן אייזערן קעסטל אַ פּאַק מיט דאָקומענטן וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון דער שאַנק.

זי האָט דאָס קעסטל באַגראָבן פאַרטאָג הינטערן קאַשטאַנבוים אויפן הויף פון דער היים. די דאָקומענטן האָבן געהאַט נאָר אַ סענטימענטאַלן ווערט. זי האָט זיי באַגראָבן ווי מ׳איז מקבר עמעצן, גאָר אַ נאָענטן...

דעמאָלט האָבן נאָך אַלע געגלייבט, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענ־דיקן און די אַליאַנטן וועלן שנעל באַפרייען פּוילן. סטעפע האָט זיך אָפּ־געגעבן אַ דין־וחשבון, אַז ס׳וועט לאַנג אויסקומען אויף דעם צו וואַרטן און אַז זי וועט שוין מסתמא די צווייטע וועלט־מלחמה נישט איבערלעבן... קיינער האָט אָבער נישט געטאָרט דערקענען, אַז ס׳האָט איר פאַרלאָזט די דרייסטקייט.

מ׳האָט אויסגעשטעלט די קינדער אין פּאָרלעך ווי זיי וואָלטן געגאַנ־גען אויף אַ שפּאַציר. די ייִנגסטע סאַלושע האָט זי גענומען אויף דער האַנט און זי איז אַליין געגאַנגען פאָרויס. אויף דער דזשעלנע־גאַס האָט שוין גע־וואַרט דער דאָקטאָר. די קינדער האָבן באַקומען אַ הייסע זופּ און ברויט און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע „נאָרמאַלע" עקזיסטענץ.

שוין צוזאָרגנס האָט זי פאַרשטאַנען אַז דאָס וויכטיקסטע איז צו זאָרגן פאַר זייער געזונט. דער דאָקטאָר האָט זיי אונטערגעזוכט און זי

האָט פאַרשריבן די מאָס און דעם געזונט־צושטאַנד פון יעדן קינד. ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז מע זאָל אין די שווערע געענדערטע באַדינ־גונגען אויפהאַלטן דעם פיזישן צושטאַנד פון די קינדער ווי ווייט מעגלעך באַפרידיקנדיק.

זיי האָבן זיך דערמאָנט ווי אַזוי דער דאָקטאָר האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק אונטערגעזוכט די קינד אינעם אַנשטאַלט אויף דער פראַנטשיש־קאַנער־גאַס.

— געדענקסט — האָט זי געזאָגט — ווי דו האָסט דעמאָלט פאַר־בראָכן די הענט, ווען מיר האָבן אינעם אַלגעמיינעם בילאַנס אָנגעציילט אַ געוויסע צאָל ראַכיטישע און שווינדזוכטיקע קינדער?...

די וועלט איז דעמאָלט געשטאַנען אָפן פאַר זיי. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ גאַנץ יונג לעבן און אַ גלויבן אינעם מענטש.

אין דער ערשטער העלפט פון 1942 האָבן זיי אויפגעגעבן די אונטער־זוכונגען און דאָס פאַרצייכענען די רעזולטאַטן. צו וואָס קאָן דינען דער דיאַגנאָז, ווען מע קאָן נישט היילן די קראַנקייטן, אָדער באַזייטיקן זייערע סיבות.

פון די אַלע מעדיקאַמענטן איז, חוץ ריין הייס וואַסער, נאָר פאַר־בליבן: סטעפעס האַנט — אַ ברייטע, גוטע, האַרטע און פאַרפּראַצעוועטע דלאָניע, וואָס — האָט זי געפילט — ברענגט דעם חולה אַ פאַרלייכטערונג אין זיינע שמערצן.

אין קעלער איז צוגעפאַלן די נאַכט, וואָס האָט זיך נישט אונטערגע־שיידט פונעם טאָג. נאָר אויף אַזוי פיל וואָס אַ ביסל קילערע לופט איז אַריינגעדרונגען דורך די קראַטן.

די קליינע סאַלושע איז געלעגן אויפן שעניק מיט אַ צעפלאַמטן קאָפּ.

סטעפע האָט דערוואַרט, אַז יעדע רגע וועלן זיך באַווייזן די פלעקן פון דער קראַנקייט וואָס איז איר אַזוי גוט באַקאַנט: טיפוס. אָבער סאַלו־שע האָט נאָר געמאָזלט. געוויינטלעך קינדעריש געמאָזלט. אַ קראַנקייט וואָס איז אין די אַלטע צייטן פאַרבייגעגאַנגען צווישן די קינדער פון דער היים פשוט און אָן אַ שפור.

דאָס קינד האָט גערעדט פון היץ. פון די צעפלאַמטע ליפן זענען מיט אַ הייזעריקן קלאַנג געפאַלן די ווערטער:

— עסן, עסן, גיט מיר ברויט!...

סטעפע איז געזעסן מאַכטלאָז. אפשר וועט איינער פון די יינגלעך עפּעס ברענגען פאַרן שפּיטאָלכל. אפשר וועט דער דאָקטאָר עפּעס געפינען פאַר דער קליינער. זי האָט געטוישט די קאַלטע קאָמפּרעסן אויפן קעפּל פונעם קינד, ווייקנדיק דאָס שטיקל ליוונט אין אַ שיסעלע מיט וואַסער.

זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

היינט אין דער פרי האָט זי באַמערקט, אַז זי האָט געשוואָלענע קנעכל און נאָך אַ פּאָר שעה זענען איר די גאַנצע פיס געוואָרן געשוואָלן. זי האָט זיך געמוזט עטלעכע מאָל דורכן טאָג אָנשפּאַרן אָן דער וואַנט, כדי נישט אומצופאַלן.

— לייגט אייך צו, פריילין סטעפע — האָט עמעצער פונעם שכנות־דיקן בעט געזאָגט.

זי האָט אַ קוק געטון אויף דאָרקען. עס זענען ביי איר פאַרבליבן נאָר די גרויסע אויגן אינעם איינגעדאַרטן פּנים און די זאָרגפעליק־פאַרפלאָכ־טענע צעפּ. די רעשט האָט אויסגעזען צו זיין קערפּערלאָז.

דאָרקע איז קראַנק געוואָרן אויף ביינער־שווינדזוכט און איז כסדר געלעגן אין בעט.

— איך זע דאָך אַז איר האַלט זיך קוים אויף די פיס. איך וועל פּרוּוון אויפשטיין און אַ ביסל זיצן לעבן קינד.

אַמאָל האָט מען איר געקאָנט אָנפאַרטרויען די אויפזיכט נישט נאָר איבער דער אָרעמער סאַלושען. דאָרקע, ווען דער דאָקטאָר האָט געגעבן אַ צונאָמען קאַלאַפּיאָרל, ווייל זי איז געווען אַזאַ נוצלעכע, האָט געשמט מיט איר בריהשאַפט. נייענדיק די מגן־דוד־בענדער אין דער וועשעריי האָט זי צום מערסטן פון אַלע פאַרדינט. דערנאָך האָט זי אין דער היים נאָך גע־האָלפן סטעפען פאַרריכטן די וועש פאַר די קינדער.

אָבער דאָרקע האָט נישט געהאַט קיין שיך און איז צו דער אַרבעט געגאַנגען אין הילצערנע סאַנדאַלן. בעת אַ שניישטורעם האָט זי זיך פאַר־קילט די פיס און דערנאָך איז זי שוין לייכט אַריינגעפאַלן אין שווינדזוכט.

— ניין, דאָרקע — האָט סטעפע זיך מיט איר געאַמפּערט — דו טאָרסט נישט אויפשטיין פון בעט.

— איך טאָר נישט? אין צייט פון קריג האָבן מענטשן אַ שטאַרקערע אויסגעהאַלטנקייט — האָט דאָס מיידל געענטפערט ווי אַלע מאָל לאָגיש — מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אַ סך איבערצוטראָגן. איר וועט זען אַז ס׳וועט מיר נישט שאַטן.

סטעפע איז נישט געווען בכוח איר אָפּצוזאָגן. זי האָט געפילט אַז ס׳הייבט איר ווידער אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן און אַ שוואַכקייט באַ־פאַלט איר אין אַלע אירע גלידער. זי האָט געמוזט גלייך פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל און אַרויס אויף דער פרישער לופט.

— געדענק צו ענדערן כסדר די קאָמפּרעסן און געבן איר וואַסער צום טרינקען — האָט זי צוגעוואָרפן.

ענדלעך די טרעפּ. ענדלעך אַ שטראָם פרישע לופט. אינעם שפּיטאָל האָט זי זיך געפילט ווי אין אַ גרוב.

זי האָט זיך נישט געקאָנט דערשלעפּן אַרויף צו איר בעט און זיך אַוועקגעזעצט אויף די טרעפּ. קיינער איז דאָ נישט געווען. אפשר וועט איר געלינגען זיך אָפּצורוען אַ פּאָר מינוט.

— סטעפע? כ׳האָב געמיינט אַז דאָס איז אַ פרעמדער.

— וואָס פאַר אַ פרעמדער וואָלט אין דער שעה דאָ אַהערגעקומען? יעדער ליגט געפּרן אין זיין אייגענער נאָרע... דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך בעסער געוואָלט שלאָפן דאָ אויף די טרעפּ ווי אין אַלגעמיינעם צימער.

אָבער זיי האָבן זיך צוגעוויינט. אַמאָל ווען מ׳האָט דערציילט וועגן די שווערע וווינונג־באַדינגונגען אין רוסלאַנד, האָט זי געטראַכט אַז אַלץ קאָן מען איבערטראָגן — הונגער, קעלט, מאַנגל פון קליידער נאָר איין זאַך מוז מען האָבן: אַן אייגן צימער, מעג עס זיין קליין ווי אַ תפיסה־צעלע, אַבי אַן אייגנס.

— מע קאָן דאָ קיין מאָל נישט פאַרבלייבן אַליין מיט די אייגענע געדאַנקען — האָט זי געזאָגט.

— איז טאַקע זייער גוט אַזוי. אַליין וועסטו קיין שום קלוגע זאַך

נישט אויסטראַכטן. מע דאַרף געמיינזאַם געפינען עפּעס אַן עצה, מע דאַרף עפּעס אויפטון.

— אויפטון? — זי האָט אָפּגעזיפצט — ווער האָט כּוח?

—סטעפע! — האָט ער געטרייסלט אירע אָרעמס — רעד נישט אַזוי, דו טאָרסט אַזוי נישט רעדן, דאָס איז נאָר אַ צייטווייליקע אָפּשוואַכונג. איין לעפל טראָן וועט דיך ברענגען צום באַוווסטזיין.

— לאָז צורו. טראָן איז פאַר קינדער. מיר האָבן אונדזערס געטון. גענוג זיך אָנגעקוקט... ווער האָט חשק צו זיין אַן עדות פונעם נאָנג פון די ווייטערדיקע געשעענישן?

אַ פּלוצימדיקע אויפטרייסלונג וועט זי שטעלן אויף די פיס — האָט קאָרטשאַק אַ טראַכט געטון און פּונקט ווי אַ דאָקטאָר שניידט־אויף דעם קערפּער מיט אַ לאַנצעט, האָט ער געשניטן מיט ווערטער:

— ס׳איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג אויסצוזידלען די אַלע וואָס אַרבעטן נישט פאַר די דייטשן. מ׳הייבט אָן אַרויסצושיקן גאַנצע קוואַרטאַלן. מע שיקט אַרויס פון דער סאַלנע־גאַס.

זי האָט זיך אויפגעריסן פונעם אָרט. אויפגעשטעלט, איבערגעווישט די אויגן און זיך אויסגעגלייכט:

— האָסט מיר גאָרנישט געזאָגט... כ׳האָב מיך נישט גערעכט, אַז שוין... מיר מוזן זיך ראַטעווען! טראַכט אויס, טראַכט אויס ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען!

ער האָט זי אָנגענומען פאַר דער האַנט:

— אויסזידלונג — האָט ער אָנגעהויבן — הייסט נאָך נישט דאָס ערגסטע... אייגנטלעך איז נאָך נישט דייטלעך באַוווסט וווהין מע פירט די אַרויסגעשיקטע.

— פאַרבלענד מיך נישט — האָט זי געענטפערט — כ׳בין נישט קיין קליין מיידעלע. איך קען גוט דעם אמת און דו קענסט אים אויך. דער יודנ־ראַט חזרט יעדן טאָג איבער, אַז די אויסגעזידלטע פאַרשיקט מען צו פאַר־טיפיקאַציע־אַרבעט, כּדי צו פאַרשפּאָרן צו זען משוגע־געוואָרענע מענטשן פון שרעק. אָבער טשערניאַקאָוו האָט געוווסט דעם אמת. און דו ווייסט אויך

גאַנץ גוט, אַז ביזן היינטיקן טאָג איז נאָך פון קיינעם נישט געווען קיין שום ידיעה. מע פירט אַרויס צו טויטלאַגערס...

— דאָס אַלץ איז נישט באַשטעטיקט. דאָס אַלץ זענען רכילות, האַלו־צינאַציעס פון קראַנקע און פּחדנים...

— ניין, טרייסט מיך נישט — האָט זי געררעדט שנעל מיט אַ כסדר־שטייגנדיקער ענערגיע — איך ווייס, איך פיל נאָר איין זאַך...

ער האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט אַ פרעגנדיקן בליק.

— אַז דו מוזסט אַרויס פון געטאָ!

— דו ביסט פון זינען אַראָפּ? רעדסט פון וועג? וואָס האָט דיר פּלוצ־לינג אַ זעץ געטון אין קאָפּ אַריין?

— הער — האָט זי גערעדט אין איין אָטעם מיט אַ הייזעריקער שטים — איך האָב שוין לאַנג וועגן דעם געטראַכט דיר עס צו זאָגן... פאַרשטיי, ס'האָט נישט קיין שום זין אומצוקומען אָן אַ ציל. ווער ס'קאָן נאָר דאַרף זיך ראַטעווען... איך ווייס, אַז איגנאַץ האָט דיר פאָרגעשלאָגן צו אַנטלויפן...

— צו וואָס רעדסטו מיך צו? האָסט געהערט וועגן מסירות? די וועל־כע אַנטלויפן אויף דער אַרישער זייט זענען נישט ווייניקער אויסגעשטעלט אויפן טויט ווי די וואָס פאַרבלייבן אין געטאָ.

— אָבער דו וועסט קאָנען אַרבעטן ביי זיי אין שפּיטאָל.

— דו הייסט מיך היילן תלינים? סטעפע! און דו? דו וואָלסט גע־גאַנגען אַרבעטן אין זייער שפּיטאָל? געזונט זיי מאַכן דערצו, אַז זיי זאָלן צומאָרגנס איינאָרדענען קריגצוגן און אַ יאַגד אויף מענטשן?

— ס'גייט אין דעם אַז דו זאָלסט זיך אַרויסראַטעווען. גיב אַ טראַכט וואָס דו וואָלסט נאָך געקאָנט אויפטון אין לעבן. דער קריג וועט זיך ענ־דיקן, די וועלט וועט צוריק געבראַכט ווערן צו אַן אָרדענונג. אפשר אַ בע־סערער, אַ מער־אויסגעלייטערטער נאָכן בלוטבאָד, אפשר אַ מער־דענקענ־דיקער נאָך דעם וואָס ס'איז געווען, אפשר מיט אַ באַגער פון פאַרבעסע־רונג. אין אַזאַ וועלט וועסטו טאַקע זיין נייטיק, כדי צו לערנען ווי אַזוי צו דערציִען פרייע קינדער פאַר פרייע מענטשן...

זי האָט איבערגעריסן דעם שטראָם רייד. אין דער פינצטער האָט זי

נישט געזען זיין פּנים, אָבער זי האָט געפילט זיין איראָנישן און ביטערן שמייכל.

ער האָט זיין גאַנץ לעבן געגלייבט. ער האָט געגלייבט אינעם ווערט פונעם געשריבענעם און גערעדטן וואָרט. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פּרעדיקער פון נייע אָרדענונגען. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אויב די וועלט איז אַזוי שלעכט, איז עס די שולד פון שלעכט־דערצויגענע מענטשן, דערצויגן פון וויגל אָן אין פרייהייט אָן מורא, אָן פאַראורטיילן, אָן צבי־עות, איינפירנדיק פונעם ערשטן מאָמענט פון לעבן אין זייער קליינער קינדערישער וועלט — יושר און גערעכטיקייט — וועלן זיי אויסוואַקסן אויף אַנדערע מענטשן.

— ברוטאַלקייט און גרויזאַמקייט וועלן דערטרונקען ווערן אין איי־גענעם בלוט — האָט זי ווייטער גערעדט — דו ווייסט נאָכן קריג האָבן אַ ברייט פעלד פאַר אַרבעט. ווייל דיין לעבן געהערט דאָך נישט צו דיר. גע־דענקסט? דו פלעגסט דאָך אַלע מאָל אַזוי זאָגן. דיין לעבן געהערט צו אונדזער חוב און פליכט, און די פליכטן לעבן, זיי זענען נישט אומגעקומען.

ער האָט איר פאַרשטעלט דאָס מויל מיט זיין האַנט.

— ניין — האָט ער געענטפערט. — צי זעסטו נישט וואָס ס׳טוט זיך? צי קאָן מען לעבן נאָך דעם ווען מ׳האָט דאָס אַלץ געזען? דו לייגסט מיר פאָר אַז איך זאָל אייך פאַרלאָזן. דיך, די קינדער, דעם געטאָ? צי לייגסטו מיר דאָס פאָר מיט אַ ריין געוויסן? צי וואָלסטו אַליין אַזוי גע־האַנדלט ווען דו וואָלסט געווען אויף מיין אָרט?

— דיין לעבן געהערט נישט צו דיר.

— הער מיך אויס — האָט ער געזאָגט אַוועקשטעלנדיק זיך לעבן איר — דו קענסט מיך דאָך. איך בין דער לעצטער וואָס פאַרלירט די האָפענונג. איך האָב אַרישע פּאַפּירן, כ׳וועל אַרויס אויף דער פּוילישער זייט, כ׳וועל זיך טרעפן מיט איגנאַצן און אַנדערע, כ׳וועל ביי זיי בעטן, אפשר וועלן זיי העלפן. כ׳האָב געהערט אַז זיי האָבן וואָפן, אַפילו האַר־מאַטן און מאַשין־געווער... כ׳האָב געהערט אַז זיי האָבן דייטשישע מונ־דירן און גרויסע סומעס געלט. כ׳האָב געהערט אַז זיי פאַרמאָגן דרייסטע מענטשן... איך גלייב דאָך אין מענטשן — האָט ער צוגעגעבן מעלאַנכאָליש.

— גיי — האָט זי זיך אין דעם אָנגעכאַפּט — אפשר וועט ער נישט צוריקקומען, אפשר וועלן זיי אים צורעדן, אפשר וועט ער פֿאַרבלייבן, אפשר וועט ער נישט קאָנען צוריקקומען? — אפשר... וועט זיך געפינען אַ רעטונג? — דער לעצטער געדאַנק האָט ווי אַ פלאַם פון אַן אויסגייענדיק ליכטל זיך אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן געוואָרן.

שלעפנדיק שווער די פיס איז זי אַרויפגעגאַנגען מיט די טרעפּ.

קאַפּיטל זיבנאונצוואַנציק

# דאָס געזעגענען זיך מיט וואַרשע

עס איז נישט פאַרבליבן קיין צייט צו פאַרלירן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהערט אייניציקע שאָסן, וואָס זענען געקומען פון די שכנותדיקע גאַסן. אַ גאַנצע נאַכט האָט דער שיין פון רעפלעקטאָר דורכגעגישטערט דעם הימל און איז צוריקגעקומען צו דער ערד. די דייטשן האָבן געזוכט.

נישט געקוקט אויף דער מידקייט האָט דער דאָקטאָר נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן.

ביז איצט פלעגט ער מיט אַ פאַטאַליסטישן גלויבן איבערחזרן:

— מיר וועלן אויסדויערן, מיר וועלן אויסדויערן... כ׳האָב שוין אַזוי פיל מלחמות איבערגעלעבט.

אָבער היינט האָט ער אויפגעהערט צו גלייבן.

ער האָט זיך צוגעהערט צום כאָרכלען פון די קינדער: טייל האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געשריגן. ער איז שוין געווען דערצו צוגעוויינט.

ער האָט אומבאַמערקט געוואָלט אַרויסגיין פון דער היים, בסוד פאַר אַלעמען. ער וועט קיינעם נישט זאָגן וווהין ער גייט, ווייל זיי וואָלטן זיך באַאומרויִקט ווען ער וואָלט נישט צוריקגעקומען אין צייט, אָדער ער וועט זיי פאַרשאַפן אַ פיינלעכע אַנטוישונג ווען ער וועט צוריקקומען נאָך אַ נישט־געלונגענער אינטערווענץ.

ער האָט מיט אַ פאַרזיכער־נאָדל פאַרשפיליעט די הויזן, ווייל דאָס קנעפל האָט זיך אים אָפּגעריסן און קיין אַנדער האָט מען נישט געקאָנט קויפן. אַ נישט־ראַזירטער האָט ער זיך אויסגעשווענקט דעם האַלדז מיט קאַלט וואַסער און איז ווי אַ דעזערטיר שנעל אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ.

פאַרטאָג איז ביי די טויערן פון געטאָ געווען די גרעסטע באַוועגונג,

ווייל גרופּעס ייִדן זענען אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט אויף דער צווייטער זייט מויער.

ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל מיטן דאַשעק איבער די אויגן און זיך אַריינגעגליטשט צווישן די רייען אַרבעטער. אַ נישט־באַמערקטער אינעם המון האָט ער אַראָפּגעריסן דעם אָרעמבאַנד ווען זיי האָבן זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט טויער. ער האָט דעם אָרעמבאַנד אַריינגעלייגט אין טאַש, זיך אָפּגעטיילט פון אַלע און אַזוי אומבאַמערקט איז ער אַרויף אויפן טראָטואַר.

איצט איז ער געווען אַ פּאָלאַק — אַ קאַטאָליק מיט אַן אַרישער אידענטיפיקאַציע־קאַרטע.

ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ טראַמוויי, קויפנדיק פריִער אַ צייטונג מיט וועלכער ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים.

ער איז געפאָרן אין דער ריכטונג פון פּראָווישלע. אויפן סאָלעץ האָט ער זיך דערפילט זיכערער ווי אין דער עלעגאַנטער טייל פון שטאָט. ער האָט דערזען אויף אַ הויז לעבן דער טראַמוויי־סטאַציע אַ גרויסן פּלאַקאַט וואָס האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט די שרייענדיקע קאָלירן. נישט ווילנדיק איז ער שטיין געבליבן.

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי מע וואָלט אים אונטערגעהאַקט די פיס.

דער אַפיש איז געווען פריש פון רויטער און שוואַרצער פאַרב ווי ס'וואָלט גערונען מיט בלוט און בלאָטע. דער גרויסער אויפשריפט האָט געזאָגט:

„איין ייִדיש קינדער ווייניקער — איין לאַבן ברויט מער.“

אונטער דעם האָט זיך געזען אַ לאַבן ברויט און פון דער ווייטנס, אויפן צווייטן פּלאַן — אַנטלויפנדיקע קינדער...

וואָס האָט געזאָלט באַטייטן דער אַפיש, וואָס איז געהאַנגען אין דער אָרעמסטער אַרבעטער־געגנט פון וואַרשע? צי האָבן די דייטשן געוואָלט באַרעכטיקן זייערע פאַרברעכנס מיטן אַרגומענט פון הונגער? צי האָבן זיי געוואָלט אָנרעדן די הונגעריקע צו פאַרברעכנס? אָדער שטילן זייער

כעס מיט דער פאַרענטפערונג אַז זיי האַנדלען אַזוי ווי ס׳פאָדערט פון זיי די איצטיקע לאַגע?

ער האָט דערפילט אַ פּיינלעכן ווייטיק אין האַרץ...

כ׳האָב גאָרנישט געגעסן — האָט ער אַ טראַכט געטון — ס׳וועט באַלד איבערגיין.

וואַקלענדיק זיך אויף די פיס האָט ער זיך דערשלעפּט לעבן די מויערן ביז צו דער גאַס פון עלפטן נאָוועמבער. ער האָט זיך אומגעקוקט עטלעכע מאָל. דער אָפּיש איז כסדר געהאָנגען אויפן זעלביקן פּלאַץ, געשריגן מיט דער ווולגאַרקייט פון די קאָלירן און ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער יאָגט אים נאָך.

די גאַס איז געווען פּוסט. ער האָט זיך דערפילט אַ ביסל הייטערער ווען ער האָט דערזען די געביידע פון טעאַטער „אַטענעום“. אַזוי פיל אָנגענעמע דערינערונגען האָבן זיך געבונדן מיט דעם טעאַטער.

אין די לעצטע יאָרן פלעגט ער דאָ אָפט קומען צו זיין פריינד סטעפאַן יאַראַטש, איינעם פון די גרעסטע פּוילישע אַקטיאָרן. יאַראַטש האָט אין דער אַרבעטער־געגנט, אין דער געביידע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, געגרינדעט אַ טעאַטער, — דאָס אינטערעסאַנטסטע אין דער הויפּטשטאָט, — וואָס האָט אָגב פאַרמאָגט נישט אָבי וועלכע טעאַטערס און אַרטיסטישע טראַדיציעס. פאַר מיטאָג, בעת די הפסקות פון די פּראָבעס, האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט צוזאַמען אינעם גרויסן בופעטזאַל ביי אַ טישל לעבן דער וואַנט און געפירט לאַנגע געשפּרעכן.

יאַראַטש האָט דעם דאָקטאָר צוגערעדט ער זאָל אין דעם טעאַטער אויפפירן זיין פּיעסע, כאָטש זיי האָבן געוווסט, אַז זי וועט זיך לאַנג נישט האַלטן אין רעפּערטואַר. די אַקציע איז פאָרגעקומען אין אַ משוגעים־הויז און מ׳האָט אַזוי פיל טרויעריקע און ביטערע אמתן גערעדט אויף דער בינע, אַז דאָס פּובליקום האָט זי נישט געקאָנט רויִק אויסהערן.

יאַראַטש איז טאַקע געווען דער מענטש, וואָס איז איצט אַרויס אין גאַס און האָט אַראָפּגעריסן דעם דייטשישן פּלאַקאַט.

יאַראַטש וואָלט געקאָנט העלפן — איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

ער האָט געוואָלט אַריינגיין אין דער געביידע און עמעצן פרעגן, — אפשר איז דער וועכטער פאַרבליבן, — ווו עס איז אַהינגעקומען זיין פריינד.

די געביידע פון טעאַטער „אַטענעום" איז געוואָרן רעקווירירט דורך די דייטשן באַלד דעם ערשטן טאָג ווען זיי האָבן פאַרנומען די שטאָט. פאַרן הויז איז געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט. דער דאָקטאָר איז שנעל אַרי־בערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס.

ער איז אַרויס אויפן קאָשטשושקאָ־ברעג ווו די לאָנקע אַרומגעזוימט מיט רויטע טוליפּאַנעס האָט געגלאַנצט מיט דער פרימאָרגן־פרישקייט אין דער העלער זון.

ער האָט נישט געקאָנט אַרויס פון באַוווּנדערונג ווי אַלץ איז דאָ פאַר־בליבן אַזוי ווי פאַרן קריג — ריין, געפלעגט און ציכטיק.

פונקט ווי אויפן דאָזיקן ברעג וואָלטן קיין מאָל נישט געלעגן די פאַרבלוטיקטע קערפּערס פון די פאַרטיידיקערס פון וואַרשע, ווי קיין מאָל וואָלטן די באָמבעס דאָ נישט אויסגעריסן די פּלאַטן פון די טראָטואַרן, ווי ס'וואָלט נאָך געלעבט דער מענטש וואָס האָט פּראָיעקטירט און רעאַלי־זירט די פּראָיעקטן: דאָס פאַרשענערן וואַרשע.

אמת, ס'זענען געווען וויכטיקערע זאַכן ווי בלומען — האָט ער גע־טראַכט.

און דעם סלאָגאַן, וואָס איז אַמאָל אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורכן פּרע־זידענט פון וואַרשע, סטאַזשינסקי, וואָס האָט אַרויסגערופן אַזוי פיל חוזק, האָט זיך אים איצט אויסגעוויזן רירנדיק.

וואַרשע אין בלומען — האָט ער מיט ביטערקייט געטראַכט — וואַר־שע אין בלומען...

דאָס הויז ווו ס'האָט געוווינט איגנאַצי ווילטשעק, האָט זיך מיט גאָר־נישט אונטערגעשיידט פון אַנדערע פּראָלעטאַרישע הייזער פון פּאָווישלע וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט נאָך פון זיינע יוגנטצייטן.

דאָ זענען קיין מאָל קיין בלומען נישט געווען, דאָ וועלן קיין מאָל קיין בלומען נישט זיין, דאָ שמעקט מיט זויער קרויט.

ער האָט זשעדנע געשלונגען דעם ריח פון עסן אויף די טרעפּ.

איגנאַץ האָט אים איבערגעלאָזט דעם גענויעם אַדרעס, האָט ער דערי־

בער נישט באַדאַרפט זוכן. ער האָט אָנגענומען די קלאַמקע און איז אַריין אין אַ גרויסער שטוב.

ווילטשעק איז געזעסן ביים טיש און געגעסן פרישטיק. ס׳האָט אים באַדינט אַ יונגע פרוי מיט אַן אַלט פאַרוויסט פּנים.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון טיש. אין זיינע טיף־איינגעזונקענע העלע אויגן האָט געלויכטן פרייד.

— ענדלעך! — האָט ער אויסגערופן דערזעענדיק דעם דאָקטאָר. באַמערקנדיק אַן אומרויִקייט אויפן פּנים פונעם גאַסט, האָט ער געזאָגט: דאָס איז מיין ווייב. איר וועט מיט מיר עסן פרישטיק?

זיי האָבן געקרישלט דעם האַרטן, ליימיקן ברויט און צוגעטרונקען הייסע, ביטערע קאַווע. אַ געבענטשטע וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען איבער די געדערעם. דער דאָקטאָר האָט ערשט איצט פאַרשטאַנען ווי שטאַרק הונגעריק ער איז געווען.

— איך אַרבעט ביינאַכט — האָט אינגאַנצן געזאָגט — דערפאַר האָט איר מיך איצט געטראָפן אין דער היים. ס״וווינען דאָ עטלעכע משפּחות. קיינער איז נישטאָ. אַלע זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט. מיר קאָנען רויִק רעדן.

דער דאָקטאָר האָט געקליבן מיט די שפּיץ פינגער די קרישקעס אויפן טיש. אַ שלעכטע געוווינהייט פון געטאָ — האָט ער אַ טראַכט געטון, כאַפּנדיק זיך ביי דער דאָזיקער אויטאָמאַטישער באַוועגונג.

— דו מוזסט מיך פאַרבינדן מיט אייערע אָנפירער — האָט ער שעפּטשענדיק געזאָגט ווען איגנאַציס פרוי איז אויף אַ ווייַלע אַרויס פונעם צימער. ער האָט ווילטשעקן „געדוצט״ ווי אין די אַמאָליקע צייטן.

איגנאַצי האָט אַ קוק געטון מיט דערשטוינונג:

— ס׳איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן — האָט ער געענטפערט — דער דאָקטאָר קאָן ביי מיר בלייבן, אָפּרוען זיך. דאָ זענען בלויז אייגענע — האָט ער צוגעגעבן — אַרבעטער... אין אָוונט וועל איך מיך זען מיט אַ פאַרבינדלער און דורך אים וועל איך זיי לאָזן וויסן, אַז איר זענט געקומען...

— ניין — האָט איבערגעריסן דער דאָקטאָר — נישט אין אָוונט,

נאָר שוין, היינט, באַלד. איך בין נישט געקומען אַהער כדי צו פאַרבלייבן — האָט ער אויסגערופן — איך מוז מיט זיי רעדן, דער ענין איז אַ דרינג־גענדיקער.

אַן אַנטוישונג האָט זיך באַוויזן אויף ווילטשעקס פּנים.

— איר ווילט צוריקגיין אין געטאָ? — האָט ער שטיל געפרעגט — דאָס איז דאָך משוגעת! מיר וועלן אייך אויסבאַהאַלטן, געפינען אַרבעט... איך קאָן גאַראַנטירן מיט מיין לעבן, אַז אייך וועט אַ האָר נישט אַראָפּפאַלן פון קאָפּ.

— כ׳ווייס, כ׳ווייס — האָט אים איבערגעריסן דער דאָקטאָר — ס׳וועט נישט אַראָפּפאַלן, ווייל איך האָב נישט קיין האָר — ער האָט מיט דער האַנט אַ גלעט געטון זיין פליך. — דאָ גייט נישט וועגן מיר, איגנאַצי... — ער האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן — איך האָב צו דיר צוטרוי, אַנדערש וואָלט איך דאָ נישט אַהערגעקומען. טו דאָס וואָס איך בעט ביי דיר, פאַרבינד מיך גלייך מיט אייערע...

— דאָס איז אוממעגלעך — האָט זיך איגנאַצי געוואַקלט — דאָס מוז ווערן פריִער צוגעגרייט.

— איך האָב נישט קיין צייט פאַר צוגרייטונגען — האָט דער דאָק־טאָר נערוועז געענטפערט — אויב דאָס איז אוממעגלעך, גיי איך גלייך צוריק אין געטאָ...

די דראָונג האָט געווירקט. איגנאַצי איז געוואָרן ווי צעמישט:

— פאַרבלייבט דאָ, דאָקטאָר — האָט ער געזאָגט — איך וועל אַרויס נאָר אויף אַ האַלבע שעה, דערנאָך וועל איך צוריקקומען און אייך מיטנע־מען מיט זיך.

קאַרטשאַק איז געבליבן אַליין. איגנאַציס ווייב, אַ שווייגנדיקע און אַן ערנסטע איז פאַרדעקנדיק מיט אַ טיכל דעם קאָפּ אַראָפּגעגאַנגען כדי זיך צו שטעלן אין דער ריי נאָך פּראָוויאַנט.

— ווען עמעצער וואָלט דאָ אַריינגעבליקט — האָט זי געזאָגט — איז זאָגט ביטע, אַז איר זענט געקומען פון קעלץ. אַ קרוב — האָט זי צו־געגעבן. — בעסער וואָלט געווען ווען איר וואָלט אַראָפּגענומען די ברילן.

לויט איר רעדן האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, אַז זי שטאַמט נישט

פון פּאָווישלע. ער האָט אַרונטערגענומען די ברילן. די וועלט האָט פּלוצ־לינג פאַרלוירן אירע קאָנטורן. אַלץ איז געוואָרן אומדייטלעך, פּונקט ווי ס׳וואָלט זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומקלאָרע מאַסע. דער קאָפּ האָט גע־שווינדלט. ס׳האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ מידקייט, וואָס ער האָט נישט גע־קאָנט באַהערשן. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן בעט אין די קליידער, כדי זיך אָפּצורוען, און ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

ער האָט געמוזט לאַנג און שטאַרק שלאָפן. ווען ער האָט דערפילט, אַז עמעצער שלעפּט אים, האָט ער זיך גלייך אויפגעוועקט אַ דערפריש־טער און מונטערער.

— ס׳איז מיר געווען אַ רחמנות צו וועקן — האָט איגנאַצי געזאָגט — אָבער די באַגעגעניש איז באַשטימט אויף דריי אַזייגער.

דער דאָקטאָר האָט געבעטן אַ בערשטל צו די שיך און צו די קליידער. דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט איגנאַצי אַריין צו אַ פריזירער. ער האָט נאָך אויסגעטרונקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער אין געוועלבל און אין גאַנצן ווי אַ נייגעבוירענער האָט ער מאַרשירט אַרויף דורך דער גאַס אין דער ריכטונג פון אַלטשטאָט.

אַלץ האָט זיך אים אויסגעוויזן איצט צו זיין גרינגער ווי אין דער פרי. ער האָט זיך באַדאַרפט טרעפן מיט מענטשן, וואָס האָבן געוויס גע־טראַכט אַזוי ווי ער, געענדיקט די זעלבע שולן, געלייענט די זעלבע צייט־טונגען, גערעדט מיטן זעלבן לשון און געפלעגט די זעלבע דערינערונגען. ער וועט זיך פאַר זיי אָוועקשטעלן ווי פאַר פריינד מיט אויסגעצויגענע הענט. מע וועט נישט באַדאַרפן בעטן. מע וועט צוזאַמען זיך באַראַטן וואָס מע קאָן טון.

— איגנאַצי — האָט ער געפרעגט — צי וועל איך זען די אָנפירערס פון דער באַוועגונג?

— כ׳ווייס נישט — האָט איגנאַצי אומגערן געענטפערט — כ׳ווייס נישט צי זיי זענען דאָ אין וואַרשע.

ער האָט אַפילו נישט באַדאַרפט פון פאָרויס פּלאַנירן וואָס ער וועט זיי זאָגן. זיי ווייסן מסתמא גאַנץ גענוי אין וואָסער לאַגע דער געטאָ גע־פינט זיך.

אַמאָל זענען געווען קאָנפליקטן, צוזאַמענשטויסן, אינטריגעס, מיס־פאַרשטייענישן — האָט ער נאָכגעטראַכט — מיין גאָט, דאָס איז געווען מיט אַ סך, אַ סך יאָרן צוריק... איצט איז דאָ אַ געמיינזאַמער שונא, אַ געמיינזאַמער ענין, אַ געמיינזאַמער ענין, אַ געמיינזאַמער שונא — האָט ער כסדר איבערגעחזרט.

ווען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו דער קאָנאָניע־גאָס האָט דער דאָקטאָר פאַרלאַנגזאַמט דעם טריט.

— אפשר ווען מיר זיך אָפּרוען? — האָט געפרעגט איגנאַצי.

דער דאָקטאָר האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין אין זיין שוואַכקייט. ווייל דאָס איז געווען נישט נאָר אַ פיזישע שוואַכקייט. אַן אומרו האָט זיך אים אַריינגעגנבעט אין האַרץ. אַ געמיינזאַמער שונא? גוט. אָבער דאָס איז דאָך נישט פון היינט אָן... פאַרוואָס האָבן זיי ביז איצט נישט גע־האָלפן? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מ'האָט דערציילט אין געטאָ וועגן גע־פונענע פעקלעך מיט עסן, וואָס ס'זענען אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אויף יום־טוב פון יענער זייט מויער. צי איז דאָס געווען אַ צייכן פון אַ ספּאָראַ־דישן מיטגעפיל פון אינדיווידועלע פערזאָנען, צי אַן אָרגאַניזירטע אַקציע? מ'האָט פאַרשידן גערעדט. מ'האָט אויך דערציילט וועגן שאַנטאַזשיסטן, מוסרים, דענונציאַציעס און וועגן אויסגעבן צו די דייטשן די אויסבאַהאַל־טענע ייִדן.

נישטאָ קיין אמת, דער אמת איז אין דער מיטן — האָט ער זיך אַליין אויסגעטייטשט — פאַראַן אַזעלכע און פאַראַן אַנדערע. שלעכטע און גו־טע; אויסוווּרפן און פריינד. צי זענען דען נישט פאַראַן אויף דער ייִדישער זייט מיטאַרבעטער פון געשטאַפּאָ פּונקט אַזוי ווי אויף דער פוילישער זייט?

אָבער מיט וואָס פאַרע פלענער גייט ער צו זיי? וואָס פאַר אַ פאַר־שלאָג וועט ער זיי מאַכן? וועמען אייגנטלעך רעפּרעזענטירט ער? ווער האָט אים אַרויסגעשיקט? אין וועמענס נאָמען רעדט ער? וואָס פאַר אַ הילף האָפט ער צו באַקומען? אין געטאָ ווייסט קיינער נישט ווּהין דער דאָקטאָר איז אַוועק.

דאָס ערשטע מאָל האָט עס פּאַסירט, אַז ער האָט געמאַכט אַ נישט־דורכגעטראַכטן שריט. אָבער דאָס איז דאָך נישט געווען קיין דיפּלאָמאַטי־

שע מיסיע, אַ געשריי פון עמעצן וואָס טרינקט זיך. צי האָט ער גוט געטון, וואָס ער איז אַרויס אָן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אָנפירערס פון געטאָ אויף דער „רעטונג־עקספּעדיציע״, ווי ער האָט אין זיינע געדאַנקען אָנגערופן די עסקאַפּאַדע.

שוין זייענדיק אויף די טרעפּ האָט ער געענדערט זיין פּלאַן. ער האָט נישט קיין רעכט עפּעס צו פאָדערן, אָדער עפּעס צו בעטן. צום העכסטן האָט ער נאָר דאָס רעכט צו שטעלן פראַגעס און... צו דערציילן.

מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ, אומזיכער, ווי נאָך אַ דורכגעלעבטער מפּלה, האָט ער אָנגערירט די קלאַמקע פון דער טיר.

פאָטערלאַנד איז אַ גרויס וואָרט: שווער צו באַנעמען מיט אַן אויפריכטיק געפיל, שווער צו דעפינירן. עפּעס אַנדערש איז, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ שטאָט: מע קאָן זי באמת ליב האָבן, אָן קיין שום פּרעטענזיעס און פאָדערונגען. דערפאַר קעמפן מענטשן גיכער און מיט מער חשק פאַר אַ שטאָט ווי פאַרן פאָטערלאַנד.

מע קאָן בלינדערהייט גיין איבער דער היימשטאָט. מע קאָן פאַרמאַכן די אויגן און לויטן באַרגאַרויף צי באַרגאַראָפּ פון די גאַסן, לויט זייערע ראָגן, לויטן ריח, קאָן מען דערקענען אין וועלכער געגנט מע געפינט זיך.

מע קאָן פאַרגעסן אַ שפּראַך, מע קאָן ווערן פרעמד צו דער קולטור, מע קאָן בוגד זיין אין אַ פאָלק, אָבער קיינער פאַרראַט נישט און פאַרגעסט נישט זיין שטאָט. אַן אייגענע שטאָט איז ווי אַ טייערסטער, נאָענטער מיטגליד פון דער משפּחה — מע וויינט מיט איר טרויער און מע פרייט זיך זיך מיט אירע טריומפן.

ווי קאָן מען פאַרגעסן אַן אייגענע שטאָט? ווי קאָן מען נישט בענקען אַפילו ווען מ׳האָט זי געהאַסט דורך אַ סך, אַ סך יאָרן? אַ היימשטאָט פאַרבלייבט לעבעדיק אין די דערינערונגען, אַזוי ווי ס׳פאַרבלייבט לעבעדיק אַ נאָענטער, וואָס איז געשטאָרבן. נאָר פרעמדע קאָנען זאָגן אַז די שטאָט איז נישטאָ, ווייל זי איז דורך די באָמבעס אויסגעגליכן געוואָרן מיט דער ערד. אַן אָרט פאַרשווינדט קיין מאָל נישט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

אַזוי ווי נאָך אַ לאַנגער קראַנקייט, ווען מ'ע גייט אַרויס דאָס ערשטע מאָל אויף דער גאַס, אַזוי איז דער דאָקטאָר צוגעפאַלן צו אַלטשטאָט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביים ראָג פון קאַנאָניע און פינטלענדיק מיט די אויגן האָט ער באַטראַכט דעם מאַרקפּלאַץ.

דערפאַר ווייל ס'איז אַ היסטאָרישער פּלאַץ? ווייל ס'איז דאָ פּרעכ־טיק שיין מיטן צויבער פון אַלטערטימלעכקייט, מיט וועלכן ס'קאָן זיך נישט פאַרגלייכן קיין שום מאָדערנער סטיל פון אַרכיטעקטור? פּרעכטיק, פּילי־גראַן מיט די דריי־פּענצטערדיקע פראָנטן, שמאָלע פאָדערהייף און ענגע טרעפּ? שיין ווי אַ מיניאַטור־בילד פון דער באָבע אין אירע יוגנטצייטן?

ניין, מער ווי שיין.

פאַרן קריג האָט מען אויסגעמאָלן מיט פּאָליכראָמיע די אַלטע הייזער אויף ראָזע, גרינע און בלאָע קאָלירן, אַרויסברענגענדיק זייער פאַר־באָרגענעם צויבער. אַרטיסטן־מאָלער האָבן זיי זאָרגפעליק געפּלעגט און אונטערגעשטראָכן מיט פאַרשידענע קאָלירן און מיט גאָלד די שטיינערנע גראַווירונגען, סקולפּטורן און הערבן. אין דער מיט האָט מען רעקאָנס־טרויִרט דעם פאָנטאַן מיט דער סירענע, דעם הערב פון וואַרשע. מ'האָט אויפגעפרישט די אינערלעכע טייל פונעם באַרימטן פוקער־הויז, ווו ס'האָט זיך אַמאָל, מיט הונדערטער יאָרן צוריק געפונען די וויין־שענקעריי. ביזן אויסברוך פונעם לעצטן סעפּטעמבער־שטורעם זענען די קעלער'ס פול גע־ווען מיט הונדערט־יאָריקן מעד און וויינען. מ'האָט באַוואונדערט אינעם פאָ־דערהויז די זעגלשיף, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן טראַדיציעס וואָס האָבן געבונדן די הויפּטשטאָט מיטן ים. מ'האָט באַטראַכט די אַלטע צייכענונ־גען און סענטימענטאַלע גראַווירונגען אין דער ביבליאָטעק פונעם באַ־ריטשקי־הויז.

איצט נאָך די שווערע איבערלעבונגען איז די קאָלירטע שטוקאַטור אויסגעבלאַקעוועט געוואָרן. קיינער האָט זיך נישט געקימערט וועגן מאַרק, דעם רעפּרעזענטאַטיוון פּלאַץ פון וואַרשע ווו מ'האָט נאָכן באַקומען די אומאָפּהענגיקייט איינגעאָרדנט אין די אָוונטן אומפאַרגעסלעכע ספּעק־טאַקלען — מיסטעריעס מיט אַ ביז גאָר עלעגאַנט פּובליקום פון איין זייט

און — דעם עולם פון דער שכנהשאַפט. אַלטשטאָט איז דאָס האַרץ פון וואַרשע.

די דייטשן האָבן געקאָנט ראַבירן די מוזייען און ביבליאָטעקן; אַרויס־פירן פּוקערס אַלטן ווייַן, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך דעם אָנגענעמען ריח פון די וואַרצלען און שטויב, דעם ספּעציפישן אַראָמאַט דורך וועלכן יעדער איינוואוינער פון וואַרשע האָט שוין פון דער ווייטנס דערקענט דעם מאַרקפּלאַץ.

דער טראָטואַר איז געווען נישט קיין גלייכער. דער ברוק פול מיט שפּאַלטן און שטיינער — היינט אַזוי ווי תמיד. דער דאָקטאָר איז אַרומ־געגאַנגען דעם מאַרקפּלאַץ צוויי מאָל, איינשלינגענדיק מיט ליבשאַפט זיי־נע אומשטערבלעכע ריחות.

— אין וועלכער ריכטונג גייט איר, דאָקטאָר? — האָט אים איגנאַץ געפרעגט.

זיי האָבן נאָך צווישן זיך קיין איין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ווען דער דאָקטאָר איז פונעם האַלבפינצטערן צימער אויף דער קאַנאָניע אַרויס אויפן טאָגליכט, איז ער געווען אַזוי בלאַס און נידערגעשלאָגן, אַז איג־נאַצי האָט נישט געוואַגט אים וועגן עפּעס צו פרעגן.

ער האָט פאַרשטאַנען אַז דער דאָקטאָר האָט געזוכט הילף פאַר די פאַרשלאָסענע אין געטאָ. אָבער אויך ער, איגנאַצי, האָט געהאַט פריינד אין קאָנצענטראַציע־לאַגערס, און ער האָט זיי אויך נישט געקאָנט העלפן...

דער דאָקטאָר האָט טיף איבערגעלעבט דאָס געשפּרעך. ער האָט נישט געטראָפן קיין שום באַקאַנטע. די פרעמדע מענער זענען געווען שטרענג און פאַרמאַכט אין זיך. ער האָט געמיינט אַז ער וועט טרעפן צעהיצטע רע־וואָלוציאָנערן, אַזעלכע וואָס ער האָט אַמאָל געקענט אין יאָר 1905.

און די האָבן געטראָגן מיליטערישע מונדירן, אָבער אָן אויסצייכע־נונגען. ווי ס'ווייזט אויס האָט מען דאָ אויך געטראַכט מיט מיליטערישע קאַטעגאָריעס. ס'זענען געווען אַנדערע צייטן, אַן אַנדערער שונא...

אַנטקעגנשטעלן, ווי אַ קעגנגעוויכט צו דיסציפּלין און מיליטאַריזאַ־ציע, קאָן מען נאָר כוחות דיסציפּלינירטע און מיליטערישע. זיי האָבן אים געזאָגט אַז אויפנעמענדיק אים ביי זיך, ווייזן זיי דערמיט אַרויס דעם

העכסטן צוטרוי און כבוד פאַר זיין פּערזאָן. זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט הערן. זיי האָבן אַלץ געוווּסט. אין אויסלאַנד האָט מען אויך וועגן אַלעם געוווּסט. ס'זענען געגאַנגען ראַפּאָרטן דורך שליחים און דורכן ראַדיאָ.

עס האָבן געוווּסט דער פּרעזידענט רוזעוועלט און דער פּרעמיער טשערטשיל, ס'האָט געוווּסט רוסלאַנד און ס'האָבן געוווּסט די ייִדן אין דער גאָרער וועלט... די אַליאַנטישע צייטונגען האָבן געלאָזט יויסן וועגן יעדן דייטשישן באַפעל. מ'האָט געקענט גענוי די סטאַטיסטיק פון די שטאַרבנדיקע פון הונגער און טיפוס, מ'האָט געוווּסט וויפל מענטשן און פאַרוואָס זיי זיצן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס. מ'האָט אַפילו געקענט די ווייטערדיקע דייטשישע פּלענער.

— איז וואָס? וואָס קומט אַרויס פון דעם וואָס מע ווייסט?

— מיר וואַרטן אויף אינסטרוקציעס פון לאָנדאָן — האָט געקלונגען דער ענטפער.

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן גורל פון די בקשות, וואָס מ'האָט אַריינגעטראָגן אין פאַרשידענע מיניסטעריומס. — מיר וואַרטן אויף אַן ענטפער פונעם מיניסטער — האָט מען אַלע מאָל געענטפערט. דער אונטערשיד איז נאָר וואָס איצט האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ האַלבן מיליאָן וואַרשעווער ייִדן, פאַרמאַכטע אין געטאָ און אַ סך מיליאָנען פאַרשמאַכטע אין אַנדערע געטאָס.

— מיר האָבן געהערט אַז איר אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ — האָט איינער געזאָגט.

קאָרטשאַק האָט געענטפערט אַז ער ווייסט פון גאָרנישט. ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט עפּעס צו רעדן, קיינער האָט אים דאָ נישט אַהערגעשיקט. ער האָט נאָר געטראַכט, אַז אפשר עפּעס אַ פּראָטעסט... אַן אַלגעמיינער שטרייק... מע שמועסט אַז אין בעלגיע, אין האָלאַנד...

— מיר האָבן נישט קיין אינסטרוקציעס פון לאָנדאָן.

ווי גוט האָט ער געטון, וואָס ער האָט נישט דערציילט סטעפע און די קינדער וווהין ער גייט. זיי וועלן מיינען, אַז ער איז פאַרנומען מיט אַ געלטזאַמלונג, ווען ער וועט קומען שפּעטער ווי געוויינטלעך.

— ווי שפּעט איז? — האָט ער געפרעגט איגנאַצן.

דער זייגער איז געווען נאָענט צו פיר. ער האָט געוואָלט צוריקגיין אין געטאָ פינף אַזייגער צוזאַמען מיט די אַרבעטער. סך־הכל איז געבליבן נאָך איין שעה.

ער האָט נישט געקאָנט באַהערשן דעם צער וואָס האָט אים אַרומגענומען. אינסטרוקציעס פון לאָנדאָן און דיסציפּלין — נו יאָ, דאָס קאָן מען פאַרשטיין. אַז אַמוניציע איז נויטווענדיק אויסשליסלעך כדי אַראָפּצופירן פון די רעלסן די באַנען, וואָס פירן געווער, סאָלדאַטן און פּראָוויאַנט צום פראָנט, און אַז סאַבאָטאַזש־אַקציעס דאַרפן אויסגעפירט ווערן אויסשליסלעך קעגן דער דייטשישער קריגמאַשין — דאָס איז זייער לאָגיש.

אָבער ווען מע וואָלט אין וואַרשעווער געטאָ פאַרמאַכט אַ האַלבן מיליאָן פּאָלאַקן — וואָלט דאָס פּוילישע וואַרשע אויך געוואַרט אויף אינסטרוקציעס? צי וואָלט מען זיך אַליין נישט גענומען דאָס רעכט צו ראַטעווען וואָס מע קאָן און וויפל מע קאָן? פאַרוואָס האָט מען נישט געפּרוּווט אויפצורייסן די מויערן פון געטאָ? פאַרוואָס האָט מען נישט מאַסנווייז געשיקט געווער און פּראָוויאַנט? פאַרוואָס האָט מען נישט געבויט קיין אונטערערדישע דורכגענג? פאַרוואָס האָט מען אַפילו נישט געפּרוּווט... פאַרוואָס האָט מען נישט פּראָטעסטירט?

ווייל דאָ האָט זיך געהאַנדלט נישט וועגן פּאָלאַקן, נאָר וועגן ייִדן.

אמת. ייִדן זענען אומגעקומען פאַרטיידיקנדיק וואַרשע און פּוילן אין יאָר 1939 פּונקט אַזוי ווי אַנדערע... אין 1917 און 1920 און נאָך פאַר דעם, אַ סך פריִער. אין די אויפשטאַנדן קעגן צאַר, אין די צאַרישע תפיסות. זיי זענען אויך אומגעקומען פאַר פּוילן, אָבער דאָס זענען געווען — ייִדן.

איז וואָס אַלזאָ? אפשר איז די שטאָט נישט מיינע? — האָט ער הויך געוואָלט פרעגן. ס׳האָט זיך אים פּלוצלינג אויסגעוויזן אַז מ׳האָט ביי אים צוגענומען וואַרשע.

ער האָט געוואָלט בלייבן אַליין. נאָך איין מאָל אַ קוק טון, איידער ער קערט זיך אום צוריק אין געטאָ... ווער ווייסט צי ער וועט נאָך אַמאָל זען די ליבסטע גאַסן, די ביימער, דענקמאָלן... ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. אויף דעם פּלאַץ איז אַמאָל אויף אַ זייל געשטאַנען אַדאַם מיצקעוויטש. איצט איז אויפן פּוסטן פּלאַץ געלעגן נאָר אַ שטיינערנע פּלאַטע.

ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל, האָט אים זיין פֿאָטער אַוועקגע־פירט אויף דער פייערונג פון אויפדעקן די סטאַטוע... רירנדיקע מאָמענטן. דורך זיין גאַנץ לעבן האָט ער שפּעטער, פאַרבייגייענדיק דורך קראָקעווער־פאָרשטאָט געקוקט מיט ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט אויפן שטיינערנעם מענטש, וואָס איז פאַר אים און פאַר אַלע יידן געווען דער סימבאָל פון פוילן. דאָס פאַרשווינדן פונעם דענקמאָל האָט אים פאַרשאַפט אַ כך ווייטיק.

אָבער ס׳זענען נאָך געשטאַנען די בעזביימער פאַר דער קירך. די געדיכטע קוסטעס פונעם לילע בעז האָבן מיט טריומף ווי אין אַ האַרצלאָ־זער גרויזאַמקייט אַזוי פאַרדעקט דעם בוים, אַז מ׳האָט לחלוטין נישט אַרויסגעזען קיין גרינס. נאָך אַ שווערן און לאַנגדויערנדיקן ווינטער האָבן זיי זיך צעבליט אין אָנהייב יוני, אָנשטאָט ווי געוויינטלעך אין מײַ. נישט ווייט פונעם אוניווערסיטעט־טויער האָט ער דערזען דאָס זעלבע קאַפּעהויז, ווו ער האָט געפלעגט קומען אין זיינע סטודענטישע יאָרן. ער וואָלט נישט געוואָגט דאָרט אַריינצוגיין. ס׳איז נישט באַוווסט צו וועמען עס באַלאַנגט איצט.

— כ׳וואָלט נאָך געוואָלט גיין מיט דער נייער וועלט — האָט ער גע־זאָגט צו ווילטשעק, נישט־קאָנענדיק אָפּרייסן די אויגן פון די לילע בלומען.

— איך ראָט נישט... ס׳איז געפערלעך... — האָט ווילטשעק געענט־פערט.

זיי האָבן זיך געזעגנט אויף ראָג טרעמבאַצקע־גאַס.

— איך וועל אַריינקומען צו אייך ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט — האָט צוגעזאָגט איגנאַצי — אפשר וועט זיך עפּעס ענדערן — האָט ער אים געטרייסט.

דער דאָקטאָר האָט זיך געשלעפּט פאָרויס. ער האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר יעדן שויפענצטער פונקט ווי דעמאָלט ווען ער איז נאָך געווען קליין.

נישט אַלע געשעפטן זענען פאַרבליבן: אַ סך האָבן געהאַט דעם אַריינגאַנג און די שויפענצטער פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, אַנדערע זענען ליקווידירט געוואָרן, ווי אַזעלכע וואָס זענען אין קריגצייט בכלל נישט נייטיק.

עס האָט שוין נישט עקזיסטירט פּעשלס געשעפט מיט פישלעך און

קאַנאַריקלעך, דאָס אָרט, וווהין אַלע וואַרשעווער קינדער פלעגן עולה־רגל זיין. דאָס קאַפעהויז „אַרטע״ איז געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער... דאָרט פלעגן די וואַרשעווער עלעגאַנטע דאַמעס זיצן אויף אַלטמאָדישע פאָטעלן לעבן אַנטיק־טישלעך, שוין היינט היסטאָרישע, און זופּן דעם הייסן שאָקאָלאַד מיט שמאַנד.

פון לאַנגנערס פאָרנעמיקן רעסטאָראַן זענען אַרויס צוויי דייטשישע אָפיצירן מיט פנימער רויט פון טרינקען. ער האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן. ער איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס.

כ׳וועל וואַרפן אַ בליק אויף סעמאַדעניס קאַפעהויז — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט וועגן זיין פאָטער. שוין ס׳צווייטע מאָל אין משך פון איין שעה. ער האָט נישט געוואָלט זיין אָבערגלייביק, אָבער ער האָט זיך דערפילט עפּעס מאָדנע טרויעריק און אומרויִק.

כ׳וועל מיך שוין בעסער צואיילן — האָט ער באַשלאָסן. ער איז שנעל דורכגעגאַנגען דעם טעאַטער־פּלאַץ נישט אומקוקנדיק זיך אויף דער באָמבאַרדירטער געביידע פון דער אָפּערע.

אויפן ראָטהויז האָט דער זייגער אָנגעוויזן פינף מינוט צו פינף.

עס איז אים פאַרבליבן נאָר אַ פּאָר מינוט צייט, כדי זיך צו שטעלן אויפן ראָג ביעלאַנסקע און טלאָמאַצקע. פון דער ווייטנס האָט ער דערזען די פּראַצעסיע פון די אַרבעטער וואָס האָבן זיך דערנענטערט. מאַרשירנדיק אין רייען אונטער אַ קאָנוואָי זענען זיי פון דער אַרבעט צוריקגעגאַנגען אין געטאָ אַריין דורכן טויער אויף דער נאַלעווקעס.

---

די גאַס האָט אויסגעזען אַנדערש ווי יעדן טאָג.

פאַרן טויער, ווו ס׳פלעגט זיך געוויינטלעך פאַרזאַמלען אַ המון מיט מענטשן און ספּעציעל אַ סך קינדער, וואָס האָבן געוואַרט אויף די צוריקקומענדיקע פון דער אַרבעט — איז היינט געווען כמעט אין גאַנצן פּוסט.

— עפּעס האָט געמוזט פּאַסירן — האָט ער דערהערט ווי עמעצער האָט זיך אָפּגערופן.

אַ יונגע פרוי איז אויסגעבראָכן מיט אַ שטאַרק געוויין:

— ווו זענען מיינע קינדער? — האָט זי געיאָמערט.

ער האָט דערזען געענדערטע פּנימער. אַ מוראַדיקע שרעק האָט זיך באַוויזן אין די אויגן פון די שקלאַפן, וואָס האָבן נאָך דער שווערער אַרבעט קוים געשלעפּט אונטער זיך די פיס.

ער האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון נאָוואָליפּקי.

— וואָס איז געשען? — האָט ער געפרעגט דעם ערשטן געטראָפענעם פאַרבייגייער.

— מ׳האָט געכאַפּט קינדער! — איז געווען דער ענטפער.

אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט זיין שטערן. די פיס האָבן זיך אַ וואַקל געטון, אָבער גלייכצייטיק האָט ער דערפילט אין זיך אַ צופלוס פון אַן אויסערגעוויינטלעכן כוח. ס׳האָט זיך אין אים דערוועקט אַ שטראָם פון ענערגיע.

ווען איז פאָרגעקומען די אַקציע? צי אין דער צייט ווען די קינדער זענען געווען ביי דער אַרבעט? צי האָט סטעפע גוט פאַרמאַכט די טיר פון קעלער?

אַזעלכע פאַלן זענען שוין פאָרגעקומען. אַ שווערער לאַסטוואָגן פון דער געשטאַפּאָ איז פאַרפאָרן און אין מיטן העלן טאָג האָט מען איינגעאָרדנט אַ יאַגד אויף מענטשן אין די גאַסן. מ׳האָט געכאַפּט וועמען ס׳האָט זיך געלאָזט. זייער אָפט זענען צווישן די געכאַפּטע געווען קינדער.

אָבער זיי האָבן געהאַט מזל — און אפשר זענען די קינדער פון דער היים געווען פּיפּיקער און דרייסטער פון אַנדערע? אפשר האָבן זיי געהאַט שנעלערע פיס? אַ פאַקט איז, אַז ביזן היינטיקן טאָג איז זיי נישט געלונגען צו כאַפּן די קינדער פון דער היים.

ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אינעם פּלאַקאַט, וואָס איז געווען אויסגעקלעפּט אויף יענע גאַסן פון וואַרשע. „מיט איין יידיש קינד ווייניקער"... פאַרוואָס האָט מען פּונקט היינט אויסגעקלעפּט דעם פּלאַקאַט?

אויף דער דזשעלנע־גאַס האָבן עטלעכע פאַרבייגייערס אים נאָכגעקוקט — אפשר האָט זיך זיין פּנים פּלוצלינג געענדערט, אפשר איז ער געלאָפן ווי אַ משוגענער? ער האָט נישט געהאַט קיין צייט זיך צו פאַרטראַכטן איבער דעם פאַרוואָס מ׳האָט אַזוי מאָדנע אויף אים געקוקט.

אין טויער פון הויז האָט די אייגנטימערין פון געוועלבל, דערזעענ־דיק דעם דאָקטאָר, אָנגעהויבן זיך קנייפּן אין די באַקן, רייסן די האָר פון קאָפּ, יאָמערן און קלאָגן הויך אויפן קול. אויף אַזאַ אופן האָבן די יידישע פרויען פון פאָלק אַלע מאָל מאַניפעסטירט זייער יאוש.

ער איז געווען צוגעוווינט צום רעספּעקט וואָס מענטשן האָבן אים אַרויסגעוויזן. ער האָט שטרענג פאַרצויגן די ברעמען און אַרויפלויפנדיק אויף די טרעפּ האָט ער זיך געבייזערט אויף דער פרוי וואָס האָט געיאָמערט.

די טיר איז געווען אָפן — די וווינונג פּוסט.

די בעטן צעוואָרפן, אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן די רעשטלעך פון קליידער. די צימערן האָבן אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. די קינדער זענען קיין מאָל נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט נישט ברענגענדיק פריִער אין אָרדענונג די שטוב און די זאַכן. ער האָט אַריינגעבליקט אין צווייטן צימער, אין דער קיך, אין טואַלעט... אומעטום די זעלבע אומאָרדענונג, פּוסטקייט, וויסטעניש...

ער איז שנעל אַראָפּגעלאָפן אין קעלער, אינעם שפּיטאָלכל. ער האָט קיינעם נישט געטראָפן אויפן וועג...

די טיר פונעם קעלער איז געווען ברייט צעעפנט. די שעניקעס צע־וואָרפן אויף דער ערד. קיין לעבעדיק נפש אין דער באַהעלטעניש...

איצט האָט ער אַלץ פאַרשטאַנען. קראַנקע קינדער האָבן דאָך נישט געקאָנט פרייוויליק פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל.

פּלוצלינג האָט זיין פאַרשנדיק אויג באַמערקט אין אַ ווינקל פון קע־לער סטעפעס שוואַרצן בייטל. סטעפע איז קיין מאָל נישט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אָן דעם בייטל. אויף דער ערד איז אויך געלעגן איר אידענטיפי־קאַציע־קאַרטע, פאָטאָגראַפיעס, צונויפגעוויקלטער פאָדעם, אַ טיכעלע... נאָך אַ ווײַלע האָט ער אויפגעהויבן פון דער ערד אַ ליידיקע אַמפּולקע פון מאָרפיום...

עס איז נישט געווען קיין שום צווייפל, אַז ס׳איז געשען עפּעס שרעק־לעכס אין דער צייט ווען ער איז אַוועק פון דער היים.

— ווו זענען די קינדער???

מ'עו האָט אים דערציילט אויפן הויף: פֿאַרטאָג איז אָנגעפֿאָרן אַ לאַסטאַויטאָ, מ'האָט זיי אַרויסגעשלעפּט גלייך פֿון די בעטן, האַלב־אָנגע־טון: מ'האָט אַוועקגעפֿירט אַלע. אַפֿילו די פֿון קעלער. און סטעפּע? קיי־נער האָט זי נישט געזען.

אַ געדאַנק איז אים דורך, אַז אפשר זענען נאָך די קינדער אין וואַר־שע. אין אַזאַ פֿאַל וואָלט ער געקאָנט אינטערווענירן ביים דאָקטאָר פּאָיגט. אָבער אָן פֿאָיגטס וויסן, וואָלט מען נישט איינגעאָרדנט דעם פּלוצימדיקן איבערפֿאַל... וואָס וועט אַלזאָ העלפֿן די אינטערווענץ? ביי וועמען?

אפשר וועט ער זיי נאָך זען... אפשר געפֿינען זיי זיך נאָך אויפֿן אומ־שלאַגפּלאַץ?

מ'עו האָט געוווּסט אין וואַרשע, אַז די אויסגעזידלטע פּאַקט מען אַריין אין די וואַגאָנען אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

דער דאָקטאָר האָט זיך אַ לאָז געטון אין יענער ריכטונג.

ער איז געלאָפֿן אַזוי שנעל ווי זיין האַרץ האָט עס אים דערלויבט. ער האָט אַפֿילו נישט געזען די גאַסן וועלכע ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען, נישט די מענטשן, נישט די הייזער. אַ פּאַרסאַפּעטער, אָטעמדיק שווער איז ער אָנגעקומען אויפן אומשלאַגפּלאַץ.

— ווּהין? — האָט אים פֿאַרהאַלטן אַן עסעסמאַן, וואָס איז געשטאַ־נען אויף דער וואַך — וואָס פּלאָנטערסטו זיך אונטער די פֿיס, יודע?

ער האָט געוואָלט פֿרעגן צי די קינדער, צי דער טראַנספּאָרט מיט קינדער איז שוין אָפּגעגאַנגען, אָבער ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זיין פֿראַ־גע וועט אים גאָרנישט העלפֿן. ער וועט נאָר פֿאַר זיין נייגעריקייט קריגן אַ זעץ מיט דער ביקס איבערן קאָפּ.

האָט ער אַלזאָ אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן, טראַכטנדיק וואָס צו טון.

אַרומדרייענדיק זיך איבערן פּלאַץ האָט ער זיי באַמערקט אויף אַ זיי־טיקער ליניע. דאָרט איז געשטאַנען אַ פּראַכטצוג מיט וואַגאָנען אין וועל־כע מ'האָט אַלע מאָל געפֿירט בהמות. אַ סך וואַגאָנען זענען געווען פֿאַר־זיגלט און אַ טייל — אָפֿן. זיי זענען געווען אָנגעלאָדן מיט מענטשן. אויפֿן

פלאַץ זענען שוין געבליבן ווייניק קינדער, דער גרעסטער טייל איז שוין אַריינגעשליידערט געוואָרן אין די וואַגאָנען.

— קינדער! — האָט אַ רוף געטון דער דאָקטאָר פון דער ווייטנס — קינדער!

אָבער זיי האָבן אים נישט געהערט.

אַ גליקלעכער וואָס ער האָט זיי געפונען, אַ צעשטראַלטער פון פרייד וואָס ער האָט זיי דערזען, האָט ער זיך אַ לאָז געטון אין זייער ריכטונג. ס׳גליק האָט אים באמת צוגעשפּילט: ער האָט באַמערקט דאָקטאָר פאָיגט וואָס איז אַריינגעגאַנגען אין דער הילצערנער האַלע אין געזעלשאַפט פון צוויי עסעס־אָפיצירן.

— הער קאָמענדאַנט! — האָט ער הויך אַ רוף געטון — ווי גוט איז וואָס איך טרעף אייך!

פאָיגט האָט זיך אויסגעדרייט. אַ רויטקייט האָט באַגאָסן זיין פּנים.

— דו ביסט פון זינען אַראָפּ, יודע? — האָט ער געענטפערט דעם דאָקטאָר. דאָס ערשטע מאָל האָט ער אים אויף אַזאַ אופן באַהאַנדלט און גערעדט צו אים פער „דו". אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געפונען אין דער געזעלשאַפט פון די עסעסלייט.

דער דאָקטאָר האָט אפילו נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם.

— דאָרט געפונען זיך מיינע קינדער — האָט ער געזאָגט — ביטע, גיט אַרויס אַ באַפעל, אַז מע זאָל מיך צו זיי צולאָזן.

— צו זיי? צו וואָס טויג עס דיר? — האָט פאָיגט געענטפערט, וועלנדיק וואָס שנעלער פון אים פּטור ווערן.

— וואָס הייסט צו וואָס? איך בין דאָך זייער דערציִער... זיי קאָנען נישט פאָרן אָן מיר...

פאָיגט האָט נישט געוווסט צי דער דאָקטאָר מאַכט חוזק פון אים, צי ער איז צוליב דעם אומגליק פון זינען אַראָפּ.

— זיי דאַרפן שוין נישט האָבן קיין דערציִער, — האָט פאָיגט געענטפערט, — הער מיין עצה און טראָג זיך אָפּ פון דאַנען, ווי לאַנג דו

ביסט גאַנץ — האָט ער שטרענג צוגעגעבן, און באַלד האָט ער זיך פאַר־ענטפערט פאַר זיינע באַגלייטער: — דאָס איז אַ דאָקטאָר.

— איך בעט מיך דורכצולאָזן, איך מוז זיך צו זיי צוקריגן — האָט דער דאָקטאָר זיך עקשנותדיק געבעטן.

פאַיגט איז געוואָרן אומגעדולדיק. ער האָט נאָך פון פריִער געהאַלטן דעם דאָקטאָר פאַר אַ משונהדיקן, אָבער מע זאָל זיך אַליין שטופּן אין די נעגל פון טויט...

לאָמיר מאַכן אַ סוף צו דעם — האָט פאַיגט אַ טראַכט געטון — ער וויל ווייזט אויס מיך רירן אָדער ער וויל שפּילן די ראָל פון „געוויסן"...

— גיב דיינע פּאַפּירן — האָט ער שאַרף געזאָגט.

— דער דאָקטאָר האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין זיין טאַש און אַרויסגענומען פון דאָרט זיין אידענטיפיקאַציע־קאַרטע און די דאָקטאָר־לעגיטימאַציע.

פאַיגט האָט עס צוגענומען פון זיין האַנט און צעריסן אויף פּיץ־פּיצלעך.

— האָסט עס אַליין געוואָלט — האָט ער געזאָגט אַזוי ווי פאַרענטפערנדיק זיך. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָפּגייענדיק אַ וואָרף געטון צום עסעס־וואַכמייסטער:

— צולאָזן דעם יודע צו די וואַגאָנען.

שוין נישט דאָקטאָר הענריק גאָלדשמידט, שוין נישט יאַנוש קאָר־טשאַק — נאָר אַ געוויינטלעכער, פּשוטער ייִד אָן אַ נאָמען, אַ ייִד מיט אַ באַנד אויפן אָרעם, ווי יעדער איינער...

זיי האָבן אים דערזען ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן לעבן די וואַגאָנען. און ווען ער איז אומגעלומפּערט אַריבערגעשפּרונגען די שינעס, האָט זיך גלייך דערהערט אַ שעפּטשעריי איבער די וואַגאָנען: דער דאָקטאָר, דער דאָקטאָר איז דאָ!

אַ שווערע מאַסע איז אַראָפּ פון האַרץ. ביז איצט זענען זיי געווען אַל׳יין. מ׳האָט זיי פאַרטאָג אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן. דער דאָקטאָר איז נישט געווען. סטעפע איז ערגעץ ווו פאַרפאַלן געוואָרן... מ׳האָט זיי אַריינ־

געשליידערט ווי זעק, איינס נאָכן צווייטן אינעם לאַסטאויטאָ און אין איי־לעניש זיי געפירט איבער די גאַסן, אַז זיי האָבן אַפילו נישט באַוויזן קיין געשריי צו טון. מ׳האָט זיי אַוועקגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ און מ׳האָט זיי דאָרט איבערגעלאָזט דורכן גאַנצן טאָג ביזן אָוונט אונטער דער אויפ־זיכט פון עסעסלייט. זיי האָבן גאָרנישט געגעסן, אָבער זיי זענען צום הונ־גער געוווינט צוגעוווינט.

צו וואָס האָט מען זיי צוגענומען? וווהין פירט מען זיי? וואָס וועט מען מיט זיין טון?

זיי האָבן זיך געביסן די פינגער, ווען די שטימען זענען שוין היי־זעריק געוואָרן פון וויינען און די אויגן זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און קיין טרערן האָבן זיך שוין מער נישט געקאָנט גיסן. זיי האָבן געוואַרט, געוואַרט נישט־וויסנדיק אויף וואָס — אַפילו דעמאָלט ווען מ׳האָט זיי אַרויסגעפירט פון די לאַסטאויטאָס. דאָרקע האָט געהאַלטן די קראַנקע סאַ־לושע אויף דער האַנט, אָבער דערנאָך האָט זי געמוזט זי אַראָפּשטעלן, ווייל די פיס האָבן זיך געוואַקלט אונטער איר. אַ חוץ די קינדער פון דער היים, זענען דאָ געווען פאַרזאַמלט אויך פרעמדע קינדער. מ׳האָט זיי צונויפגע־נומען פון גאַנצן געטאָ, עטלעכע טויזנט. וואָס וועט מען מיט זיי טון? וווהין וועט מען זיי פירן?

אין פינצטערן און שטיקנדיקן וואַגאָן האָבן זיי שוין אַפילו קיין כוח נישט געהאַט צו טראַכטן וואָס עס וועט מיט זיי געשען. זיי האָבן מורא געהאַט צו שרייען אָדער וויינען. זיי האָבן נאָר געוואָלט, אַז מע זאָל זיי דערלויבן אַנטשלאָפן צו ווערן...

און פּלוצלינג איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם דורכגעלאָפן איבער די וואַגאָנען: דער דאָקטאָר וועט זיין מיט אונדז! אָט דראַפּעט ער זיך שוין אַרויף צום הויכן וואַגאָן און נישט אַליין. אויף איין האַנט האַלט ער די קליינע סאַלושע, וואָס איז געבליבן אויף די שינעס און אויף דער צוויי־טער האַנט עפּעס אַ פרעמד קליין קינד, וואָס האָט זיך אויך נישט געקאָנט אַריינבאַקומען אינעם וואַגאָן וואָס איז געווען צו הויך.

ער זעט אַלץ ווי דורך אַ נעפּל. ער פאַרשטייט אַז מע דאַרף עפּעס

טון, עפּעס זאָגן. איז אייז׳ער ער קריגט זיך אַריין אין וואַגאָן, איידער ער זעט, אַז די פּאָדלאָגע איז אויסגעגאָסן מיט ווייסן קאַלך און איידער ער ווערט אַ טראַכט טון „כלאָרקע״, זאָגט ער צו די קינדער:

— אַ נו, מיר פאָרן... איר געדענקט נאָך דאָס ליד פון דער קאָלאָניע?

מיר פאָרן, מיר פאָרן פרייליכע...

הינטער אים האָט זיך פאַרהאַקט דער וואַגאָן, וואָס אַ דייטש האָט, פול מיט רציחה, צוגעקלאַפּט. אַ גרויסער שוואַרצער קנויל פון רויך האָט זיך פון לאָקאָמאָטיוו אַרויפגעטראָגן צום הימל...

סוף

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פארבאנד פון פּוילישע ייִדן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) מאַרק טורקאָוו — מלכה אָוושיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) ה. ד. נאָמבערג — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) וו. גראָסמאַן־וויערניק — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) פּרץ גראַנאַטשטייך — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) ישראל טאַבאַקסבלאַט — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) זרובבל — באַרג חורבן (אויספאַרקויפט)
7) אלחנן צייטלין — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) ד״ר ה. שאָשקעס — פּוילן — 1946 (אויספאַו־קויפט)
9) ז. סעגאַלאָוויטש — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) מ. נודעלמאַן — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) ד״ר מאיר באלאַבאַן — די ייִדן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) ישראל אפרת — היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) ד״ר יעקב שאַצקי — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) דוד פלינקער — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) ד״ר הלל זיידמאַן — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) זאַמלונג פון דאָקומענטן — קינדער־מאַרטירלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) חיים גראַדע — פּליטים (אויספאַרקויפט)
18) ש. קאַטשערגינסקי — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) פרידע זרובבל — נע ונד (אויספאַרקויפט)
20) מרדכי שטריגלער — מאַידאַנעק
21) יעקב לעשצינסקי — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) ז. סעגאַלאָוויטש — געברענטע טריט (אויספאַרקויפט)
23) אברהם טייטלבוים — וואַרשעווער הייף
24) טאַניאַ פוקס — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) ש. ל. שניידערמאַן — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) לעאָ פינקלשטיין — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) יאָנאַס טורקאָוו — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) ש. איזבאַן — „אומלעגאַלע" ייִדן שפּאַלטן ימען
29) יעקב פּאַט — הענעך
30) ד״ר י. קערמיש — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פאָליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט (אויספאַרקויפט)
33) אברהם נחתומי — אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער — מיין היים (אויספאַרקויפט)
35) יוסף וואָלף — לייענענדיק פרצן...
36) צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו — יצחק קאַצענעלסאָן
37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פאַוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו — פערזענלעכקייטן
39) רחל קאָרן — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) מנשה אונגער — פשיסכע און קאָצק (אויספאַרקויפט)
42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פלוינע
43) מ. קיפּניס — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) ז. סעגאַלאָוויטש — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב (אויספאַרקויפט)
45) ד״ר ה. שאָשקעס — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)
46) שלמה וואַגאַ — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק — יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48־49) ש. איזבאַן — פאַמיליע קאַרפּ (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסטעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) ד״ר א. מוקדוני — מיינע באַגעגעניש (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן — אין פייער און פלאַמען (אויספאַרקויפט)
52) י. י. טרונק — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו — אין קאַמף פאַרן לעבן (אויספאַרקויפט)
54) יצחק פערלאָוו — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947“ (ראָמאַן)
55) פּנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) שלום אַש — פּעטערבורג — וואַרשע — מאָסקווע
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן — אָשוויענטשים
60) ב. ראָזען — טלאָמאַצקע 13
61־62) דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן)
63) יאַנוש קאָרטשאַק — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך (אויספאַרקויפט)
64־65) מרדכי שטריגלער — „ווערק צע“ (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים
יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס, 1951)
66) חיים גראַדע — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) רבקה קוויאַטקאָווסקאַ — פון לאַגער אין לאַגער
68) יואל מאַסטבוים — מיינע שטורמישע יאָרן (זכרונות)
69) אליהו טראַצקי — גלות דייטשלאַנד
70) ד״ר י. שאַצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)
71) נחמן מייזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן... (אויספאַרקויפט)
72) י. י. טרונק — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסטעל־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

73) **יהודה עלבערג** — אונטער קופערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, 1951)
74) **ד״ר א. מוקדוני** — אויסלאַנד
75) **זיגמונט טורקאָוו** — פראַגמענטן פון מיין לעבן
76) **יהושע פערלע** — יידן פון אַ גאַנץ יאָר
(פרעמירט מיט דער פרץ־פרעמיע פון יידישן פען־קלוב אין פוילן
און ליטעראַטור־פרעמיע פון „בונד" אין פוילן, וואַרשע, 1937
77) **יעקב לעשצינסקי** — ערב חורבן
78) **דניאל טשאַרני** — ווילנע
79) **ז. סעגאַלאָוויטש** — דער לעצטער לאַדזשער ראָמאַן (אויספאַרקויפט)
80) **יזכור־בוך** — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)
81) **מ. י. שעליובסקי** — אויף אַ פולער וואָך
82—83) **יצחק פערלאָוו** — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)
84) **יוסף אַקרוטני** — דאָס בוך פון די עלנטע
85—86) **מרדכי שטריגלער** — גורלות (אויספאַרקויפט)
87) **ד״ר יוסף טענענבוים** — גאַליציע — מיין אַלטע היים
88) **זלמן שזר** — שטערן פאַרטאָג (זכרונות)
89) **משה דוד גיסער** — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן (אויספאַרקויפט)
90) **ז. י. אנכי** — ר׳ אבא און אַנדערע כתבים
91—92) **עמנואל רינגעלבלום** — קאַפּיטלען געשיכטע
93) **שמעון האָראָנטשיק** — אין גערויש פון מאַשינען (ראָמאַן)
94) **גרשם באַדער** — מיינע זכרונות (קראָקע)
95—96) **יאָנאַס טורקאָוו** — פאַרלאָשענע שטערן (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1954).
97—98) **אַלטער קאַציזנע** — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)
99) **פועה ראַקאָווסקי** — זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערין
100) **מאַרק טורקאָוו** — די לעצטע פון אַ גרויסן דור (אויספאַרקויפט)
101) **י. הירשהויט** — יידישע נאָפּט־מאַגנאַטן
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאָליאַר־ליטעראַטור־פאָנד, ביי „די אידישע צייטונג", בוענאָס־איירעס, 1955).
102) **משה זאַנשיין** — יידיש וואַרשע
103) **פ. מינץ** (אַלעקסאַנדער) — די געשיכטע פון אַ פאַלשער אילוזיע
104) **י. י. טרונק** — די וועלט איז פול מיט נסים (ראָמאַן)
105־106־107) **מיכאל באָרוויטש** — אַרישע פּאַפּירן
(פרעמירט דורכן ניימאַן־פאָנד, פּאַריז, 1958).
108—109) **מרדכי שטריגלער** — געאַרעמט מיטן ווינט (ראָמאַן)
110—111) **ד״ר א. מוקדוני** — וואַרשע און לאָדזש
(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד, ניו־יאָרק, 1956).
112) **ברוך האַגער** — מלכות חסידות
(פרעמירט דורכן מרדכי־סטאָליאַר־ליטעראַטור־פאָנד, בוענאָס־איירעס, 1956).
113) **ב. שעפנער** — נאָוואָליפּיע 7 (אויספאַרקויפט)

